ליאָן פויכטוואַנגער

# דער פאַלשער נעראָן

פון דייטש: י. ראַפּאָפּאָרט

## דאָס ערשטע בוך

יידישע אוניווערסאַל־ביבליאָטעק

1937 ווארשע

# דאָס ערשטע בוך

## באַרג-אַרויף

דאָס, וואָס איז שוין
געוועזן, דאָס וועט
נאָך זיין; און דאָס, וואָס
איז שוין געשען, דאָס
וועט נאָכאַמאָל געשען;
און עס געשעט נישט קיין
שום נייעס אונטער דער
זון. און ווען עס געשעט
יאָ עפּעס, וועגן וועלכן
מען זאָגט: זע, דאָס
איז ניי, — איז דאָס
שוין אָבער אויך פון
לאַנג געשען. אין די
צייטן, וואָס
זענען געווען פאַר
אונז. מען געדענקט
נישט אין די, וואָס
זענען פריער געווען, —
וועט מען אויך אין די
שפּעטערע נישט
געדענקען.

*משלי, 1, 9–11.*

## 1.

# צווײ פּאָליטיקער

דעמדאָזיקן זעקסטן מערץ, ווען סענאַטאָר וואַראָ האָט זיך געפונען אויפן וועג צו דער רעגירונגס־געביידע פון דער קייזער־לעך־רוימישער פּראָווינץ סיריע, האָבן די פאַרבייגייער לאַנג נאָכגעקוקט זיין טראָג־חופּה. מיט צוויי טעג פריער האָט דער נייער גובערנאַטאָר צעיאָן פייערלעך איבערגענומען די צייכנס פון זיין אַמט, די האַק און דאָס בינטל ריטער, און עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, וואָס סענאַטאָר וואַראָ, דער מעכטיקסטער מאַן פון דער פּראָווינץ, האָט נישט אָנטיילגענומען אין דער צערעמאָניע. און איצט, ווען ער האָט מיט פאַרשפּעטיקונג געמאַכט זיין וויזיט, האָט זיך די גאַנצע שטאָט אַנטיאָכיע געשטעלט די פראַגע, ווי אַזוי עס וועלן זיך פאַרטראָגן די דאָזיקע צוויי מענער.

עס איז געווען העלער פרילינג, גאַנץ קיל, פון די בערג איז אַריבערגעקומען אַ פרישער ווינט. מען האָט זיך פאַרנומען אין דער לאַנגער, פּרעכטיקער הויפּט־גאַס. מיט אַ לייכטן שמייכל אַרום די דיקע ליפּן האָט סענאַטאָר וואַראָ באַמערקט מיט אַ גע־איבט אויג, אַז פאַר אַ סך שטאָטישע געביידעס און גרויסע גע־

שעפטן האָבן זיך שוין געפונען ביוסטן פון נייעם גובערנאַטאָר, אַוועקגעשטעלט דורך קריכערישע באַאַמטע און בירגער. פון דער פאַרבייאײַלנדער טראָג־חופּה האָט ער באַטראַכט די ביוסטן. אויף קאָנוווּלסיוו־צוריקגעוואָרפענע אַקסלען איז געזעסן אַ קליינער האַר־טער, קנאָכיקער קאָפּ. ווי לאַנג איז דאָס שוין, זינט ער האָט דעמ־דאָזיקן קאָפּ געזען אין בלוט און פלייש? צוועלף, ניין — דרייצן יאָר. דאַן איז ער פול געווען מיט פראָטעזשירנדער פאַראַכטונג צום דאָזיקן געזיכט. דאַן איז ער, וואַראָ, געווען אויפן פערד, דער קייזער נעראָן האָט אים געבאַלעוועט, בעת דער אַנדערער, דער־דאָזיקער צעיאָן, וואָס האָט נישט באַוויזן צו געווינען דעם קיי־זערס פריינטשאַפט, איז נישט געקוקט אויף זיין יחוסדיקן אָבּ־שטאַם און הויכן טיטול, געווען אַ מענטש אָן איינפלוס, אין פסדרדיקער שרעק, דעם קייזערס אַ קאַפּריז זאָל אים נישט איינ־גאַנצן אַוועקבלאָזן. היינט איז שוין דער געניאַלער נעראָן צע־פוילט. אָנשטאָט אים זיצט אויפן פּאַלאַטין דער קייזער טיטוס; באַאַמטע און מיליטער־לייט מיט ענגע האָריזאָנטן רעגירן מיכן לאַנד, און דער קליינער, פאַראַכטעטער צעיאָן האָט בראַוו געמאַכט די קאַריערע, צו וועלכער ער איז באַשטימט געווען פון גע־בוירן אָן. איצט הערשט ער, אַלס קייזערלעכער גובערנאַטאָר, אין דערדאָזיקער רייכער, מעכטיקער פראָווינץ סיריע, ווו ער, וואַראָ, לעבט אַלס פריוואַט־מאַן. אַלס פריוואַטמאַן; ווייל מען האָט אים שוין לאַנג אויסגעמעקט פון דער רשימה פון די סענאַ־טאָרן, און ווען דער עולם אַרום שרייט: „זאָל לעבן דער סענאַ־טאָר וואַראָ", איז דאָס נישט מער ווי העפלעכקייט.

פונדעסטוועגן, באַטראַכטנדיק די ביוסטן פון נייעם גובער־נאַטאָר, האָט וואַראָ אויך איצט געשפּירט די זעלבע לייכטע, פראָ־טעזשירנדע גרינגשעצונג, וועלכע ער, דער גליקיעריקער, האָט שוין געשפּירט צו דעם יינגל צעיאָן. לוציוס צעיאָן האָט געשטאַמט פון אַ רייכער, אוראַדעליקער פאַמיליע און איז געווען נישט אומ־אינטעליגענט. אָבער אַן אַלטע, נאַרישע געשעעניש האָט אַראָפּגע־דריקט דעם אָנזען פון דער פאַמיליע: אַ צעיאָן, דער עלטערזיי־

דע פֿון דאָזיקן לוציוס, האָט מיט איינאונזיבעציק יאָר צוריק, בעת אַ שלאַכט קעגן אַ געוויסן אַרמין, אַלס איינער פֿון די ערשטע אַוועקגעוואָרפֿן דאָס געווער, און לוציוס האָט פֿון דער פּריסטער יוגנט אָן געהאַט דאָס געפֿיל, אַז אויף אים ליגט דער חוב אָפּצומעקן דעמדאָזיקן פֿלעק פֿון נאָמען פֿון זיין פֿאַמיליע. ער, דאָס אויסגעטריקנטע, בלוטלאָזע יינגל, האָט זיך שוין אַלס צען-אָדער צוועלפֿיעריקער אָנגעשטרענגט צו מאַכן אַ ווירדיק פּנים, און הגם ער איז געווען אַ ביסל שוואַך, האָט ער מיט קאָנוואולסיוון שטאָלץ זיך אָנגעשטרענגט — זיך אויסגעצויגן — נישט אָפּצושטיין פֿון די אַנדערע. אָבער דידאָזיקע געצוווּנגענע בראַוואַקייט האָט זיינע חברים בלויז גערייצט אָפּצוחוזקן פֿון אים מיט טאָפּלטער פֿרייד. וואָסער צונאָמען האָבן זיי צוגעטראַכט פֿאַר אים אין דער שולע? סענאַטאָר וואַראָ האָט צוזאַמענגעצויגן די ברעמען, אָנגעשטרענגט נאָכגעדאַכט; ער האָט זיך אָבער בשום אופֿן נישט געקאָנט דערמאַנען.

עס וועט נישט זיין אַזוי פּשוט דאָס צוזאַמענטרעפֿן זיך מיטן גוטן צעיאָן נאָך אַזוי פֿיל יאָרן ביי אַזעלכע געענדערטע באַדינגונגען. וואַראָס באַציִונגען צו דער רעגירונג פֿון דער פּראָווינץ סיריע זענען געווען גאַנץ קאָמפּליצירט. אין דער רעגירונגס-געביידע האָט מען אים, דעם רוימער וואַראָ, פֿון תּמיד אָן באַטראַכט אַלס געפֿערלעכסטן קעגנער פֿון היינטיקן רוימישן רעזשים אין סיריע. טאָ ווי וועט שוין זיין איצט, אונטער צעיאָנען, וועלכער האָט באַשטימט נישט פֿאַרגעסן וואַראָס רחמנותדיקע, פֿיינטלעכע פֿאַראַכטונג פֿון אַמאָל.

„רום דעם סענאַטאָר וואַראָ", האָט מען גערופֿן פֿון אַלע זייטן. וואַראָ האָט געהייסן נאָך מער פֿונאַנדערריקן די פֿאָרהאַנגען פֿון זיין טראָג-חופּה און ער האָט זיך אַ ביסל אויפֿגעזעצט, כּדי די מאַסן זאָלן בעסער זען זיין פֿליישיק, געברוינט פּנים מיטן מעכטיקן שטערן, מיט דער שטאַרקער, געבויגענער נאָז און די פֿולע ליפּן. מיט באַפֿרידיקונג האָט ער גענאָסן די פֿאַרערונג פֿון אַרום. ער האָט זיך געפֿילט העכער פֿאַרן נייעם פֿאַרטרעטער פֿון דער

אימפּעריע. זיך האַלטן דאָ, אין אַנטיאָכיען, אויף דער אויבער-פלאַך איז געווען שווערער, ווי צו זיין באַליבט אין רוים אויפן פּאַלאַטין. אין רוים פון היינט, אין רוים פון די פלאַוויער, פון טיטוס, האָט מען געדאַרפט האָבן בלויז יחוס און געלט, נישט מער. דאָ אין אַנטיאָכיען, אינמיטן דאָזיקן ווילדישן, פיינפילנדיקן גע-מישטן פאָלק פון גריכן, סיריער, יידן, האָט מען כסדר געמוזט אויס-האַלטן דעם עקזאַמען דורך לייסטונג און פּערזענלעכקייט; טאָג-טעגלעך האָט מען געמוזט אויפסניי דערווערבן דעם צוטרוי פון די באַוועגלעכע הונדערט-טויזנטע. דערדאָזיקער מזרח איז געווען געפערלעך, און דערפאַר טאַקע האָט אים וואַראָ ליב געהאַט. ער האָט דאָס באַוויזן, האָט זיך געהאַלטן אויף דער אויבערפלאַך אין סיריע. ער קאָן היינט אַנטקעגנטרעטן דעם פאָרשטייער פון רוי-מישן קייזער אַלס מאַכט, וואָס איז דורכאויס רעאַל, הגם זי קאָן זיך נישט שטיצן אויף קיין שום אָפּמאַכן און פּריווילעגיעס.

מען איז צוגעקומען צום פּאַלאַץ פון גובערנאַטאָר. אין וועס-טיבול, צווישן די קאָנסולאַר-צייכנס און די ריטער-בינטלעך פון נייעם האַר, זענען שוין געווען אויפגעשטעלט די שאַפעס מיט די וואַקס-בילדער פון זיינע אבות, צווישן זיי איין בילד אַ פּאַר-דעקטס, — פון יענעם עלטער-זיידן, וואָס האָט געשענדט די פאַ-מיליע. ווי עס שיינט האָט גובערנאַטאָר צעיאָן נישט געהאַט דעם מוט אָפּצוצאָלן וואַראָן דערפאַר, וואָס ער האָט נישט אָנטיילגענו-מען אין דער צערעמאָניע פון איבערנעמען די מאַכט. ער איז אַליין אַרויסגעקומען אין פול-געפּאַקטן זאַל. פאַר אַלעמען אין די אויגן האָט ער אים אַרומגענומען און געקושט; דער קליינער, מאָ-גערער מאַן האָט דערביי אַ ביסל קאָמיש זיך אָנגעהאָנגען אָן מאַסיוון סענאַטאָר, און מיט זיין דינער, שאַרפער שטימע האָט ער אויפן קול אויסגעדריקט זיין פרייד, וואָס ער זעט זיין יוגנט-חבר אין אַזאַ בליענדן צושטאַנד. דאַן האָט ער אים האַרציק אָפּגעפירט אין זיין פּריוואַטן קאַבינעט.

דאָרט זענען ביידע הערן געזעסן איינער קעגנאיבער דעם צווייטן. גובערנאַטאָר צעיאָן האָט זיך געהאַלטן זייער שטייף אין

בּרייטן, אָריענטאַלישן פאַטעל, פאַרנעמענדיק בּלויז די העלפט פונם זיץ־פּלאַץ; מיט די נעגל פון איין האַנט האָט ער זיך געריבּן די פלאַך פון דער צווייטער און געקוקט וואַראָן גלייך אין פּנים אַריין מיט פאַרשנדיקער העפלעכקייט. „אין דאָזיקן לויזיקן אַנטיאָכיע", האָט ער געטראַכט, „האַלטן זיי אים נאָך פאַר אַן עפּעס, אונזער אַלטן וואַראָ. אָבער וואָס איז ער דען? אַ דעגראַדירטער, אַ דע־קלאַסירטער. אין רוים האָט אים קיינער אין זינען נישט. דער־מאַנט מען זיין נאָמען, דערינערן זיי זיך קוים: „אַך, וואַראָ, זאָל דאָס זיין דער זעלבּער, וועמען קייזער וועספּאַסיאַן האָט אויסגע־מעקט פון דער סענאַטאָרן־רשימה צוליב עפּעס אַ סקאַנדאַל? ער זאָל אין סיריע האָבּן געמאַכט אַ סך געלט. דאָס האָט ער טאַקע. און ווען מען שטודירט די אַקטן, זעט מען, אַז ער האָט אַן איינ־פלוס אויך בּיי די הערשער פון יענער זייט גרענעץ. אָבער וואָ־סער בּאַדייטונג האָט עס דען? וואָס פאַר אַ בּאַרג־אַראָפּ פאַר אַ רוימער, וועלכער איז אַמאָל געזעסן אין סענאַט, אַרומצודרייען זיך אין די לעכערלעכע הויפן פון די איינגעבּוירענע פירער, די־דאָזיקע כּוהנים און שייכן מיט זייערע נעבּעכדיקע קעניג־טיטולן. און אויך דאָס וועלן מיר בּיי אים צונעמען. מיין פאָרגייער איז געווען צו שוואַך. אַנישט וואָלט דערדאָזיקער אַוואַנטוריסט וואַראָ נישט געזעסן איצט קעגנאיבּער מיט אַזאַ פרעכהייט".

ווייל וואַראָ איז געזעסן אויף זיין סאָפקע, איין פוס פאַר־לייגט אויף דעם צווייטן, אויפן אָריענטאַלישן שטייגער, פויל, מיט אַ גוטמוטיקער, כּמעט האַרציקער מינע. ער האָט גוט געוווסט דעם צווייטנס געדאַנקען. ער האָט געוווסט, אַז יענער פילט צו אים גרינגשעצונג און דאָך האָט ער אין דער שטיל מורא פאַר אים. דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ שאָדנפריידיקע בּאַפרידיקונג. יאָ, אָט־אָ זיצט ער און קאָן זיך פאַרגינען, קעגן דעם ווילן פון די היינטיקע מאַכטהאָבּער, די פלאַוויער, צו פירן ווייטער די פּאָליטיק פון פאַר־שטענדיקן זיך מיטן מזרח, ווי קייזער נעראָן האָט זי איינגעפּע־דעמט. זיי האָבּן אים בּאַזייטיקט; וועספּאַסיאַן האָט אים, מיט אַ שענדלעכן, איראָנישן אויסרייד, אויסגעמעקט פון דער סענאַטאָרן־

רשימה. אָבער דערגרייכט האָבן זיי גאָרנישט. אָנשטאָט פון רוים, האָט ער ווייטער געפירט זיין אַלטע פאַרשטענדיקונגס־פּאָליטיק פון זיינע סירישע גיטער, און די נייע הערן, מיט זייערע שאַרפע, רוימיש־מיליטאַריסטישע מעטאָדן האָבן אים נישט געקאָנט בייקו־מען. די קליינע קעניגן, די רעגירנדע בירגערמייסטערס און כוהנים־פירשטן פון די מלוכות צווישן דער גרענעץ פון דער רוי־מישער און דער גרענעץ פון דער פּאַרטישער אימפּעריע, האָבן געזען דעם רעפּרעזענטאַנט פון רוים נישט אין גובערנאַטאָר פון אַנטיאָכיע, נאָר אין אים. אויף אים האָבן זיי אַריבערגעטראָגן די פאַרערונג און די ליבע, וואָס דער באַזייטיקטער קייזער נעראָן האָט גענאָסן אין מזרח. די הערשאַפט, וואָס וואַרראָ האָט פאַר זיך גע־שאַפן, איז געווען אַן אומגעזעצלעכע, אָבער אַ פעסטע און ווידער־שטאַנדס־פעיִקע. די רעגירונג פון דער רוימישער פּראָווינץ סיריע וואָלט זיך גערן געהאַט באַפרייט פון אים, אָבער ווי לעסטיק ער איז נישט געווען, האָט זי געמוזט אָנקומען צו זיין הילף און פאַר־מיטלונג, כדי אויסצומיידן מיט די גרענעץ־מלוכות אַן אומאויפ־הערלעכן פּאַרטיזאַנען־קריג.

וואַרראָ האָט געשמייכלט אין זיך, זעענדיק ווי זיין קעגנער זיצט שטייף און אויסגעצויגן, באַצירט מיט דער פּורפּור־לענטע. פאַר זיינע נייע אונטערטאַנען קאָן אפשר דערדאָזיקער פאָרשטייער רוימס אויסזען מאַכטפול און באַפעלעריש: ער, וואַררא, האָט אַראָפּ־געלעזן פון בלייכן, ערטערווייז פיבער־געפלעקטן געזיכט זיין אומ־זיכערקייט. ער האָט געשפירט מיט וואָסער מי צעיאָן קעמפט אויס זיין האַלטונג, ער האָט געזען, אַז מיט זיינע קנאַפּע פופציק יאָר איז ער שוין אַן אַלטער מאַן, אָפּגענוצט דורך דער שטענדיקער אָנשטרענגונג צו רעפּרעזענטירן, אויסצומעקן די שאַנד פון אומ־גליקלעכן עלטער־זיידן. וואַראָ האָט דערפילט ווי עס שטייגט אין אים אַ פריילעכע מיטלייד. „אָרימער צעיאָן", האָט ער געטראַכט, „אָרימער שול־חבר. מיר אימפּאָנירסטו נישט, מיך וועסטו נישט אַזוי לייכט בייקומען". צעיאָן ווידער האָט געטראַכט: „ער, וואַ־ראָ, האָט אַ לייכט געמיט. ער לעבט, ער געניסט אין דאָזיקן פּאַר־

פּיליטן מזרח, בעת אונזער איינער שינדט פֿון זיך די פעל, כדי צו־זאַמענצוהאַלטן די אימפּעריע".

אינצווישן האָט וואַראָ שוין געהאַט אָנגעקניפּט אַ לייכטן שמועס. ער פֿאַרגינט, האָט ער פֿילוואָרטיק געזאָגט, צעיאָנען דעם כּבוד און דאָס גליק פֿון דאָזיקן פּעטן פּאָסטן. אַ שאָד נאָר, וואָס מען האָט אים געשיקט אין דערדאָזיקער פֿאַרשאָלטן שווערער פּראָווינץ. סיריע קאָן צעברעכן אויך אַ שטאַרקן מאַן. „אייגנט־לעך", האָט ער פֿאַרענדיקט און אַ לאַך געטון מיט אַ קליין, אינ־טים געלעכטערל, ווי ער וואָלט דעם צווייטן געקלאַפּט גוטברו־דעריש אין פּלייצע, „אייגנטלעך בין איך צופֿרידן, וואָס איך בין דער פּריוואַטמאַן און איר דער גובערנאַטאָר".

צעיאָן האָט גוט געשטימט אַ טראַכט געטון: „ער קאָן, ווייזט אויס, נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז מען האָט אים אַרויסגעוואָרפֿן פֿון סענאַט". „ווי איך הער", האָט ער מונטער גענומען רעדן, „זענט איר דאָ נישט געזעסן מיט קיין פֿאַרליי־טע הענט". „געוויס נישט", האָט וואַראָ געמיטלעך אָפּגעענט־פֿערט, „אַזוי אַלט, איך זאָל קאָנען זיצן גאָר שטיל, בין איך נאָך נישט. ווען נישט דאָס ביסל קולטור־פּאָליטיק, וואָלט מען זיך גאָר קיין עצה נישט געקאָנט געבן מיט דער פֿרייער צייט. אגב איז עס קיין סוד נישט, אַז מיין האַרץ געהערט דעם מזרח". און ער האָט צוגעגעבן פֿאַרטראַכט, כּמעט מיט זאָרג: „אמת, אייך, מיין צעיאָן, דעם רוימער מיט לייב און לעבן, מוז דערדאָזיקער פֿאַרפֿלאָנטערטער, צעשויבערטער מזרח זיין אומהיימלעך. ווען מען האָט נישט צו אים קיין אינטימע באַציִונג", — ער האָט אַ צי געטון די אַקסלען, נישט פֿאַרענדיקט.

דער קעגנער, אויסגעצויגן, שטייף, האָט ווידער געקראַצט מיט די נעגל פֿון איין האַנט די פֿלאַך פֿון דער צווייטער. די רויטע פֿלעקן אויף זיינע בלאַסע, קנאָכיקע באַקן זענען שטאַרקער גע־וואָרן, ער האָט געשיקט צו וואַראָן אַ קרומלעכן בליק, זיין טרוקע־נע שטימע האָט געסקריפּעט. „דורכציִען שאַרפֿע גרענעצן", האָט ער געזאָגט, „פֿאַרוואַרצלען דאָס רוימישע ביזן טייך פּרת און

נישט דורכלאָזן פון יענער זייט קיין שום פרעמדס. ווען עמעץ זעט דידאָזיקע אויפגאַבע אַזוי קלאָר, ווי איך, האָט ער אפשר דורך דעם גופא אַן אינטימע באַציִונג צו דידאָזיקע מענטשן און זאַכן". און דרך־אגב, באַמיט אָפּצושאַפן די שאַרפקייט פון זיין טאָן, האָט ער צוגעגעבן: „עס איז מיר אַזאַ שאָד, מיין וואַראָ, וואָס איך וועל מוזן מוותר זיין אויף אייער אונטערשטיצונג ביים ראָמאַניזירן אונזער מזרח". „פאַרוואָס?" האָט זיך וואַראָ פאַרוווּנדערט. „האָב איך דען נישט געגוג אויפגעטון אויפן דאָזיקן געביט אַלס מענטש, וואָס האָט נישט הינטער זיך קיין אַרמיי?" „קיינער לייקנט דאָס נישט", האָט דער גובערנאַטאָר העפלעך מסכים געווען. „איר האָט געגעבן אַ גרויסן צושטייער ביים פאַרפלאַנצן אין דערדאָזיקער פּראָווינץ דעם רוימיש־גריכישן גייסט. איר האָט אָבער, ליידער, פאַרשלעפּט אַהער מער מזרחדיקס, ווי יעדער אַנדערער רוימער פאַר אייך".

„דאָס האָב איך געטון", האָט וואַראָ צוגעגעבן מיט באַפרידיקונג. „און דאָס, מיין ליבער", האָט צעיאָן וויייטער גערעדט, „האָבן מיר נישט ליב. חוצדעם", האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שטאָך, „וואָלט איר געמוזט קומען אין אַ קאָנפליקט מיט אייער געוויסן, ווען איך וואָלט אין באַשטימטע פאַלן זיך געעצהט מיט אייך. וואָרים ווי אַזוי קאָן געבן אַ גוטע רוימישע עצה אין אונזערע קאָנפליקטן מיטן מזרח אַ מאַן, וועלכער איז נישט נאָר רוימישער בירגער, נאָר גלייכצייטיק אויך אַן אונטערטאַן פון פּאַרטישן גרויס־קעניג און אַ בירגער פון דער עדעסאַ־מלוכה?" „ער האָט זיך גוט צוגעגרייט", האָט וואַראָ אין זיך מודה געווען, „ער האָט גוט שטודירט מיינע אַקטן. ער איז נאָך מיין גוטער, אַלטער שונא. ער האָט, וואָרשיינלעך, אויסגעוויילט דידאָזיקע פּראָווינץ סיריע און נישט קיין אַנדערע טאַקע דערפאַר, ווייל איך געפין זיך דאָ".

ביי זיינע לעצטע ווערטער האָט צעיאָן זיך נאָך מער אויסגעצויגן. וואַראָ האָט אים באַטראַכט. „איך וועל זיך מיט אים לייכט אַן עצה געבן", האָט ער זיך געפרייט. „ער איז און בלייבט אַ שוואַכלינג. הגם גראָד אַזעלכע שוואַכע באַגייען אַמאָל אין זייער

קינסטלעכער בראַוועקייט פלוצלינגדיקע געוואַלט־טאַטן פון אומבאַרעכנבאַרע רעזולטאַטן". און פלוצלינג איז אים געקומען אין זכרון דער צונאָמען, וועלכן ער האָט זיך די גאַנצע צייט אומזיסט באַמיט צו דערמאַנען: ציי־מענטשעלע. געוויס, ציי־מענטשעלע. אַזוי האָט מען אין דער שולע גערופן צעיאָנען נאָך יענע האָלץ־ליאַלקעס, וואָס מען באַנוצט בעת די סאַטורנאַליען, האָלץ־ליאַלקעס מיט באַוועגלעכע גלידער, וואָס מיט דער הילף פון אַ קליינער הייב־שטאַנג האָט מען זיי געקאָנט אויסציִען און ווידער איינציִען. און גערופן האָט מען אים אַזוי פאַר זיינע אָנשטרענגונגען זיך גרעסער צו מאַכן.

וואַראָן איז פריילעך געוואָרן, ווען ער האָט זיך דערמאַנט צעיאָנס צונאָמען. ער האָט מער נישט גערעדט וועגן פּאָליטיק. זיך נאָכגעפרעגט וועגן גובערנאַטאָרס פריוואַט־לעבן, וועגן זיין שטימונג. צעיאָן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט מורא, אַז עס וועט אים זיין שווער איינצולעבן זיך אין דער אויסגעלאַסענער וועלט פון דערדאָזיקער מזרח־שטאָט. דאַפנע, אַנטיאָכיעס פאָרשטאָט, וווּ די מערהייט אַריסטאָקראַטן האָבן געהאַט זייערע ווילִיעס, — אַן אָרט, באַרימט אין דער גאַנצער וועלט מיט זיין אומפאַרשעמטן לוקסוס, איז נישט געווען קיין אָנגענעמע שכנות פאַר אַ רוימישן באַאַמטן, אַן אָנהענגער פון די סטאָאיקער.

דער וויזיט פון געוועזענעם סענאַטאָר ביים גובערנאַטאָר האָט שוין אייגנטלעך גאַנץ לאַנג געדויערט. אָבער צעיאָן האָט וואַראָן נאָך נישט אָפּגעלאָזט און פאַרפירט פונדאָסניי אַ שמועס וועגן פּאָליטיק. „הערט נאָר, מיין וואַראָ", האָט ער געפרעגט, „איצט, ווען אין דער רעגירונגס־געביידע זיצט נישט קיין פרעמדער, נאָר איך, ווילט איר נאָך אויך מאַכן שוועריקייטן צוליב אייער שטייער פאַר דער אינספּעקציע פון עדעסאַער מיליטער?"

די קאָסטן פון רוימישן גאַרניזאָן אין דער שטאָט עדעסאַ, דער הויפּטשטאָט פון גלייכנאָמיקן, נאָמינעל־אומאָפּהענגיקן קעניגטום אויף יענער זייט פרת, האָט לויט אַן אָפּמאַך געדאַרפט דעקן דאָס קעניגרייך עדעסאַ. אָבער חוצדעם האָט דער רוימישער

גובערנאַטאָר אין סיריע אויפגעמאָנט אַ ספּעציעלן שטייער פאַר זיין יערלעכער „אינספּעקציע פונם מיליטער אויף יענער זייט גרענעץ". דער מלוכה־אוצר פון אַנטיאָכיען האָט געהאַלטן, אַז וואַראָ, אַלס בירגער פון דער רוימיש־קייזערלעכער פּראָווינץ סיריע, איז מחויב צו צאָלן דעמדאָזיקן „אינספּעקציע־שטייער", וואַראָ דאַקעגן איז געווען אין דער מיינונג, אַז דאָס וואָלט געווען אַ טאָפּל־שטייער, ווייל אַלס בירגער פון עדעסאַ צאָלט ער שוין זיין שטייער פאַרן מיליטער. עס האָט זיך נישט געהאַנדלט אין די זעקס טויזנט סעסטערציעס, וואָס נישט פאַר וואַראָן און נישט פאַר דער רעגירונגס־קאַסע האָבן זיי געשפּילט אַ ראָלע, — עס איז געגאַנגען אין פּרינציפּ. די רעגירונג פון אַנטיאָכיען האָט פאַרדראָסן, וואָס דערדאָזיקער גרויסער הער וואַראָ, וועלכן רוים האָט דעגראַדירט און וועלכער איז נאָך פאַרבליבן ביי די רוימישע בירגער־רעכט, שפּילט לגבי איר, לויט דעם ווי עס לוינט אים, אָדער די ראָל פון אַ רוימישן אונטערטאַן אָדער די ראָל פון אַן אונטערטאַן פון איינעם פון די מעסאָפּאָטאַמישע פירשטנטומס. דעריבער האָט זיך צוליב דעמדאָזיקן שטייער געפירט אַ לאַנגער, העפלעכער און פאַרביטערטער קאַמף צווישן דער רעגירונג פון סיריע און וואַראָן.

אויך איצט איז וואַראָ אַרויסגעקומען מיט זיינע אַלטע אַרגומענטאַציעס, וואָס זענען דעם גובערנאַטאָר גוט באַקאַנט געווען פון די אַקטן. אַזאַ טאָפּל־באַשטייערונג איז נישט נאָר יורידיש אומדערלאָזבאַר, נאָר זי איז אויך פּאָליטיש געפערלעך ; ווייל דורך איר ווערט אונטערגעשטראָכן דער צווייַדייטיקער, פאַר עדעסאַ פיינטלעכער כאַראַקטער פון דאָרטיקן גאַרניזאָן.

דער גובערנאַטאָר האָט מיט געדולד אויסגעהערט די לאַנגע אַרגומענטאַציעס. „גאַנץ ריכטיק", האָט ער ענדלעך געזאָגט, מיט אַ חבריש־צורעדנדיקן טאָן. „אָבער ווען אין דאָזיקן הויז זיצט אַ פריינט, וואָלט איך אייער אָרט זיך ערנסט פאַרטראַכט, צי זאָלט איר זיך נישט אָפּזאָגן פון אייערע מעסאָפּאָטאַמישע און פּאַרטישע בירגערשאַפטן. איר וואָלט אפשר דאַן געהאַט

די האָפענונג ווידער צו געווינען אייער רוימישע פּאָזיציע".

וואַראָ האָט אויפגעשפּיצט די אויערן. ווי ער נעמט עס אָן דעם אָקס ביי די הערנער גלייך ביי דער ערשטער באַגעגענונג. „וואָס מיינט איר דערמיט ?" האָט ער אַ פרעג געטון אָן קונצן. „זאָל דאָס הייסן, אַז מען טראַכט מיך ווידער אַריינצונעמען אין סענאַט ?"

צעיאָן האָט איינגעזען, אַז ער איז דעם קעגנער צו שנעל אַנטקעגנגעקומען, און ער האָט זיך צוריקגעצויגן הינטער אַן אָמט־לעך־טרוקענעם טאָן. „איך האָב וועגן דעם", האָט ער דערווי־דערט, „געמאַכט אָנצוהערענישן אויפן פּאַלאַטין, און איך האָב גע־האַט דעם איינדרוק, אַז מיינע אָנצוהערענישן האָבן נישט אָנגע־טראָפן קיין טויבע אויערן. אמת, קיין פאַרבינדלעכע צוזאָגן", האָט ער זיך געאיילט צוצוגעבן, „קאָן איך נישט געבן. אָבער איך לייג פאָר זיך ערנסט צו פאַרטראַכטן וועגן מיינע ווערטער".

וואַראָ האָט מיט מי פאַרבאָרגן זיין יובל־געפיל. האָבן זיי, הייסט עס, איינגעזען, די פלאַווישע קיסרים, די פאַרהאַסטע פאַר־וועניס, אַז אָן אים קאָנען זיי נישט אויסקומען אין זייער מזרח. זיי ווילן אים ווידער אַריינגעמען אין סענאַט. זייער פּיין פון זייער זייט. אָבער אין אַזאַ אָפענער פּאַסטקע וועט קיין וואַראָ נישט אַריינפאַלן. ווען זיי וועלן אים, אין אַ גליקלעכער שעה, שוין האָבן אין רוים, וועלן זיי אים נאָכאַמאָל אַרויסוואַרפן פון סענאַט, און דאָסמאָל וועלן זיי האָבן גענוג שכל ענדגילטיק צו פאַרענדיקן מיט אים. אַ סענאַטאָר אין רוים. וואָס פאַר אַ ביליק לאָק־מיטל. און פאַר דעם־אָ זאָל ער זיך אָפּזאָגן פון אַלץ, וואָס ער האָט דאָ אויפגעבויט מיט אַזוי פיל מי, זיינע שטרעבונגען צו פאַרשמעלצן מזרח מיט מערב, און ער זאָל העלפן דער פאַנטאַזיעלאָזער פּאָלי־טיק פון די נייע הערשער, וואָס ווילן פאַרלייגן דעם שווערגעוויכט פון דער אימפּעריע אין מערב און אויפשטעלן אַ מויער קעגן מזרח ? אַ דאַנק, מיינע הערן. איך וויל שוין בעסער בלייבן „אַ קוזין פון עדעסאַער קעניג". איך וועל שוין בעסער זיין „אַ

פריינט פון גרויס-קעניג פון די פּאַרטער", איידער אַ סענאַטאָר אין רוים.

ער האָט געדאַנקט דעם גובערנאַטאָר, וואָס ער האָט זיך געמיט פאַר אים אין רוים. „איך האָף", האָט צעיאָן אָפּגעענט־פערט און פאַרלאָזט דעם באַאַמטישן קאַלטן טאָן, „אַז מיר וועלן אינגיכן קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג אויפן דאָזיקן וועג". „אויך איך האָף עס", האָט וואַראָ געזאָגט, אָבער איצט האָט ער גע־רעדט אַזוי טרוקן, אַז עס האָט געקלונגען ווי אַן אָפּזאָג.

צעיאָן האָט געהאַלטן פאַר פּאַסיק אַרויסצושטעלן אויך די צווייטע זייט פון פּראָבלעם. „מיר מוזן", האָט ער דערקלערט, „באַזייטיקן אונזער שטרייט. שטעלט זיך נאָר פאָר, מיין וואַראָ, ווי אומאָנגענעם עס וועט זיין, ווען איך זאָל געצווונגען זיין אָנ־צונעמען מיטלען קעגן אייך".

„יאָ, מיין צעיאָן", האָט וואַראָ געענטפערט און אויסבאַ־האַלטן הינטער אַן איבערגעטריבענער העפלעכקייט זיין חוזק אי־בער אַזאַ פוסטער דראָאונג, „דאָס וואָלט געווען אומאָנגענעם פאַר אונז ביידע. ווייל ביי דעם אָנזען, וואָס מיין ווייניקייט געניסט, מיט רעכט אָדער אומרעכט, אין די מעסאָפּאָטאַמישע מלוכות, וואָלטן זיך אַזעלכע מיטלען נישט געלאָזט פאַרווירקלעכן אָן אַ טייערער מיליטערישער עקספּעדיציע. און וואָס וואָלט מען דער־ביי געקאָנט געווינען אין בעסטן פאַל? פּרעסטיזש. אָבער לויט ווי איך קען די הערן אויפן פּאַלאַטין, זענען זיי נישט גענייגט אויסצוגעבן געלט אויף פּרעסטיזש". ער האָט זיך אויפגעהויבן, איז צוגעגאַנגען גאָר נאָענט צום גובערנאַטאָר, האָט אים אינגאַנצן אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל. „אָדער זאָל איך אפשר אָנ־נעמען אייערע ווערטער אַלס אַ ולטימאַטום?" האָט ער געפרעגט מיט אַזאַ פּראָוואָצירנדיקן שמייכל, אַז דער קעגנער האָט געמוזט שפּירן, וואָס ער האָט דערביי געטראַכט, געמלעך: „צי־מענטשע־לע". ווייל נאָכדעם ווי צעיאָן האָט אַזוי עקשנותדיק זיך באַמיט צו געווינען זיין פריינטשאַפט, האָט וואַראָ געגלייבט, אַז ער קאָן זיך פאַרגינען דעם לוקסוס צו זען אין אים נישט דעם פאַרשטייער

פון רוים און פון אַן אידעע, נאָר בלויז דאָס צי־מענטשעלע, דעם שול־חבר.

עס וועט זיך שפּעטער אַרויסשטעלן, אַז דאָס איז געווען אַ טעות און אַז ער האָט זיך דעמדאָזיקן לוקסוס נישט געקאָנט פאַרגינען. דערווייל אָבער האָט זיך גובערנאַטאָר צעיאַן באַגנוגנט מיט צוריקציִען אַ ביסל דעם אַקסל פאַר אַזוי פיל אינטימיטעט און ער האָט העפלעך דערווידערט, ער זאָל זיינע ווערטער אויפנעמען בלויז אַלס פריינטשאַפטלעכע אָנרעגונג, בשום אופן נישט אַלס אולטימאַטום. דאַן, נאָך עטלעכע ליבנסווירדיקע זאַצן פון ביידע צדדים, האָט זיך וואַראָ ענדלעך געזעגנט.

ער האָט פאַרלאָזט די רעגירונגס־געביידע מיט לייכטע, שטאַרקע שריט, ער האָט אַוועקגעשיקט די טראָג־חופּה און די באַגלייטונג, איז אַוועק צופוס אַהיים דורך אַנטיאָכיעס שיינע גאַסן. די לעצטע יאָרן פלעגט ער פון צייט־צו־צייט שפּירן, אַז ער איז שוין נישט פון דער ערשטער יוגנט; איצט האָט ער זיך געפילט פריש, ווי אַ בחור. זיינע פיינט, דידאָזיקע פלאַוויער, האָבן אים געטון אַ גרויסע טובה, וואָס זיי האָבן אָנגעשיקט אויף אים צעיאָנען. עס האָט אים געפרייט, וואָס דאָס היינטיקע ניכטערע, מיליטאַריסטישע, פאַטריאָטיש־ענגע רויב, וואָס ער האָט אַזוי פיינט געהאַט, האָט זיך אים אַנטקעגנגעשטעלט אין דעם געשטאַלט פון דאָזיקן צעיאָן. „דאָס וועט זיין אַ פריילעכער קאַמף", האָט ער געטראַכט. „דאָס גוטע, אַלטע צי־מענטשעלע". און ער האָט זיך שוין אין פאָרויס געפילט אַלס זיגער.

2.

# די שטאָט עדעסאַ

ווייס און פּרעכטיק איז אויף אירע בערגלעך געלעגן די שטאָט עדעסאַ, די הויפּטשטאָט פון גלייכנאָמיקן קעניגטום, די

צפונדיקסטע פון מעסאָפּאָטאַמיעס גרויסע ישובים. פונדערווייטנס האָט זי אויסגעזען דורך און דורך גריכיש מיט אירע טעמפּלען און זיילן־האַלעס, מיט איר צירק, אירע טעאַטערס, בעדער, ספּאָרט־שולעס. אויף אירע גאַסן אָבער האָט מען געזען זייער ווייניק גרי־כישע אויפשריפטן און זעלטן האָט מען געהערט אַ גריכיש וואָרט. איר באַפעלקערונג איז געווען אַ געמישטע: סיריער, באַבילאָנער, אַרמענער, יידן, פּערסיער, אַראַבער. גריכיש־רוימיש זענען געווען בלויז די הייזער.

אויף דרום פון עדעסאַ האָט זיך געצויגן דער סטעפּ. די שטאָט גופא איז אָבער געלעגן פּרוכטבאַר און וואַסער־רייך נעבן איר טייך סקירטאָס, „דעם שפּרינגער", און דיווינטן פון די בערג, וואָס האָבן דאָס צווישנשטראָמלאַנד אָפּגעגרענעצט פון אַרמעניע, האָבן איר לופט געמאַכט פריש און ריין.

עדעסאַ איז געלעגן אויף אַ פילפאַכן פרשת־דרכים. זי איז געווען אַ רייכע שטאָט. אַראַביעס און אינדיעס האַנדל מיט גע־ווירצן און פּערפומען איז דורכגעגאַנגען דורך איר, אויך אַ גרוי־סע טייל פון האַנדל מיט פּערל און טייערע זיידן־שטאָפן. זי איז ווייט באַרימט געווען מיט אירע שיינע בנינים. פון ווי ווייט זענען געקומען פרעמדע צו באַקוקן דעם אוראַלטן טעמפּל פון דער טאַ־ראַטע, מיטן שוואַרצלעכן בראָנזענעם בילד פון דער געטין און אירע מערקווירדיקע פריאַפּישע סימבאָלן, דעם טעמפּל פון מיטראַס, די אוניווערזיטעט, אָבער דער עיקר דעם לאַבירינט, אַ געוואַלטיקן גראָט אין די פעלזן אויפן לינקן ברעג פון טייך סקירטאָס, מיט הונדערטער ענגע, פאַרפּלאָנטערטע, אומענדלעך־פאַרצווייגטע גענג, קאָרידאָרן, צימערן און טרעפּ.

די שטאָט עדעסאַ איז געווען אוראַלט. אורשפּרינגלעך האָט זי געהייסן אָסראָענע, די לייבן־שטאָט. דאָ האָבן לויט דער ריי נאָך געהערשט חתים, אַסיריער, באַבילאָניער, אַרמענער, מאַקע־דאָניער. צולעצט, מיט דרייהונדערט יאָר צוריק, זענען דאָ אַריינ־געדרונגען אַראַבער, און זיי האָבן ביז איצט איינגעהאַלטן די מאַכט. היינט, אַלס איינע פון די קליינע בופאָר־מלוכות צוויש

דער רוימישער אימפעריע און דער פּאַרטערישער, איז עדעסאַ כסדר געווען אין געפאַר. די שטאָט האָט אָבער אויך געהאַט גרויס נוצן פון איר נייטראַליטעט; זי פלעגט זי פאַרקויפן מיט ריווח בעת די שטענדיקע מלחמות צווישן די ביידע גרויסע מלוכות דאָ איין צד, דאָ דעם צווייטן.

עדעסאַס אַראַבישע פירשטן, הגם זיי זענען אין האַרץ תמיד געבליבן אַראַבער, האָבן מיט אַלע כוחות געפלעגט די אַראַמעישע קולטור, וואָס האָט אין דערדאָזיקער ערד-טייל געגאָלטן אַלס די העכסטע. די עדעסאַער אוניווערזיטעט איז אָן שום ספק געווען די בעסטע אין גאַנצן צווישנשטראָמלאַנד און געווען צייטן, ווען זי האָט געקאָנט קאָנקורירן מיט דער היכשול אין אַנטיאָכיע.

די שטאָט האָט פאַרמאָגט אַ סך הייליקטימער, און צו אַ סך געטער האָט מען אין אירע מויערן געדינט. אין זייער שפּיץ האָט זיך געפונען די געטין טאַראַטע, וואָס האָט אויך געטראָגן דעם נאָמען „די געטין פון סיריע”; פאַר איר איז געווען געהייליקט דער שטאָטישער טייך מיט זיינע רויטע פיש. נעבן איר זענען פאַרערט געוואָרן דער אָקס-און האַק-גאָט לאַביר, דער גאָט פון לאַבירינט, און אויך אַנדערע אַסירישע אוראַלטע געטער, אַ לייבן-גאָט אויף דעם באַרג, ווי אויך דער גרויסער בעל. דער-נאָך דער פערסישער גאָט מיטראַס, די אַראַבישע שטערן-געטער, ווי אויך די גריכישע און רוימישע גאָטהייטן. אויך יהוה, דער יידישער גאָט, האָט געהאַט אַ סך אָנהענגער אין עדעסאַ; אפילו זיין זון, מיטן נאָמען קריסטוס, „דער געזאַלבטער”, האָט דאָ שוין געפונען נאָכפאָלגער.

אַ סך צענער טויזנטער מענטשן האָבן געוווינט אין דער שיינער שטאָט, ווייסע און ברוינע: אַראַבישע פירשטן און זייערע ראַטגעבער, גריכישע און סירישע סוחרים און ערד-באַזיצער, פער-סישע אַסטראָלאָגן, יידישע באַלמעלאָכעס און געלערנטע, חוצדעם די אָפיצירן און זעלנער פון רוימישן גאַרניזאָן; כמעט תמיד האָבן זיך געפונען אין דער שטאָט וואַנדערנדיקע בעדואינער, און צו דיזאָזיקע פעלקערשאַפטן איז נאָך צוגעקומען דער מישמאַש פון

די אומצייליקע לייבאייגענע, זיי אַלע, די ווייסע, שוואַרצע און ברוינע מיט זייערע פּי, קעמלען, שאָף, ציגן און הינט, האָבן גע־לעבט, געאָטעמט, גערעדט אויף אַלערליי שפּראַכן, געדינט אויף אַלערליי אופנים צו אַ סך געטער, האָבן געגעסן, געטרונקען, זענען געשלאָפן מיטאַנאַנדער, געמאַכט געשעפטן, חתונה געהאַט, זיך גע־קריגט און זיך איבערגעבעטן; קיינער וואָלט נישט געווען געקאָנט לעבן אָן צווייטן, יעדער איינער איז, אין גרונט גענומען, געווען צופרידן, וואָס דער צווייטער איז דאָ, און אַלע צוזאַמען האָבן זיי שטאָלצירט מיט זייער שטאָט עדעסאַ, די ליבסטע, שענסטע שטאָט אין דער וועלט.

דער הערשער פון עדעסאַ איז געווען קעניג מאַלוק, דער פינפטער; זיין פּרעמיער־מיניסטער איז געווען שאַרביל, דער כהן־גדול פון דער טאַראַטע; דער קאָמענדאַנט פון רוימישן גאַרניזאָן איז געווען פּולקאָווניק פראָנטאָ. אָבער דער אמתער הערשער אין עדעסאַ איז געווען סענאַטאָר וואַראָ.

### 3.

## דער טעפּער טערענץ

צווישן די פיל אונטערנעמונגען, וועלכע וואַראָ האָט גע־גרינדעט אין עדעסאַ, האָט זיך אויך געפונען אַ קעראַמישע פאַ־בריק, וועלכע ער האָט איינגעאָרדנט פאַר איינעם פון זיינע „פראָ־טעזשירטע", דעם טעפּער טערענץ, אין דער רויטער גאַס. אויב טערענץ האָט זיך נאָך אַלץ באַצייכנט אַלס וואַראָס „פּראָטעזשיר־טער", איז דאָס געשען פון ריינער צוגעבונדנקייט; ווייל ער איז שוין פון לאַנג געווען אַ געמאַכטער מענטש, וואָס האָט זיך נישט גענייטיקט אין קיינעמס שוץ. ער איז אפילו געווען דער צעכ־מייסטער פון טעפּער־צעך אין עדעסאַ.

דערביי איז זיין פאַבריק כלל נישט געווען די גרעסטע אין

דער שטאָט, און טערענץ האָט זיך אויך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערער פאַך-קענטעניש. מיט דער אַרבעט אין דער פאַבריק האָט אָנגעפירט זיין פרוי, און מיט דער סוחרישער זייט פון געשעפט האָט זיך פאַרנומען אַ קיליקישער לייבאייגענער מיטן נאָמען קנאָפּס. טערענצן גופא האָט מען זעלטן געזען אין זיין פאַבריק. דאַקעגן פלעגט מען אים אָפט קאָנען באַגעגענען אין גאַס אָדער אין שענקען. אַלס צעכמייסטער פון טעפּער-צעך האָט ער געהאַט אַ סך אַרומלויפעניש און געמוזט שמועסן מיט פיל מענטשן. דאָ פלעגט ער, אין די אינטערעסן פון זיין פאַך, באַזוכן דעם מאַגיסטראַט אָדער די ראַטגעבער פון קעניג מאַלוק, דאָ ווידער פלעגט ער דאַרפן רעפּרעזענטירן דעם צעך ביי אַ שטאָטישער פייערלעכקייט אָדער אָרגאַניזירן די צעך-יום-טובים.

ער איז געווען אַ מאַן אָנהייב די פערציקער, רויטלעךבלאָנד, מיט אַ ראָזלעך-בלאַסער הויט, מיט אַ ברייט פּנים, אַ שטאַרקער אונטער-ליפּ, קורצזיכטיקע, גרויע אויגן, אַ ביסל דיקלעך, אין אַלגעמיין גאַנץ שלאַנק און פון שטאַרק רוימישן אויסזען. דער טעפּער-צעך איז שטאָלץ געווען מיט זיין צעכמייסטער. נישט נאָר דערפאַר, ווייל ער איז פון געבורט געווען אַ שטאָטרוימער, נאָר דער עיקר דערפאַר, ווייל ער האָט אויסגעזען פאַרנעם און אַלס מענטש מיט פאַרשידענע גייסטיקע אינטערעסן געקענט גוט רעדן. לאַטיין האָט ער גערעדט מיט אַ שיינעם שטאָטרוימישן אַקצענט, אויך גריכיש און אַראַמעיִש האָט ער גוט באַהערשט, הגם די אויסשפּראַך פונם אות Th, וואָס שפּילט אַ גרויסע ראָלע איןביידע שפּראַכן, האָבן אים פאַרשאַפט שוועריקייטן. אייניקע האָבן, אמת, איינגעפונען, אַז ער האָט צו שטאַרק ליב צו רעדן, און דאָס איז געווען ריכטיק: האָט מען איינמאָל פּרייגעלאָזט דעם געוואַלטיקן שטראָם פון זיינע רייד, איז נישט געווען אַזוי לייכט אים ווידער איינצוצאַמען. ער האָט אָבער, אָן שום ספק, געמאַכט אַן איינדרוק. ער האָט געקענט מאַכן אַן אָנשטעל און אומגעצוווּנגען פאַרקערן מיט גרויסע לייט; נאָכמער, זיין פּנים האָט געקאָנט באַקומען אַזאַ אויסדרוק פון גאווה און אומצופרידנ-

קייט, אַז זיינע פּאַרטנערן פלעגן זיך פילן דערדריקט. אויך רעפּרעזענטירן האָט ער געקאָנט. אויב ביי די יום־טובים פון די באַלמעלאָכעס, קודם־כּל ביים גרויסן יום־טוב אין מערץ, האָט דער טעפּער־צעך באַזונדערס גוט אָפּגעשניטן, איז דאָס געווען טערענצעס פאַרדינסט. דערצו איז אים צונוצגעקומען זיין בילדונג. גרויסע שטיקער פון די גריכישע און רוימישע קלאַסיקער האָט ער געקענט אויף אויסנווייניק, ער האָט געקאָנט שליידערן מיט ציטאַטן, געהאַט אינטערעס פאַר טעאַטער, און די פאַרשטעלונג פונם יערלעכן טעפּער־יום־טוב, וואָס ער פלעגט אָרגאַניזירן, פלעגט צוציִען פיל מענטשן. אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות צום טעפּער־פאַך אין עדעסאַ, האָט שטאָלצירט מיטן דאָזיקן רעפּרעזענטאַטיוון פאַרשטייער. אפילו די לערניינגלעך, הגם זיי פלעגן אין טערענצעס וואַרשטאַט באַקומען פיל קלעפּ, האָבן ליבערשט געאַרבעט ביי אים, איידער ביי מילדערע באַלעבאַטים.

דער סוד, וואָס האָט אַרומגעהילט טערענצן און זיין גורל, האָט נאָך געשטאַרקט זיין ווירקונג אויף די אַרומיקע. מיט עלף יאָר צוריק איז ער אַראָפּגעקומען קיין עדעסאַ אַן אָפּגעריסענער, אַ פאַרוואָרלאָזטער, מיט אַ ווילדער, רויטלעך־בלאָנדער באָרד. דאַן האָט מען געקאָנט גלייבן אויף אים, אין הסכּם מיטן גריכישן שפּריכוואָרט וועגן די האַנטווערקער, אַז ער שנייצט די נאָז אין דער פויסט. קיינער וואָלט אין יענעם טערענצן נישט געקאָנט פאַראויסאַנען דעם שפּעטערדיקן צעכמייסטער. מענטשן, וואָס האָבן זיך אויסגעקענט אין רוים, האָבן דערציילט, אַז טערענצעס וואַרשטאַטן האָבן דאָרט געהאַט אַ גוטן שם, אפילו דער קייזערלעכער הויף האָט געקויפט ביי אים, — מען האָט אפילו געמורמלט, אַז טערענץ האָט געהאַט מיט נעראָנס הויף געהיימנישפולע, פּערזענלעכע באַציִונגען.

טערענץ גופא און זיינע לייט, זיין פרוי קאַיאַ און דער לייבאייגענער קנאָפּס, האָבן געשוויגן וועגן זיין רוימישער פאַרגאַנגענהייט. בלויז דאַן, ווען טערענץ פלעגט זיך געפינען אין אַ געהויבענער שטימונג, נאָך אַ געלונגענער רעדע אָדער נאָך אַ

געלונגענער פֿאָרשטעלונג פֿון צעך, פֿלעגט ער מרמז זיין, ווי נישטיק עס קומט אים פֿאַר אַזאַ דערפֿאָלג, ווען ער דערמאַנט זיך אין יענער צייט, ווען ער איז געווען אַן אָפּטער גאַסט אין דער קייזערלעכער רעזידענץ; אָבער מער ווי אַזאַ מטושטשן רמז איז נישט מעגלעך געווען אַרויסצוקריגן פֿון אים.

מיטן טעפּער טערענץ איז אין רוים געשען אָט־וואָס.

זיין פֿאָטער איז נאָך געווען אַ לייבאייגענער ביי וואַראָס פֿאַמיליע. דער אַלטער וואַראָ האָט דעם פֿעיִקן מאַן באַפֿרייט און אים איינגעאָרדנט אַ טעפּעריי. זיין זון טערענץ האָט אָבער געהאַט ווייניק אינטערעס פֿאַר דעם טעפּער־פֿאַך, ער האָט זיך אינטערעסירט מיט העכערע זאַכן, מיט טעאַטער און פּאָליטיק. ווען ער פֿלעגט רעדן וועגן געזעלשאַפֿטלעכע ענינים אָדער קונסט, פֿלעגן זיינע פֿריינט רימען זיין פֿאַרשטענדעניש, זיין טיפֿן בליק און אויסגעפֿינען, אַז ער איז צו גוט פֿאַר אַ טעפּער־מייסטער. אַזוי אַרום האָט זיך טערענץ נאָך ביים פֿאָטערס לעבן ווייניק אינטערעסירט מיטן וואַרשטאַט, שוין אָפּגערעדט נאָך יענעמס טויט. און זיין פֿאַבריק איז טאַקע שנעל געגאַנגען צו גרונט. ווי נאָר זיין פֿאַרמעגן איז אויסגערונען, האָבן די פֿריינט זיינע פֿאַרלוירן זייער פֿריערדיקן ענטוזיאַזם, און קיינער מער האָט אים פֿאַר זיינע געשיקטע רעדעס און לאַנגע ציטאַטן נישט געוואָלט געבן נישט קיין כּבוד און נישט קיין געלט. איז קיין וווּנדער נישט, וואָס טערענץ, וועלכער האָט צו צווייאונצוואָנציק יאָר אויסגעזען זאַט, געזונט און נישט גאָר באַדייטנדיק, האָט איצט, קרוב צו דרייסיק, באַקומען אַ צעגאָסן, שלעכט־געלוינט פּנים, וואָס איז פֿון פֿאַרביטערטקייט כּמעט ווי פֿאַרגייסטיקט געוואָרן.

און דאָ האָט זיך אַרויסגעשטעלט עפּעס מערקווירדיקס. קייזער נעראָנס פּנים האָט אַ לאַנגע צייט מאָגער אַרויסגעקוקט פֿון דער ראַם פֿון אַ רויטלעכער באָרד; ביסלעכווייז אָבער איז עס געוואָרן פֿאַרפֿעצט, און ווען ער האָט צו אַכטאונצוואָנציק אַראָפּגענומען די באָרד, איז זיין נאַקעט פּנים געווען פֿאַרענדערט: צעגאָסן, גלייכגילטיק, און כּמעט תּמיד שלעכט־געלוינט. און איינ-

מאָל, ווען טערענץ, אַלס פּראָטעזשירטער, האָט דעם סענאַטאָר וואַראָ באַגריסט ווי יעדן פרימאָרגן, האָט וואַראָ, אַ פאַרבליפטער, אַנטדעקט, אַז דער פאַרצאָגטער טעפּער איז ענלעך צום פאַר־פעצטן, שלעכט־געלוינטן קייזער, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. פּונקט אַזוי ציט נעראָן צונויף די ברעמען איבער די קורצזיכטיקע אויגן, פּונקט אַזוי ציט ער אויס די שטאַרקע אונטער־ליפּ. דעם סענאַ־טאָר וואַראָ איז עפּעס איינגעפאַלן. פאַר נעראָנען, וואָס האָט גע־שטעלט גרויסע פאָדערונגען, האָט מען כסדר געמוזט צוטראַכטן נייע צעשטרייאונגען: ער האָט געהייסן קומען דעם טעפּער אויפן פּאַלאַטין, כדי ווייזן אים נעראָנען.

דערדאָזיקער וויזיט איז פאַר טערענצן געווען אַ געפער־לעכע זאַך. ביי אַ שלעכטער שטימונג וואָלט זיין צווילינג־גע־שטאַלט געקאָנט טייער באַצאָלן פאַר דעם מערקווירדיקן שפּיל פון דער נאַטור.

אָבער דער עקספּערימענט האָט אָפּגעגליקט. אמת, נעראָן האָט נישט געוואָלט מען זאָל וויסן, אַז דאָס קייזערלעכע פּנים איז דאָ אויף דער וועלט אין צוויי עקזעמפּליאַרן, און ער האָט פאַר־אָרדנט, טערענץ זאָל ענדערן די פריזור און בלייבן געהיים אויפן פּאַלאַטין אַזוי לאַנג, ביז עס וועט אים אָנוואַקסן אַ באָרד. בכלל אָבער האָט ער הנאה געהאַט פון דער מערקווירדיקער ענלעכ־קייט. אדרבה, ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיטן דאָזיקן איינעם מאָל. ער האָט דעם טעפּער געשיקט רופן אויפן פּאַלאַטין אַ צווייט מאָל און דאַן ווידער און ווידער. דאָרט פלעגט מען אים ווידער אָפּראַזירן די באָרד, נעראָנס פריזירער פלעגט אים ברענגען אין אָרדענונג און דער קייזער פלעגט זיך אָנטציקן, ווי טערענץ מאַכט נאָך זיין גאַנג, זיינע זשעסטן, זיין שטימע. ער פלעגט קאָרעגירן, ווען עפּעס האָט נישט געשטימט לויט זיין מיינונג. אָפטמאָל פלעגט ער לאָזן ברענגען אויך זיין ליבלינגס־מאַלפּע, זי זאָל אָנטיילנע־מען אין שפּיל, און ווען דער טעפּער און די מאַלפּע פלעגן אים נאָכמאַכן, פלעגט דער זאָל פאַרהילכט ווערן פון קייזערס גע־לעכטער.

דידאָזיקע באַגעגעענישן מיט נעראָנען האָבן טערענצן טיף אויפגערודערט. ער האָט אָפּט געשמייכלט ביטרע, באַגליקט. ער האָט פון תמיד אָן געוווסט, אַז דער בייזער קאַפּריז פון גורל, וואָס לאָזט אים נישט הויך שטייגן, נישט געקוקט אויף זיין באַגאַבונג, מוז פאָריבערגיין. ער האָט זיך אָפּט דערמאַנט אין אַ חלום, וואָס זיין מוטער האָט געהאַט, ווען זי האָט מיט אים געטראָגן. אין דאָזיקן חלום האָט זי באַדאַרפט אַרויפשטייגן אויף אַ הויכן באַרג. ס'איז געווען אַ שווערער וועג, זי האָט געשפירט, ווי די ווייען קומען אָן און זיך געוואָלט אָוועקלייגן. אָבער אַ שטימע האָט באַפוילן: „שטייג העכער!" זי האָט געפאָלגט, נאָר אינגיכן איז זי ווידער מיד געוואָרן און זיך געוואָלט אויסרוען, אָבער די שטימע האָט זיך ווידער געלאָזט הערן און ערשט בייםֿ סאַמע באַרג-שפּיץ האָט זי אים געמעגט געבוירן. דער וואָרזאָגער האָט אויסגעטייטשט דעם חלום, אַז דאָס קינד, וואָס זי טראָגט, וועט זייער הויך שטייגן. דעריבער האָט מען אים טאַקע געגעבן דעם פּרעטענציעזן נאָמען מאַקסימוס.

אויפן פּאַלאַטין האָט מען אים אָנגעזאָגט אונטער דער דראָאונג פון טויט-שטראָף, אַז ער טאָר קיין וואָרט נישט לאָזן פאַלן וועגן זיינע באַגעגענישן מיטן קייזער. דאָך איז געווען וואָרשיינלעך, אַז דער לייב-אייגענער קנאָפּס האָט עפּעס געוווסט אָדער זיך אָנגעשטויסן; עס האָבן אים געמוזט זיין פּאַרדעכטיק נישט נאָר די מער-וועכנטלעכע, געהיימנישפולע אָפּוועזנהייטן פון זיין באַלעבאָס, נאָר אויך די באַשטעלונגען, וואָס דער פּאַלאַטין האָט פּלוצלינג געמאַכט ביי דער קליינער, האַלב-באַנקראָטירטער פאַבריק. אָפּצוהיטן דעם סוד פאַר זיין ענערגישער, אינטעליגענטער פרוי קאַיאַ איז טערענצן געווען ממש אוממעגלעך. און אַז זי איז צוגעשטאַנען צו אים, האָט ער איר דערציילט וועגן זיינע פּאַסירונגען אויפן פּאַלאַטין. אָבער אויך מיט איר האָט ער גערעדט וועגן דעם בלויז זעלטן, נישט גערן, געהיימנישפול און קיינמאָל נישט אָפנהאַרציק. ער האָט זיך איר קיינמאָל נישט מודה געווען — און זיך גופא בלויז זעלטן — אַז ער האָט גערן

די באַזוכן אין דער רעזידענץ פון קייזער ; אדרבה, ער האָט דורך שווייגן געגעבן זיין הסכּמה, בעת זי האָט ביטער געזידלט די חברותא דאָרט אויבן פאַר שענדן זיין מענטשלעכע חשיבות. אינדעראמתן אָבער איז די שפּיל אויפן פּאַלאַטין אַלץ מער און מער געוואָרן פאַר אים אַן אינערלעכע נויטווענדיקייט. זיין ענלעכקייט מיטן קייזער האָט אים באַגליקט, ער איז אינערלעך אַלץ מער און מער פאַרוואַקסן געוואָרן מיט זיין ראָלע.

פלוצלינג איז געקומען אַן איבערקערעניש. אין יענעם טריבן טאָג, ווען די גוואַרדיע האָט זיך צעבונטעוועט, איז דער קייזער פאַרזונקען געווען אין אַ געפערלעכער לעטאַרגיע, און זיינע מקורבים אויפן פּאַלאַטין האָבן באַפוילן דעם טעפּער טערענץ אים אויפצומונטערן. דער פריזירער האָט אים אָפּגעראַזירט און געמאַכט אין אָרדענונג, ווי תמיד, אָבער דער קייזער האָט זיך פלוצלינג אַנטשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ און אַריבערטראָגן אין סערווילישן פּאַרק. וועגן טעפּער טערענץ, וועלכער האָט געוואַרט אין אַ דינער-צימער, האָט קיינער נישט געטראַכט ; מען האָט אים פאַרגעסן אין וויסט-געוואָרענעם פּאַלאַץ. שפּעט ביינאַכט, זעענדיק, אַז קיינער קימערט זיך נישט וועגן אים, האָט זיך דער איבערגעשראָקענער טערענץ אַרויסגעגנבעט פון דער רעזידענץ, כּדי אַהיימצוגיין. די גאַסן זענען געווען ליידיק, קיינער האָט זיך נישט דערוועגט אַרויסצושטעקן די נאָז, אויס מורא פאַר בייזע געשעענישן. פלוצלינג האָט זיך אין דער נאָענט דערהערט דער קלאַנג פון וואָפן, טערענץ האָט זיך פאַררוקט אין שאָטן, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט, באַוואָפנטע האָבן אים שוין געכאַפּט, מיליטער פון סענאַט, אַ פּאַטרול, וואָס האָט אַרומגעזוכט דעם אַנטלאָפענעם נעראָן. ער האָט מיט געוויין פאַרזיכערט, אַז ער איז נישט דער קייזער נעראָן, נאָר דער טעפּער טערענץ. די זעלנער אָבער האָבן עס נישט געוואָלט גלייבן ; דערצאָרנט צוליב דער פּחדנותדיקער האַלטונג פונם מאַן, וועמען זיי האָבן אַזוי לאַנג אָפּגעגעבן כּבוד ווי אַ גאָט, האָבן זיי זיך אַ נעם געטון צו אים און שיִער נישט געטויט. בלויז מיט גרויס מי

האָט ער געפּועלט בײַ זיי, אים אָפּצופירן אַהיים. דאָרט האָט קאַיאַ אידענטיפיצירט דעם ציטערנדיקן, דעם האַלב־טויטן.

די אוידיענצן אויפֿן פּאַלאַטין זענען איר פֿון תּמיד אָן געווען אומהיימלעך. איצט, אין שרעק פֿאַר די מיטלען, וואָס דער סענאַט קאָן אָננעמען קעגן נעראָנס מקורבים און ליבלינגס, האָט זי איבערגערעדט איר טערענץ, וואָס איז פֿול געווען מיט שרעק פֿון די געשעענישן ביז אין מאַרך פֿון זײַנע ביינער, צו אַנטלויפֿן. אין מאַרגנגרוי האָבן זיי זיך דורכגעגנבעט צום הויז פֿון וואַראָ, זייער פּראָטעזשירער. דער סענאַטאָר איז נאָך בײַנאַכט געהאַט אַנטלאָפֿן פֿון דער שטאָט צו מזרח־צו, האָט מען זיי געזאָגט. ווי פֿאַרפֿאָלגט זענען זיי אים נאָכגעלאָפֿן, און צוזאַמען מיט אים זענען זיי אַריבער די מזרח־גרענעץ.

איצט איז דאָס אַלץ געווען אַ ווײַטע דערינערונג. מען האָט געלעבט אין זיכערקייט, אין אַ געוויסן ווילשטאַנד, אין דערדאָזיקער ווײַסער, בונטער שטאָט עדעסאַ. פֿרוי קאַיאַ איז שטאָלץ געווען, וואָס זי האָט דאָן אַזוי ענערגיש אַרויסגעפּראַוועט טערענצן פֿון געפֿערלעכן רוים. אמת, זי גופֿא האָט זיך דאָ געפֿילט נישט איבעריק גוט צווישן די באַרבאַרן. די בורנוסן און שמוציק־ווײַסע קליידער פֿון דאָזיקן מאַלפּישן און מערסטנטיילס טיף־ברוינעם פֿאָלק זענען איר נישט געווען צום האַרץ, די סירער און די גריכן האָט זי באַטראַכט פֿאַר שווינדלער, די אַראַבער און יידן האָט זי געהאַלטן פֿאַר שטינקנדיק און אָבערגלויביש, די פּערסער — פֿאַר משוגע. קיינמאָל וועט זי זיך נישט אויסלערנען זייערע ווילדע שפּראַכן, קיינמאָל וועט זי זיך נישט צוגעוווינען צום דאָזיקן באַרבאַרישן צרום: צו די הייליקע פֿיש, צום אַלטאַר פֿון דער טאַראַטע און אירע אומאָנשטענדיקע סימבאָלן, צו די מאַלפּעס און קעמלען, צום מדבר, וואָס ליגט אומהיימלעך אויסגעשפּרייט אין דרום.

טערענץ דאַקעגן האָט זיך שנעל און גוט אײַנגעלעבט מיטן מזרח. מיטן געשעפֿט האָט ער זיך אָפּגעגעבן נאָך ווייניקער ווי אין רוים, דערמיט האָבן זיך פֿאַרנומען קאַיאַ און דער לייבאייגע־

נער קנאָפּס. ער אַליין איז חשיבותדיק און געהיימנישפול אַרומגעגאַנגען, האָט אָרגאַניזירט די אונטערנעמונגען פון צעך, געהאַלטן פּאָליטישע רעדעס. מען האָט דאָ נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיין אומזיכערער אויסשפּראַך פונם אות Th, ער האָט געהאַט אַ דאַנקבאַר, אויפמערקזאַם פּובליקום. ער פלעגט אפילו, אין קאַיאַס קעגנוואַרט, זידלען דעם פאַרשאָלטענעם מזרח, אָבער ווען זי פלעגט זען, ווי ער גייט אַרום מיט חשיבות איבער די בערגלדיקע גאַסן פון עדעסאַ, באַגריסט דורך אַ סך מענטשן, פלעגט זי, נישט געקוקט אויף זיין גאווהדיק-אומבאַפרידיקטן אויסזען, האָבן דעם איינדרוק, אַז ער פילט זיך גוט, ווי אַ פיש אין הייליקן טייך פון דער געטין טאַראַטע, און אַ דאַנק זיין פרייען געמיט פלעגט זי פאַרגעסן דאָס אומהיימלעכע געפיל, וואָס דער מזרח האָט ביי איר אַרויסגערופן.

אָבער הינטער זיין אָנגעבלאָזנקייט איז באַהאַלטן געווען מער עכטער פאַרדרוס, ווי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט. טערענץ האָט געפילט, אַז ער ווערט אַלט, אָבער זיינע גרויסע פעיִקייטן זענען נאָך אַלץ נישט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן. וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס צו שפּילן די ראָל פון אַ גרויסן מענטש פאַר אַ פּאָר שמוציקע, אומגעבילדעטע האַנטווערקער? אַך, זיין בלי-פּעריאָד איז געווען דאַן אין רוים. מיט ברענענדער בענקשאַפט האָט ער געטראַכט וועגן די פאַרגאַנגענע שעהן אויפן פּאַלאַטין. דער עיקר האָט אים באַגליקט איין איבערלעבונג פון יענער צייט. איינמאָל האָט זיך נעראָן פאַרגינען אַזאַ שפּאַס: אָנשטאָט אים, האָט פאָרגעלייענט פאַרן סענאַט אַ מאַניפעסט דער טעפּער טערענץ. דער טעפּער טערענץ איז געשטאַנען פאַר די רוימישע סענאַטאָרן אין קייזערלעכן פּורפּור און פאָרגעלייענט פאַר די שטילע, אין הכנעה און אונטערטעניקייט פאַרשטאַרטע, דעם קייזערלעכן מאַניפעסט. איצט, אין עדעסאַ, איז אים זיין דעמאָלטיקער אַרויסטריט פאַרן סענאַט פאָרגעקומען ווי די קרוינונג פון זיין לעבן. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט געשפּירט, פון אָנהייב יעדנפאַלס, אַ שרעקלעכע מורא, אַז ער האָט געהאַט ווייכע קני, אַ פּוסטן מאָגן און

בויך-ווייטיק. ער האָט בלויז געדענקט, אַז אין משך פֿון זיין רעדע איז געשטיגן אין אים די זעלבסטזיכערקייט. ער האָט געזען פֿאַר זיך די יראת־הכבודיקע פּנימער פֿון די סענאַטאָרן, אַלע האָבן זיי אים אָנגענומען פֿאַרן עכטן נעראָן, און מיט רעכט: ער איז אויף אַן אמת געווען נעראָן.

עס איז אים זייער שווער אָנגעקומען צו שטיקן אין זיך דידאָזיקע אומגעהייערע איבערלעבונג, אָבער ער האָט זיך גובר געווען, אפילו קאַיאַן האָט ער זי נישט אָנגעטרויט. נישט נאָר דערפֿאַר, ווייל דאָס רעדן האָט געשמעקט מיט טויט, נאָר דער עיקר, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז די גרויסע שעה קאָן נאָך פֿאַרלירן דעם גלאַנץ און פֿאַרברודיקט ווערן דורך דערציילן וועגן איר אַזאַ באַנאַלן מענטש ווי זיין פּרוי. קאַיאַ וואָלט זיכער געווען געזען אין זיין איבערלעבונג בלויז אַ פּרעכן שפּאַס, וואָס דער קייזער האָט זיך דערלויבט מיט זיין סענאַט, און די געפֿאַר, וואָס שטעקט דערין פֿאַר אים, דעם נעבעכדיקן געצייג פֿון דאָזיקן שפּאַס. זי וואָלט געזען אין אים בלויז נעראָנס אַ מאַלפּע און קיינמאָל נישט באַגריפֿן, אַז אין יענער שעה פֿאַרן סענאַט איז ע ר געווען דער ווירקלעכער נעראָן. ער האָט דעריבער גובר געווען דעם נסיון און קאַיאַן גאָרנישט דערציילט.

אויך אין עדעסאַ האָט ער געשוויגן. אָבער פֿון צייט־צו־צייט פֿלעגט אים אָנכאַפּן אַ ווייטיקדיקע בענקשאַפֿט נאָכן פֿאַרלוירענעם. דאַן פֿלעגט ער זוכן איינזאַמקייט און פֿאַר זיך אַליין נאָכאַמאָל פֿאָרשטעלן זיין אויפֿטריט פֿאַרן סענאַט. צום מערסטן האָט ער ליב געהאַט דעם לאַבירינט, יענעם געוואַלטיקן גראָט אין פֿעלז, אויפֿן ברעג פֿון סקירטאָס, מיט די אומצייליקע פֿאַרפּלאָנטערטע גענג, טרעפּ, קאָרידאָרן און קאַמערן. דריי טויזנט אַזעלכע קאַמערן, האָט מען דערציילט, פֿאַרמאָגט דער לאַבירינט, און אין זיין לעצטער קאַמער, דער פֿאַרבאָרגנסטער, האָט אַמאָל־אַמאָל געוווינט דער זון פֿונם אָקס־גאָט, דאָס פֿאַרזעעניש לאַביר, — האַלב־גאָט, האַלב־אָקס, דערנערנדיק זיך מיט יינגלעך און מיידלעך,

װעלכע דאָס פֿאָלק איז געצװוּנגען געװען אים מקריב צו זײן. שפּעטער האָבּן די געװאַלטיקע געװעלבּן געדינט די אַלטע קעניגן אַלס בּית־הקבּרות, און זײערע שאָטנס װױנען נאָך דאָרט. געהײמ־ ניש און שױדער האָבּן אײנגעהילט דעם לאַבּירינט, און אױבּ עמעץ האָט זיך דערװעגט צו טיף אַרײנצודרינגען אין אים, נישט קענענ־ דיק זײן פֿאַרװיקלטן סיסטעם, האָט ער נישט געקאָנט צוריקגעפינען דעם װעג און געמוזט דאָרט אומקומען. טערענץ האָט ליבּ געהאַט דאָסדאָזיקע אָרט. ער איז כּסדר אַראָפּגעשטיגן אַלץ טיפער און טיפער, אין דערדאָזיקער טיף האָט געאָטעמט מיט גרױסקײט און געהײמניש, און בּיסלעכװײז האָט ער זיך אױסגעקענט אין דעם פּלאָנטער אַ סך בּעסער װי יעדער אַנדערער. דאָ, װוּ עס האָבּן אַרומגעבּלאָנזשעט די שאָטנס פֿון די אַלטע, גרױסע קעניגן, האָט ער געהאַט מוט װידער צו װערן נעראָן, ער האָט געהאַלטן רע־ דעס פֿאַר אַן אומגעזעענעם סענאַט, און װען זײנע װערטער פֿלעגן פֿאַרדומפּן און הױל צוריקקומען, פֿלעגט ער שפּירן די נאָענט־ קײט פֿון די געטער.

אײנמאָל זענען שפּילנדיקע ייִנגלעך אַרײנגעדרונגען אין לאַ־ בּירינט טיפער װי געװײנלעך. זײ האָבּן געהערט די פֿאַרדומפּטע שטים פֿון דער טיף און זענען, דערציטערטע, אַנטלאָפֿן. זײ האָבּן געװאַרט בּײם אַרײנגאַנג פֿול שרעק און געשפּאַנטקײט. װען זײ האָבּן אָבּער דערזען אַרױסגײן פֿון לאַבּירינט דעם טעפּער טע־ רענץ, האָט זיך זײער דערשראָקענע דערװאַרטונג אױפֿגעלײזט אין געלעכטער, זײ האָבּן נאָכגעמאַכט זײן גרױסמאַנישע האַלטונג, זײן מאַיעסטעטישן גאַנג, זענען אים פֿאָרױסגעלאָפֿן, אָפּגעחוזקט פֿון אים מיט קינסטלעך־טיפֿע שטימען. טערענצן האָט אָנגעכאַפּט אַזאַ חרפּה און עקל, דאָס געפֿיל פֿון פּוסטקײט און האָפֿנונגסלאָ־ זיקײט פֿון זײן איצטיקן לעבּן האָט אים אַזױ דערדריקט, אַז צום ליבּסטן װאָלט ער זיך אומגעקערט אין לאַבּירינט און דאָרט גע־ שטאָרבּן.

מיט דערדאָזיקער דערפֿאַרונג הינטער זיך, האָט ער בּאַ־ שלאָסן אױף אײבּיק צו פֿאַרגעסן דעם פּאַלאַטין. מיט טאָפּלטן

פּלייס האָט ער גענומען לערנען די קלאַסיקער אויף אויסנווייניק, האָט מיט פאַרביסענער ענערגיע געפּירט די ענינים פון צעך און בלויז זעלטן איז אויפגעקומען אין אים די דערינערונג וועגן רוים.

## 4.

## צי־מענטשעלע נעמט זיך ציען

סוף אַפּריל, ביי זיין געוויינלעכער אינספעקציע־רייזע, האָט גובערנאַטאָר צעיאָן אָנגעזאָגט זיין באַזוך אין עדעסאַ, כדי צו באַטראַכטן דעם רוימישן גאַרניזאָן, וועלכן די שטאָט האָט געמוזט אויסהאַלטן, אין הסכּם מיט איר „פריינטשאַפטלעכן אָפּמאַך״ מיטן רוימישן קייזער.

צעיאָנס אָנשויאונגען וועגן מזרח זענען נאָך שטייפער געוואָרן אין דער קורצער צייט פון זיין אַמטירן. מיטן דאָזיקן מזרח, האָט מען אים געזאָגט, קאָן מען זיך קיין עצה נישט געבן, אויב מען באַהאַנדלט אים האַרט, אויפן טראַדיציאָנעלן רוימישן אופן; דורך זיין וויכטיקייט און שלייענדיקן גלאַטקייט גליטשט זיך דאָס לאַנד אַרויס פון יעדן פעסטן נעם. עס איז ריכטיק: גוטע רוימער, ווי פּאָמפּעיוס, קראַסוס און אַנדערע, האָבן צעבראָכן די ציין ביים דאָזיקן ווייכן מזרח. דאָן זענען יענע מעטאָדן געווען צו דירעקט, אָבער היינט, האָבנדיק אין רוקן די פּאַציפירטע פּראָווינץ סיריע און זיבן לעגיאָנען, קאָן מען זיך פאַרגינען ווייזן דעם פאַרשאָלטענעם אָריענטאַלישן ערב־רב די רוימישע פויסט. „איך בין נייגיריק, מיין צעיאָן״, האָט קייזער טיטוס מיט אַ סקעפּטישן שמייכל געזאָגט צו אים ביי זיין אָפּשייד־אודיענץ אויפן פּאַלאַטין, „ווי אַזוי איר וועט זיך איצט אַן עצה געבן מיט אונזער ליבן מזרח״. צעיאָן האָט זיך אָנגעשטייפט. — „ביים יופּיטער, מאַיעסטעט: צעיאָן וועט זיך אַן עצה געבן״.

די שטאָט עדעסאַ האָט אויפגענומען דעם שטעלפאַרטרע־טער פון קייזער קאָרעקט, מיט יראת־הכבוד. קעניג מאַלוק האָט געשיקט מתנות, טעפיכער, פערל, פרעכטיקע לייבאייגענע פון ביידע מינים. קליין, אַנגעשטייפט, האָט צעיאָן אָנגענומען די העפלעכקייטס־באַווייזן פון דער מאַכט. אין זיין האָרטן גריכיש האָט ער אָפגעטראַסקעט די פאַרגעשריבענע העפלעכע ענטפערס.

וואַראָ, וועלכער איז גלייך נאָכן וויזיט ביים גובערנאַטאָר אָפגעפאָרן אין זיין גוט ביי עדעסאַ, האָט געוואַרט פול אָנגע־נעמער שפּאַנונג, ווי אַזוי זיין אַלטער פריינט־פיינט וועט אים איצט באַגעגענען; אָבער נישט ביי די אָפיציעלע אויפנאַמעס און נישט ביי דער מיליטער־רעווי האָט זיך נישט געמאַכט קיין געלעגנהייט צו פאַרפירן אַ שמועס. ערשט אויפן דריטן טאָג, שפּעט אינאָוונט, נאָך אַ באַנקעט, וואָס צעיאָן האָט געגעבן פאַר די נאָטאַבלען פון עדעסאַ, האָבן ביידע געפונען אַ שעה צייט פאַר זיך אַליין.

זיי זענען געזעסן אין אַ פליגל פון פּאַלאַץ, וואָס קעניג מאַ־לוק האָט געשטעלט אין רשות פון גובערנאַטאָר, — אין אַ קליין, אַראַביש־אויסגעשטאַט צימער מיט קינסטלערישע טעפּיכער, מיט סטאַטוען פון מערקווירדיקע שטערן־געטער, מיט פרעמדלענדישע אויפשריפטן און אָרנאַמענטן; דאָס צימער איז פול געווען מיטן ריח פון שווערן קטורת. וואַראָ האָט זיך גוט געפּאַסט צום דאָ־זיקן צימער, אָבער דער קליינער, שטייף־אויסגעצויגענער גובער־נאַטאָר מיט זיין אונטערגעשטראָכענעם רוימערטום האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ פרעמדן, ער האָט אויסגעזען אַ ביסל לעכער־לעך און האָט זיך קענטלעך געפילט אומהיימלעך. וואַראָ האָט אים געטרייסט, אַז אָנפאַנגס איז יעדן איינעם שווער צוצוגעווי־נען זיך צו אַנטיאָכיע, ביסלעכווייז אָבער קריגט יעדער ליב דעם מזרח. ער האָט געריימט די מעלות פון אָריענט, פון זיין אָריענט: די לייכטקייט פון לעבן, זיין לוקסוס. ער האָט זיך דערמאַנט אין גובערנאַטאָרס העפטיקן אָנפאַל אויף דאַפנע, דעם ווילנפערטל פון אַנטיאָכיע. „איך בין מודה", האָט ער פאַרטיידיקט זיין שטאָט, „אַז אונזער דאַפנע איז אומפאַרשעמט. צי איז אָבער נישט גרויס־

אַרטיק די סוווערענע אומפֿאַרשעמטקייט, מיט וועלכער מען ווייזט אַרויס די נאַטירלעכע ליידנשאַפֿטן און מען רימט זיך מיט זיי?"

צעיאָן האָט נישט געענטפֿערט. ער האָט קענטלעך געליטן פֿון די שווערע פֿאַרפֿומען, וואָס האָבן אָנגעפֿילט דאָס צימער, און ער האָט באַפֿוילן צו פֿאַרציִען די טעפּיכער, אַריינצולאָזן פֿרישע לופֿט. איצט האָט וואַרראָ אַ ביסל געפּרווירן, בעת צעיאָן האָט זיך געפֿילט בעסער.

„עס וואָלט אפשר פֿאַרט געווען אויפֿן אָרט, מיין וואַרראָ", האָט ער ענדלעך אַריינגערעדט אין דער שטילקייט, „ווען איר וואָלט, כאָטש אויף אַ קורצער צייט, זיך צעשיידט מיט אייער דאַפֿנע און צוריקגעקערט קיין רוים". „איך וועל לאַנג און ערנסט באַטראַכטן אייער פֿאָרשלאַג", האָט וואַרראָ געענטפֿערט מיט אַ שמייכל. „דאָס איז אגב אַן ענטפֿער", האָט ער צוגעגעבן אַ גוט־געשטימטער, „וואָס איר וועט אים נאָך גאַנץ אָפֿט הערן אין אונ־זער מזרח".

די רויטע פֿלעקן אויפֿן גובערנאַטאָרס פּנים האָבן זיך פֿאַר־שטאַרקט, דער שפּאַס האָט אים, ווי עס שיינט, דערצאָרנט. ער האָט זיך אַ צי געטון אַ ביסל, מען האָט ממש געזען בחוש, ווי ער לויפֿט זיך פֿונאַנדער אינערלעך, און טרוקן געזאָגט: „איר ווייסט דאָך, מיין וואַרראָ, אַז מאָרגן פֿאָר איך צוריק קיין אַנטיאָ־כיע. איך וואָלט אייך זייער דאַנקבאַר געווען, ווען מיר וואָלטן געקאָנט דערליידיקן נאָך דאָ אין עדעסאַ די פֿראַגע וועגן אייער ביישטאַג צום „אינספּעקציע־שטייער". „היינט אינאָווענט, הייסט עס?", האָט וואַרראָ צוריקגעשמייכלט. „יאָ", האָט זאַכלעך געזאָגט דער גובערנאַטאָר. וואַרראָ, וועלכער איז געזעסן אויף זיין עקל־האַפֿטן אָריענטאַלישן שטייגער, האָט נאָך פֿוילער פֿאַרלייגט אַ פֿוס אויף אַ פֿוס. „דידאַזיקע פֿראַגע", האָט ער געזאָגט געלאַסן, „ווערט אַרומדיסקוטירט שוין אַזוי פֿיל יאָרן, און חוצדעם איז די קאַסע פֿון דער קייזערלעכער פּראָווינץ סיריע אויך נישט אָנגע־וויזן אויף מיינע שטרייטיקע זעקס טויזנט". „פֿונדעסטוועגן", האָט צעיאָן נישט נאָכגעלאָזט, „וואָלט איך אייך געווען דאַנקבאַר, ווען

איר וואָלט זיך איצט ענדגילטיק אָנטשלאָסן". ווארא האָט געוויגט זיין גרויסן, פליישיקן קאָפּ, האָט מיט זיינע לאַנגע ברוינע אויגן געקוקט לאַנגזאַם, פאַרשנד, אויף צעיאָנען. ווער איז דאָ געזעסן פאַר אים ? דאָס צי-מענטשעלע, זיין שול-חבר, אָדער דער קייזער-לעכער גובערנאַטאָר, דער רעפּרעזענטאַנט פון איצטיקן ענג-נאַציאָ-נאַליסטישן רעזשים, דער פיינט פון מזרח ? אין טאָן פון לייכטער קאָנווערזאַציע האָט ער אָפּגעענטפערט : „איך מוז זיך אָפּזאָגן צו געבן תיכף אַן ענדגילטיקן ענטפער, אפילו ווען איך זאָל דערמיט דערצערנען אייך, מיין פּראָטעזשירער און פריינט. אין דאָזיקן מזרח", האָט ער צוגעגעבן איינעמענדיק, אין שפּאַס, „בין איך אַ האַלבער אָריענטאַלער, דאָס הייסט, אַ גאַנצער אומאַנטשלאָסענער".

צעיאָן אָבער איז האַרטנעקיק באַשטאַנען אויף זיינס : „פונ-דעסטוועגן מוז איך אייך פאָרט בעטן צו ענטפערן מיר תיכף-ומיד רוימיש-קלאָר. איך האָב נאָכאַמאָל באַטראַכט דעם פאַל, איך האָב אַליין קאָנטראָלירט די אַקטן. אַלץ, וואָס מען קאָן זאָגן אין דאָזיקן פאַל, איז שוין צען מאָל געזאָגט געוואָרן. איך האָב מיין הער דערקלערט, אַז אָן אַ קלאָרן ענטפער פון אייך וועל איך זיך נישט אומקערן קיין אַנטיאָכיע".

ווארא איז איצט אַ ביסל בלייך געוואָרן. דאָס איז נישט געווען צי-מענטשעלע — דאָס נייע רוים האָט דאָ גערעדט. ביידע זענען נאָך געזעסן ; צעיאָן האָט זיך געהאַלטן קליין און אָנגע-שטייפט אויף דער נידעריקער אַראַבישער געבעטער שטול. „און וואָס, מיין צעיאָן, וועט איר טון", האָט ווארא געפרעגט נאָך אַלץ פריינטלעך, כמעט שמייכלענדיק, „ווען איך וועל ענטפערן מיט אַ „ניין" ?" דער גובערנאַטאָר האָט פאַרפּרעסט דאָס מויל. דאַן האָט ער דערווידערט מיליטעריש, אָבער נישט הויך : „איך וועל אייך דאַן, צום באַדויערן, מוזן איבערגעבן דעם געריכט".

אַ קליינע טייל פון אַ רגע האָט ווארען אויסגעפילט נישט אַזוי פאַרדרוס, ווי אַ כמעט באַטויבנדע פאַרוווּנדערונג. גלייך אָבער האָט ער זיך גענומען אין די הענט, זיך באַפוילן צו זיין פאַרשטאַנ-דיק, צו דענקען לאָגיש. „אָט איז דאָס", האָט ער אַ טראַכט גע-

טון. „דאָס רעדט פֿאָרט נישט רוים, נאָר צי־מענטשעלע. און עס איז טאַקע געשען אַזוי, ווי איך האָב זיך געשראָקן אין אַנטיאָכיע־צי־מענטשעלע, דער שוואַכלינג, האָט אַריינגעפּאַטשט אין אַ נאַרישקייט. ער איז געגאַנגען ווייטער, ווי ער האָט געוואָלט. איצט קאָן ער שוין נישט אויף צוריק. ער וועט מיך זיכער אַרויספּאָדערן אין געריכט, און אויב איך וועל נישט קומען, וועט ער שיקן מיליטער. דאָס וואָלט געווען משוגעת, אָבער צי־מענטשעלע וועט עס טון. אָט אַזוי פּאַטשט מען אַריין אין די ווילדסטע אַוואַנטורעס. איך אָבער וועל אים נישט נאָכגיין אויפֿן דאָזיקן וועג. איך האַלט קאָפּ. איך בלייב פֿאַרשטאַנדיק. דער פֿאַרשטאַנד וויל, איך זאָל נאָכגעבן. גיב איך נאָך. דאָסמאָל". און ער האָט געזאָגט מיט איראָנישער הכנעה: „היות אייך, מיין פֿריינט און פּראָטעזשירער, גייט שטאַרק אין דעם, וועל איך אייך שיקן די זעקס טויזנט. הייסט, זייט אַזוי גוט, צוגרייטן די קוויטירונג".

ביידע הערן האָבן נאָך גערעדט עטלעכע מינוט וועגן גלייכגילטיקע זאַכן, דאַן האָט מען זיך געווונטשן אַ גוטע נאַכט און מען איז זיך צעגאַנגען. „די זעקס טויזנט וועלן דיך קאָסטן צינזן, צי־מענטשעלע אָדער ווער דו זאָלסט נישט זיין", האָט וואַראָ באַשלאָסן, בעת מען האָט אים געטראָגן אַהיים דורך די בערגלדיקע גאַסן פֿון עדעסאַ.

5.

## וואַראָן פֿאַלט איין אַ פּלאַן

צומאָרגנס, גאָר פֿרי, האָט ער צוגעשיקט דעם גובערנאַטאָר די זעקס טויזנט סעסטערציעס. געשפּאַנט האָט ער אָפּגעוואַרט דעם צוריקקער פֿון שליח. צעיאָן האָט טאַקע צוגענומען די זעקס טויזנט, דער שליח האָט מיטגעבראַכט די קוויטירונג. וואַראָ האָט באַטראַכט דעם דאָקומענט גיריק, מיט אַ מערקווירדי־

קער באַפרידיקונג. אויפן קול, מיט אַ בייזווילליקן שמייכל, האָט ער איבערגעלייענט דעם טעקסט: „ל. צעיאָן, גובערנאַטאָר פון דער קייזערלעכער פראָווינץ סיריע, באַשטעטיקט, אַז ער האָט דערהאַלטן פון פּ. ט. וואַראָ זעקס טויזנט סעסטערציעס אינספּעקציע-שטייער". דאַן האָט ער, נאָך ליגנדיק אין בעט, דיקטירט דעם סעקרעטאַר אַ פּראָטעסט צום רוימישן סענאַט קעגן דער אומגערעכטער טאָפּלטער באַשטייערונג. נאָך איידער זיין אונטערשריפט איז אינגאַנצן טרוקן געווען, האָט ער זיין פּראָטעסט געשיקט, דורך אַ ספּעציעלן קוריער, קיין רוים.

דערנאָך האָט ער אַריינגעלאָזט די גרויסע מחנה „פּראָטעזשירטע", וועלכע האָבן געוואַרט דערויף, בייצווויין זיין אויפשטיין. ער האָט פּאַר זייערע געזיכטער אַרומגעפּאָכעט מיט צעיאָנס קוויטירונג, געגעבן זי דעם און יענעם צו לייענען, האָט זי אַליין דורכגעלייענט. „דער נייער גובערנאַטאָר", האָט ער געלאַכט, „איז פון די ריכטיקע. ער וואָלט מיך אויף אַן אמת געגומען מיט מיליטער, ווען איך וואָלט נישט באַצאָלט". ער האָט באַטראַכט די פּנימער פון זיינע לייט, געוואָלט זען, ווי זיי האָבן רעאַגירט. זיי זענען געשטאַנען צעטומלט, נישט געוווסט, וואָס מען דערוואַרט פון זיי, אייניקע האָבן געצוווּנגען געלאַכט, אַנדערע האָבן אויסגעדריקט עמפּערונג. וואַראָ איז אַרומגעגאַנגען צווישן זיי, געקלאַפּט דעם און יענעם איבערן אַקסל, געפּאָרשט די פּנימער. מיטאַמאָל איז זיין בליק געפאַלן אויף איינעם, וועמען ער האָט ביז איצט נישט באַמערקט. דער מענטש איז געשטאַנען פאַרשלאָסן אין זיך, גאַווהדיק, די ברעמען אויפגעהויבן איבער די גרויע, קורצזיכטיקע אויגן, מער פאַרווונדערט, ווי עמפּערט, די ליפּן אַ ביסל אָנגעבלאָזן. אויך איצט, ווי מיט פערצן יאָר צוריק, האָט וואַראָן פאַרבליפט דאָסדאָזיקע שטאָלצע, פאַרצאָרנטע געזיכט, מיט דער ראָזלעך-בלאַסער הויט און די רויטלעך-בלאָנדע האָר. יאָ, פּונקט אַזוי האָט אויסגעזען דער קייזער, נעראָן, זיין קייזער, ווען ער פלעגט עפּעס נישט וועלן צולאָזן צו זיך. פּונקט אַזוי וואָלט ער אויפגענומען די באַליידיקונג, ווען ער וואָלט נאָך געווען

צווישן די לעבעדיקע און וואַראָ וואָלט אים דאָס געווען געקאָנט דערציילן.

וואַראָ האָט זיך דערמאָנט, ווי נעראָן האָט הנאה געהאַט פון דעם יונגס מאַלפּישער קונסט, ווי אַזוי ער פלעגט אים און די מאַלפּע לאָזן שפּרינגען, און ער האָט געשמייכלט אין זיך. אָבער נאָך איידער זיין אינערלעכער שמייכל איז אַרויסגעטרעטן אויף זיין פּנים, האָט ער אים שוין אָפּגעווישט, און אויף אַ רגע איז זיין לעבעדיק פּנים פאַרשטאַרט געוואָרן צו אַ מאַסקע.

ער האָט אַ סך געזען אין משך פון דערדאָזיקער רגע.

דאַן האָט ער זיך ווידער געווענדט צו די פּראָטעזשירטע. אויף דעם מאַן מיט די גרויע, קורצזיכטיקע אויגן האָט ער אַריינ־געצויגן אין שמועס. אַרויסגעוויזן פאַר אים אינטערעס. גרויס אינטערעס. פאַרן דאָזיקן קליינעם טעפּער־מייסטער, וואָס האָט גע־לעבט פון זיין גנאָד, האָט ער פונאַנדערגעוויקלט זיין גאַנצן רייץ, וועלכן ער פלעגט לאָזן פונאַנדערשפּילן בלויז פאַר אָריענטאַלישע קעניגן און אויבער־פּריסטער אָדער העכסטנס פאַר פרויען.

כיטרע האָט ער פון אים אַרויסגעצויגן זיינע סודות. ער האָט אַזוי פונאַנדערגעבונדן דעם געהנפּעטן טערענץ, אַז ער האָט גענומען רעדן מיט אים, ווי מיט זיינס גלייכן, ער האָט פאַר אים אַנטוויקלט זיינע אָנשויאונגען איבער לעבן, פּאָליטיק, קונסט. טע־רענצעס האַרץ האָט געהערט דעם טעאַטער. ער האָט גענומען רעדן וועגן אַקטיאָר יאָהאַנעס פון פּאַטמאָס, וועלכער האָט זיך שוין לאַנג געהאַט צוריקגעצויגן פון טעאַטער און שטיל געלעבט אַלס פּריוואַט־מאַן אין עדעסאַ. טערענץ האָט מיט יאָרן צוריק, אין אַנטיאָכיע, געזען יאָהאַנעסן אין דער ראָל פון עדיפּוס. ער, טערענץ, — האָט ער אָפּן דערקלערט, — איז געווען אַנטוישט פון דער פּיל־געררימטער קונסט פון דאָזיקן מאַן. ער גופא באַ־שעפטיקט זיך מיט ליטעראַטור און טעאַטער, ווי זיין פּראָטעזשי־רער, דער סענאַטאָר, ווייסט אפשר, ער קען אויסנווייניק גרויסע שטיקער פון די קלאַסיקער, ער האָט פיל געטראַכט וועגן דעם עדיפּוס, און ער האָט אַ גאַנץ קלאָרע פאָרשטעלונג, ווי אַזוי עס

דאַרף רעציטירט ווערן עדיפּוס׳ גרויסע רעדע, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „וואָס דאָ איז געשען, איז געשען מיט העכסטן רעכט, און קיינמאָל וועסטו מיך נישט איבערצייגן דאָס פאַרקערטע״. אינמיטן זיין פלוידעריי איז אים באַפאַלן אַ שרעק פאַר זיין דרייסטקייט, ער האָט מורא געהאַט, דער סענאַטאָר זאָל נישט לאַכן אָדער כאָטש שמייכלען. אָבער דאָס איז נישט געשען. וואַראָ האָט אים אויסגעהערט מיט אַן ערנסטער מינע און אים איינגעלאַדן אויף מיטאָג אין די נאָענטסטע טעג, כּדי אים גענויער צו דערקלערן זיינע אידעען, דער עיקר זיין מיינונג וועגן דעם ריכטיקן אופן צו רעציטירן יענע פּערזן פון עדיפּוס.

טערענץ, כּמעט באַרוישט פון אַזוי פיל גליק, האָט גלייכצייטיק געשפּירט אַ ביסעלע שרעק. נישט דערפאַר, וואָס עס זאָל אים האָבן פאַרוווּנדערט, וואָס מען אינטערעסירט זיך מיט אים, — ער איז געווען אַ געבילדעטער מענטש מיט אינטערעסאַנטע אידעען, פונדעסטוועגן, ווען אַ הער פון סענאַטאָרס ראַנג פלעגט רעדן מיט אים, פלעגט ער תּמיד שפּירן, קעגן זיין ווילן, רעספּעקט, אונטערטעניקייט, אַ ביסל שרעק. סוף־כּל־סוף איז דאָך נאָך זיין פאָטער געווען אַ לייבאייגענער אין וואַראָס פאַמיליע. און איצט, ווען וואַראָ האָט אים איינגעלאַדן אין די נאָענטסטע טעג צום מיטאָג, כּדי ער זאָל אים גענויער דערקלערן זיינע אָנשויאונגען, איז זיין גליק געמישט געווען מיט אָטעם־רויבנדער שרעק, כּמעט ווי דאַן, ווען נעראָן האָט אים איינגעלאַדן.

נאָכדעם, ווי וואַראָ האָט אָפּגעלאָזט די פּראַטעזשירטע, האָט ער נאָכאַמאָל אַרויסגענומען די קוויטירונג אויף די זעקס טויזנט סעסטערציעס. אויף איר צווייטער זייט האָט ער געמאַכט צוויי רובריקן, מיט זייער קליינער שריפט: „ריווח״, „היזק״, און אין דער רובריק פון „ריווח״ האָט ער אַריינגעטראָגן: „אַן אידעע״. דאַן האָט ער געעפנט אין דער וואַנט אַ גוט־פאַרבאָרגענע קליינע טיר און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ קעסטעלע. דאָס קעסטעלע איז נישט געווען גרויס, אָבער זייער קאָסטבאַר. וואַראָ פלעגט עס מיטנעמען ווּהין ער איז נאָר געפאָרן. ער האָט אויפגעשלאָסן דאָס קעסטעלע,

אַרויסגענומען די פּאַפּירן, וואָס עס האָט אַנטהאַלטן, זיי צערטלעך געגלעט מיט דער האַנט. דאָ איז געווען נעראָנס אַן אויסערגעוויינלעך-פּאַרטרוילעכער בריוו צו אים אין פּערזן, וואָס דער קייזער האָט אים געווידמעט, דאָ איז געווען אַ בריוו פון פאַרשטאָרבענעם פּאַרטישן גרויס-קעניג, וואָלאָגעז, אין וועלכן דער הערשער האָט אויסגעדריקט וואַראָן זיין באַוווּנדערונג און זיין דאַנק פאַר דער קלוגשאַפט, מיט וועלכע ער האָט געהאָלפן פאַרענדיקן דעם קריג צווישן רוים און די פּאַרטער. צו דידאָזיקע, פאַר אים טייערע דאָקומענטן, האָט וואַראָ איצט, מיט אַ שמייכל, צוגעלייגט צי-מענטשעלעס קוויטירונג; דאַן האָט ער פאַרשלאָסן דאָס קעסטעלע און עס ווידער באַהאַלטן.

אינצווישן האָט זיך טערענץ צוריקגעקערט אַהיים, אין דער רויטער גאַס. ער האָט זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן פאַר קאַיאַן און דעם לייבאייגענעם קנאָפּס סיי זיין שטאָלץ, סיי זיין שרעק. ער האָט זיך באַגנוגנט מיט דערציילן פאַר ביידן מיט גוטגעשפּילטער, שטאָלצער גלייכגילטיקייט, ווי וואַראָ איז דערשטוינט געווען איבער זיין פּאָליטישן און ליטעראַרישן וויסן; ער האָט אים אויך איינגעלאַדן צו מיטאָג, כדי זיך גענויער דורכצושמועסן מיט אים. די סקעפּטישע קאַיאַ האָט געזאָגט, ער זאָל זיך היטן נישט אַריינצוקריכן אין קיין בלאָטע. ווי זי הערט, איז צווישן וואַראָן און דעם גובערנאַטאָר אויסגעבראָכן אַ סכסוך, איז דעריבער פאַר אַזאַ קליינעם מאַן, ווי איר טערענץ, צום בעסטן זיך צו האַלטן פונדערווייטנס. טערענץ האָט אומצופרידן געהערט, ווי זיין אייגענע פרוי באַצייכנט אים אַלס קליינעם מאַן.

און זי איז נישט געווען גערעכט. דאָס מיטאָג ביי וואַראָן איז דורכגעגאַנגען זייער אָנגענעם. דער סענאַטאָר האָט מיט אינטערעס אויסגעהערט די פּאָליטישע אָנשויאונגען פון זיין פּראָטעזשע, ער האָט אים געבעטן דעקלאַמירן די פּערזן פון בלינדן עדיפּוס, האָט פאַכמעניש געלויבט, און טערענץ האָט זיך געזעגנט מיט אים פולשטענדיק באַפרידיקט.

## 6.

# טערענץ ווערט פאַרוואַנדלט

אין דער שטאָט עדעסאַ האָבן זיך אַלץ מער און מער פאַרשפרייט קלאַנגען, אַז פון דער רוימישער רעגירונגס-געביידע אין אַנטיאָכיע בלאָזט איצט אַ נייער, בייזער ווינט. עס האָט פאַרשאַפט פיל בייז בלוט, וואָס וואַראָ, דערדאָזיקער חשובסטער בירגער פון דער מלוכה עדעסאַ, איז געצוווּנגען געוואָרן צו צאָלן טאָפּלטע שטייערן. וואָס וועט ווערן פון עדעסאַס האַנדל מיט דער פּראָווינץ סיריע, אויב דידאָזיקע טאָפּל-באַשטייערונג וועט ווערן אַ פּרינציפּ. מען האָט אויך דערציילט, אַז דער נייער גובערנאַטאָר וויל פאַרשטאַרקן די רוימישע גאַרניזאָנען אין עדעסאַ, סאַמאָסאַטאַ, קאַרע, פּאַלמירע, און נאָך מער פאַרשמעלערן די סוווערעניטעט פון מעסאָפּאָטאַמיעס קליינע מלוכות.

ביי דידאָזיקע באַדינגונגען האָבן זיך וואַראָס אַגענטן און פּראָטעזשירטע נישט געדאַרפט שטאַרק אָנשטרענגען, כדי אַרויסצורופן ביי דער באַפעלקערונג פון צווישנשטראָמלאַנד ביטערע פאַרגלייכן צווישן די איצטיקע הערשער, דעם קייזער טיטוס און זיינע באַאַמטע, און דעם גוטן, נאָך אַלץ באַטרויערטן קייזער נעראָן, וועלכער האָט דורך פּריווילעגיעס און שטיפּטונגען געשטיצט די קולטורעלע און האַנדלס-באַציִונגען צווישן מעסאָפּאָטאַמיע און סיריע. ער איז געווען אַן עכטער קייזער. שוין צוליב דעם לוקסוס אַליין, וואָס ער, זיינע מיניסטאָרן, גענעראַלן, גובערנאַטאָרן האָבן אַנטוויקלט, האָט מען אים ליב געהאַט. דער לוקסוס פון זיינע שפּילן, דער פּאַקט, וואָס ער פלעגט פּערזענלעך אַרויסטרעטן אויף דער סצענע פאַרן גאַנצן פאָלק, האָט אים פאַרשאַפט אויך אין מעסאָפּאָטאַמיע אומגעהייערע סימפּאַטיעס, און אומעטום, ביז אין דער פּאַרטער-אימפּעריע, איז מען אַנטציקט געווען, ווען

ער האָט צוגעזאָגט צו ווייזן אַמאָל זיין קונסט אויך דעם מזרח. אין אים האָט מען געזען אַ צווייטן אַלעקסאַנדער, וועלכער איז געקומען נישט כּדי צו פֿאַרשקלאַפֿן דעם מזרח, נאָר כּדי צו פֿאַרשמעלצן מזרח מיט מערב. די נייע הערשער דאַקעגן, די פֿלאַווישע קייזערס, האָבן גאָרנישט אויסבאַהאַלטן, אַז די אָריענטאַלער זענען פֿאַר זיי באַרבאַרן, גוט בלויז אויף אויסצונוצן זיי אויף אַלערליי אופֿנים. דאָס, וואָס רום האָט איצט געשיקט דעמדאָזיקן עקלהאַפֿטן צעיאָן, האָט ווידעראַמאָל באַוויזן דעם שלעכטן ווילן פֿון דער רעגירונג. עס האָט ווידער אויפֿגעלעבט די בענקשאַפֿט נאָכן פֿאַרשוווּנדענעם קייזער. „אָך, ווען נעראָן וואָלט נאָך געלעבט“, האָבן טרוימעריש געזיפֿצט די לייט, וואָס זאַמלען זיך אײַנאָוונט ביי די ברונעמס און אָנהייב נאַכט אין די שענקען.

אין דער צייט, וואָס צווישן די טייכן פּרת און חדקל האָבן זיך אַלץ מער פֿאַרשפּרייט אַזעלכע שמועסן, האָט סענאַטאָר וואַראָ אַ צווייט מאָל איינגעלאַדן טערענצן אויף מיטאָג. דאָסמאָל זענען זיי געווען אַליין. וואַראָ איז געווען שווייגעוודיק, פֿאַרזונקען אין געדאַנקען. ער האָט באַהאַנדלט טערענצן מיט גרויס העפֿלעכקייט, כּמעט ווי אַ העכער־שטייענדן. אינמיטן רעדן פֿלעגט ער מאַכן לאַנגע, אומאָנגענעמע פּויזעס. הגם טערענץ האָט געהאַט אַ חוש פֿאַר פֿייערלעכקייט און האָט זיך געפֿילט שטאָלץ, דאָך האָט ער זיך געפֿילט זשענירט.

נאָכן מיטאָג, ביים ווײַן, האָט וואַראָ געזאָגט מיט אַ כיטרעפֿאַרטרוילעכן שמייכל: „ווי איך זע, האָט איר נאָך אַלץ צום ליבסטן אייער געמישטן ווײַן“. ער האָט אָבער דעם ווײַן געלאָזט מישן אויף יענעם אופֿן, וועלכן דער קייזער נעראָן האָט דערפֿונדן; דידאָזיקע מישונג און איר נאָמען איז געווען איינס פֿון דעם קייזערס ווייניקע איבערבלייבענישן, וואָס זיינע נאָכפֿאָלגער האָבן נישט אָפּגעשאַפֿט, און יעדער איינער, אויך טערענץ נאַטירלעך, האָט געקענט דעם געטראַנק און זיין נאָמען. ער האָט אויפֿגעהויבן דעם בליק, נישט פֿאַרשטאַנען. די מאָדנע ווערטער פֿון

מעכטיקן הער און דער הכנעהדיק-פּריינטשאַפּטלעכער טאָן, אין וועלכן זיי זענען געזאָגט געוואָרן, האָבן אים געבראַכט אין פאַר-לעגנהייט. וואראָ אָבער האָט ווייטער גערעדט אין זעלבן טאָן: „ס'קאָן זיין, אַז איך בין צו אינטים, אָבער איך מוז ענדלעך אַרויסזאָגן דאָס, וואָס דריקט און דערהייבט מיך זינט וואָכן, און וואָס איז פאַר מיר איצט אַ זיכערע זאַך: איך ווייס היינט, ווער עס האָט דאַן, נאָכן פלומרשטן טויט פון קייזער נעראָן, געזוכט שוץ ביי מיר".

כדי צו באַגרייפן דעם הינטערזין פון דאָזיקן אומדערוואַרטן זאַץ, האָט מען געדאַרפט זיין אַ מענטש פון שנעלער, שאַרפער אינטעליגענץ, און דער טעפער טערענץ איז דאָס נישט געווען. אָבער ווארָאס ווערטער האָבן אָנגערירט דאָס טיפסטע, פאַרבאָרגנ-סטע אין זיין נשמה, זיין ברענענדיקע כבוד-גייציקייט, די בענק-שאַפט צו זיין גרויסער צייט אויפן פּאַלאַטין. בעת ווארָאס רעדע, איז אין טערענצן אויפגעשטיגן די מיט געוואַלט אונטערדריקטע דערינערונג וועגן זיין אויפטריט פאַרן סענאַט, און עס האָט גע-נומען וואַקסן אין אים די מטורפדיקע האָפענונג, אַז יענע גרויסע צייט קאָן צוריקקערן. ער האָט דעריבער באַגריפן דעם סענאַטאָרס טונקעלע זאַצן אַ סך שנעלער, ווי יענער האָט דאָס דערוואַרט, ער האָט זיי אויפגענומען מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה, געגאָסן זייער באַגליקנדיקן זין ביזן לעצטן טראָפן. איינער האָט אים דער-קענט, איינער האָט באַגריפן: ווער עס פאַרמאָגט אַזוי פיל פון נעראָנס פלייש און בלוט, מוז אויף אַן אמת זיין נעראָן.

אָבער בעת ער איז נאָך פול געווען מיטן גליק פון דער-דאָזיקער רגע, האָט שוין דערוואַכט אין אים זיין גאַנצע איינגע-בוירענע כיטרעקייט און אים אונטערגעזאָגט, אַז עס איז בעסער, ער זאָל זיך פאַרשטעלן און לאָזן דערקענען זיין אמתן איך אַ סך שפּעטער. ער האָט זיך דעריבער ווייטער געמאַכט תמעוואַטע, גע-זאָגט, אַז ער פאַרשטייט נישט, וואָס זיין גרויסער בעל-טובה וויל דערמיט זאָגן. ער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווארָא האָט שוין מורא געקריגן, ער וועט קיינמאָל נישט דערגרייכן צום ציל. דער

סענאַטאָר האָט דאָן געמאַכט אַ לעצטן פּרוּוו. ער בעט הכנעהדיק אים מוחל זיין, האָט ער געזאָגט, אויב ער איז געווען צודרינגלעך לגבי זיין גאַסט. ער האַלט, אַז די צייט איז נאָך נישט רייף צו ווייזן די רוימער זיין גאַנצן גלאַנץ, אָדער ער וויל בכלל איבערלאָזן אויף איר אייגענעם באַראָט די וועלט, וואָס האָט אים נישט אָפּגעשאַצט, דאָן בעט ער, וואַראָ, אים מוחל צו זיין פֿאַר דער דרייסטקייט, מיט וועלכער ער האָט געוואָלט אַראָפּרייסן זיין פֿאַרשטעלטקייט.

איצט ווידער האָט טערענץ מורא געהאַט, אַז אויב ער וועט דורכלאָזן דידאָזיקע געלעגנהייט, וועט דערנאָך זיין צו שפּעט. ער האָט מיט איינמאָל פֿאַרלוירן זיין תּמעוואַטע אויסזען, גענומען שמייכלען גוטמוטיק, כיטרע, ווי ער האָט עס נישט איינמאָל געזען ביים קייזער נעראָן, ער איז צוגעגאַנגען מיט נעראָנס גאַנג צום סענאַטאָר, האָט אים געקלאַפּט מיט נעראָנס זשעסט איבערן אַקסל און געזאָגט אין נעראָנס גוט-באַקאַנטן, פֿויל-גאַווהדיקן טאָן: „פֿאַרוואָס, מיין וואַראָ, זאָל איך דיר נישט מוחל זיין?"

וואַראָ האָט געוווסט, אַז דער עכטער נעראָן וואָלט קיינמאָל אַזוי נישט גערעדט אין אַזאַ סיטואַציע. ער וואָלט גיכער געברויכט אַ גריכישע ציטאַט און דערביי געמאַכט אַ באַשטימטע, אָפּווערנדע, אָפּווישנדע האַנט-באַוועגונג. אָבער דער זאַץ פֿון דאָזיקן מאַן איז געקומען אַזוי איבערראַשנדיק, און דער טויטער נעראָן, זיין שטימע, זיין טאָן, זיין גאַנג איז פּלוצלינג געווען אין צימער אַזוי לעבעדיק, אַז וואַראָ האָט זיך דערשראָקן: זיין אידעע איז אפשר אַ צו גוטע און פֿון אומבאַרעכנבאַרע רעזולטאַטן. ער האָט זיך גענומען אין די הענט און געזאָגט, פּלוצלינג אויסגעניכטערט, אָפּשליסנדיק: „יאָ, ליבער טערענץ, אָט אַזוי איז עס". די גאַנצע רעשט פֿון אָוונט איז ער געווען דער גרויסער הער פֿון פֿריִער און גערעדט צו אים, ווי צו זיין פּראָטעזשירטן, לייטזעליק, זאַכלעך.

דער טעפּער טערענץ האָט אָבער געזען, וואָס ער האָט געזען, און געהערט, וואָס ער האָט געהערט. ער איז געווען אַזוי

זיכער מיט זיך, אַז וואַראָס פּלוצלינגע צוריקפאַרוואַנדלונג האָט נישט געקאָנט אָפּטויטן זיין גליק.

7.

# וואַראָ פאַרגינט זיך דעם שפּאַס

ווען סענאַטאָר וואַראָ האָט שוין געהאַלטן אַזוי ווייט, האָט ער געהאַלטן פאַר פּאַסיק אָן ערנסטן ישוב-הדעת, צי ער זאָל אויף אַן אמת אויספירן זיין פּלאַן. קודם-כל האָט מען זיך געמוזט באַקלערן, ווי גרויס עס זענען נעראָנס אויסזיכטן אויף דערפאָלג.

אויסזיכטן האָט ער געהאַט. דאָס פאַ'ק האָט קיינמאָל נישט געגלייבט, אַז נעראָן איז טאַקע אומגעקומען. זיי האָבן געהאַלטן דעם קייזער פאַר צו קלוג, עס זאָל אים נישט האָבן געלונגען אויסצומיידן די נעץ פון זיינע קעגנער. דער עיקר איז מען איבערצייגט געווען אין מזרח, אַז נעראָן האָט זיך בלויז אויסבאַהאַלטן, כדי אין איינעם אַ שיינעם טאָג צו דערשיינען אין זיין גאַנצן רום. ווען איצט, אין דערדאָזיקער גינסטיקער סיטואַציע, וועט זיך באַווייזן אַ מענטש פון נעראָנס פלייש, אָנגעפירט דורך אַ צווייטן, וועלכער קען נעראָנס גייסט, ווי נעראָן גופא האָט אים געקענט; ווען דערדאָזיקער מענטש וועט זיך באַווייזן אויף אַן אומאָפּהענגיקן באָדן, ווו דער רוימישער האַנט וועט אים שווער זיין צו פּאַקן, — דאַן וועט אַזאַ נעראָן זיכער זיך קאָנען האַלטן אַ לענגערע צייט און נישט ווייניק צרות אָנטון דעם גובערנאַטאָר פון דער גרענעץ-פּראָווינץ, און אפשר אויך דעם פּאַלאַטין גופא.

וואַראָ איז געלעגן אין בעט, ווען ער האָט דורכגעטראַכט זיין פּלאַן. עס האָט געשאַריעט אויף טאָג. ער האָט זיך אויסגעצויגן, געשמייכלט, ווידער צוגעמאַכט די אויגן.

ווען זיין נעראָן וועט זיך באַווייזן אויף יענער זייט פרת,

וואָס קאָן איס דאָן צי־מענטשעלע טון ? נאַטירלעך, נעראָן וועט זיין געוווינהייט קלוג, וואָס זעלטענער זיך צו ווייזן אין די סירישע גרע־נעצן. ער וועט אַריינברענגען אומרו אין דער פּראָווינץ און רעכט־צייטיק צוריקקערן אינם אומאָפּהענגיקן געביט, ווו מען וועט איס אין געהיים, און אפשר אויך אָפן, אונטערשטיצן. וואָס קאָן איס אַנטיאָכיע טון ? אַריינשיקן מיליטער אין פרעמדן געביט ? אפילו צי־מענטשעלע וועט זיך נאָך גוט מיישב זיין, צי ער זאָל דאָס טון. מען האָט זיך בשעתו פעסט געדונגען פאַר יעדן רוימישן און פּאַרטישן זעלנער, וואָס זאָל האָבן רעכט צו שטעלן אַ פוס אין געביט פון דידאָזיקע בופאָר־מלוכות. פון פרת צום חדקל איז נישט ווייט. אויב רוים וועט שיקן מיליטער אויף יענער זייט פרת, שטייט זיי פאָר די סכנה צו באַגעגענען מיליטער, וואָס קומט פון יענער זייט חדקל.

וואַרראָ איז אויפגעשטאַנען. מיט באַרוועסע פיס איז ער צו־געגאַנגען צו דער וואַנט, האָט אַרויסגענומען דאָס קעסטעלע, וואָס ער האָט דאָרט אויסבאַהאַלטן. ער האָט אַרויסגענומען צעיאָנס קוויטירונג, זי איבערגעלייענט, אַ שמייכל געטון, ווידער איינגע־שלאָסן, באַהאַלטן דאָס קעסטעלע, איז צוריקגעגאַנגען אין זיין בעט.

זאָל ער זיך פאַרגינען דעם שפּאַס ? דאָס איז אַ גוטער, טי־פער שפּאַס, מיט אויסזיכטן אויף דערפאָלג, אָבער געפערלעך — אַ שרעק. עס איז נישט קיין שפּאַס. האַנדלט זיך דען אין דערדאָ־זיקער קוויטירונג ? האַנדלט זיך דען אין צי־מענטשעלע ? עס האַנדלט זיך אפילו נישט אין איס, וואַרראָ. אין קאָן שטייט דער מזרח, דערדאָזיקער גרויסאַרטיקער, פּקחותדיקער, פאַרפלאָנטער־טער מזרח, וועלכן די ברוטאַלע, ענגקעפּיקע פעלדפעבלס אויפן פאַלאַטין טאָרן נישט אַרונטערקריגן אונטער זייערע שטיוול.

וואַרראָ האָט זיך דערמאָנט אין דער צייט, ווען ער איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין סיריע, אַלס יונגער אָפיציר אין דער אַרמיי פון פעלדמאַרשאַל קאָרבולאָ. ער האָט זיך דאָן תמיד געפּוי־נען ביי דער זייט פון באַרימטן אַרמיי־פירער. קאָרבולאָ איז גע־

ווען אַ פלאַכער מענטש, נאָר ער האָט פאַרמאָגט דער ריכטיקן אינסטינקט און נישט אַ שאַרפן פאַרשטאַנד; ער איז אָבער טיף איבערצייגט געווען אין זיין באַגאַבונג, ער האָט געקענט די קונסט פון באַפעלן, ווי קיין שום צווייטער, ער האָט פאַרמאָגט די טעכניק פון זעלבסטפאַרשטענדלעכער האַרישער האַלטונג. וואַראָ האָט אַ סך געלערנט פון אים. בכלל האָט ער שנעל דורכגענומען דעמדאָזיקן קאַרבולאָ דורך און דורך. ער האָט דערקענט, אַז צום שנעלסטן קאָן מען אים אונטערקויפן דורך גרענעצלאָזער באַוווּנדערונג. און ער האָט געוווּנען זיין האַרץ. אינגיכן איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער, דער יונגער אָנפאַנגער, האָט סוגערירט זיינע אידעען דעם באַרימטן, דערפאַרענעם פעלדמאַרשאַל; אינדעראמתן האָט ער, וואַראָ, אָנגעפירט מיט דער סירישער פּאָליטיק. אין יענע יאָרן איז אין אים אויפגעקומען זיין ליידנשאַפט צום מזרח, זיין דורשט דאָ צו הערשן. עס האָט אים פאַרשאַפט אומגעהייער פאַרגעניגן צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דידאָזיקע אָריענטאַלישע קעניגן, פריסטער, האַנדלס-מאַגנאַטן אויף זייער בלומיקן, לאַנגזאַמען אופן, איבערצוכיטרעווען זייערע קרומע וועגן דורך נאָך קרימערע, און סוף-כל-סוף זיי פירן צו זיין ציל. אינדעראמתן האָט אין דידאָזיקע לענדער זינט קאָרבולאָן תמיד געהערשט ער, וואַראָ.

וואַראָ האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין בעט, זיך ווידער צוזאַמענגעצויגן. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, ווי מיט עלף יאָר צוריק האָבן דידאָזיקע פלאַוויער געפּרוּווט אים באַזייטיקן. דערפאַר, ווייל ער האָט איינמאָל אין פאַווע-באָרדעל, הינטערן גרויסן צירק, שיכורערהייט אויסגעצירט אַ זונה מיטן פורפור און דעם הויכן שוך פון אַ סענאַטאָר, האָט קייזער וועספאַסיאַן דעקרעטירט, אַז ער איז נישט ראוי צו זיין אַ סענאַטאָר. דער זינלאָז-איראָנישער אויסרייד איז געווען אַ שפּאַס מצד דעם פויערים-קייזער וועספאַסיאַן, וועלכער איז תמיד גענייגט געווען צו נאַרישע שפּאַסן. אמת, די פלאַוויער, דער טויטער וועספאַסיאַן און זיין זון טיטוס, האָבן טייער באַצאָלט פאַרן דאָזיקן שפּאַס. זיי האָבן זיך אויף דער

אייגענער הויט איבערצייגט, אַז אַ קלוגער מאַן קאָן אַמאָל מער ווירקן פֿון עדעסאַ, ווי פֿון רוים. איצט האָבּן זיי אים אַריינגעשיקט דעמדאָזיקן שוטה, צי־מענטשעלע, ער זאָל צערייסן די פֿיינע נעץ פֿון זיין מזרח־פּאָליטיק. נו־נו, צי־מענטשעלע מעג זיך ריכטן אויף סיורפּריזן. זאָל נאָר זיין נעראָן אָנערקענט ווערן אין מעסאָפּאָטאַמיע, וועט שוין צי־מענטשעלע מערקן, אַז עס וואָלט אפשר פּאָרט קליגער געווען נישט אויסצופּרעסן ביים אַלטן וואַראָ די זעקס טויזנט. צי־מענטשעלע וועט מוזן מודה זיין, אַז אין דאָזיקן מזרח קאָן מען גאָרנישט אויספירן מיט „אָנטשלאָסנקייט" און „רוימישער דיסציפּלין", אַז עס איז בעסער נאָכצוגיין וואַראָן אויפן וועג פֿון פֿאַרשטענדיקונג.

אָבער ווי פֿאַרבלאָנזשעט ער? האַנדלט זיך דען וועגן צי־מענטשעלע? נישט אים — דאָס גאַנצע, פּרעכע, נייע, נאַרישע רוים וויל ער אַ קלאַפּ טון דורך צוריק אַרויסצויבערן דעם אַלטן נעראָן, וועמעס דערינערונג עס קאָן גאָרנישט פֿאַרטראָגן.

דאָ איז אויפגעשווומען פֿאַר זיינע אויגן טערענצעס פּנים. מערקווירדיק, וועגן אים האָט ער די גאַנצע צייט נישט געטראַכט. ער האָט זיך דערמאַנט, ווי דער חברהמאַן איז צוגעגאַנגען צו אים, אַ פֿאַרוואַנדלטער, מיט נעראָנס גאַנג, און ווי ער האָט געזאָגט צו אים מיט נעראָנס גוט־באַקאַנטן, פֿויל־גאַוווהדיקן טאָן: „פֿאַרוואָס, מיין וואַראָ, זאָל איך דיר נישט מוחל זיין?" עס האָט אים פֿונסניי אַרומגעכאַפּט דאָס אומהיימלעכע געפֿיל פֿון יענעם מאָמענט, ווען אין דאָזיקן נעבעכדיקן קליינבירגער איז מיט איינמאָל געווען אין צימער נעראָן. עס איז אים אָבער איינגעפֿאַלן, אַז נעראָן גופא וואָלט זיכער געווען הנאה געהאַט פֿון שפּאַס, וואָס ער וויל מאַכן מיט זיין פֿיינט, טיטוסן, דורך אונטעררוקן אים אַ נעראָן, און זיין אומהיימלעך געפֿיל איז צערונען. ער האָט זיך צום לעצטן מאָל אויסגעצויגן, אַ באַפֿרידיקטער. געשיקט רופֿן דעם סעקרעטאַר. אָנגעזאָגט, מען זאָל צוגרייטן אַ באַגעגעניש צווישן אים, קעניג מאַלוק און אויבער־פּריסטער שאַרביל.

## 8.

# אַ מזרח־קעניג

קעניג מאַלוק האָט אויפגענומען וואַראָן און דעם אויבער־פריסטער שאַרביל אין גרויסן, אַראַביש־אויסגעשטאַטן זאַל, ווו ער פלעגט צום ליבסטן אָפּהאַלטן באַראַטונגען. די ווענט זענען באַדעקט געווען מיט טעפּיכער, אַ פאָנטאַן האָט געפּליעסקעט, מען איז געזעסן אויף נידעריקע קישעלעך. סיי דעם שנעלן וואַראָ, סיי דעם באַוועגלעכן אויבער־פריסטער שאַרביל האָט געקאָסט אַ סך מי צו בלייבן זיצן רויִק און ווירדיק. זיי האָבן אָבער געוווּסט, אַז קעניג מאַלוק וואָלט צום ליבסטן געזעסן אויפן דיל, מיט פאַרקרייצטע פיס, לויטן מנהג פון זיין פאָלק, איינהערנדיק זיך צום לאַנגזאַמען געזאַנג פון פּליעסקענדיקן פאָנטאַן, מאַכנדיק נאָך גרעסערע פויזעס צווישן זאָגן און ענטפערן. שוין צום דריטן מאָל האָט דער אָנזאָגער פאַרבויגן דעם טעפּיך און אויסגערופן די שעה, און מען איז נאָך אַלץ נישט צוגעקומען צום עיקר.

„עס איז אַ שאָד“, האָט נאָר וואָס געזאָגט דער פריסטער שאַרביל, „וואָס די פּאַרטער־אימפּעריע איז אָפּגעשוואַכט דורך אירע טראָן־שטרייטן. כּל־זמן אַ טייל פון קעניג אַרטאַבאַנס מיליטער איז געבונדן דורכן קאַמף קעגן טראָן־פּרעטענדענט, ווערט אונז רוים לאָזן שפּירן, אַז עס שטייט נישט מער הינטער אונז קיין גרויסמאַכט, וואָס קאָן אונז שיצן“.

וואַראָ האָט אויפמערקזאַם אַ קוק געטון אויפן קעניג מאַלוק. דער שיינער מאַן מיט די ברוינע, זאַנפטע אויגן, מיט דער קרומער, פליישיקער נאָז און דער זאָרגעוודיק־געקרייזלטער און געפלאָכטענער באָרד, איז געזעסן שטיל ווי אַ בילד, גרויס, אַ ביסל דיקלעך, און עס איז שווער געווען צו וויסן, צי ער האָט געהערט די רייד פון אויבער־פריסטער. אפשר האָט ער גאָר געטרוימט, ווי

עס טרעפֿט גאַנץ אָפֿט. זינט דריי יאָרהונדערטער האָבן דידאָזיקע אַראַבישע פֿירשטן געהערשט איבער דער שטאָט עדעסאַ, זיי זע־נען געווען אויסגעבונדן מיט דער גריכיש־רוימישער און מיט דער פּאַרטישער קולטור, אָבער דאָס האַרץ פֿון קעניג מאַלוק, ווי אַלע האָבן געוווסט, איז געבליבן אַראַביש. ער האָט נישט ליב געהאַט די רעגי־רונגס־ענינים, אַ ביסל מער זיין אַרמיי, נאָך מער זיינע פֿרויען, און נאָך מער זיינע פֿערד, אָבער צום מערסטן האָט ער ליב געהאַט דעם ווייטן מדבר. פֿון מאָל צו מאָל פֿלעגט ער מיט ווייניקע באַגלייטער אַרויסרייטן ווייט־ווייט אין דער דרום־וויסטעניש. אין זיין טיפֿסטן אי־נערן איז ער וואָרשיינלעך געווען אַ מאַן פֿון יענע רייטער־שטאַמען, וועלכע האָבן באַטראַכט אַלס שאַנד צו זייען אָדער צו פֿלאַנצן, צו בויען אַ כאַטע אָדער בכלל ווערן איינגעזעסן; ווייל ווער עס וואַרפֿט זיך אונטער אַזעלכע באַקוועמלעכקייטן, מוז — ווען ער וויל זיי ווידער נישט פֿאַרלירן — דולדן איבער זיך אַ האַר און אַזוי אַרום פֿאַרלירן די פֿרייהייט. די פֿרייהייט אָבער איז דעם אַראַבערס גרעסטע גוטס, און היות פֿרייהייט איז דאָ בלויז אין דער איינזאַמקייט, איז די וויסטע זיין היימלאַנד.

וואַר־זשע האָט געקאָנט וויסן, צי טראַכט נישט אַמאָל קעני־ מאַלוק, וועלכער זיצט אַזוי אומבאַוועגלעך, וועגן זיין וויסטע אָדער וועגן זיינע פֿרויען און פֿערד, אַנשטאָט די פּאָליטישע פֿראַגן, פֿאַר וועלכע וואַראָ און דער אויבער־פּריסטער שאַרביל האָבן זיך באַמיט וועקן זיין אינטערעס? ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך גוט צוגעהערט. נאָך אַ געהעריקער פּויזע האָט ער גע־עפֿנט זיין מויל, וואָס איז געווען שטאַרק רויט אינמיטן זיין קוינצי־קער, שוואַרצער באָרד, און מיט אַ שיינער, טיפֿער שטימע האָט ער געזאָגט: „דאָס שיקט דער שטערן־גאָט דוזאַריס פֿיילן פֿון אומאייניקייט קעגן מזרח. דעריבער הערשט קריגעריי אין הויז פֿון די פּאַרטער, און דעריבער איז פּרינץ פּאַקאָר גאַווהדיק און אָנערקענט נישט זיין קעניג אַרטאַבאַן״.

צופֿרידן, וואָס מאַלוק הערט זיך צו, האָט וואַראָ זיך דער־וועגט צו גיין אַ טריט ווייטער. „נישט איינער״, האָט ער געזאָגט,

„באַדויערט, וואָס אויך די מערב-שטערן שטייען נישט אין צייכן פון אומאייניקייט. פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס וואָלטן געהאַלטן פאַר קלוג, ווען אויך אין דער רוימישער אימפּעריע זאָל אויפשטיין איינער און זאָגן, אַז ער אָנערקענט נישט טיטוסעס רעכט צו זיצן אויפן פּאַלאַטין".

דעם קעניגס געבראָכענע געזיכט האָט זיך קיין ריר נישט געטון. דער אויבער-פּריסטער שאַרביל דאַקעגן האָט מיט אַ ראַשער באַוועגונג אַ שטויס געטון זיין אוראַלטן, פלייש-לאָזן, כיטרען פויגל-קאָפּ אין וואָראָס זייט, אָבער אויך ער האָט געשוויגן. נישט געקוקט אויפן דאָזיקן שווייגן האָט וואָראָ גאַנץ גוט געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אין די קעפּ פון די צוויי מענער. ביידע האָבן פיינט די רוימער, ביידע ווילן זיך שטאַרק פרייען, ווען דער קייזער וועט האָבן אַ פאַרדרייטן קאָפּ. מאַלוק, דער אַראַבער, דער ליידנשאַפטלעכער פריינט פון פרייהייט, ליידט ביטער — נישט געקוקט אויף דער מאַסקע פון גלייכגילטיקייט — אונטער דער אָפּהענגיקייט, וועלכע רוים צווינגט אַליץ מער אַרויף אויף אים. שאַרביל, דער כיטרער, אָפּשפּאָטנדיקער סיריער, דער פּריסטער פון אַן אוראַלט קולטור-פאָלק, פילט פאַראַכטונג צו די יונגע, באַרבאַרישע מענטשן פון מערב, וועלכע שטרעקן אויס זייערע פּרעכע, גראָבע הענט צו זיין לאַנד. וואָראָ קאָן זיך דערלויבן ווייטער צו רעדן; ביידע מוזן אויפנעמען זיין פּאָרשלאַג ווי אויסגעטראַקטעטער סטעפּ דעם רעגן.

„און אפשר", האָט ער אַ זאָג געטון, „איז שוין איינער דאָ, וועלכער פּרעטענדירט אויפן טראָן. און אפשר איז דער ווילן פון די שטערן, אַז דער, וועלכער פּרעטענדירט אויפן טראָן, זאָל זיך אין קורצן באַווייזן".

מיט דערוואַרטונג האָט ער געקוקט אויף שאַרבילן, זיכער, אַז דער קלוגער אויבער-פּריסטער וועט אים געבן פאַרשטיין אויפן ווונק. שאַרביל, אַ סיריער, אַן אַראַמייער פון גאַנצן האַרץ, מוז פילן אַ ברענענדע בענקשאַפט נאָך יענעם נעראָן, וועלכער האָט מיט אַזוי פיל אַכטונג געשטיצט די אוראַלטע סירישע קולטור, די

גלטסטע פון דער וועלט. חוצדעם איז נאָך שאַרביל גייציק, און די לאַנגע האַנט, וועלכע די רוימער שטעקן אַריין אין די אוצרות פון זיין טעמפל, צעברעכן אים דאָס האַרץ.

אָבער שאַרביל קלויבט זיך גאָרנישט צו דערווידערן. דער שפיציקער פריסטער־הוט זעט אויס צו זיין פאַרוואַקסן מיטן געלן, פאַרמעט־טרוקענעם, צעקנייטשטן שטערן, די שוואַרץ־געפאַרבטע, דריי־עקיקע באָרד הענגט ווי טויט אַרום די אויסגעטריקנטע ליפּן און די פאַרגילדעטע ציין. ער האָט כסדר געעפנט און פאַרמאַכט די צעפאַלדעוועטע אויגן־לעפלעך. ענדלעך, נאָך אַ פייניקנדיק שווייגן, האָט ער אָנגעהויבן שאָקלען מיטן קאָפּ, אים אויסגעצויגן און גענומען אַרויסבילן מיט זיין הויכער, בייזער, זקנישער שטים: „און אויב דער טראָן־פּרעטענדענט איז אַ שווינדלער?”

איידער וואַראָ האָט נאָך געהאַט צייט צו ענטפערן, האָט שוין דער אָנזאָגער אויסגערופן צום פערטן מאָל די שעה און קעניג מאַלוק האָט געהייסן ברענגען וויין מיט צוקערלעך; עס איז אים פאָרגעקומען נישט פּאַסיק צו רעדן כסדר וועגן פּאָליטיק, און בעת מען האָט צערעמאָניעז געטרונקען און גענאַשט, האָט ער אָנגעהויבן רעדן וועגן דער יאַגד. געענדיקט דערמיט, האָט ער זיך פונקט אַזוי פלוצלינג ווידער אומגעקערט צום פּאָליטישן שמועס. „צי קאָן מיין קוזין און הער וואַראָ מיר זאָגן”, האָט ער געפרעגט, „וואָס וואָלטן געווען די רעזולטאַטן, ווען דער פּרעטענדענט זאָל נישט זיין קיין שווינדלער?” „וועגן דעם”, האָט דער סענאַטאָר דערווידערט, „קאָן דער געטרייער דינער פון אייער מאַיעסטעט, וואַראָ, געבן גענויע אינפאָרמאַציעס. אַלע עדיקטן, וועלכע רוים האָט אַרויסגעלאָזט זינט דעם פלומרשטן טויט פון קייזער נעראָן, וואָלטן געוואָרן אומגילטיק, און גילטיק וואָלטן געווען בלויז יענע אָפּמאַכן, וועלכע האָבן פאַרפליכטעט בעת קייזער נעראָן איז פאַרשוונדן”. איצט האָבן ביידע, דער מזרח־קעניג און דער מזרח־אויבער־פּריסטער, אַזוי לאַנג אָנגעקוקט דעם רוימער שטאַר און שווייגעוודיק, אַז יענער, הגם געוווינט צו מזרח־זיטן, האָט זיך דערפילט אומהיימלעך. „דער קליינער הער”, האָט ענדלעך געזאָגט

שאַרבּיל, „וועלכן רוים האָט געשיקט קיין אַנטיאָכיע, איז האַרט־נעקיק ווי אַ בערג־באָק. ער וועט וואָרשיינלעך נישט דולדן קיין קאָנקורענט פון דעם פּאַלאַטין, צי ער וועט זיין אַן עכטער אָדער אַ פאַלשער".

מער האָט ער גאָרנישט געזאָגט, אויך קעניג מאַלוק האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צוצוגעבן. וואַראַ אָבער האָט געוווּסט, אַז עס איז איבעריק אויסצוטייטשן די ביידע, וויפיל עדעסאַ קאָן גע־ווינען, אויב עס וועט זיך באַווייזן אַ רוימישער פּרעטענדענט, מעג ער זיך זיין ווער ער וויל, אַבי ער זאָל זיך אַ צייט־לאַנג קאָנען האַלטן. ביי אַזאַ פּרעטענדענט האָט מען געקאָנט פאָדערן, אַלס פּרייז פאַר אָנערקענען אים, אַלערליי פּריווילעגיעס; מען האָט געקאָנט פאָדערן פון רוים אַ הויכן פּרייז פאַר נישט אָנערקענען אים. היות דידאָזיקע אָנגענעמע מעגלעכקייטן זענען געווען קלאָר ווי דער טאָג, איז איבעריק געווען צו רעדן וועגן דעם.

דער שמועס האָט זיך ווידער אַ קער געטון צו די טראָן־שטרייטן אין דער פּאַרטער־אימפּעריע. פון ביידע פּרעטענדענטן איז אַרטאַבאַן דער שטאַרקערער, באַגאַבטערער, און אין מערבֿ־טייל פון דער פּאַרטער־אימפּעריע, וווּ עס גרענעצט זיך מיט מע־סאָפּאָטאַמיע, האָט ער גובר געווען יעדן ווידערשטאַנד. עס וואָלט געווען אַ משוגעת אונטערצושטיצן דעם אַנדערן, דעם וויטן פּאַ־קאָר, הגם ער פאַרמאָגט אַ ביסל מער לעגיטימקייט, מער „פּראַן", מער „איינגעבוירענע מאַיעסטעט".

פאַר עדעסאַ איז זייער וויכטיק, וועמען פון די צוויי פּאַר־טערשע פּרעטענדענטן עס וועט אָנערקענען די רוימישע רעגירונג. רוימס האַנדלס־אָפּמאַכן מיט דער פּאַרטער־אימפּעריע ענדיקן זיך, און דער גובערנאַטאָר אין אַנטיאָכיע וועט זיך מוזן אַנטשיידן, מיט וועמען ער זאָל פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן באַנייען זיי, מיט פּאַקאָרן אָדער מיט אַרטאַבאַנען. פאַר עדעסאַ וועט זיין זייער נישט אָנגענעם, אויב רוים וועט אָנערקענען פּאַקאָרן און נישט אַרטאַבאַנען, עדעסאַס מעכטיקן און באַליבטן מזרח־שכן. איבער דידאָזיקע פראַגן האָט מען גערעדט מיט פּאָרזיכטיקע, בלומיקע

זאָגן, ביז דער אָנזאָגער האָט אויסגערופן די פינפטע שעה. דאַן האָט קעניג מאַלוּך געגעבן אַ צייכן, אַז ער האַלט די אוידיענץ פאַר געענדיקט.

איידער וואַרראָ איז אַוועקגעגאַנגען, האָט דער אויבער־פּריס־טער שאַרביל רעזומירט זיין שטעלונג, וואָס איז זיכער געווען דעם קעניגס: „אויב רוים וועט אָנערקענען אונזער אַרטאַבאַן, האָבן מיר נישט קיין שום סיבה צו ספקן אין דער לעגיטימקייט פון זיין טיטוס. אויב אָבער רוים וועט זיך שטעלן אויף פּאַקאָרס זייט און קעגן אונזער אַרטאַבאַן, דאַן וואָלט עדעסאַ געווען זייער צופרידן, קייזער נעראָן זאָל זיך ווידער באַווייזן". ער האָט דאָס אויסגעדריקט אויף אַזאַ, פאַרן מזרח אומגעוויינלעך־קורצן, קלאָרן און פּרעציזן אופן דערפאַר, ווייל ער איז געווען זייער אַלט און שוין נישט געהאַט קיין סך צייט.

9.

## אַ פּסק־דין פון אַ בוררים־געריכט

אוממיטלבאַר נאָך דערדאָזיקער קאָנפערענץ האָט וואַרראָ פאַרלאָזט די שטאָט עדעסאַ. טערענצן האָט ער שוין קיין צווייט מאָל צו זיך נישט איינגעלאַדן.

ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין אַנטיאָכיע. ער האָט מיט־געפירט מיט זיך דאָס קעסטעלע מיט די דאָקומענטן, וואָס זענען איבער טייער געווען. הגם אויף יענער זייט פּרת האָט ער אויף רעכטס און לינקס געהאַלטן אין איין ווייזן די קוויטירונג וועגן די באַצאָלטע זעקס טויזנט אינספּעקציע־שטייער, האָט ער אָבער אין אַנטיאָכיע, ווי עס ווייזט אויס, אינגאַנצן פאַרגעסן די דערני־דעריקונג, וועלכע צי־מענטשעלע האָט אים פאַרשאַפט. ער האָט זיך נישט באַשעפטיקט מיט קיין שום פּאָליטישע ענינים; ער איז פאַרזונקען אין די תענוגים פון דער גרויסער, אויסגעלאַסענער

שטאָט. ער האָט פאַרבראַכט אין דער עלעגאַנטער פאָרשטאָט דאַפ־
נע, ווו די טייערסטע זונות פון אַזיע האָבן באַוווינט די לוקסוס־
דיקסטע דירות, נאָך וועלכע אַלע קליינבירגער פון דער וועלט
האָבן געבענקט אין זייערע זינדיקע טרוימען.

וואַראָס טאָכטער, די ווייסע, שטרענגע מאַרציאַ, האָט זיך
געשעמט פאַר איר פאָטער, ווען זי האָט ליב געהאַט און באַ־
וווּנדערט.

אין זעלטענע מאָל, ווען דער סענאַטאָר פלעגט זיך צונויפ־
טרעפן מיט צעיאָנען, האָט ער זיך געהאַלטן, ווי אַן אַלטער שול־
חבר, וועלכער באַדויערט זיין פריינט פאַר זיין אידעע־פיקס זיך
איינגאַנצן צו פאַרפייניקן מיט זיין לעסטיקן אמת, בעת ער אַליי
געניסט אַ לעצט מאָל מיט דער גאַנצער קראַפט, איידער ער ווערט
ענדגילטיק אַלט. עס האָט אויסגעזען, אַז ער טראָגט נישט קיי
האַרץ אויף צעיאָנען פאַר דער געשיכטע מיטן אינספּעקציע־שטייער.
ער האָט אַליין אַרויפגעפירט דעם שמועס אויף זיין אָנקלאַגע קיי
רוים. ער האָט עס געטון בלויז דערפאַר, האָט ער אָפנהאַרציג
דערקלערט, ווייל אַנישט וואָלט ער אָנגעווירן ביי זיינע מזרח־
לייט זיין גאַנצן אויטאָריטעט. אָבער מיט דעם איז דער גאַנצער
ענין פאַר אים דערליידיקט. דער קאַמף פאַר זעקס טויזנט סעס־
טערציעס איז נישט ווירדיק פאַר אַ מאַן, וועלכער האָט הינטער
זיך איינאונפופציק יאָר, וועלכער האָט אַ סך פאַרזוימט און ווע־
מען עס שטייט נאָך אַ סך פאַר.

צעיאָן האָט נישט געטרויט דערדאָזיקער נאַאיוויטעט. זי
גופא פלעגט צייטנווייז באַדויערן, וואָס ער איז צו ווייט אַוועק:
ער האָט זיך אָבער געזאָגט, אַז ווען נישט איצט, וואָלט ער סיי
ווי שפּעטער געמוזט ווייזן דעמדאָזיקן אָריענטאַליש־אָפּגעקומענע
וואַראָ, ווער עס איז דער רוימישער גובערנאַטאָר. אָבער דאָס
אומהיימלעכע געפיל, וואָס וואַראָ פלעגט אַרויסרופן אין אים, האָט
נישט געוואָלט ווייכן. מען האָט אים צוגעטראָגן, אַז נישט געקוקט
אויף זיין זונות־לעבן, געפינט וואַראָ גענוג צייט אויף דורכצופירן
גרויסע געשעפטלעכע טראַנזאַקציעס, אַז ער נוצט אויס די קאָנ־

יונקטור, כּדי צו פֿאַרקויפֿן מיט גרויס געווינס גרויסע טיילן פֿון זיין סירישן ערד־באַזיץ. צעיאָן האָט געמוזט באַוווּנדערן דעמדאָזיקן מאַן, וועלכער גיט אָפּ זיין קראַפֿט אויף זיבלאָז־פּוסטן געניס און גלייכצייטיק פֿירט ער גוט דורך זיינע פּאַרוויקלטע געשעפֿטן. דערדאָזיקער מענטש איז געווען געפֿערלעך.

ער האָט געהאַלטן פֿאַר פּאַסיק שלום צו מאַכן מיט אים. אַזאַ וואַקלדיקן כאַראַקטער איז צום בעסטן צו באַהאַנדלען מיט צוקער־לעקעכלעך און אַ בייטש. ער האָט באַשלאָסן אויסצוגלייכן זיין האַרטקייט אין דער שטייער־פֿראַגע דורך אַ באַזונדערן באַווייז פֿון צוטרוי. ער האָט וואַראָן געבעטן וועגן אַ צוזאַמענטרעף.

וואַראָ איז געקומען. צעיאָן האָט גובר געווען זיין שטאָלץ, דערקלערט די מאָטיוון פֿון זיין האַנדלונג ביים שטייער־ענין. וואָלט זיך געווען האַנדלען בלויז וועגן זיי ביידע, וועגן אים און וואַראָן, — האָט ער אים דערקלערט, און מען האָט דערקענט אין אים, ווי שווער עס איז אים געווען דאָס צו זאָגן, — וואָלט ער, נאַטירלעך, נאָכגעגעבן. אין קאָן איז אָבער געשטאַנען דער פּרעסטיזש פֿון רוים, און דאָ מוז שוין דער פּרעסטיזש פֿון אַ יחיד אָפּטרעטן אויפֿן צווייטן פּלאַן. „איר מוזט דאָס באַגרייפֿן, מיין וואַראָ", האָט ער געזאָגט. „נישט געקוקט, וואָס איר זענט דער פּריינט פֿון גרויס־קעניג פֿון די פּאַרטער", האָט ער פֿאַרענדיקט מיט אַ זויערלעכן פּרווו צו שפּאַסן.

וואַראָן איז אפֿילו נישט איינגעפֿאַלן דאָס צו באַגרייפֿן. ער האָט געקוקט אויף צעיאָנען פֿריינטלעך, מיט דערוואַרטונג. אין זיך האָט ער געהאָפֿט, אַז צעיאָן וועט אים זאָגן, אַז ער האָט חרטה, אַז ער וויל אים אָפּגעבן צוריק די זעקס טויזנט. וואַראָ האָט גאַנץ גוט געוווסט, ווי פֿאַנטאַסטיש עס איז דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו שפּינען, און ווען צעיאָן וואָלט אים געווען אויסגעשטרעקט די האַנט, וואָלט ער זי גענומען און געלאָזט פֿאַלן זיין פּלאַן. ער האָט געוואַרט. צעיאָן אָבער האָט געהאַלטן, אַז ער איז שוין צו ווייט געגאַנגען. דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, איז אין

תוך גענומען געווען אַן אַנטשולדיקונג, און אַן אַנטשולדיקונג פון קייזערס גענעראַל־גובערנאַטאָר לגבי דעם צווידייטיקן, אַוואַנטוריסטישן וואַראָ האָט געמוזט זיין גענוג. און אויך ער האָט געוואָרט. נאָך אַ רגע, און נאָך איינע. און היות ביידע האָבן געשוויגן, איז אין יענע רגעס געחתמעט געוואָרן דער גורל פון די צוויי, און נישט נאָר פון די צוויי.

מיט דער פעדאַנטישקייט פון אַ ביוראָקראַט, וואָס פירט דורך דאָס איינמאָל־פאַרטראַכטע ביי אַלע אומשטענדן, איז צעיאָן צוגעטרעטן צו געבן וואַראָן דעם „צוטרוי־באַווייז”, מיט וועלכן ער האָט אים געוואָלט מכפר זיין. „מיין וואַראָ”, האָט ער אָנגעהויבן, „איר האָט מיר געהאַט פאָרגעלייגט, אַלס גוטער פריינט, אייער פאַכמענישן ראַט אין די מזרח־ענינים. צי האָב איך דאָס רעכט אויסצונוצן איצט אייער דאָזיקן פאָרשלאַג?” וואַראָ, אָנגענעם דערשטוינט, האָט דערווידערט: „איך שטיי מיטן גאַנצן האַרץ אין אייער רשות”.

„דער אָפּמאַך מיט די פּאַרטער”, האָט דער גובערנאַטאָר אַרויסגעפּאַקט זיינע זאָרגן, „ענדיקט זיך. מיט וועלכן פון די צוויי פּרעטענדענטן זאָל איך פירן אונטערהאַנדלונגען? וועמען זאָל איך אָנערקענען? פּאַקאָרן אָדער אַרטאַבאַנען? עס איז קלאָר, עס ליגט אין אונזערע אינטערעסן, אַז די פּאַרטער זאָלן וואָס לענגער זיין אָפּגעשוואַכט צוליב זייערע טראָן־שטרייטן. אָבער איך קאָן מער נישט אָפּשלעפּן מיט באַנייען דעם אָפּמאַך. אויף וועמעס צד זאָל איך זיך שטעלן?” און ער האָט ווידער געמאַכט דעם פּרווו צו מאַכן אַלץ צו קליינגעלט און צוגעגעבן מיט אָנגעשטרענגטער שפּאַסיקייט: „ווער איז דאָס דער גרויס־קעניג, מיין וואַראָ, וועמעס „פריינט” איר זענט?”

טיף אין זיך איז וואַראָ געווען מלא שמחה. אָט גראָד אין דאָזיקן פונקט האָט ער געוואָלט פּאַקן זיין קעגנער. ער איז בכיוון געקומען קיין אַנטיאָכיע, כדי דער אַנדערער זאָל אים שטעלן דידאָזיקע פראַגע. און וואָלט צעיאָן נאָך געוואַרט אַכט טעג, וואָלט וואַראָ, קעגן זיין ווילן געווען געמוזט פאַרפירן מיט

אים אַ פּאָליטישן שמועס. בעסער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט שיקעווען.

אין גרויס איילעניש האָט ער נאָכאַמאָל דורכגעטראַכט די סיטואַציע. וועט צעיאָן אָנערקענען אַרטאַבאַנען, דאַן (דערין האָבן די מענער אין עדעסאַ רעכט) האָט מען אויף יענער זייט פּרת קיין שום אינטערעס נישט אונטערצושטיצן דעם מאַן, וועלכער גיט זיך אויס אַלס נעראָן. דאַן ווערט דער טעפּער ווידער בלויז אַ טעפּער, צעיאָן בלייבט דער קייזערלעכער גענעראַל-גובערנאַ- טאָר, האַר איבער זיבן אַרמיי-קאָרפּוסן אין דער וויכטיקסטער פּראָווינץ פון דער אימפּעריע, און וועט שוין צוריק קיינמאָל נישט ווערן קיין צי-מענטשעלע. מוז וואַראָ דעריבער טון אַלץ, אַז דער גובערגאַטאָר זאָל אָנערקענען פּאַקאָרן און נישט אַרטאַבאַנען. נישט איינמאָל האָט ער איינגעחזרט די אַרגומענטן, וועלכע ער האָט מיטן דאָזיקן צוועק געוואָלט פאָרברענגען צעיאָנען. איצט אָבער האָט ער, מיט אַ דרייסטן אַנטשלוס, מוותר געווען אויף דידאָזיקע אַלע, זאָרגעוודיק-אויסגעשפּינטע אַרגומענטן. אין משך פון די צוויי רגעס וואַרטן און שווייגן האָט ער זיין אַלטן שול-חבר צעיאָן בע- סער דערקענט, ווי ווען נישט איז. ער האָט איינגעזען, ווי טיף יענער האָט אים פיינט, ווי טיף עס וואָרצלט יענעמס אומצוטרוי צו אים. צעיאָן וועט טון פּונקט קאַפּויער, ווי ער וועט אים ראַטן. וועט ער אים ראַטן צו אָנערקענען אַרטאַבאַנען און אָפּזאָגן זיך פון פּאַקאָרן.

און אַזוי האָט ער געטון.

ביז איצט האָט זיך צעיאָן געוואַקלט, צי זאָל ער זיך אַנט- שיידן פאַר אַרטאַבאַנען אָדער פאַר פּאַקאָרן. איצט אָבער האָט ער געזען וואַראָס מאַסיוו פּנים, דאָס פולע סענסועלע מויל, דעם פרעכן, מעכטיקן שטערן, די נאַכלעסיקע האַלטונג. ער האָט פיינט געהאַט דעמדאָזיקן מאַן, און דערדאָזיקער מאַן — ביים יופּי- פּיטער! — האָט אים פיינט געהאַט. פּאַקאָר? אַרטאַבאַן? דערדאָ- זיקער מאַן האָט געראַטן: אַרטאַבאַנען. דערדאָזיקער מאַן האָט

דערקלערט, אַז זיין „פריינט" איז אַרטעבאַן. צעיאָן וועט זיך אַנטשיידן פאַר פאַקאָרן.

# 10.

# עס איז נייטיק געדולד

דער טעפער טערענץ האָט ממש געחלשט צו דערציילן זיין פרוי קאַיאַ וועגן זיין שמועס מיט וואַראָן ; איר, וועלכע האָט אים באַצייכנט מיטן נאָמען „קליינער מאַן", האָט ער געוואָלט ווייזן, אַז אַנדערע האַלטן אים פאַר עפּעס בעסערס. ער האָט אָבער געווסט, אַז ער שטעלט אין סכנה זיין טריאומף, אויב ער וועט אים צו פרי אַרויסווייזן. ער האָט זיך באַהערשט און געלעבט ווייטער, ווי פריער, באַשעפטיקט בלויז מיט די ענינים פון צעך.

קאַיאַ אָבער האָט איר טערענצן געקענט, ווי אירע פינף פינגער. זי האָט געשפּירט אין דער לופט אַרום אים, אַז עפּעס האָט געמוזט געשען מיט אים. ווען ער פלעגט גלייבן, אַז ער איז איינער אַליין, פלעגט ער פאַרזינקען אין זיך, צייטנווייז פלעגט ער זיך פאַרחלומען און ליידנשאַפטלעך זיפצן, זיין פנים פלעגט דאָ זיך צעשטראַלן און דאָ זיך פאַרפינסטערן, — דאָס אַלץ האָט איר דערמאַנט זיין אויפפירונג אין יענער צייט, ווען מען פלעגט אים שיקן רופן אויפן פאַלאַטין.

אגב האָט טערענצעס באַלעבטקייט נישט לאַנג געדויערט. אמת, אין עדעסאַ און אויך אַנדערשוו אין צווישנשטראָמלאַנד האָט מען אַלץ מער גערעדט וועגן קייזער נעראָנס גליקלעכע צייטן. מען האָט געזיפצט און געקרעכצט אויף די געוואַלטיקע לאַסטן, וואָס דער נייער גובערנאַטאָר האָט אַרויפגעלייגט אויף דער באַפעלקערונג פון מעסאָפּאָטאַמיע, און אַלץ מער לייט האָבן אַלץ אָפטער אַרומגעפליסטערט, אַז ווייטער קאָן אַזוי נישט גיין, עס וועט באַלד אַ סוף נעמען, קייזער נעראָן לעבט נאָך און וועט

ווידער אינגיכן דערשיינען אין גרויסן גלאַנץ און דעם פאָלק פון צווישנשטראָמלאַנד ווידער געבן פרייהייט און ברויט. אויך טע־רענץ האָט גיריק איינגעזויגן אין זיך דאָסדאָזיקע גערעדעריי, אָבער דאָס האָט גאַנץ ווייניק געלינדערט די פיין פון זיין דערוואַרטונג. עס זענען שוין פאַרגאַנגען וואָכן און חדשים און וואַראָ לאָזט פון זיך אַלץ נישט הערן. דער סענאַטאָר האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק לאָזן טערענצן וואַרטן. נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעביסן, האָט נישט געשאַדט אים לאָזן צאַפּלען, ער זאָל נישט ווערן צו זעלבסט־זיכער. האָט זיך וואַראָ געהאַלטן פונדערווייטנס, אין אַנטיאָכיע, אַ גרויסער האַר, זייער ווייט פון טעפּער טערענץ, אומדערגרייכ־באַר פאַרן לעצטן. דער טעפּער טערענץ האָט נישט באַקומען פון סענאַטאָר וואַראָ קיין שום צייכן.

פאַר טערענצן איז דאָס געווען אַ שווערע צייט. אָפּטמאָל האָט ער געגומען צווייפלען, צי האָט טאַקע דער גרויסער סענאַ־טאָר וואַראָ אויף דער וואָר גערעדט צו אים ווי אַ גלייכער מיט אַ גלייכן, — נאָכמער, אונטערטעניק, ווי צום קייזער נעראָן. ער וואָלט, כ׳ווייס נישט וואָס געגעבן, כּדי דורכצושמועסן די געשעע־ניש מיט קאַיאַן. האָט ער אָבער געוווסט, אַז זי וועט אים זאָגן, אַז ער רעדט זיך איין, אָדער, אין בעסטן פאַל, אַז וואַראָ טראַכט צו אַ נייעם, גרויזאַמען און דערנידעריקנדיקן שפּיל. און גראָד אָט־דאָס האָט טערענץ נישט געוואָלט הערן; ווייל ער וואָלט מער נישט געקאָנט לעבן, ווען דאָס זאָל אמת זיין.

האָט ער אויסבאַהאַלטן זיין צעטומלעניש, ווי ווייט דאָס איז מעגלעך געווען, פון זיין פרויס דורכדרינגענדיקע אויגן. אַלץ גיריקער האָט ער געגומען זוכן צייכנס, צי וואַראָ איז טאַקע גע־ווען דער איינציקער, וועלכער האָט דערקענט, אַז ער איז דער קייזער נעראָן. ער האָט אָבער נישט געזען קיין צייכנס, און עס איז אים אַלץ שווערער געוואָרן צו בלייבן דער פיל־באַשעפטיק־טער, זעלבסטזיכערער צעכמייסטער טערענץ, ווי ער איז דאָס נאָך געווען מיט ווייניקע וואָכן צוריק.

בלויז מיט איינס איז ער אַנטקעגנגעקומען זיינע טרוימען.

כּדי שאַרפער צו זען, פלעגט קייזער נעראָן צוטראָגן צו זיינע קור־
צע אויגן, געוויינלעך צום לינקן אויג, אַ שמאַראַגד. האָט זיך
טערענץ געקויפט אַ שמאַראַגד. דעם שמאַראַגד גופא האָט ער,
נאַטירלעך, קיינעם נישט געוויזן. בלויז אין דער איינזאַמקייט פלעגט
ער אים אויספּרובירן, צוטראָגן צום לינקן אויג, צום רעכטן, זיך
פרייען מיט זיין גרינעם גלאַנץ.

ווען אויך דאָס פלעגט אים נישט העלפן, פלעגט ער אַנט־
לויפן מיט זיינע ספקות אין לאַבירינט. דאָרט, אין דער טונקלקייט
פון פאַרבאָרגענעם צימער, פלעגט ער זיך צוהערן צום אייגענעם
אינערן, ביז זיין אינערלעכע שטימע, זיין דאַימאָניאָן, פלעגט בע־
מען רעדן צו אים און פאַרזיכערן, אַז ער איז נעראָן און אַלע
וועלן דאָס אָנערקענען.

דערווייל אָבער האָבן זיי דאָס נישט אָנערקענט, און וואַראָ
האָט נאָך אַלץ געשוויגן. סוף־כּל־סוף האָט טערענץ עס מער נישט
אויסגעהאַלטן און אים געשריבן אַ בריוו קיין אַנטיאָכיע. דערדאָ־
זיקער בריוו איז געווען הכנעהדיק, ווי עס שרייבט געוויינלעך אַ
פּראָטעזשירטער צום פּראָטעזשירער. טערענץ האָט אָפּגעגעבן אַ
באַריכט וועגן די ענינים פון זיין צעראַמישער פאַבריק, וועגן קליי־
נע געשעענישן אין דער שטאָט עדעסאַ, וועגן די ענינים פון
צעך. צום סוף אָבער — און דאָס איז געווען דער איינציקער רמז
אויף יענעם שמועס, וואָס ער האָט זיך דערלויבט — האָט ער
אַריינגעפלאָכטן אַ טונקעלן זאַץ, אַז אינגיכן וועט אפשר זיין
דער ווילן פון די געטער אים אַזוי צוריק צו פאַרענדערן, ווי ער
טרוימט אָפט וועגן דעם.

ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו און איינגעפונען, אַז
ער איז נישט שלעכט. איצט מוז וואַראָ ברעכן דאָס שווייגן. וויל
וואַראָ ווייטער שפּינען דאָס, וואָס ער האָט דאַן אָנגעהויבן, וועט
ער ענטפערן אויפן טונקעלן זאַץ; וויל ער עס נישט, וועט ער
דעם אויסדרוק אָננעמען אַלס איינעם פון די פילדערייטיקע, בלומיקע
פראַזן, וואָס דער מזרח האָט ליב, און וועט נישט לייגן קיין אַכט
אויף אים. אין דאָזיקן לעצטן פאַל וועט טערענץ מוזן צוריק פאַר־

זינקען אין דער עדעסאער טאָג־טעגלעכקייט. דאָס איז אָבער גע־וועזן אוממעגלעך. ווארא וועט פאַרשטיין, וועט ענטפערן.

די נאָענטסטע טעג זענען געקראָכן אומגעהייער לאַנגזאַם. פון אַנטיאָכיע זענען אָנגעקומען אַ סך בריוו, עטלעכע אויך פאַר טערענצן, קיין איינציקער אָבער פון וואראָן. טערענץ האָט באַ־שטימט אַ טערמין, ביז וועלכן ווארא מוז ענטפערן. צוערשט זעקס טעג, דאַן צען, דאַן צוואַנציק. ער האָט זיך כּסדר גע־טרייסט, אַז מען דאַרף האָבן געדולד. כּדי נישט צו פאַרלירן אינ־גאַנצן דעם מוט, פלעגט ער ציטירן אַ סך פאַסיקע פערזן פון די קלאַסיקער. ער פלעגט זיי ציטירן פאַר קנאָפּסן, זיין לייבאייגע־נעם, פאַר וועלכן ער האָט זיך נישט באַדאַרפט אַזוי אויסבאַהאַלטן, ווי פאַר זיין פרוי. איינמאָל האָט ער געזאָגט צו קנאָפּסן, אַז איצט וועט באַלד קומען די אַנטשיידונג, און דערביי אַרויסגעזאָגט דעם אָנהייב פון האָמערישן פערז: „ער וועט קומען, דער טאָג". און היות קנאָפּס האָט געגלאָצט אויף אים, האָט ער זיך מער נישט געקאָנט באַהערשן, נאָר אַרויסגעצויגן דעם שמאַראַגד, נאָך שאַר־פער אָנגעקוקט קנאָפּסן און באַדייטונגספול איבערגעחזרט: „ער וועט קומען, דער טאָג".

דער לייבאייגענער קנאָפּס איז צוריקגעטרעטן פאַרן גרינעם געפינקל. ער איז געווען קלוג און האָט גאָרנישט געפרעגט; ער האָט אָבער טיף איינגעזויגן אין זיך דעם אויסטערלישן זשעסט און די ווערטער פון זיין האַר און לאַנג נאָכגעטראַכט וועגן דעם.

קנאָפּס — דער נאָמען האָט באַדייט „ווילדע חיה", און קנאָפּס האָט אָפּגעהיטן מען זאָל זיין נאָמען ריכטיק אַרויסרעדן, מיטן לאַנגן גריכישן „אָ" — איז געווען אַ שלאַנקער מענטש, וועלכער האָט אויסגעזען אַ סך יינגער פאַר זיינע יאָרן. אַלס קינד איז ער אַריינגעפאַלן אין טערענצעס פאַמיליע; דער עלטער טע־רענץ האָט אים באַקומען פאַר אַ חוב. קנאָפּס איז געבוירן געוואָרן אין קיליקיע און האָט זיך גוט געפילט אין זיין מזרח. ער איז געווען אַ סערווילער בחור מיט פלינקע אויגן. פאַר טע־רענצן, וועמעס יינגערער שפּיל־חבר ער איז געווען, האָט ער

געפילט באַוווּנדערונג געמישט מיט קנאה. ער האָט באַוווּנדערט אין אים דאָס האַרישע, דעם בלינדן צוטרוי, וואָס טירענץ האָט געהאַט צו זיך. ער האָט אים אָבער אויך פיינט געו..ט פאַר די דאָזיקע מערבדיקע אייגנשאַפטן זיינע. ער, קנאָפּס, האָט אָנגע־פירט מיטן גאַנצן געשעפט אין דער רויטער גאַס, און דאָס, וואָס טערענצעס פאַבריק אין עדעסאַ האָט אַזוי פּראָספּערירט, איז גע־ווען זיין פאַרדינסט. אייגנטלעך האָט אים טערענץ, לויטן מנהג, שוין לאַנג געדאַרפט שענקען די פרייהייט; אַ סך האָבן זיך גע־שטעלט די פראַגע, פאַרוואָס ער נעמט זיך נישט אַליין די פאַר־דינטע פרייהייט, וועלכע זיין האַר גיט אים נישט. דאַן, צום ביישפּיל, נאָך נעראָנס אונטערגאַנג, ווען טערענץ איז געצוווּנגען געווען צו אַנטלויפן, האָט דער אינטעליגענטער קנאָפּס לייכט געקאָנט פאַרשווינדן, נישט מורא האָבנדיק פאַרפאָלגט צו ווערן פון זיין האַר, וועלכער האָט אַליין געהאַט גענוג סיבות צו בלייבן אין שאָטן. אויך קנאָפּס איז דאַן און אויך שפּעטער געבליבן ביי אים, איז דאָס געשען דערפאַר, ווייל ער האָט געהאַט אַן אַבער־גלויבישן צוטרוי, דאָס זיין האַר וועט הויך שטייגן און דאַן וועט זיך האָבן געלוינט זיין טרייהייט.

איצט, ווען טערענץ האָט ציטירט דעם האַמערישן פערז:

„ער וועט קומען, דער טאָג", האָט דער לייבאייגענער באַטראַכט די דאָזיקע ווערטער נישט אַלס פּוסטע גערעדעריי. אדרבה, ער האָט זיי גלייך פאַרבונדן מיט די קלאַנגען, אַז דער קייזער נעראָן לעבט נאָך. וועגן דער ענדערונג, וואָס שטייט פאַר, האָט אים טערענץ נאָך געהאַט דערציילט בעת זיינע געהיימנישפולע אָפּ־וועזנהייטן אין רוים, און ער האָט צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר די ענדערונג וועט קומען, שענקט ער אים די פרייהייט. הגם קנאָפּס האָט שוין זייער לאַנג געוואַרט אויף דערדאָזיקער ענדערונג, דאָך איז ער נאָך אַלץ נישט מיד געוואָרן צו וואַרטן, און איצט האָט זיך זיין האַרץ געקוויקט מיטן געדאַנק, אַז ענדלעך וועט די ענ־דערונג געשען און עס וועט דערפילט ווערן זיין ליבלינגס־טרוים: ער וועט זיך באַזעצן ערגעץ-ווו אין מזרח אַלס זעלבסט־

שטענדיקער סוחר, זיינע פריינט פאַר דער נאָז פירן, פרעך שפּאַסן פון זיי.

אין אָוונט פון זעלבן טאָג איז קנאָפּס געגאַנגען צו איינעם פון דידאָזיקע פריינט, דעם טעפּער־מייסטער גאָריאָן. ביי אים פלעגט ער פאַרברענגען די גרעסטע טייל פון זיין פרייער צייט. גאָריאָן איז געווען אַ מענטש פון דער אור־באַפעלקערונג, פעט, מיט אַ רונדן קאָפּ און קליינע, כיטרע אויגן, וואָס האָט ליב געהאַט צו פלוידערן מיט באַוועגלעכע הענט, ווי קנאָפּס גופא.

די אבות־אבותיו פון דאָזיקן גאָריאָן זענען זינט דור־דורות געזעסן אין דאָזיקן לאַנד, האָבן צוגעזען דעם אָנקום און אַוועקגיין פון באַבילאָנישע, אַסירישע, גריכישע, רוימישע, פּערסישע, אַראַבישע הערשער, האָבן אויפגענומען די כּסדר נייע האַרן, ווי מען נעמט אויף זון, האָגל, פאַרפלייצונג. האָבן געזיפצט און געליטן. האָבן זיך געקלאַמערט אין זייער באָדן, זיך דערנערט, געברענגט אויף דער וועלט קינדער, געדינט צו דער געטין טאַראַטע און אירע פיש און אַזוי פיל געאַרבעט, וויפיל עס איז נייטיק געווען זיך צו דערהאַלטן און געבן די דעראָבערער אַזוי פיל, וויפיל זיי האָבן אויסגעפּרעסט דורך קלעפּ און טאָרטורן. די פרעמדע פירשטן און האַרן זענען פאַרשוווּנדן, גאָריאָנס אבות זענען פאַרבליבן ביז אַרונטער צו אים. איצט האָט ער געזידלט און געליטן, פּונקט ווי זיי האָבן דאָס פאַר אים געטון.

מיטן דאָזיקן גאָריאָן האָט קנאָפּסן פאַרבונדן אַן ערלעכע פריינטשאַפט. מיט אינטערעס און מבינות פלעגט קנאָפּס באַטראַכטן גאָריאָנס צוועלפיאָריקע טאָכטער, די קליינע יאַלטאַ, און ער האָט ביי גאָריאָנען אַרויסבאַקומען די הבטחה, אַז ער וועט אים געבן יאַלטאַן פאַר אַ פרוי, אויב עס וועט קומען די גרויסע ענדערונג און ער וועט זיין אַ פרייער מענטש. היינט, איבערצייגט, אַז ער וועט באַלד קומען, דער טאָג, האָט ער אויפן קול זאַפטיק געטרוימט וועגן דעם, וואָס אַלץ ער וועט טון מיט דער קליינער יאַלטאַ אין דער ערשטער נאַכט. גאָריאָן אָבער, יאַלטאַס פאָטער, האָט כיטרע געדראָט קנאָפּסן מיטן פינגער. דערויף האָט קנאָפּס דערקלערט,

אַז ער וועט שלאָפן מיט זיין יאַלטאַ, צי גאָריאָן וויל אָדער נישט. דאָס האָט גאָריאָן נישט געקאָנט פאַרשווייגן, האָט ער געזאָגט מיט חוזק: „קוקט אים נאָר אָן, דעם קנאָפּס פון קיליקיען”, דערביי האָט ער אַרויסגערעדט דעם נאָמען קנאָפּס מיט אַ שאַרפן, קורצן „אָ”. קנאָפּס אָבער, פול צוטרוי צו זיין האַרס ווערטער, איז נאָך זאַפּטי-קער געוואָרן און דערווידערט, אַז נישט נאָר מיט גאָריאָנס טאָכטער, יאַלטאַן, — אויך מיט גאָריאָנס געטין, טאַראַטע, וועט ער שלאָפן. דידאָזיקע אומדערהערטע לעסטערונג פון לייבאייגענעם קנאָפּס האָבן גאָריאָנען אַזוי אַרויסגעבראַכט פון די כלים, אַז ער האָט קנאָפּסן געשליידערט אין קאָפּ אַריין זיין פולן בעכער וויין.

גאָריאָן איז זיכער געווען, אַז קנאָפּס וועט ענטפערן אויף דער באַליידיקונג מיט אַ שטראָם מוראדיקע זידל-ווערטער. דאָס איז אָבער נישט געשען. אדרבה, דער לייבאייגענער האָט זיך רויִק אָפּגעווישט דעם וויין פון פנים און שכיל געזאָגט: „היט די ביינער, גאָריאָן. עס קאָן נאָך טרעפן, אַז קנאָפּס זאָל זיך אַרויסווייזן אַלס נאָענטסטער פריינט פון אַ זייער מעכטיקן האַר”. דעמדאָזיקן זאַץ האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַזאַ ערנסט און אַזאַ געלאַסנקייט, אַז דער טעפער גאָריאָן איז אַנטשוויגן גע-וואָרן.

11.

## אָפּט איז דער קרימסטער וועג — דער גלייכסטער

אויב ווראָ האָט טערענצן זיך געלאָזט צאַפּלען, האָט ער אַליין אויך געמוזט לערנען זיך געדולד. פירנדיק ווייטער זיין שטורמיש לעבן אין דער ווילע-פּאָרשטאָט דאַפנע, האָט ער גלייכצייטיק געוואַרט מיט אַלץ אַ׳מער אומהיימלעכער נעשפּאַנטקייט, צעיאָן זאָל שוין ענדלעך אויסוויילן פּאַקאָרן. צעיאָן אָבער האָט אָפּגעשלעפּט זיין אַנטשיידונג.

ווֹאַראָ האָט זיך אַנטשלאָסן אים אָנצושפּאָרנען. אומעטום האָט ער געהאַלטן אין איין דערציילן, ווי וויכטיק עס איז פֿאַר רוים איינצושטעלן נאָרמאַלע באַציִונגען מיט די פּאַרטער און אָנערקענען אַרטאַבאַנען; ער האָט געוווּסט, אַז מען וועט ציִאָנען דערטראָגן דידאָזיקע רעדעס. ער האָט אויך ווידער אַרויסגענומען פֿון זיין קעסטעלע די קוויטירונג אויף דעם אינספּעקציע־שטייער און זי אַלעמען געוויזן אין אַנטיאָכיע, וויצלענדיק זיך ביז איבער דער גרויסקייט־מאַניע פֿון גובערנאַטאָר.

דער עיקר אָבער האָט ער זיך באַמיט צו לאָזן אין גאַנג ציִאָנס אַלטן שול־צונאָמען: צי־מענטשעלע. דער נאָמען האָט נושא־חן געווען ביים שפּאָט־ליבנדיקן סירישן פֿאָלק, האָט שנעל באַקומען אַ געשלעכטלעכע נעבנבאַדייטונג, האָט זיך פֿאַרשפּרייט מיט ווינט־שנעלקייט איבערן גאַנצן מזרח, און דער נאָמען ציִאָן איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורכן נאָמען צי־מענטשעלע. אומעטום האָט מען פֿאַרקויפֿט אין די צענער־טויזנטער האָלץ־ליאַלקעס מיט באַוועגלעכע גלידער, וואָס מיט דער הילף פֿון אַ קליינער הייב־שטאַנג קאָן מען זיי זיך לאָזן אויסציִען און ווידער צוזאַמענציִען. ביי איינעם פֿון זיינע יום־טובֿים האָט ווֹאַראָ פֿאַרטיילט אַזעלכע האָלץ־ליאַלקעס צווישן זיינע געסט. ציִאָן האָט זיך געמוזט דערקלערן פֿאַר פֿאַקאָרן.

דער גובערנאַטאָר איז געווען אויסער זיך, וואָס יענער צונאָמען פֿון זיין יוגנט־צייט, אין רוים שוין לאַנג פֿאַרגעסן, פּייניקט אים ווידער אין מזרח. עס האָט אים אויך טיף געערגערט, וואָס דורך זיין עדיקט האָט ער די לאַגע נאָך פֿאַרערגערט. זיינע באַראַטער האָבן אים אָפּגעראַטן, האָבן אים דערקלערט, אַז דער מזרח וועט געפֿינען טויזנט וועגן אויסצומיידן זיין עדיקט. ער האָט עס אָבער נישט געוואָלט גלייבן. איצט האָט ער געזען דעם דערפֿאָלג: ער האָט בלויז פֿאַרשאַרפֿט זיין מפּלה.

ביים צוזאַמענטרעף מיט ווֹאַראָן האָט ער קודם־כּל געוואָלט באַרעכטיקן זיין עדיקט, ער האָט דעם צווייטן געוואָלט קלאָר מאַכן, אַז ער האָט נישט געהאַנדלט פֿון פּוסטער גאווה. ווען מען

וואָלט בלויז אים פערזענלעך געוואָלט ערגערן מיטן נאַרישן צונאָ־מען, האָט ער אויפגעקלערט וואַראָן, וואָלט ער דערויף קיין שום אַכט נישט געווען געלייגט. אָבער דער פּרעכער, בונטעווענדיקער, מזרחדיקער ערב־רב וויל חוזק מאַכן מיטן צונאָמען פון דער גאַנ־צער אימפּעריע, עס האַנדלט זיך וועגן רוימס פּרעסטיזש, במילא מוז ער לערנען מיט אים דרך־ארץ מיט אַלע מיטלען.

וואַראָ האָט אים אויסגעהערט העפלעך, מיטפילנדיק. ער איז מודה, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָפט נישט אויף קיין גוטס פון דאָזיקן ענין; מיט אַזעלכע מיטלען, ווי דער עדיקט, וועט צע־יאָן גאָרנישט אויספירן אין מזרח. די אַנטיאָכיער האָבן פון תמיד אָן געהאַט צונעמען פאַר יעדן הערשער, אַקטיאָר און אַטלעט, באַ־טראַכטן דאָס פאַר זייערס אַ פּריווילעגיע, קיינער האָט דאָס ביז איצט נישט אָנגערירט. עס איז אַ סך קליגער צו לאָזן די הינט בילן, איידער געביסן צו ווערן פון זיי. אויב עס איז אים דער־לויבט צו געבן צעיאָנען אַן עצה, זאָל ער באַהאַנדלען דאָס פאָלק אויף אַזאַ אופן, אַז דער צונאָמען זאָל ביסלעכווייז פאַרלירן זיין בייזוויליקן כאַראַקטער און באַקומען אַ צערטלעכן זין. און ער האָט אויסגערעדט דאָס וואָרט איינס, צוויי, דריי מאָל און עס פריינט־לעך געלאָזט צעגיין אויף דער צונג: „צי־מענטשעלע, צי־מענטשעלע".

צעיאָן איז געווען דערצערנט. ער האָט, נאַטירלעך, גע־ווּסט, אַז דעם צונאָמען האָט אויסגעגראָבן וואַראָ. עס איז געווען נאַריש פון זיין זייט צו וועלן ווערן פאַרטרויט מיט אַ מענטש, וואָס זיין לעצטער ציל איז אַ פּוסטער שפּאַס. וואַראָ האָט געזען, וואָס עס קומט פאָר אין צעיאָנען. ער האָט טריאומפירט. צי־מענ־טשעלע וועט נישט אָנערקענען אַרטאַבאַנען, צי־מענטשעלע וועט אַליין אַרויסצויבערן זיין גורל, דעם אַלטן נעראָ.

ער איז דרייסט אַריבער אין אָנגריף. געפּרעגט מיט זאָרג צי צעיאָן האָט זיך נאָך אַלץ נישט אַנטשלאָסן וועמען פון די צוויי פּאַרטישע טראָן־פּרעטענדענטן צו אָנערקענען. ער האָט איבערגע־חזרט זיין עצה זיך צו אַנטשליסן פאַר אַרטאַבאַנען.

ער האָט שוין וואַראָן איינמאָל געגעבן די געלעגנהייט, האָט צעיאָן קאַלט געענטפערט, אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג, און ער, צע־יאָן, האָט גוט דורכגעטראַכט דעם פּריינצעס אַרגומענטן. ער שעצט וואַראָס זאַכקענטעניש, אָבער עס זענען דאָ אַנדערע זאַכקענער, וועלכע האַלטן זיך ביי אַן אַנדערער מיינונג. ער ספקט נישט אין וואַראָס גוטן ווילן; אָבער עס קאָן דאָך זיין, אַז קעגן זיין ווילן גיט דאָ אַן עצה נישט דער רוימער, נאָר דער „פריינט פון גרויס־קעניג", פון גרויס־קעניג אַרטאַבאַן, האָט ער צוגעגעבן מיט שטילן חוזק. עס שטייט אים פאַר אַ שווערע אַנטשיידונג, און ער האַנדלט נישט פאַר זיך פערזענלעך, נאָר ער טראָגט די אחריות פאַרן קייזער, האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ געפיל פון זעלבסט־חשיבות.

וואַראָ האָט אויסגעזען צו זיין דערשטוינט. מיט אַ טריאומ־פירנדיק געפיל האָט ער פאַרלאָזט דעם פּאַלאַץ.

אין דריי טעג אַרום האָט דער גובערנאַטאָר אָפיציעל מודיע געווען, אַז ער פירט אונטערהאַנדלונגען וועגן באַנייען די אָפּמאַכן מיט פּאַקאָרן, אַלס דעם פּאַרטישן גרויס־קעניג.

## 12.

## טערענץ ווערט פאַרוואַנדלט אַ צווייט מאָל

דער טערמין, וועלכן טערענץ האָט זיך געשטעלט אויף אָפּ־צוזאָגן זיך פון דער האָפענונג, איז שוין פאַריבערגעגאַנגען. ער האָט אָבער זיין האָפענונג נישט פאַרלוירן. עס איז פאַרגאַנגען נאָך אַ וואָך, נאָך איינע. ענדלעך האָט וואַראָ געלאָזט הערן פון זיך.

ער האָט געשיקט אַ לאַנגן בריוו. טערענץ איז אים שנעל דורכגעלאָפן מיט די אויגן, מיט שרעק, געשפּאַנט. וואַראָ האָט אַליין נישט געשריבן, — דער ענטפער איז געקומען דורך זיין סעקרעטאַר, וועלכער האָט זיך אויספירלעך אָפּגעשטעלט אויף יעדן

געשעפּטלעכן פּרט, וואָס טערענץ האָט דערמאָנט אין זיין בריוו. טערענצן איז אַנטפּאַלן געוואָרן דאָס האַרץ. אָבער ביים סוף בריוו איז געקומען אַ צושריפט, שוין מיט וואָראָס אייגענער האַנטשריפט. ער האָט, איז געשטאַנען אין צושריפט, אַז די געטער וועלן אינגיכן צוטרעטן צו דער פּאַרוואַנדלונג, וועגן וועלכער טערענץ שרייבט.

טערענץ איז פּאַרכליניעט געוואָרן פון אַ גרויסן, באַגליקנדן שטאָלץ. ער איז אָבער געווען געאיבט אין געדולד, ער האָט זיך געקאָנט באַהערשן. דאָסמאָל האָט ער זיך נישט פּאַרראַטן אפילו פאַר זיין לייבאייגענעם קנאָפּס. אָבער מיט וואָראָס בריוו האָט ער זיך נישט געשיידט, אים כסדר געטראָגן ביי זיך. אָפטמאָל, אין איינזאַמקייט, פלעגט ער אים אַרויסנעמען און לייענען דעם לעצטן זאַץ אָן אַ שיעור מאָל. אַמאָל פלעגט ער אַנטלויפן מיט זיין גליק אין דער איינזאַמקייט פון לאַבירינט. דאָרט, אין איינער פון די פאַרבאָרגענע, טונקעלע קאַמערן, פון קיינעם נישט געזען, אַ חוץ פון די פלעדערמייז, פלעגט ער זיך אויסציִען, אויסשטרעקן די אָרעמס, נאַריש, באַגליקט שמייכלען און אָננעמען, ווי בשעתו פאַרן סענאַטאָר וואַראָ, דעם גאַנג, די זשעסטן און די שטימע פון קייזער.

אין גאַנצן געביט פון דער רוימישער אימפּעריע האָט מען בשעתו, לויט אַ פאַראָרדענונג פון סענאַט, פאַרטיליקט די דענקמע-לער און ביוסטן פון שענדלעך-אומגעקומענעם קייזער נעראָן. אָבער מחוץ די גרענעצן פון דער אימפּעריע, דער עיקר, אין צווישנ-שטראָמלאַנד, זענען נאָך פאַרבליבן אַ סך פון דידאָזיקע ביוסטן און סטאַטועס. סענאַטאָר וואַראָ האָט אַ גרויסע צאָל פון זיי גע-לאָזט אַריבערטראַנספּאָרטירן קיין עדעסאַ. דאָ זענען זיי געשטאַנען און געלעגן אין איינעם פון זיינע גיטער, נאָענט פון דער שטאָט, אין אַ גרויסער שאָפּע און אויף דעם פאַרוואָרלאָזטן הויף פאַר איר. אַכטונג געגעבן אויף זיי האָט איינער פון זיינע יונגע, האַלב-אי-דיאָטישע לייבאייגענע.

אין איינעם אַ שיינעם טאָג איז טערענץ אַראָפּגעקומען אין

וואַראַס דאָזיקן גוט. דער לייבאייגענער בחור האָט דעם זעלבסט-זיכערן רוימער אָן שום שטערונגען אַריינגעלאָזט. טע־ענץ איז אַרומגעגאַנגען צווישן די שטיינער און מאַרמאָר-בלאָקן, וואָס האָבן אויפגעהיט נעראָנס פּנים און וועזן. דער טויטער קייזער איז דאָ געלעגן, געשטאַנען און געזעסן אין הונדערט פּאָזעס. טערענץ איז אַרומגעגאַנגען צווישן דידאָזיקע סטאַטועס. ער האָט אַלע באַטראַכט, פאַר אַ סך איז ער לאַנג געשטאַנען, ער האָט זיי אויפגענומען אין זיך, זיי אַריינגעזויגן אין זיין אינערלעכקייט, האָט זיך געפּילט אַזוי פאַרקנופּט מיט זיי, אַז צום סוף האָט ער שוין אַליין נישט געוווּסט, וועמען דידאָזיקע בילדער שטעלן פאָר: אים גופא אָדער אַ צווייטן. באַזונדערס לאַנג איז ער שטיין געבליבן פאַר אַ וואַקס-ביוסט. ער האָט אַרויסגענומען זיין שמאַראַגד. יאָ, דאָס איז געווען ער, נעראָן-טערענץ, ווי ער איז דאָס געווען מיט פערצן יאָר צוריק. ער איז געשטאַנען פאַרן ביוסט, אָנגענומען זיין אויסדרוק ביז אין די קלענסטע פּרטים, געשטאַרט אויף אים מיט זייע קורצזיכטיקע אויגן, צוזאַמענגעצויגן די ברעמען און דעם שטערן, דעם קאָפּ גאַוווהדיק אַ ביסל אויפן פאַרנט, די אונטערשטע ליפּ און דעם קין אויסגעצויגן, דאָס מויל — פאַרפּרעסט, אומגעדולדיק, זייער שטאָלץ. אַזוי איז ער געשטאַנען אַ לאַנגע צייט.

דער יונגער וועכטער האָט זיך דערווייל געהאַט פאַרקליבן אין אַ ווינקל פון הויף. פון דאָרט האָט ער מיט שרעק און נייגיר באַטראַכט דעם פרעמדן הער און זיין מערקווירדיקע האַלטונג. אָבער בעת טערענץ איז געשטאַנען פאַר דעם וואַקס-ביוסט, האָט זיך דעם בחורס פּנים פּלוצלינג פאַרענדערט און ער איז נאָך מיט מער שרעק פאַרקראָכן אין זיין ווינקל. און ווען דער פרעמדער האָט זיך ענדלעך אָפּגעריסן פון דעם ביוסט און איז אַוועק מיט אַ ביסל וואַקלדיקע טריט, איז דער בחור פּלוצלינג צוגעלאָפן צו אים און האָט זיך געוואָרפן צו זיינע פיס, מיטן שטערן צו דער ערד, ווי דאָס טוען אָריענטאַלישע מענטשן פאַר געטער אָדער פאַרן גרויס-קעניג.

טערענץ איז איילעך אַוועק, טיף אין הארץ דערשראָקן און

באַגליקט: אויך די גייסטיק-מינדערווערטיקע דערקענען שוין ווער ער איז און צוואָס ער איז באַשטימט. אַן אומגעהייער געפיל פון אַנטציקונג האָט אים פאַרפרעסט דעם אָטעם, כמעט ווי געוואָרגן. ווי אַ שיכור האָט ער זיך געטראָגן איבער דער לאַנדשאַפט, ווייט-ווייט, ביז זי נעמט איבערגיין אין וויסטע. אויף אַ קליין בערגל איז ער געבליבן שטיין. די אַקסלען האָט ער אַרויפגעצויגן איני-דערהייך, מיט נערוואָנס נאַכלעסיקן, שטאָלצן זשעסט האָט ער גע-לאָזט פאַלן דעם אָרעם און כמעט מיט חוזק ציטירט דאָס וואָרט פון גריכישן טראַגיקער: „ערד, צי האָסטו שוין ווען געטראָגן צווישן די שטערבלעכע אַ גרעסערן?"

עס איז געווען אוממעגלעך צו זען איצט דאָס וואָכעדיקע פנים פון קאַיאַ אָדער קנאַפס. ער האָט אונטערגעטויכט אין זיי לאַבירינט. ער האָט זיך צוגעהערט צו דער שטים פון זיין דאַימאָ-ניאָן. און די שטים איז אויפגעשטיגן אין אים און געזאָגט צו איס: „זיי געגריסט, צעזאַר. העכער. כסדר העכער. צו די שטערן, צעזאַר".

## 13.

## אַן איבערגעטוענער פּירשט

אין עדעסאַ אינצווישן האָט מען אַלץ אָפטער גערעדט וועגן נעראָנען, ווי גוט עס איז געווען אונטער זיין רעגירונג, או אפשר האָט ער זיך טאַקע געראַטעוועט און אינגיכן וועט ער זיך באַווייזן. ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז צי-מענטשעלע האָט אָנערקענט אַלס פאַרטעדישן גרויס-קעניג נישט אַרטאַבאַנען, נאָר פּאַקאָרן, איז די בענקשאַפט צום טויטן קייזער און די אויפרעגונג קעגן טיטוסן און זיין שטעלפאַרטרעטער געוואָרן אַלץ העפטיקער און העפטיקער. פּאַקאָר, וועלכן רוים האָט אָנערקענט, האָט גע-הערשט אין ווייטן מזרח פון דער פּאַרטער-מלוכה, און די געביטן,

וואָס גרעניצן מיט עדעסאַ, האָבן זיך געפֿונען אונטער אַרטאַבאַנס הערשאַפֿט. זאָלן אויסברעכן קאַמפֿן צווישן רוים און אַרטאַבאַנען, וועלן זיי מוזן אויסגעקעמפֿט ווערן אויף עדעסאַער געביט. די מענטשן פֿון עדעסאַ האָבן נישט געוואָלט קיין קריג. איז דען נישט געווען גענוג, וואָס רוים פֿאַרקלענערט זייער ריווח דורך אומגעהײַערע שטײַערן און טריבוטן? פֿאַר וועמען נעמט מען צונויף מיט אַזוי פֿיל מי אייל, ווײַן, מעל? פֿאַרן פֿרעמדן, פֿאַרן פֿרעמדן דעראָבערער פֿון מערב, פֿאַר רוים. אַך, וואָלט שוין ווידער געקומען דער גוטער קייזער נעראָן. אונטער זײַן הערשאַפֿט האָט מען געקאָנט דורכקומען מיט רוים, מען האָט געהאַנדלט מיט רוים און יעדער איינער האָט געצויגן נוצן פֿון דעם, רוים און עדעסאַ. נעראָן האָט אויך נישט אָנגערירט די אַלטע מזרח־געטער, טאַראַטאַן, דעם רײַטנדן מיטראַס, די אַראַבישע שטערן־געטער. פֿאַרוואָס זאָלן איצט דער קאַפּיטאָלינישער יופּיטער און די „געטין רוים" זײַן גרעסער פֿאַר מיטראַס און די געטין טאַראַטאַ, די „געטין סיריען"? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גאָט, וואָס פֿאָדערט כּסדר פֿון די געפּלאָגטע מענטשן אַלץ מער אַרבעט און אַלץ מער שטײַערן? די פֿיש פֿון דער געטין טאַראַטע זענען ווײניקער גייציק, ווי יופּיטערס אָדלער. די זעלנער פֿון רוימישן גאַרניזאָן האָבן געפֿילט אויף זיך אַלץ מער פֿינסטערע בליקן. „צי־מענטשעלעס קנעכט", האָט מען הינטער זייער רוקן געחוזקט און געזידלט, און ווען איינער פֿון זיי איז געגאַנגען דורך די עדעסאַער גאַסן בײַנאַכט, האָט ער זיך געפֿילט אומהיימלעך. אויף די עפֿנטלעכע פּלעצער האָט מען גענומען ברענען די באַוועגלעכע, קאָמישע האָלץ־ליאַלקעס, אומגעהײַער פֿאַרגרעסערטע. און מען האָט אַלץ העכער גערעדט וועגן דעם, אַז צי־מענטשעלעס הערלעכקייט וועט שוין לאַנג נישט אָנהאַלטן, דער קייזער נעראָן איז דאָ, ער געפֿינט זיך אין עדעסאַ, ער וועט אינגיכן זיך לאָזן דערקענען און צי־מענטשעלען דערלאַנגען איבערן קאָפּ.

אַ סך וואָלטן איצט שטאַרק געוואָלט, סענאַטאָר וואַראָ זאָל דאָ זײַן; מען וואָלט פֿון אים זיכער געהערט נישט איין קלוג

וואָרט וועגן רוים און דער פּאָליטישער סיטואַציע. אָבער וואַראָ איז פאַרבליבן אין אַנטיאָכיע, אומדערגרייכבאַר, פאַרזונקען אין די גענוסן פון דער ווילינג-שטאָט דאַפנע.

אויב וואַראָ איז פאַרבליבן הינטער די קוליסן, האָט זיך דערפאַר באַוויזן אַן אַנדערער רוימער, אַ געהיימנישפולער מאַן. אַ קוריער האָט געבראַכט פאַרן טעמפּל פון דער געטין טאַראַטע אַ טשעק אויף אַ זייער גרויסער סומע, אַלס געשאַנק פון קייזער נעראָ פאַר זיין ניצול ווערן פון אַ גרויסער סכנה. דעם קעניג מאַלוק, וועלכער איז געווען זייער עמפּינדלעך אויף ווייבלעכער שיינקייט, האָט דער זעלבער געהיימנישפולער קוריער געבראַכט אַלס געשאַנק צוויי פיינע לייבאייגענע בתולות. דער קעניג און דער איבער-פריסטער האָבן זיך געוואַקלט אָנצונעמען די מתנות. אָבער היות די סומע איז געווען זייער גרויס און ביידע מיידלעך זייער שיין, האָבן זיי סוף-כל-סוף יאָ אָנגענומען די מתנות.

קעניג מאַלוק און דער איבער-פריסטער שאַרביל פלעגן באַנוצן אין פּאָליטישן שמועס, אפילו אונטער פיר אויגן, בלויז בלומיקע, פאָרזיכטיקע אויסדרוקן. אויך וועגן דעם דערשיינען פון פאַרשווונדענעם קייזער האָבן זיי גערעדט אין דער זעלבער פאָרם. „עס וואָלט גוט געווען צו וויסן", האָט געזאָגט דער קעניג, „וואָס אַ געוויסער רוימער טראַכט ביי זיך אין האַרץ וועגן דאָזיקן קייזער, און ווי פּעסט עס איז דער באָדן, אויף וועלכן עס שטייען זיינע געדאַנקען". „דערדאָזיקער געוויסער רוימער", האָט דערווידערט דער איבער-פריסטער, „פאַרשווענדט די קראַפט פון זיין האַרץ און פון זיינע לענדן אין די הייזלעך פון אַ מערב-שטאָט". „די געטער האָבן אים געשאָנקען אַ וויטן בליק", האָט דערווידערט דער קעניג, „און אויך פונם הייזל אין מערב קאָן ער אַריבערקוקן אין אונזער מזרח". „מעגלעך", האָט געענטפערט דער איבער-פריסטער. „ווען מען שיקט אָבער צו אים אַ קוריער, קאָן מען אים איבערכאַפּן און אים צווינגען אויסצופלוידערן. שווייגעוודיק איז בלויז די ערד". „עדעסאַ איז אַלט", האָט דער קעניג באַמערקט, „און וועט נאָך איבערלעבן נישט איין מלוכה, און

געדולד איז אַ גוטע זאַך". „איך אַליין בין אויך אַלט", האָט אומצופֿרידן אַרויסגערעדט דער אויבער־פּריסטער, „אָבער נישט פֿון שטיין און ערד, ווי עדעסאַ".

די געהיימנישפֿולע מתּנות פֿון קייזער נבֿראַ אָדער אַנדערע סימנים האָבן אָנגעשפּאַרנט די פֿאַנטאַזיע פֿון פֿאָלק, — יעדנפֿאַלס זענען די קלאַנגען, אַז נבֿראָן לעבט, געוואָרן אַלץ באַשטימטער, און אַלץ באַשטימטער האָט מען אויך גערעדט וועגן דעם, אַז ער געפֿינט זיך אין עדעסאַ.

דער טעפּער טערענץ האָט גיריק איינגעזויגן אין זיך די־דאָזיקע קלאַנגען. ער האָט זיך אָבער מיט גאָרנישט נישט פֿאַרראַטן. ער איז איצט געווען זיכער אין זיין דערפֿאָלג און עס איז אים לייכט געווען צו זיין געדולדיק. ער האָט געשפּירט מיט זיין גוטן אינסטינקט, אַז עס איז בעסער צו זיצן שטיל און לאָזן אַלץ רייפֿן פֿון זיך אַליין.

און פֿון זיך אַליין איז געשעען זייער אַ סך, כּדי צוצוגרייטן זיין דערהייבונג. דער קרייז, ווו מען האָט געדאַרפֿט זוכן דעם קייזער, איז געוואָרן אַלץ קלענער, ער האָט זיך אַלץ ענגער צו־זאַמענגעצויגן אַרום דער רויטער גאַס. מיט אַלץ אַ גרעסערער באַשטימטקייט האָט מען גערעדט, אַז דער טעפּער טערענץ איז נישט דאָס, וואָס ער איז.

טערענצס באַקאַנטע האָבן ביים באַגריסן אים אַרויסגעוויזן אַ געוויסע שרעק, פֿרעמדע האָבן איינער דעם צווייטן אָנגעוויזן אויף אים אין גאַס, הינטער זיין רוקן האָט מען גענומען פֿליסטערן, און ווען ער פֿלעגט אומגעריכט אַריינקוקן עמעצן אין פּנים, איז דערויף געווען צו לעזן יראת־הכּבֿוד און פֿאַרלעגנהייט. ער האָט דאָס געזען מיט טיפֿער באַפֿרידיקונג, ער האָט זיך אָבער ווייטער געמאַכט נישט ווויסנדיק.

אויך דער לייבאייגענער קנאָפּס האָט באַקומען זיין חלק פֿון דער געהיימער פֿאַרערונג, מיט וועלכער מען פֿלעגט באַגעגענען זיין הער. קנאָפּס איז געווען גליקלעך, וואָס דער טאָג, אויף וועלכן ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט, הייבט אָן אָנצוקומען. זייער אינטע־

ליגענט, האָט ער פאַרויסגעזעען, ווי אַזוי מען וועט דאַרפן דער־קלערן די זאַך: אַז ביים לעצטן צוזאַמענטרעף אויפן פּאַלאַטין האָט קייזער נעראָן פאַרויסזעעריש זיך געביטן מיטן טעפּער טע־רענץ מיט די ראָלעס. אָבער גראָד דערפאַר, ווייל קנאָפּס האָט דאָס דערקענט, האָט ער געוווסט צו ווייזן זיין האַר פּונקט אַזאַ פּנים, ווי יענער האָט עס געוואָלט זען. ער האָט מיט גאָרנישט געענדערט זיין האַלטונג.

געענדערט האָט זיך אָבער ביסלעכווייז, קעגן זיין ווילן, טערענצעס האַלטונג. ער האָט זיך באַמיט זיך נישט וויסנדיק צו מאַכן, אָבער ער האָט זיך געהאַלטן אַזוי, אַז אַלע האָבן געמוזט זען, דאָס ער וויל זיך נישט וויסנדיק מאַכן. ער איז מער נישט געווען דער טעפּער טערענץ, נאָר אַ געהיימנישפולער מאַן, וועמען עס געפעלט צו שפילן די ראָל פון טעפּער טערענץ.

בלויז איינע האָט נישט מיטגעמאַכט די שפּיל פון טעפּער טערענץ: קאַיאַ. זי האָט באַשלאָסן אויסצובייטלען אַלע בייזע חלומות צו זיין קאָפּ.

נאָך מיט אַ פּאָר וואָכן פריִער איז פאַר איר טערענצן גע־ווען אַ פאַרגעניגן צו באָדן זיך לאַנג אין איינעם פון די עפנטלע־כע בעדער. דאָרט פלעגט ער זיך טרעפן מיט זיינע באַקאַנטע און זיי דערקלערן זיינע מיינונגען וועגן פּאָליטישע און ליטעראַרישע ענינים. לעצטנס אָבער האָט ער ליבערשט גענומען אַ באָד אין ענגן, אומבאַקוועמען באָד־צימער פון זיין הויז אין דער רויטער גאַס. דאָרט איינער אַליין, אין אָנגענעם־וואַרעמען וואַסער, פלעגט ער פאַרזינקען אין טרוימען, זינגען, רעציטירן, און נאַקעטערהייט אָדער אין באָד־מאַנטל זיך איינאיבן אין דער מאַיעסטעטישער האַלטונג, וואָס די צוקונפט וועט פון אים פאָדערן. און אין דאָ־זיקן צושטאַנד, אין באָד־מאַנטל, מיטן שמאַראַגד פאַרן אויג, מיט אַ שטאָלץ־אויסגעשטרעקטער קין און אונטערליפּ, האָט אים קאַיאַ גע־פונען, ווען זי איז איינמאָל אַריינגעקומען אין באָד־צימער, אַנט־שלאָסן דורכצופירן דאָס איריקע. ברייט און פעסט איז זי געשטאַ

נעֶן פאַר אים. די ביידע מענטשן האָבן כמעט אינגאַנצן אויסגע־פילט דאָס ענגע צימער. זי האָט אים אָן קונצן געזאָגט, מיט וואָס דאָס שמעקט, אַז די מענטשן, וואָס פאַרקאָכן דידאַזיקע שפּיל, טוען דאָס זיכער נישט צוליב זיינע בלאָנדע האָר און גרויע אויגן, נאָר צוליב טונקעלע, געפערלעכע צוועקן, אַז ער וועט ווידער אַר־בעטן פאַר אַנדערע אויף זייער אַן אומווירדיקן אופן, און אויב עס וועט גיין מיט דער פוטער אַראָפּ, וועלן זיי אים איבערלאָזן אויף זיין אייגענעם באַראָט. און צי קאָן דען נישט גיין מיט דער פו־טער אַראָפּ, ווען אַ טעפער פון עדעסאַ טרעט אַרויס קעגן דער רוימישער אימפּעריע.

טערענץ האָט זיך אָפּגעקערט, האָט געלאָזט אַראָפּפאַלן דעם באָד־מאַנטל. נאַקעט, מיטן רוקן צו איר, איז ער געזעסן אויפן ראַנד פון דער וואַנע, וואַרפנדיק מיט די פיס אין וואַסער. ער האָט געשוויגן. זי האָט נישט אויפגעהערט רעדן צו אים. זי האָט אים דערמאַנט אין יענער אומהיימלעכער נאַכט, ווען ער האָט שיִער נישט באַצאָלט מיטן לעבן פאַר זיין גרייטקייט אויסצופירן פרעמדע פּלענער. זי האָט אים דערמאַנט, ווי ער פלעגט צוריק־קומען פון זיינע אויספלוגן אויפן פּאַלאַטין אויסגעבאָדן אין שווייס, עלנט. ער האָט געשוויגן. היות זי האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן, האָט ער גענומען זיך אָנטון, אונטערפייפנדיק.

## 14.

# צוויי אַקטיאָרן

אין אַ נאַקעטער שטוב פון אַ האַלב־חרובן הויז אין דער דרום־פאָרשטאָט פון עדעסאַ איז געזעסן איבער אַ מאַנוסקריפּט יאָהאַנעס פון פּאַטמאָס, דער מענטש, מיט וועמעס עדיפּוס־פאַרקער־פּערונג דער טעפער טערענץ איז נישט מסכּים געווען. עס איז געווען טיפע נאַכט, די גאַנצע גאַס איז שוין לאַנג פאַרזונקען גע־

ווען אין פינסטערניש, בלויז אין יאָהאַנעסעס צימער האָט געברענט אַ לאָמפּ.

יאָהאַנעס האָט געהאַט אַדורכגעקוקט דעם מאַנוסקריפּט נאָכמיטאָג. זיין האַלב־וויקסיקער זון אַלעקסאַי האָט אים געבראַכט; איינער פון די קריכטלעכע גלויבנס־ברידער האָט עס אים מיטגעגעבן. דאָס איז געווען די גריכישע איבערזעצונג פון אַ טראַגעדיע, וואָס האָט מיט אייניקע יאָרן צוריק אַרויסגערופן פיל רעש; איר מחבר זאָל כלומרשט זיין דער גרויסער דיכטער־פילאָזאָף סענעקאַ, און באַהאַנדלט האָט זי דעם גורל פון אָקטאַוויאַ, נעראָנס ערשטער פרוי, וועלכע דער טיראַן האָט פאַרשיקט און געטויט. יאָהאַנעס האָט בשעתו געהאַט געלעזן די פּיעסע אינם לאַטיינישן אָריגינאַל, און עס האָט אים געוואַלטיק מיטגעריסן. איצט, זינט זיין איבערגיין צו די קריסטן, האָט ער באַטראַכט פאַר אַ זינד צו באַשעפטיקן זיך מיט וועלטלעכע ביכער. אָבער היינט, ווען זיין זון האָט אים געבראַכט אין עטוב די גריכישע איבערזעצונג פון דער טראַגעדיע, האָט ער נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון צו וואַרפן דערין אַ בליק. ער האָט בלויז געוואָלט דורכפליען דעם מאַנוסקריפּט מיט די אויגן, נישט לייענען, און ער האָט טאַקע תיכף גובר געווען דעם נסיון און עס אָפּגעלייגט אין אַ זייט. אינאָוונט, כדי צו קאָנצענטרירן זיינע געדאַנקען אויף עפּעס הייליקעס, האָט ער גענומען איינס פון יענע נביאישע ביכער פון דער סיבילע, וואָס גילטן ביי די קריסטן אַלס הייליק. אָבער דאָס בוך פון דער סיבילע האָט אויף אַ סך שטעלן טונקל מרמז געווען אויף נעראָנען, אויפן אַנטיכריסט, וואָס זיין הערשאַפט מוז שטיין אויף דער שוועל פון וועלט־אונטערגאַנג און פון גרויסן יום־הדין. און דידאָזיקע פינסטערע נביאות האָבן זיינע געדאַנקען נישט אָפּגעצויגן פון דער „אָקטאַוויאַ", נאָר זיי צוריקגעפירט צו איר. ער האָט נאָכאַמאָל אַרויסגענומען די „אָקטאַוויאַ", הגם ער האָט דאָס נישט געדאַרפט טון, און איצט, שוין טיף אין דער נאַכט, האָט ער נאָך אַלץ געלייענט, קעגן זיין ווילן, די שיינע, ליידנשאַפטלעכע פערזן.

יעדער איינער, וואָס איז נישט באַקאַנט געווען מיט יאָהאַנעסעס גורל, וואָלט זיך בשום אופן נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דער באַרימטער אַקטיאָר געפינט זיך אין דער שטאָט עדעסאַ, אין אַ הוילער שטוב. אָבער דעם גרויסן קינסטלער איז זיין קונסט נישט געווען גענוג. אין די שטעט פון קליין-אַזיע האָט ער געזען אַ סך עלנט און די פראַגע: „פונוואַנען נעמט זיך דער עלנט און ווי קאָן מען אים באַזייטיקן פון דער וועלט?" האָט אים גענומען אינטערעסירן נישט ווייניקער, ווי זיין קונסט. ער איז געווען פון געבורט אַ ייד, אָבער די ענטפערס, וואָס עס האָבן דערויף געגעבן די יידישע תנאים, האָבן אים פונקט אַזוי ווייניק באַפרידיקט, ווי די ענטפערס פון די גריכישע פילאָזאָפן און די סטאָאיקער. ער האָט אַלץ מער און מער סימפּאַטיזירט מיט דער לערע פון דער נייער סעקטע פון די אַזוי גערופענע קריסטן. זייערע לערעס וועגן דער באַגליקונג פון אָרימקייט, וועגן מקריב זיין דאָס ערדישע לעבן לטובת דעם הימלישן, זייערע טונקעלע נביאות וועגן נאָענטן וועלט-אונטערגאַנג, וועגן יענער וועלט און דעם גרויסן יום-הדין, דער פינסטערער פלאַם פון זייערע סיבילישע און אַפּאָקאַליפּטישע ביכער האָבן אים אָנגעפילט מיט אַ ציטער, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אי זיס, אי גרויליק. ער האָט אָנגעהויבן גלייבן, געצווייפלט, שטאַרקער געגלייבט, אָפּגעפאַלן פון גלויבן און צוריקגעקערט צו אים. נאָך לאַנגע קאַמפן האָט ער מוותר געווען אויף דעם כבוד און רייכטום, וואָס זיין קונסט האָט איך געבראַכט, און זינט אייניקע יאָרן שוין ווי ער לעבט אין דערדאָזיקער שטאָט עדעסאַ, ביים ראַנד פון דער ציוויליזאַציע, אין פריוויליקער אָרימקייט און נידעריקייט.

זיין נייער גלויבן האָט געפאָדערט פון אים נאָך אַ גרעסערן קרבן: ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין קונסט. די גריכישע דראַמען ווייזן דעם מענטש אין קאַמף קעגן דער גאָטהייט און דעם גורל, זיי פאַרהערלעכן דעמדאָזיקן קאַמף, זייערע העלדן שטאָלצירן: „נישטאָ קיין מעכטיקערס פאַרן מענטש". צי קאָן דען אַ מענטש אָנערקענען די גאולה-בשורה פון הכנעה און גלייכצייטיק שטיין

אין דינסט פון דידאָזיקע גאָווהדיקע גריכישע דיכטער ? יאָהאַנעס האָט געמוזט מסכים זיין, אַז דאָס איז אוממעגלעך און אַז זיינע גלויבנס-ברידער האָבן רעכט, וואָס זיי נעמען פאַר אומגוט זיין פּראָפעסיע. האָט ער מוותר געווען נישט נאָר אויפן גלאַנץ און אויפן געלט, וואָס דאָס טעאַטער האָט אים געגעבן, נאָר אויך אויף זיין קונסט. אָבער די דראַמען פון די גריכן, באַזונדערס סאָפאָק-לעסעס, זענען אים צו טיף געלעגן אין בלוט, ער זאָל זיך אינ-גאַנצן קאָנען אָפּרייסן פון זיי. די ליבסטע פון זיינע ביכער האָט ער מיטגענומען אין זיין אָרימקייט. אָט שטייען זיי דאָ, די קאָסט-באַרע מגילות, אין זייערע פּראַכט-דעקלעך, אויסטערליש אינמיטן פון אָרימען צימער. און הגם ער האָט זיך געמאַכט שווערע פאַר-ווורפן, פלעגט ער דאָך כסדר זיי אַרויסנעמען און באַגליקן זיין אויג, זיין אויער, זיין האַרץ מיט דער הערלעכקייט פון זייערע פערזן.

איצט, אין זיין נאַקעטער שטוב, אין דער נאַכט, איז ער געזעסן אַריבערגעבויגן איבער דעם מאַנוסקריפּט פון דער „אָק-טאַוויאַ". דאָס שלעכטע, קאָפּטשענדיקע לעמפּל פלעגט פון צייט-צו-צייט אויפפלאַקערן און אַרויסרייסן פון שאָטן טיילן פון זיין געזיכט. ער האָט זיך פאַרנאַכלעסיקט; אָבער זיין גרויס, צעאַקערט פּנים מיט דעם שווערן שטערן, די פינסטערע אויגן, דער שטאַר-קער נאָז, דער געקרייזלטער ווילדער באָרד, וואָס ער האָט זיך פאַרלאָזט אין דידאָזיקע יאָרן פון איינזאַמקייט, — דאָסדאָזיקע פּנים וואָלט זיך אויסגעטיילט פון טויזנט אַנדערע. מיט ברענענדי-קע אויגן האָט ער געלייענט ביים קליינעם פייער.

און פלוצלינג איז עפּעס געשען. פלוצלינג האָט אים זיין גאָט איינגעגעבן אַ געדאַנק, וואָס האָט אים אונטערגעהויבן פון אָרט און אים אַרומגעטריבן הין און צוריק אין דער נאַקעטער שטוב. דאָס, וואָס זיין זון אַלעקסאַי האָט אים אַריינגעבראַכט אין שטוב דאָסדאָזיקע ווערק, דאָס, וואָס די נביאות פון די סיבילע-ביכער האָבן אים ווידער געצוווּנגען צו לייענען די „אָקטאַוויאַ", — דאָס אַלץ איז געווען אַ צייכן. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געלייענט

אַזעלכע ווילדע אָנקלאַג-רייד קעגן נעראָנען, ווי אין דערדאַזיקער „אָקטאַוויאַ". דאָס איז נישט קיין צופאַל, וואָס דאָס בוך איז אים אַריינגעפאַלן אין די הענט גראָד איצט, ווען עס איז אויפגעקומען דער גלויבן, אַז דערדאָזיקער אַנטיכריסט נעראָן, דער גרויסער, וויסטער מאָנסטער, עקזיסטירט נאָך, וועט זיך בקרוב ווידער באַוויַיזן און פול מאַכן די ערד מיט בלוט און עקלדיקס. גאָט וויל, אַז ער, יאָהאַנעס, זאָל אַרויסטרעטן דאַקעגן. ווען ער וועט שפּילן אָדער רעציטירן דידאָזיקע פּיעסע, וועט דאָס נישט זיין קיין זינד, נאָר די דערפילונג פון גאָטס ווילן.

ער איז אַרומגעלאָפן אַהין און צוריק איבער דער פינסטערער, נאַקעטער שטוב. זיין זון אַלעקסאַי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און געקוקט מיט דערשראָקענע, פאַרשלאָפענע אויגן אויפן פאָטער, וועלכער האָט באַוועגט די ליפּן. מיטן ערשטן, שטילן פּרוּוו האָט ער אַרויסגעבראַכט פון זיך די פערזן פון דער „אָקטאַוויאַ". קלאַנג און וואָרט האָבן זיך אים פרייוויליק אונטערגעוואָרפן. די פערזן האָבן אים געטראָגן, די קלוגע, מאַספולע, דורכגעטראַכטע פון סענעקאַן, די ווילדע, איפערשטאַלצע, גרויזאַמע פון נעראָן, די ווילד-דערשראָקענע פון פּאָפּעאַ, די צאָרנדיקע פון אַגריפּינאַ, מיט מיטליידפולע — פון כאָר. זיין ווילן עפּנטלעך זיך צו באַקענען צו זיין גאָט, זיין האַס קעגן טיראַן נעראָן, זיין אומשטילבאַרע בענקשאַפט ענדלעך, ענדלעך ווידער זיך צו באַרוישן מיט זיין קונסט, — דאָס אַלץ, פאַרשמאָלצן אין איינס, איז אַריינגעפלאָסן אין די פערזן. יאָ, דידאָזיקע פּיעסע „אָקטאַוויאַ" מעג ער אָן געוויסנספּיין עפּנטלעך פאָרלייענען. דאָס איז גאָטס ווילן.

ער האָט געלאָזט מעלדן, אַז אין עדעסאַער אָדעאָן וועט ער רעציטירן סענעקאָס „אָקטאַוויאַ", אין גריכישן נוסח.

דידאָזיקע מעלדונג האָט אויפגערודערט די שטאָט. דער גרויסער אַקטיאָר יאָהאַנעס, וועמען מען האָט זינט יאָרן נישט געהערט, וועט דאַ אין עדעסאַ רעציטירן און נאָך דערצו עפּעס אַזוינס אויפרייצנדעס ווי די „אָקטאַוויאַ".

ווען יאָהאַנעס איז אַרויף אויף דער בינע, איז די שיינע אָדעאָן־געביידע פול געווען מיט אַ געשפּאַנטן עולם. עס זענען געווען די אָפיצירן פון רוימישן גאַרניזאָן און אַלע רוימער־פּרינץ פון עדעסאַ. אָבער די לאָיאַלע אָנהענגער פון קייזער טיטוס האָבן באַמערקט מיט אומרו און אומפּופרידנקייט, אַז צווישן די צוהערער זענען דאָ אויך אַ סך באַקאַנטע פּיינט פון די פלאַוויער, וואַראָס פּרייגעלאָזענע און פּראָטעזשירטע, בראש מיט זיין פּאַרוואַלטער לענעאוס, אפילו דער געוויסער טערענץ מיט אַ קרייז פּריינט זיינע פון טעפּער־צעך.

יאָהאַנעס האָט אַראָפּגענומען די באָרד, זיך יום־טובדיק אויסגעפּוצט, ווי דער שטייגער איז. זיין אָליוון־קאָלירנדיקער קאָפּ מיט דעם מעכטיקן שטערן און די טרויעריקע מאַנדל־אויגן האָט זיך אויסטערליש אויפגעהויבן איבער דעם לאַנג־אַראָפּפליסנדיקן, ווייסן קלייד. ער האָט רעציטירט אויף אויסנווייניק. מיט זיין טונקעלער, פולער, געאיבטער שטים האָט ער רעציטירט די ווילדע, עמפּערטע פּערזן, מיט וועלכע די טראַגעדיע „אָקטאַוויאַ” שילדערט די גרויל־מעשים פון קייזער נעראָן. זיין שטים האָט געקאָנט זיין פון צאַרטסטער ווייכקייט און פון קריסטאָליקער האַרטקייט, האָט געקאָנט איבערגעבן יעדן קלענסטן ניואַנס פון האַס, מיטלייד, שטאָלץ, גרויזאַמקייט, שרעק. די מענטשן פון יענער זייט פּרת, נישט געווינט צו גרויסער קונסט, זענען געווען אַן אויפנאַם־פעיק פּובליקום. יאָהאַנעס פון פּאַטמאָס האָט אויך ביי די פּיינט פון דער פּיעסע אַרויסגערופן באַוווּנדערונג. כל־זמן ער האָט רעציטירט האָט אין גרויסן בנין געהערשט שווייגן. ווען יאָהאַנעס האָט געענדיקט, פאַר דער מערהייט צו פרי, האָבן זיי זיך אַרויסגעריסן פון זייער פאַרגליווערטקייט, טיף אָפּגעאָטעמט. צו די בראַוואָ־פּאַטשערייען האָט קיין סוף נישט גענומען. „זיי געגריסט, יאָהאַנעס פון פּאַטמאָס, דו זייער גוטער, זייער גרויסער קינסטלער”, האָט מען געשריגן פון אַלע בענק.

פלוצלינג האָבן זיך אין דאָזיקן כאָר אַריינגעשניטן אַנדערע אויסרופן, אַלץ העכער, אַלץ דייטלעכער, די יעניקע, וועלכע האָבן

בּאַגריסט דעם אַקטיאָר, זענען געוואָרן אומרויִק. צוערשט האָבּן זיי געמיינט, אַז עס דאַכט זיך זיי. בּיסלעכווייז אָבּער איז זיי קלאָר געוואָרן, אַז זיי הערן ריכטיק. יאָ, בּאמת, דאָ, אינמיטן דידאָזיקע לאָיאַלע, רוים און קייזער טיטוס איבּערגעגעבּענע פּאָליטיקער, מיליטערלייט, גרונטבּאַזיצער און סוחרים פון עדעסאַ, האָבּן עטלעכע הונדערט און צום סוף מער ווי טויזנט מענטשן געהאַט דעם מוט אויסצודריקן די שטימע פון דער גאַס דורך רופן: „זיי געגריסט, דו זייער גוטער, זייער גרויסער קייזער נעראָן".

קיינער האָט שפּעטער נישט געקאַנט דערקלערן, ווי אַזוי עס איז געקומען צו דערדאָזיקער דעמאָנסטראַציע, וואָס איז זיכער נישט געווען צום געשמאַק פון גרעסטן טייל עולם. אפשר איז דאָס געשען אַזוי: דער עולם איז געווען צענומען דורך דער קונסט פון גרויסן אַקטיאָר, זיינע עמפּינדונגען האָבּן געוואָלט בּאַקומען אַן אויסדרוק, אַ שטימע, די מענטשן האָבּן געוואָלט שרייען. און היות די אויסרופן לכּבוד דעם אַקטיאָר זענען בּיסלעכווייז פאַרשטומט געוואָרן, דאַקעגן די אויסרופן: „זיי געגריסט, דו זייער גוטער, זייער גרויסער קייזער נעראָן" זענען געוואָרן שטורמישער און פאַנאַטישער, האָבּן זיך אַלץ מער מענטשן געלאָזט מיטרייסן מיטצושרייען.

קיינער האָט מער נישט געקוקט אויף דער בּינע. אַלע האָבּן געגלאָצט — איינע בּאַגייסטערט, מיט אויפגעריסענע מיילער, די אַנדערע פאַרוווּנדערט, נאָך אַנדערע ווידער פאַרלוירן אָדער דערשראָקן — אויפן מאַן, פאַר וועמען דידאָזיקע אויסגעשרייען זענען בּאַשטימט געווען, אויפן פּשוט־געקליידעטן, וואָס איז בּאַשיידן געזעסן אויף איינעם פון די בּיליקסטע פּלעצער. און אַלע מענטשן אין גרויסן בּנין האָבּן פּלוצלינג דערזען, אַז צווישן זיי זיצט טאַקע אַ מענטש מיט נעראָנס פּנים און האַלטונג. ווייל דער, וואָס איז דאָ געזעסן, איז בּאמת נישט געווען מער דער טעפּער טערענץ, נאָר יענער מענטש, וועלכער איז פול געוואָרן אין זיין איינזאַמקייט מיטן ווּעזן פון פאַרשוווּנדענעם קייזער, האָט זיך ווידער פאַרוואַנדלט אין אים. ער איז געזעסן רויִק, שמייכלענדיק,

צעשטרייט, כמעט קינדיש, אַ ביסל גלייכגילטיק, דערבײַ זייער שטאָלץ און קייזערלעך. און בעת די אויסגעשרייען לכבוד דעם קייזער זענען געוואָרן אַלץ העכער, אַלץ שטורמישער, האָט ער זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ, אומבאַטייליקט, ווי דאָס געשריי וואָלט געגאָלטן עמעצן אַנדערש. עס האָט זיך אָבער, ווי פון זיך אַליין, געבילדעט פאַר אים אַ ליידיקער רוים, ער האָט דורכגעשפּאַנט צווישן צוויי רייען מיט יראת־הכבוד צוריקווייכנדע, הויך, שטאָלץ, מיט אַן אומבאַטייליקטן שמייכל. צווישן די רוימי־שע אָפיצירן האָבן זיך געפונען אייניקע, וועלכע האָבן געהערט און גערופן דעם גרויס פאַרן קייזער נעראָן, ווען ער האָט נאָך גע־גאָלטן דעם אמתן נעראָן, וועלכע האָבן נאָך געהאַט געזען מיט די אויגן דעם אמתן נעראָן. אַ ציטער איז אַדורך זייערע לייבער, ווען זיי האָבן איצט געזען דעמדאָזיקן נעראָן, און עס האָט נישט געפעלט קיין סך, זיי זאָלן אים אָפּגעבן דעם כבוד, וואָס קומט אַ קייזער.

אַ ביסל אָפּגערוקט זענען טערענצן נאָכגעגאַנגען אַ פּאָר זיינע פריינט. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, כדי זיי עפּעס צו זאָגן. אין גרויסן בנין איז געוואָרן טויט־שטיל. טערענץ אָבער, וועלכער האָט איצט נישט געהערט די שטילקייט, פּונקט ווי ער האָט פריִער נישט געהערט די אויסרופן, האָט אַזוי זיך פאַרבײַ־גייענדיק געזאָגט צו זיינע פריינט, נאָך אַלץ מיט אַ קליין שמיי־כעלע: „אייגנטלעך וואָלט נעראָן זיך געמעגט פאַרגינען דאָס פאַר־געניגן אַליין צו רעציטירן דידאָזיקע „אָקטאַוויאַ". און גאַנץ שטיל, דרך־אגבדיק, האָט ער צוגעגעבן: „וואָס פאַר אַ קינסטלער עס וואָלט ווידער עקזיסטירט אויף דער וועלט".

די גאַנצע וועלט האָט אָבער געוווּסט, אַז דער קייזער נע־ראָן האָט געהאַט מער אַמביציע צו גילטן אַלס גרויסער אַקטיאָר איידער אַלס גרויסער הערשער, און די גאַנצע וועלט האָט אויך געוווּסט, אַז דער קייזער נעראָן זאָל האָבן געשטאָרבן מיט די ווערטער: „וואָס פאַר אַ קינסטלער עס גייט פאַרלוירן אין מיר". און איצט, ווען דערדאָזיקער מענטש, וואָס גייט מיטן גאַנג פון קיי־

זער, וואָס דרייט אויס דעם קאָפּ מיטן זשעסט פון קייזער, האָט געזאָגט מיט דער שטימע פון קייזער: „וואָס פאַר אַ קינסטלער עס וואָלט ווידער עקזיסטירט אויף דער וועלט", איז דורך אַ ציטער צווישן די דריי טויזנט מענטשן, און אפילו די יעניקע, וועלכע האָבן די דעמאָנסטראַציע אָנגעהויבן, האָבן געגלייבט, אַז דאָס טעאַטער האָט פאַרלאָזט דער קייזער נעראָן גופא.

15.

# אַ בראַווער זעלנער

פולקאָווניק פראָנטאָ, דער קאָמענדאַנט פון רוימישן גאַרני־זאָן אין עדעסאַ, האָט זיך, אַלס פאָרזיכטיקער מאַן, אַנטשולדיקט צוליב קראַנקהייט און נישט געקומען צו דער רעציטאַציע פון דער „אָקטאַוויאַ". זיינע אָפיצירן האָבן אים גלייך נאָך דער רע־ציטאַציע אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן די אָוואַציעס פאַר נעראָן־טערענץ, געשפּאַנט, וואָס ער וועט זאָגן דערצו, וועלכע פאַר־אָרדנונגען ער וועט אַרויסגעבן. אָבער פראָנטאָ האָט זיי אַנטוישט. ער האָט געשטעלט עטלעכע פראַגן, העפלעך אָפּגעדאַנקט און זיך אָפּגעזעגנט.

געבליבן אַליין, האָט ער זיך געזעצט צו זיין שרייבטיש, זיך פאַרטראַכט. דער עלעגאַנטער, אַכטאונפערציק־יעריקער הער איז געזעסן אומבאַוועגלעך, דעם קאָפּ מיטן ברייטן שטערן, אונ־טער די קורץ־געשוירענע, אייזן־גרויע האָר, לייכט אָנגעלענט אָן דער האַנט. וואָס זאָל ער טון? מען האָט געקאָנט, נישט וואַרטנ־דיק אויף קיין אָנווייזונגען פון אַנטיאָכיע, שאַרף אַרויסטרעטן קעגן דאָזיקן „נעראָן" און שפּילן די ראָל פון אַ מין פאָטערלאַנד־רעטער. מען קאָן זיך אויך שטעלן אויף דער זייט פון דאָזיקן נעראָן און ווערן אַ קליינער צעזאַר. ווען אויף זיין אָרט זאָל זיצן אַ וואַרראָ, וואָלט שוין עפּעס געשען. פראָנטאָ זעט די מעגלעכקייטן

נישט ווייניקער קלאָר, ווי וואַראָ. אָבער היות ער איז פּאַרט פּראָנטאָ, וועט גאָרנישט געשען. ער וועט זיך באַגנוגענען מיט שיקן אַ קאָרעקטן באַריכטן צו די אידיאָטן אין אַנטיאָכיע, ער וועט פאָדערן אָנווייזונגען, ער וועט אָפּוואַרטן.

אָפּוואַרטן. דאָס איז, ליידער, געוואָרן דער דעוויז פון זיין לעבן. פולקאָוניק פּראָנטאָ האָט געשמט אַלס איינער פון די באַגאַבסטע אָפיצירן פון דער אַרמיי. די פראַגמענטן פון זיין „לערנבוך פון דער קריגס־קונסט״, וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט, זענען באַרימט געוועזן ביי די פאַכלייט. אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט אָנטיילגענומען אין פּאַרטישן און יידישן קריג, איז אים קיינמאָל נישט באַשערט געווען דאָס גליק אָנצווענדן זיין טעאָריע אין דער פּראַקטיק. פלעגט זיך מאַכן אַ רייצנדע טאַקטישע אָדער סטראַטעגישע אויפגאַבע, פלעגן זי תמיד אויספירן פלאַכקעפּ, בראַווע דורכשניט־אָפיצירן, — ער פלעגט בלייבן פונדערווייטנס אָדער צוליבן ווילן פון דער אַרמיי־פירונג אָדער צוליב אַ פאַררעטערישן צופאַל. זיינע חברים האָבן אים גערופן דער „שרייבטיש־אָפיציר״. פאַר די פלאַווישע קיסרים, וועלכע זענען אַליין אויך געווען בלויז בראַווע דורכשניט־אָפיצירן, זענען זיינע טעאָריעס געווען צו דרייסט און צו מאָדערן. זיי האָבן אים נישט געשיקט נישט אין מערב און נישט אין צפון, ווו אַ מיליטערמאַן האָט געהאַט אַ סך צו טון, נאָר זיי האָבן אים פאַררוקט אויף דער פּעריפּעריע, אין אַ בלינד געסל פון מזרח.

דאָס הייסט נישט, אַז דאָס אויפהאַלטן זיך אין מזרח איז פּראָנטאָן געווען אומאָנגענעם. ער איז געקומען אין דידאָזיקע לענדער אַלס זייער יונגער מענטש; דער פלאַנטער, די טיפקייט, די ליידנשאַפטלעכקייט, די אומבאַרעכנבאַרקייט פון דערדאָזיקער ערד־טייל, איר אוראַלטע קולטור האָבן אים גלייך פון אָנהייב באַצויבערט. מיט לייב און לעבן האָט ער זיך באַגייסטערט מיט די אידעען פון דער נעראָנישער פּאָליטיק. ער איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון אָרגאַניש פאַרשמעלצן דעם מזרח מיט דער רוימישער אימפּעריע, אָבער ווען נעראָן איז אונטערגעגאַנגען און די

נייע האַרן האָבן גענומען אַרומשליידערן דעם רודער פון דער רוימישער פּאָליטיק, האָט ער זיך נישט געקאָנט אָנטשליסן צו בלייבן טריי זיין פּאָליטישער איבערצייגונג און פאַרלאָזן זיין אַמט. ער האָט ליב געהאַט דעם מזרח, ער איז געווען איבערצייגט, אַז בלויז אַ דאַנק דער נעראָנישער פּאָליטיק קאָן רוים ווירקזאַם פאַרגרעסערט און פאַרמערט ווערן, און די ניכטערע, פאַנטאַזיעלאָזע מערב־פּאָליטיק פון די נייע האַרן האָט געוועקט אין אים עקל. אָבער פון דער צווייטער זייט האָט ער שוין געהאַט הינטער זיך אַ גרויסע טייל פון זיין דינסט־צייט און ער האָט נישט געקאָנט פועלן ביי זיך מוותר צו זיין אויף די רעכט, וואָס דאָס האָט אים געגעבן אויף זיין קאַריערע און אויפן גרויסן שטיק ערד און דער גרויסער פענסיע, וואָס האָבן געוווּנקען צו אים נאָך ווייטערע אַכצן דינסט־יאָרן. האָט ער באַגראָבן זיינע טרוימען וועגן אַ פאַרביק לעבן און וועגן פאַרשמעלצן דעם מזרח מיטן מערב, האָט ער זיינע אידעען איינגעמויערט טיף אין זיך און זיך אונטערגעוואָרפן די נייע האַרן.

די נייע האַרן האָבן אים נישט ליב געהאַט און זייער קאַרג אָפּגעדאַנקט. ער האָט זיך באַמיט צו באַקומען די קאָמאַנדאָ פון גאַרניזאָן אין סאַמאָסאַטאַ, אַ פעטן פּאָסטן אין אַן אָנגענעמער, הויך־קולטיווירטער גרויס־שטאָט. דאָרט אָבער האָט מען געשיקט דעם ווולגאַרן קאַפּיטאַן טרעבאָן און אים — קיין עדעסאַ, אין דערדאָזיקער האַלב־ווילדער שטאָט פון דער פּעריפעריע; מען האָט דערביי, אמת, געהאַט אַ בכבודיקן אויסרייד: מען דאַרף דאָ האָבן אומגעוויינלעכע דיפּלאָמאַטישע פעיִקייטן. דאָס איז געווען ריכטיק. אָבער ריכטיק איז אויך געווען, אַז דער אַמט איז דאָ געווען פול מיט דערנער, אחריותדיק, אומדאַנקבאַר און אויסזיכטלאָז. פון עדעסאַ איז נישט געווען קיין וועג ווייטער.

פראָנטאָ, דער זייער קלוגער מאַן, האָט אָראָפּגעשלונגען דעם צערנדן כעס קעגן די פלאַוויער, וועלכע האָבן אים דאָ איינגעזייערט. אָבער היינט, אין דער איינזאַמקייט פון זיין אַרבעטסצימער, נאָך דער ידיעה, אַז „נעראָן" איז ווידער אַרויפגעשווומען,

האָט ער, נישט געקוקט אויף זיין קלוגשאַפט, אויף זיין רע־יגנאַ־ציע און די גוטע מאַניערן, זיך צעביסן די צונג און לייכט גע־קריצט מיט די ציין.

ניין, עס האָט נישט קיין זין זיך צו בונטעווען. דאָס דער־שיינען פון דאָזיקן נעראָן וועט אים קיין נוצן נישט ברענגען. אַלץ איז שוין פון לאַנג אַנטשידן געוואָרן. דאַן, ווען די נייע האַרן זע־נען געקומען, האָט ער געהאַט די פרייהייט אויסצוּוויילן. אָבער דאַן, ווען ער האָט געשווירן טרייהייט וועספּאַסיאַנען, האָט ער אויסגעוויילט אויף אייביק: דאָס שכלדיקע, די רעזיגנאַציע, די רעכט אויף אַ פּענסיע. ער האָט ריכטיק אויסגעוויילט. בלויז זעלטן באַדויערט ער דאָס און קיינמאָל האָט ער נישט קיין חרטה. אָבער היינט, צוליב די נאַרישע געשעענישן אין אָדעאָן, שפּירט ער חרטה. אפשר איז וואַרראָ פּאָרט געווען דער קליגערער. יענער האָט דאַן דורכגעפירט דעם שניט צווישן זיך און די נייע האַרן, ער האָט גענומען אויף זיך דעם אומחסד פון פּאַלאַטין און פירט זינט דאַן זיין אייגענע פּאָליטיק.

הגם פראָנטאָ האָט נישט דעם מינדסטן שאָטן פון אַ באַוויי, איז ער דאָך זיכער, אַז אויך הינטער דעמדאָזיקן נעראָן־טערענץ שטייט וואַרראָ. ער קען דעם סענאַטאָר פון זיין פריסטער יוגנט. זיי זענען צוזאַמען געקומען קיין מזרח, האָבן צוזאַמען זיך באַגייס־טערט מיט די נייע גרויסע איבערלעבענישן, וואָס דער מזרח האָט זיי פאַרשאַפט. איצט שטייען זיי אויף פיינטלעכע פּאָסטנס. ער, פראָנטאָ, רעפּרעזענטירט דאָ אין עדעסאַ די ניכטערע, מיליטאַ־ריסטישע מעטאָדן פון די פלאַוויער, וואַרראָ פירט ווייטער אויף טויזנט אומטערערדישע וועגן נעראָנס דרייסטע, פאַרבאָטענע פּאָלי־טיק. פראָנטאָ איז אים מקנא און באַוואונדערט אים פאַר זיין קראַפט, זיין ליידנשאַפטלעכקייט, זיין אויסדויער, הגם זיין שכל גיט וואַ־ראָן אומרעכט. אין זיין אָפיציעלן פאַרקער מיט וואַראָן איז ער צוריקגעהאַלטן, ווי דאָס איז די פליכט פון אַ פלאַוויער־אָפיציר לגבי אַזאַ צווידייטיקן הער. אָבער ווו ער קאָן נאָר, לאָזט ער דעם אַנדערן מערקן, אַז ער האָט אים נאָך גערן ווי אַמאָל. ער

זאָגט זיך אויך נישט אָפּ פון פאַרגעניגן אַרויסצוּווייזן זיין נייגונג
וואַראָס טאָכטער, דער שטרענגער, ווייס־געזיכטיקער מאַרציאַ.
וואַראָ איז אַ באַזעסענער, און פּראָנטאָ איז איבערצייגט, אַז ער
וועט האָבן אַ וויסטן סוף. ווען וואַראָ וואָלט גוט אָפּגעשניטן,
וואָלט דאָס געוועזן זיין אַ קלאַפּ פאַר פּראָנטאָן, אַן אייביקער פאַר־
ווורף, אַ פאַרגיפטונג פון זיין עלטער. פונדעסטוועגן איז ער אַ
געהיימער פריינט פון וואַראָ. ער וואַרט אויפן סוף פון דאָזיקן
מאַן, אויף זיין זיכערן שלעכטן סוף מיט אַ געשפּאַנטקייט, אין
וועלכער עס מישן זיך אויסטערליש בענקשאַפט און שרעק.

צי וועט דעמדאָזיקן סוף ברענגען „נעראָנס" אַרויפשווי־מען ?
ער, פּראָנטאָ, וואָלט אַ ביסל געקאָנט צואיילן אָדער אָפּשלעפּן
דעמדאָזיקן סוף. עס וואָלט געוועזן רייצנד אונטערצושטעלן אַ
פוס איינעם אָדער דעם צווייטן, צי־מענטשעלען אָדער וואַראָן.
אָבער ניין, ער וועט גאָרנישט טון קעגן וואַראָן, וואַראָ איז אַ גוּ־
טער מענטש, ער האָט אים גערן. ער וועט עס לאָזן פאַרן גורל צו
באַווייזן, אַז סוף־כל־סוף איז ער, פּראָנטאָ, געוועזן גערעכט און
דער צווייטער — אומגערעכט.

וועט ער, הייסט עס, גאָרנישט טון קעגן „נעראָנען".
שטעלט ער זיך אין סכנה, אויב ער טוט גאָרנישט ? וועט
מען אים אין אַנטיאָכיע אָדער אין רוים קאָנען מאַכן אַ פאָרוווּרף
דערפאַר ? ניין. דער טעפּער טערענץ איז נישט באַגאַנגען קיין שום
שטראָפבאַרס. וואָס איז ער שולדיק, אויב אַנדערע האָבן אין אים
געגלייבט צו דערקענען דעם טויטן קייזער נעראָן ? חוץ דעם, איז
ער, פונקט ווי זיין האַר, נישט נאָר רוימישער אונטערטאַן, נאָר
אויך בירגער פון עדעסאַ. עס מוזן זיין זיכערע באַווייזן פון אַ
שטראָפבאַרער האַנדלונג, כּדי פּראָנטאָ זאָל קאָנען אַרויסטרעטן
קעגן אים. מיט אַ בייזאַרטיקן שמייכל דערמאַנט ער זיך די „עלע־
מענטאַר־אָנווייזונגען", וועלכע די פלאַווישע קיסרים גיבן מיט
זייערע אָפיצירן : „אין אַ ספקדיקן פאַל איז בעסער גאָרנישט צו
טון איידער עפּעס פאַלשס".

וועט ער טאַקע גאָרנישט טון. ער וועט שיקן אַ באַריכט

קיין אַנטיאָכיע און בעטן פון דאָרט אָנווייזונגען. ער איז נייגיריק וואָס פאַר אַן אָנווייזונגען די אידיאָטן וועלן אים געבן. ער ווייסט שוין יאָ, ווי אַזוי מען דאַרף אומשעדלעך מאַכן דעמדאָזיקן נע־ ראָן און די יעניקע, וועלכע שטייען הינטער אים. מיט געוואַלט אָר מען דאָס פאַר קיין פאַל נישט מאַכן. אויב די מענטשן אין דעסאַ זענען איבערצייגט אין זייער נעראָן, דאַרף מען פרווון אָרזיכטיק אויסגראָבן דעם וואָרצל פון דערדאָזיקער איבערציי־ ונג; אַנישט וועט זי כסדר וואַקסן פונסניי. אָבער היות אַנטיאָכיע האָט ביי מערערע געלעגנהייטן נישט געהערט זיינע עצות, פילט ער זיך נישט פאַרפליכטעט אָנצווייזן צי־מענטשעלען, וואָס ער האָט צו טון אין דאָזיקן פאַל. ער וועט זיך באַשרענקען מיט אַ ראַפּאָרט און וועט זיך צוקוקן נישט אָן שאָדנפרייד, ווי אַזוי דער קלוגער, כיטרער וואַראָ וועט ווייטער לייגן קלעצער אין וועג דעם אומגעלומפּערטן, שטייף־מיליטערישן צעיאָן.

פראָנטאָ האָט פאַרענדיקט זיינע שקלא וטריאס. ער לאָזט רופן זיין סעקרעטאַר, טרעט צו דיקטירן דעם באַריכט קיין אַנטיאָכיע.

קוים אָנגעהויבן, — האָט ער באַקומען אַן אייליקן בריוו פון אויבער־פּריסטער שאַרביל. שאַרביל האָט דרינגנדיק געבעטן וועגן אַ תיכּפדיקער באַגעגעניש.

פראָנטאָ איז אַוועק צום אויבער־פּריסטער. דער אוראַלטער האָט גערעדט אין בלומיקע זאַצן וועגן דער אומאָנגענעמער סי־ טואַציע, אין וועלכער די שטאָט עדעסאַ געפינט זיך צוליב די געשעענישן אין אָדעאָן. די שטאָט איז איצט געגליכן צו אַ מויל־ אייזל, וואָס זוכט זיין וועג אויף אַ באַרג־שטעג אין נעפּל און וואָלקן; איין פאַלשער טריט, און עס וועט אומקומען. נעמט מען אָן, אַז דערדאָזיקער מענטש איז אויף אַן אמת דער קייזער נעראָן, טאָ ווי אַזוי קאָן מען אים נישט אַרויסווייזן דעם געהעריקן יראת־הכבוד? איז אָבער דערדאָזיקער מענטש אַ נאַר אָדער אַ שווינדלער, דאַרף אים דער קעניג מאַלוק נישט אַרעסטירן אַלס געמיינעם פאַרברעכער?

פראַנטאָ איז געזעסן העפֿלעך און געדולדיק. זיינע קלוגע אויגן אונטערן ברייטן שטערן מיט די אייזן־גרויע האָר האָבן געקוקט אויף שאַרבילס פֿאַרגילדטן מויל. פראַנטאָ איז געוווינט געווען צו די מעטאָדן פֿון מזרח, ער האָט זינט יאָרן באַאָבאַכטעט מיט פֿאַכמענישן נייגיר די כיטרעקייט, די געדרייען פֿון קעניג מאַלוק און זיין אויבער־פּריסטער, ער איז זיכער געווען, אַז וואָראָ האָט זיך מיט זיי געהאַט פֿאַרשטענדיקט און די אָוואַציע אין אָדעאָן איז פֿאָרגעקומען מיט זייער געהיימער הסכמה. ער האָט געוואַרט מיט שפּאַנונג, וואָס דער אַלטער איז דאָ אויסן. צוערשט האָט ער געענטפֿערט, אַז ער, דער אומבאַדייטנדער רוימישער אָפֿיציר, קאָן נישט האָבן אין אַזאַ שווערער לאַגע קיין מיינונג, שוין אָפּגערעדט פֿון געבן דאָ עצות.

זיין גרויסער פריינט איז צו באַשיידן, האָט דערווידערט שאַרביל. עפּעס מוז געשען. אייַלעניש איז נישט גוט, אָבער דורך צו לאַנג וואַרטן ווערן די זאַכן קאַליע, ווי צו רייפֿע פרוכט. קעניג מאַלוק האָט מורא, אַז אויב ער וועט עפּעס נישט טון, וועט ער דורך זיין נאַכלעסיקייט אַרויסרופֿן די אומצופרידנקייט פֿון זיין מעכטיקן פֿאַרבינדעטן, דעם גובערנאַטאָר אין אַנטיאָכיע. ער רעכנט דעריבער צו פֿאַרהאַלטן דעם מאַן, וועלכן אַזוי פֿיל מענטשן האַלטן פֿאַרן קייזער. נאַטירלעך, אויף אַ פֿאָרזיכטיקן אופֿן. ער וויל אַוועקשטעלן פֿאַר זיין הויז באַוואָפֿנטע שומרים ; שפּעטער, ווען די זאַך וועט ווערן אויפֿגעקלערט, קאָן מען דידאָזיקע באַוואָפֿנטע דערקלערן אָדער אַלס ערן־וואַך אָדער אַלס תּפֿיסה־שומרים. מיט אַנדערע ווערטער, קעניג מאַלוק וויל פֿאָרלויפֿיק נעמען דעם מאַן אין בכּבֿודיקן שוץ־אַרעסט. ער וויל דאָס אָבער נישט טון אָן פראַנטאָס הסכּם, כּדי דערנאָך, אויב דער מאַן זאָל זיך ווירקלעך אַרויסווייזן אַלס קייזער נעראָן, זאָל מען דאָס אין אַנטיאָכיע און רוים נישט אויסטייטשן אַלס מאַיעסטעט־באַליידיקונג.

פראַנטאָ איז געווען טיף דערשטוינט. דאָס, וואָס שאַרביל האָט פֿאָרגעשלאָגן, האָט אויסגעזען צו זיין זייער אויפֿריכטיק, דאָס איז געווען אויסערגעוויינלעך לאָיאַל און קאָרעקט. זאָל

פּראַנטאַ האָבן געהאַט אַ טעות? זאָל הינטערן דאָזיקן טערענץ נישט שטיין נישט קיין וואַראָ און נישט קיין קעניג מאַלוק? זאָל די זאַך זיין נישט מער, ווי די שפּיל פון אַ נאַר, וואָס ליידט אויף אַ גרויסקייט-מאַניע? אָבער מיט וואָס דערקלערט זיך, אין דאָזיקן פאַל, וואָס די געשעענישן אַנטוויקלען זיך אַזוי לאַנגזאַם, אַזוי פלאַנמעסיק און צוועקמעסיק? ווי געביפּט פּראַנטאַ איז נישט געווען — ער האָט נישט געקאָנט דערקענען, וואָס דער אויבער-פּריסטער איז אויף אַן אמת אויסן. אָבער ווי די זאַך זאָל נישט זיין, מאַלוקס האַנדלונג נעמט אַראָפּ פון אים יעדע אחריות. ער האָט געלויבט די חכמה און די טרייקייט פון גרויסן קעניג פון עדעסאַ, איז אַוועק פאַרטראַכט, דעזאָריענטירט אַהיים און צוגעטרעטן צו פאַרענדיקן דיקטירן זיין באַריכט.

ער האָט נאָך אָבער נישט באַוויזן צו דיקטירן עטלעכע שורות — איז שוין ווידער אָנגעקומען אַ דרינגענדיקער בריוו פון אויבער-פּריסטער. שאַרביל האָט פּילוואַרטיק, פאַרלוירן און פאַרצאָגט, מיטגעטיילט, אַז די מענטשן, וועלכע האָבן געדאַרפט היטן יענעם מאַן, האָבן אים שוין נישט געפונען אינדערהיים; דער מאַן געפינט זיך אין טעמפּל פון דער געטין טאַראַטע, ער געניסט פון דעם אַזיל-רעכט פון דער געטין.

פּראַנטאַ האָט אַ פייף געטון צווישן די ציין. דער טעמפּל פון דער טאַראַטע האָט געהאַט אַזיל-רעכט. די מאַכט-אָרגאַנען פון עדעסאַ האָבן נישט געהאַט דאָס רעכט אַריינצודרינגען אַהין, אויך די רוימער האָבן דאָס נישט געקאָנט טון, סיידן אונטער דער געפאַר אַרויסצופאָדערן קעגן זיך דעם גאַנצן מזרח. איצט איז אים קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס שאַרביל האָט דרינגענדיק געבעטן ביי אים יענע באַגעגעניש. דער אויבער-פּריסטער האָט נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז ער, פּראַנטאַ, זאָל אַרעסטירן יענעם מאַן; ער האָט אים רעכטצייטיק געוואָלט ברענגען אין דער געטינס אַזיל און זיכערן אַזוי אַרום פאַר די רוימער. אָבער דאָס אַלץ האָט ער געוואָלט מאַכן אויף אַזאַ אופן, אַז אים, שאַרבילן, זאָל מען אין רוים גאָרנישט קאָנען פאָרוואַרפן. דער שמועס מיט

פראַנטאָן האָט אים באַדאַרפט שאַפן אַן אַליבי. קעניג מאַלוק האָט געהאַט בדעה צו אַרעסטירן דעמדאָזיקן מאַן און האַלטן אים צו דער דיספּאָזיציע פון רוימישן גובערנאַטאָר. אויב דערדאָזיקער טערענץ, אָדער ווער ער זאָל נישט זיין, איז אַנטלאָפן זוכן שוץ ביי דער געטין טאַראַטע, דאַן זענען זיי, שאַרביל און קעניג מאַלוק, אומשולדיק.

פראַנטאָ האָט אַ שמייכל געטון, אַלס צינז דער מזרח-כיט-רעקייט. איצט וועט אין מעסאָפּאָטאַמיע ווערן פריילעך. „צי-מענ-טשעלע וועט זיך נאָך אָפּט מוזן אויסציִען", האָט ער אַ טראַכט געטון אין גוטן לאַטיין.

דאָס זעלבע, נאָר אין גוטן אַראַמעיִש, האָט אַ ביסינקע פריִער אַ טראַכט געטון דער אויבער-פּריסטער שאַרביל.

## 16.

# דער גאַסט פון דער געטין טאַראַטע

טערענץ האָט זיך געפונען אין טעמפּל פון דער געטין טאַ-ראַטע, אין זיין אינערלעכסטן רוים, אין דער „צעלע", וווּ עס איז געשטאַנען דאָס אורעלטע בילד פון דער געטין, איר מזבח און אירע אויסגעלאַסענע סימבאָלן. זינט דער אָוואַציע אין טעאַטער האָט ער זיך געפילט אומהיימלעך און ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו פאַרשווינדן אין זיין לאַבירינט, ביז וואַרא וועט קומען און אויפקלערן די לאַגע. ווען עס איז אָבער געקומען צו אים אַ מענטש, וואָס זיינע סוחרישע מלבושים האָבן מיט אַ כיוון שלעכט פאַרבאָרגן דעם פּריסטער פון טאַראַטע, און האָט אים אויפגעפאָדערט שנעל צו זוכן אַ מקום-מקלט ביי דער געטין, איז ער אים אָן שום וואַקלעניש נאָכגעגאַנגען מיט אַ דערלייכטערט האַרץ; ער האָט געהאַט דערביי דאָס געפיל, אַז ער געפינט זיך אין מעכטיקע און גוטע הענט.

ער האָט דערוואַרט, אַז דער אויבער־פּריסטער וועט אים באַגריסן אַלס גאַסט פון דער געטין, אַז ער וועט אים פאַרזיכערן איר שוץ, אַז ער וועט אים ווי געהעריק מקבל פּנים זיין. אָבער עס איז גאָרנישט געשען. מען האָט אים איבערגעלאָזט איינעם אַליין אין ענגן, אומגעמיטלעכן רוים, אין אומזיכערקייט. שאַרביל, פּונקט ווי וואַראַ, האָט געהאַלטן פאַר פּאַסיק אים לאָזן צאַפּלען, כדי אים ווייך צו מאַכן.

די נאַכט איז געקומען — נישט קיין אָנגענעמע נאַכט פאַר טערענצן.

דער טעמפּל פון דער טאַראַטע איז געווען גרויס. פאַר־ברענגען די נאַכט אין זיין פאָדערשטן הויף וואָלט נישט געווען אַזוי שלעכט; דאָרט איז געווען לעבעדיק, אַ קליינער טייך איז דאָרט געווען מיט פיש פון דער געטין און אָן אַ צאָל ווייסע טויבן, וואָס זענען איר געווען געהייליקט. אויך אין טעמפּל גופא האָט מען געקאָנט אויסהאַלטן, הגם מען האָט זיך געקאָנט פאָר־שטעלן אַ געמיטלעכער אָרט, ווי דעם ריזיקן רוים מיט זיינע אוראַלטע, שוואַרץ־גרינע זיילן, וואָס ווערן אויבן־צו דינער. טע־רענץ אָבער האָט נישט געוווּסט, צי דאָס אַזיל־רעכט פון דער געטין איז גילטיק פאַרן גאַנצן טעמפּל אָדער נאָר אויף דער צעלע מיטן מזבח און איר בילד. דידאָזיקע צעלע אָבער, ווו עס איז אַריינגעדרונגען דורך אַ שמאָלער עפענונג די שוואַכע שיין פון דער לבנה און די שטערן, איז געווען ענג און אומהיימלעך, און טערענץ האָט דאָרט געהאַט פּייניקנדע וויזיעס. ער האָט זיך אויס־געצויגן אויפן אייבערשטן טרעפּל פון מזבח, מיַענדיק זיך צו באַרירן מיט איין האַנט דעם מזבח גופא; ער האָט געהאַט אַן אומקלאָרע פאָרשטעלונג, אַז אויב עמעץ וויל נעמען די שוץ פון דער געטין, מוז ער זיך קלאַמערן אָן איר מזבח אָדער אָן איר סטאַטוע. אין ביידע זייטן פון מזבח האָבן זיך געהויבן אין דער אומזיכערער לבנה־שיין די סימבאָלן פון דער געטין, ריזיקע שטיי־נערנע פאַלוסן. איבער טערענצעס קאָפּ, אין אַ נישע איבערן מזבח, איז געשטאַנען, בראָנז־שוואַרץ, די אוראַלטע, מערקווירדיקע

סטאַטוּע פֿון דער טאַראַטע. אויפֿן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ וואַנטקראַנץ, די נאַקעטע בריסטן האָבן שפּיציק אַרויסגעשטאַרצט, דאָס לײַב האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ פֿיש־ווײַדל. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ שפּינדל, אין דער צווייטער — אַ האַנט־פּויק. איר שמאָל, אוראַלט און דאָך יונג פּנים מיט די געשלאָסענע אויגן האָט אַראָפּגעשמייכלט אויף איר גאַסט, זאַנפֿט, צווייַדײַטיק און גרויזאַם.

וואָס טיפֿער אין דער נאַכט, אַלץ מער האָט טערענץ געפּרוּווירן. דאָס געפֿיל פֿון זיכערקייט, וואָס ער האָט געשפּירט בײַם קומען פֿון טאַראַטעס שליח, האָט זיך אויסגעוועפּט. ווי לאַנג ווילן זיי אים דאָ לאָזן וואַרטן אויף אַזאַ אומווירדיקן אופֿן? פֿאַרוואָס קומט נאָך אַלץ נישט דער אויבער־פּריסטער אים צו באַגריסן? און ווו איז וואַראָ? האָט מען אים אפֿשר פֿאַרנאַרט אין אַ פּאַסטקע? ס׳האָט אים אויסגעפּילט אַ וואַקסנדע שרעק, צאָרן קעגן די מענטשן, וועלכע האָבן אים פֿאַרפֿירט אין דערדאָזיקער אַוואַנטורע און אין טעמפּל, און ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט האָבן לעבן זיך קאַיאַן אָדער דעם לײַבאייגענעם קנאָפּס.

ער האָט געזוכט שוץ בײַ זײַן גלויבן אין זיך. ער האָט אָנגענומען די געשטאַלט פֿון נעראָנען, געוועזן דער קייזער, איינזאַם און העכער פֿאַר אַלע אַנדערע. אַזוי פּאַסט זיך פֿאַר אים. קיינער קאָן אים גאָרנישט טון, ער איז געוועזן דער האַר פֿון דער וועלט. פֿונדרויסן איז אַרײַנגעדרונגען דאָס וואָרקערײַ פֿון די הײליקע, ווייסע טויבן, דורך דער עפֿענונג האָט אַרײַנגעשטראָמט לבנהשײַן און די געטין האָט אַראָפּגעשמייכלט אויף אים געהיימנישפֿול און בייז. עס איז געוועזן אַ חרפּה פֿאַר אַלע מערב־מענטשן, וואָס ער, דער קייזער, האָט געמוזט זוכן שוץ בײַ דערדאָזיקער צווייַדײַטיקער געטין און אירע אומאָנשטענדיקע סימבאָלן. גלײַך אָבער האָט ער חרטה געהאַט אויף זײַן דאָזיקן געדאַנק, וואָס האָט געקאָנט אויסגעטײַטשט ווערן דורך דער טאַראַטע אַלס זידלערײַ, אוז ער האָט זיך דאָך איצט געפֿונען אין אירע הענט.

אַ שטאַרקן כּעס האָט ער געשפּירט צום אַקטיאָר יאָהאַנעס

פון פּאַטמאָס. ער האָט אים דאָס אַריינגעבראַכט אין דערדאָזיקער לאַגע, דורך זיין נאַרישער רעציטאַציע פון דער „אָקטאַוויאַ“, און דערביי וואָלט ער, טערענץ, געקאָנט זיין אַ סך אַ גרעסערער קינסט-לער פאַרן פּאַרשיוון קריסט. ווען יאָהאַנעס וואָלט באמת עפּעס פאַרשטאַנען פון קונסט, וואָלט ער געווען באַמערקט, אַז אין אים, אין טערענצן, ליגט פאַרבאָרגן עפּעס גרעסערס. דער המון האָט עס גלייך אַרויסגעפילט מיט זיין געזונטן אינסטינקט. נאָר די סנאָבן, די פּאָר זעלנער טיטוסעס און די דורך זיי באַצאָלטע נפשות ווילן עס נישט אָנערקענען. צוליב זיי מוז ער זיך דאָ אויסבאַ-האַלטן.

לאַנג אָבער וועט עס שוין נישט דויערן, און דאַן וועט ער זיי צעשמעטערן, זיינע אַלע קעגנער. ער האָט זיי נאָטירט אין זיין זכרון, די פירער פון טיטוסעס אָנהענגער אין עדעסאַ, און ער האָט, נאַטירלעך, אַריינגענומען אין דאָזיקן צעטל אויך די מענטשן, וועלכע ער האָט פּערזענלעך נישט געקאָנט פאַרטראָגן; צוליב וועל-כע נישט איז סיבות, — קאָנקורענטן, קאָלעגן פון צעך, וועלכע האָבן אים אָפּגעגעבן צו ווייניק כבוד. ער האָט זיך געשטעלט די פראַגע, צי זאָל ער נישט אַריינגעמען אין דער רשימה אויך קאַ-יאַן, די פרעכע צווייפלערין. ער האָט אָבער דעמדאָזיקן געדאַנק נישט פאַרענדיקט און געלאָזט די זאַך אומאַנטשידן. דערפאַר אָבער האָט ער זיך אויסגעמאָלט מיט וואָסער הנאה ער וועט זיך נוקם זיין אין יענע, וועלכע ער האָט באַטראַכט אַלס זיינע אָפענע פיינט.

ס'האָט אים געפרוירן. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַרומגע-גאַנגען אַהער און אַהין, כסדר אויף דעם העכסטן טרעפּל, לענג-אויס דעם מזבח, ער זאָל אים תיכף קאָנען באַרירן, אויב פראָנ-טאָס זעלנער וועלן אַריינדרינגען אים צו כאַפּן. אַ שוואַכער, זיס-עקלדיקער ריח איז געשטיגן פון דער רינע פון מזבח, — אַ רינע, דורך וועלכער עס פלעגט אָפּפליסן דאָס בלוט פון די קרבנות. די-דאָזיקע נאַכט וועט ער לאַנג געדענקען. יענע נאַכט, ווען ער איז געגאַנגען פון פּאַלאַטין, ווען די זעלנער פון סענאַט זענען דאָרט

אַרײַנגעדרונגען, און די הײַנטיקע נאַכט, — דאָס זענען די צווייערגסטע סטאַציעס אויף זײַן וועג.

אָבער דידאָזיקע נאַכט וועט זיך דאָך ענדיקן. עס וועט ווערן טאָג. ער וועט קומען דער טאָג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זײַן מוטערס חלום איז ריכטיק אויסגעלייגט געוואָרן, ער האָט שוין דורכגעמאַכט די גרעסטע טייל וועג אַרויף, דערדאָזיקער אָנהייב איז געווען די שיפּועדיקסטע און שווערסטע טייל, און ווען עס וועט ווערן טאָג, ווען מען וועט פּטור ווערן פון דערדאָזיקער ציטערדיקער שײַן, וועלן אַלע דערקענען ווער ער איז. ער איז געשטאַנען, די אונטערשטע ליפּ אומצופרידן אויסגעצויגן, קייזערלעך. ער האָט צוגעטראָגן צום אויג דעם שמאַראַגד, האָט קריטיש, העזהדיק באַטראַכט טאַראַטעס סטאַטוע. זי אימפּאָנירט אים נישט, איר גאַנצער טעמפּל אימפּאָנירט אים נישט. ער וועט אַנדערש בויען, ווען עס וועט האַלטן דערבײַ. ריזיקע מאָנומענטאַלע בנינים וועט ער אויפשטעלן; זײַן קאָלאָסאַלע סטאַטוע, בײַ וועלכער מען האָט אין רוים אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, וועט ער אויפשטעלן נאָך ריזיקער, ווי געווען. זײַן בילד וועט ער לאָזן אויסהאַקן אין אַ באַרג, ווי דאָס האָבן געטון די אַלטע קעניגן. און דעם לאַבירינט, זײַן לאַבירינט, וועט ער פאַרוואַנדלען אין זײַן מאַוזאָלעאום, און עס וועט ווערן דאָס אַכטע וווּנדער פון דער וועלט.

ער האָט דערשפּירט אַ באַדערפעניש צו לאָזן אורין. טון דאָס אין דער צעלע האָט ער קיין מוט נישט געהאַט. ווער ווייסט, אפשר וועלן זיי דאָס אָננעמען אַלס באַליידיקונג פאַר דער געטין און ער וועט פאַרלירן זײַן אַזיל-רעכט. אָבער דאָס האָט אים אַלץ מער און מער געקוועלט. ענדלעך האָט ער זיך אַרײַנגעשטופּט הינטער דעם מזבח און געטון זײַן באַדערפעניש, באַפרייט און גלייכצייטיק פול מיט אומגעהייערער שרעק.

פאַרטאָגס, שטאַרק אויסגעשעפּט, האָט ער זיך גוט אײַנגעהילט אין זײַן מאַנטל, זיך אויסגעצויגן, פעסט אַנטשלאָסן צו שלאָפן אויפן אייבערשטן טרעפּל, זיך צוגעטוליעט גאַנץ נאָענט צום מזבח.

ער האָט נאָך אַמאָל אַ צי געטון מיט דער נאָז, צי שפּירט מען נאָך דעם גערוך פון זיין באַדערפעניש, און איז ענדלעך איינגע־שלאָפן.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, זענען זיינע אברים נאָך געווען שטייף, עס איז שוין געווען וואַרעם. אין דער צעלע האָבן זיך געפונען מענטשן: ער איז פאַרציטערט געוואָרן. דאָס זענען אָבער נישט געווען קיין רוימער, נאָר יונגע פּריסטער פון דער טאַראַטע, וועלכע האָבן געבראַכט דעם פרימאָרגן־קרבן, אַ ציקעלע. פאַרקראָכן אין אַ ווינקל האָט ער זיך צוגעקוקט צו זייער אַרבעט, אין איין שרעק טאָמער אַנטדעקן זיי די שפּורן פון זיינע מענטש־לעכע באַדערפענישן. זיי האָבן אָבער געטון זייער עבודה, נישט לייגנדיק אויף אים קיין אַכט. נאָכדעם, ווי זיי האָבן געענדיקט ברענגען דעם קרבן, האָבן זיי געגאָסן אויפן מזבח שטראָמען וואַ־סער, כדי אים צו ריי־ניקן, און אַזוי אַרום איז באַזייטיקט געוואָרן פאַר אים יעדע געפאַר.

דער טאָג האָט זיך געקוקט פאַרויס. אין דער צעלע זענען געקומען נאָך מער פּריסטער. זיי האָבן מיט נייגיר באַטראַכט דעם מאַן, וועלכער האָט אויסגענוצט דאָס אַזיל־רעכט פון דער געטין. קיינער האָט צו אים קיין וואָרט נישט גערעדט. טערענץ האָט ווידער באַקומען זיין תמידע גלייכגילטיקע מינע.

ער האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, ווען ענדלעך איז געקומען דער אויבער־פּריסטער שאַרביל. שאַרביל איז זיכער געווען, אַז טערענץ וועט איצט זיין געוווג נאָכגיביק. כדי צו באַגריסן דעם גאַסט פון זיין געטין, האָט ער אָנגעטון די פולע הלבשה פון אַן אויבער־פּריסטער. דער גאָלדענער פּריסטער־הוט האָט שפּיציק גע־קרוינט זיין אוראַלט פויגל־פּנים. מיט יראת־הכבוד האָט ער באַ־גריסט דער געטינס גאַסט. מיט דעם זעלבן יראת־הכבוד האָט טע־רענץ דערווידערט דעם גרוס.

דאַן האָט דער אויבער־פּריסטער פאַרזיכערט דעם געקומע־נעם די געטלעכע שוץ. טערענץ האָט נישט אַרויסגעוויזן ווי לייכט עס איז אים געוואָרן אויפן האַרץ, ער האָט העפלעך, גלייכגילטיק

געדאַנקט. שאַרביל האָט געפרעגט: „צי דאַרף איך דיך בעטן, אַ גאַסט פון דער געטין טאַראַטע, אויסצוזאָגן איר פּריסטער דיין נאָמען". ער האָט אָבער גערעדט אַראַמעיש, און טערענצן איז דאָס געווען אויף דער האַנט; די פרעמדע שפּראַך האָט אים געגעבן דעם אויסרייד צו ענטפערן נישט גלייך, אויסמיידנדיק. „די געטין ווייסט מיין נאָמען", האָט ער געזאָגט. „ביסטו, אַ האַר, דער קייזער נעראָן?" דאָס איז געווען נישט העפלעך און אפשר אויך נישט דיפּלאָמאַטיש. אָבער דער אויבער-פּריסטער שאַרביל איז געווען זייער אַלט, האָט געהאַט ווייניק צייט און איז געווען נייגיריק. טערענץ האָט זיך אָבער געהיטן צו געבן נישט קיין קלוגן ענטפער. „איך בין דער מאַן", האָט ער געזאָגט, „צו וועלכן די געטער האָבן מיך געמאַכט".

טיף אין האַרץ איז ער געווען שטאַרק צופרידן, וואָס נישט ער האָט געמוזט פאַרזיכערן, אַז ער איז נעראָן, נאָר די אַנדערע מאַכן אים פאַר נעראָן. שאַרביל האָט אָבער אַ טראַכט געטון: „דאָס איז אַ קלוגער מאַן. ער וואָלט פאַרדינט צו זיין נעראָן".

## 17.

## צי-מענטשעלע און דער מורח

ווען מען האָט געמאָלדן דעם גובערנאַטאָר צעיאָן, אַז אַ סך מענטשן באַטראַכטן אַ געוויסן טעפּער טערענץ פאַרן טויטן קייזער נעראָן, האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ און געלאַכט, פאַרוווּנדערט איבער אַזוי פיל נאַרישקייט. ווי אַזוי קאָן מען פאַלן אַ קרבן פון אַזאַ גראָבן שווינדל. דאָס איז אָן איבעריקער באַווייז, וואָס פאַר אַ באַרבאַרן עס זענען די מענטשן פון יענער זייט פּרת.

ווען פּולקאָווניק פראָנטאָ האָט געמאָלדן, אַז דער טעפּער טערענץ איז אַנטלאָפן אין טעמפּל פון דער געטין טאַראַטע, פון וואַנען די רוימער קאָנען אים נישט אַרויסשלעפּן אָן אַן ערנסטער

געפֿאַר, איז ער נאָך אַלץ גיכער געווען געמיטלעך געשטימט, ווי באַאומרויִקט, און ער איז געווען איבערראַשט, וואָס זײַנע יועצים גיבן צו אַזוי פֿיל וואָג דעם לעכערלעכן צווישנפֿאַל. העפֿלעך, אַ ביסל איראָניש און גענוג גאוודיק, האָט ער געשריבן צו דער רעגירונג פֿון קעניג מאַלוק, אַז ער בעט מען זאָל, אין הסכּם מיט די טראַקטאַטן, בײַהילפֿיק זײַן שטעלפֿאַרטרעטער פֿראָנטאָ בײַם אַרעסטירן דעם רוימישן אונטערטאַן טערענטיוס מאַקסימוס. ווי ער הערט, געניסט דער דערמאָנטער טערענץ דאָס אַזיל-רעכט פֿון דער געטין טאַראַטע. ווען אַ מענטש, וועלכן די מאַכט פֿון עדעסאַ זוכט אַרום, וואָלט אויף זײַן געביט אויסגענוצט דאָס אַזיל-רעכט פֿון אַ רוימישן טעמפּל, וואָלט ער, צעיאָן, פּרובירט דעם חברה־מאַן אויסהונגערן אָדער אויסרויכערן; און ער ספֿקט נישט אין דערפֿאָלג. ער וואָלט די הערן פֿון עדעסאַ געווען זייער דאַנקבאַר, ווען זיי וואָלטן דעם ענין וואָס שנעלער דערליידיקט.

די מײַנסטע יועצים פֿון קעניג מאַלוק זענען געווען אַראַבער, זיי האָבן געדינט צו די אַראַבישע שטערן-געטער, און נישט צו דער סירישער געטין טאַראַטע. פֿונדעסטוועגן האָבן זיי גערונצלט די שטערנס בײַם לייענען דעם גובערנאַטאָרס בריוו: עס האָט זיי שאָקירט דער גרינגשעצנדער טאָן, אין וועלכן דער רוימער האָט גערעדט וועגן דער ליבלינגס-געטין פֿון די סירייער.

מאַלוק און שאַרביל זענען געזעסן אין שטילן, מיט טעפּיכער-פֿאַרהאָנגענעם אַרבעטס-צימער. צווישן זייערע זאַצן זענען געווען לאַנגע פּויזעס, דער פֿאָנטאַן האָט געפּליעסקעט. „ווי עס שײַנט, פּריסטער שאַרביל", האָט דער קעניג געזאָגט מיט זײַן טיפֿער, רויִקער שטימע, „האָט דער הער אין מערבֿ קנאַפּ־וואָס מורא פֿאַר דײַן געטין טאַראַטע". „אַ סך מלוכות", האָט דערווידערט שאַרביל, „זענען אין מערבֿ אויפֿגעקומען און אומגעקומען, אָבער די געטין טאַראַטע האַלט איר האַנט זינט דרײַ טויזנט יאָר איבער איר טײַך, און אירע פֿיש שווימען ווי פֿאַר דרײַ טויזנט יאָר". „ווערסטו, הייסט עס, דעם מאַן אין טעמפּל נישט אויסהונגערן?" האָט דער קעניג געפֿרעגט, און אין זײַן שטימע האָט זיך געלאָזט

מערקן אַ טאָן פון חוזק איבער דעם רוימער. „איך טראַכט גאָר־נישט", האָט מיט איידעלער אויפגעבראַכטקייט געענטפערט דער פריסטער, „צו קרענקען די געטין טאַראַטע. זי איז גענוג רייך צו דערנערן יעדן, ווער עס זוכט שוץ ביי איר מזבח".

אין מזרח האָט מען אַ סך צייט. קעניג מאַלוך האָט געלאָזט פאַרגיין צוויי וואָכן, איידער ער האָט געענטפערט אויפן בריוו פון רוימישן גובערנאַטאָר. זיין בריוו האָט מיט לאַנגע, פאַעטישע זאַצן געשילדערט, ווי גרויס עס איז די רוימישע אימפּעריע און ווי גרויס עס איז די געטין טאַראַטע. זיין, דעם קעניג מאַלוקס, גליקלעכער וווּנטש, איז צו דינען זיינע רוימישע פריינט, אָבער פעסט ווי דער באַרגיקער פעלז איז זיין טרייהייט צו דער שבועה, וועלכע ער האָט געגעבן ביים איבערנעמען, דורך דעם חסד פון הימל, די קרוין, — צו ערן אַלע געטער פון לאַנד. ער האָט, אַזוי אַרום, בלויז געקאָנט איבערגעבן דעם גובערנאַטאָרס בריוו דעם אויבער־פריסטער שאַרביל, און ער שיקט דאָ איבער דעם ענטפער פון דאָזיקן אויבער־פריסטער. שאַרביל פון זיין זייט האָט לאַנג און ברייט אויפגעקלערט, אַז די ליבע פון דעם לאַנד עדעסאַ צו דער געטין טאַראַטע איז טיף ווי דער ים. ווי גרויס עס זאָל נישט זיין זיין, שאַרבילס, פאַרלאַנג צו העלפן זיין מעכטיקן פריינט אין מערב, קאָן ער דאָך נישט אָנרירן טאַראַטעס אַ גאַסט, וועלכער געניסט פון איר שוץ. פאַר אַזאַ שענדונג פון איר הייליקטום, וועט די געטין שרעקלעך באַשטראָפן, דורך פייער און וואַסער, דורך בליץ, שווערד און מגפה, נישט נאָר עדעסאַ, נאָר גאַנץ סיריע. אַזאַ קלוגער מאַן, ווי דער רוימישער גובערנאַטאָר, וועט עס אַליין פאַרשטיין.

ווען צעיאָן האָט באַקומען די בלומיקע בריוו פון באַרבאַרן־קעניג און פון באַרבאַרן־פריסטער, האָט ער זיי מיט כעס אַ שלייי־דער געטון אויפן טיש. אויב די מזרח־הערן האָבן נייטיק געהאַט פערצן טעג, כדי אָנצושרייבן זייערע בריוו, האָט אָבער צעיאָן נישט נייטיק געהאַט קיין גאַנצע שעה אויף צו ענטפערן. ער האָט גאוּוהדיק אויפגעפאָדערט, דער אויבער־פריסטער שאַרביל, דער

האָר איבערן טעמפּל פון דער טאַראַטע, זאָל תיכּף קומען קיין אַנ־טיאָכיע דערליידיקן דעם קאָנפליקט.

„דידאַזיקע רוימער", האָט דער אויבער־פּריסטער שאַרביל קאָנסטאַטירט אין פּאָנסאָן־צימער פון פּאַלאַץ, אין אַ שמועס מיט קעניג מאַלוק, „ווייסן גאַנץ ווייניק וועגן דער נאַטור פון די לע־בעדיקע וועזנס. צוואָס זאָל דער פוקס גיין אין דער הייל פון לייב און דערצו נאָך תיכּף?" אין צוויי וואָכן אַרום האָט ער אָוועקגעשריבן קיין אַנטיאָכיע, הגם די איינלאַדונג פון מערב־האַר באַערט זייער דעם אומווירדיקן שאַרביל, קאָן ער זי פונדעסטוועגן נישט אָננעמען. עס איז איצט די צייט, ווען די הייליקע פיש אין טייך פון דער געטין טאַראַטע לייגן רויג. אין דער צייט פון אַזאַ וויכטיקער געשעעניש קאָן נישט דער אויבער־פּריסטער פאַרלאָזן דעם געביט פון דער געטין; ער וואָלט דערמיט אַרויסגערופן איר צאָרן און געבראַכט אומגליק אויפן לאַנד.

ביז איצט האָט צעיאָן געלאַכט פון בּיליקן פאַרשטאָט־פּאַרס, וואָס דער קליינער, רוימישער שווינדלער, דערדאָזיקער פרייגע־לאָזענער טעפּער, שפּילט דאָרט אין עדעסאַ. איצט איז ער אַריינ־געפאַלן אין צאָרן פון אָפּחוצקנדיקן און האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד פון עדעסאַער בעטל־פירשט. „אָננעמען שטרענגע מיטלען", האָט ער דערהערט אַן אינערע שטימע, ווען ער האָט באַקומען שאַר־בילס אָפּזאָג. „שיקן קיין עדעסאַ זעלנער, זעקס טויזנט מאַן, אַכט טויזנט. דאַן וועלן מיר זען, ווי עס וועט אויסזען די געטין טאַ־ראַטע מיט אירע פיש און דער גאַנצער כּנופיה".

ער האָט אָבער פאַר דער צייט פון זיין ווײַלן אין מזרח געהאַט גענוג געלערנט, כּדי צו לאָזן פאַלן דעמדאָזיקן געדאַנק. מען טאָר נישט ריזיקירן קיין קריג מיט אַרטאַבאַנען, כּדי צו באַ־קומען אין די הענט דעמדאָזיקן לעבערלעכן טערענץ. די שליינ־דיקע גליטשיקייט און די בּלומיקע כיטרעקייט פון מזרחדיקן ערב־רב קאָן מען בּייקומען בּלויז מיט קרומע דיפּלאָמאַטישע מיטלען. ס'האָט זיך גענומען פיקן אַ געדאַנק, אַז טערענצעס אַרויסטריט קאָן זיין מער ווי דער פערזענלעכער טריק פון אַ הויכשטאַפּ־

לער — עס קאָנען שטיין הינטער אים מעכטיקערע, געוויסע פאַרטישע שררות. אפשר איז וואַראָ פאָרט גערעכט געווען מיט זיין עצה צו אָנערקענען אַרטאַבאַנען. ער האָט געהאַט חרטה, וואָס ביים לעצטן שמועס מיט וואַראָן איז ער געווען אַ ביסל צו שאַרף. הגם ער האָט אים נישט געקאָנט פאַרטראָגן, וואָלט ער דאָך זייער גערן אויסגעהערט זיין מיינונג. און ער איז געווען צופרידן, ווען דער סענאַטאָר האָט זיך ווידעראַמאָל באַוויזן אין רעגירונגספאַלאַץ.

„שיינע זאַכן טוט איר מיר אָפּ אין אייער עדעסאַ", האָט דער גובערנאַטאָר מונטער אָנגעהויבן. „איר האָט שוין געהערט, מיין וואַראָ?" „יאָ", האָט וואַראָ אָפּגעענטפערט, „מיין פאַרוואַלטער לענעאוס האָט מיר צוגעשיקט אַן אויספירלעכן באַריכט". „אָט דאָס איז אייער מזרח", האָט צעיאָן געזידלט מיט געמאַכטער גוטמוטיקייט. „איך האָב דאָס אייך גלייך געזאָגט", האָט וואַראָ דערווידערט פרידלעך, אָבער געניג ערנסט. „איר האָט זיך געדאַרפט שטעלן אויף אַרטאַבאַנס זייט". „איר גלייבט אויף אַן אמת", האָט דער גובערנאַטאָר געפרעגט, „אַז עס איז דאָ אַ שייכות צווישן דעם פרעטענדענט אַרטאַבאַן און דעמדאָזיקן שווינדלער?" „עס איז דאָך גאַנץ נאַטירלעך", האָט וואַראָ געצוקט מיט די אַקסלען, „אַז צווישן די האַרן פון עדעסאַ און אייך איז עפּעס קאַליע געוואָרן נאָכן שווערן קלאַפּ, וואָס איר האָט זיי דערלאַנגט דורך אָנערקענען פאַקאָרן. אָן דער פאַסיווער הילף פון דער עדעסאַער מאַכט וואָלט די זאַך מיטן פאַלשן נעראָן נישט געקאָנט אַזוי וויט גרייכן". „וואָס פאַר אַ נוצן", האָט צעיאָן אַ פרעג געטון, „קאָן די מאַכט פון עדעסאַ דערוואַרטן פון דאָזיקן קליינעם שווינדלער?" „די מאַכט פון עדעסאַ", האָט אים וואַראָ געלאַסן געגעבן צו פאַרשטיין, „איז פונקט אַזוי ווייניק אָדער פונקט אַזוי פיל פאַראינטערעסירט אין דעם פרעטענדענט טערענץ, ווי איר אין דעם פרעטענדענט פאַקאָר. מען וויל אייך שאַפן אַן אומבאַקוועמע סיטואַציע. און דאָס איז זיי, ווי ס'שיינט, געלונגען".

„אגב", האָט צעיאָן ווייטער געהערט וואַראָן רעדן, „דעם

קעניג מאַלוק און דעם אויבער־פּריסטער שאַרביל איז באמת נישט לייכט אָנצונעמען שריט קעגן דעם מאַן אין טעמפּל פון דער טאַ־ ראַטע, אפילו ווען זיי זאָלן דאָס וועלן מיטן גאַנצן האַרץ. די גאַנ־ צע באַפעלקערונג אויף יענער זייט פּרת איז איבערצייגט, אַז דער מאַן איז קייזער נעראָן".

„דאָס מעלדעט מען מיר אויך", האָט צעיאָן אומצופרידן אָפּ־ געענטפערט. „איך קאָן זיך דאָס אָבער נישט פאָרשטעלן. געוויס, דידאַזיקע מזרח־מענטשן זענען אַבערגלויביש. הינטער זייער אוי־ סערלעכער כיטרעקייט זענען זיי אומגעהייער נאַריש און לאָזן זיך איינרעדן אַ קינד אין בויך. זיי דערנערן זיך מיט מעשהלעך און משלים. אָבער אַזאַ אומזין, אַז נעראָן לעבט נאָך, קאָן מען דאָך קיינעם נישט איינרעדן. די מענטשן פון עדעסאַ קענען לייענען און שרייבן. צי גלייבט איר טאַקע אויף אַן אמת, אַז זיי וועלן אַראָפּ־ שלינגען אַזאַ גראָבן שווינדל ?"

וואַראַ האָט פאַרטראַכט געוויגט זיין פליישיקן קאָפּ. „דער־ דאָזיקער טערענץ", האָט ער געזאָגט, „אגב איינער פון מיינע פּראָטעזשירטע, האָט צוגעטראַכט אַ גאַנץ כיטרע געשיכטע. נעמ־ לעך : אָנשטאָט דעם קייזער זאָל, האָבן אומגעקומען מיין טערענץ, וועגן וועלכן מען ווייסט, אַז ער איז שטאַרק ענלעך געווען צום קייזער, און דער מאַן, וועלכער האָט זיך שפּעטער אויסגעגעבן אַלס טערענץ, זאָל גאָר האָבן געווען דער עכטער נעראָן. דאָס קלינגט גאָרנישט אַזוי אומגלויבלעך. דאָ אין מזרח, מיין איך, פינף טויזנט קילאָמעטער ווייט פון רוים".

צעיאָן אָבער איז נאָך אַלץ געווען אויפגעבראַכט : „צי זע־ נען דידאָזיקע מענטשן פולשטענדיקע אידיאָטן ? ביים הערקולעס, וואָסער סיבה האָט דען דערדאָזיקער טעפּער טערענץ געקענט האָבן זיך אויסצוגעבן פאַרן מיליטער פון סענאַט אַלס קייזער נע־ ראָן און זיך לאָזן אומברענגען פאַר אים ?" „דאָ אין מזרח", האָט אים וואַראַ פריינטלעך אויפגעקלערט, „ווייסט מען נאָך נישט, אַז די רוימישע טריהייט עקזיסטירט נישט מער. מיין צעיאָן, איך האָט דאָך אָקאָרשט אַליין קאָנסטאַטירט, אַז מיר האָבן דאָ צו כּבֿן

מיט באַרבאַרן. דידאָזיקע באַרבאַרן גלייבן נאָך באמת, אַז ווען עס איז נייטיק, קאָן אַ רוימישער מאַן שטאַרבן פאַר זיין קייזער".

צעיאָן האָט גובר געווען זיין אומצופרידנקייט און אונטער־דריקט דעם פאַרלאַנג זיך אויסצוּוציִען און שאַרף אָפּצוּענטפערן וואַראָן. „אייערע אָפּאָריזמען זענען פיין, מיין וואַראָ", האָט ער אויסגעדריקט אָנערקענונג און אפילו געצוווּנגען זיך אַ שמייכל צו טון. „זאָגט מיר אָבער אין פשוטן לאַטיין: האָט דערדאָזיקער שווינדלער שאַנסן ? קאָן איך האָפן, אַז די זאַך וועט אַליין פּלאַצן ? אָדער דאַרף איך עפּעס טון ?"

וואַראָ האָט ערנסט באַטראַכט דעם גובערנאַטאָר, ער האָט לאַנגזאַם געפירט מיט דער צונג פון איין מויל־ווינקל צום צווייטן. „צי מיין טערענץ האָט שאַנסן ?" האָט ער פאַרטראַכט איבערגע־חזרט. „די מענטשן אין עדעסאַ לעבט זיך שלעכט. זיי דאַרפן צאָלן גרויסע שטייערן, זיי קאָנען פון אַן ענדערונג בלויז געווינען. ווען איינער קומט און דערקלערט, אַז ער וועט אָפּשאַפן די שטייערן, געפינט ער אויף יענער זייט פרת אָפענע אויערן. און אויב עס שטייען הינטער אים געשיקטע לייט, קאָן ער זיך לאַנג האַלטן".

„איר האַלט, הייסט עס", האָט צעיאָן געשפּאַנט אַ פרעג געטון, „אַז הינטערן שווינדלער שטייט אַרטאַבאַן ?" וואַראָ האָט אַ צי געטון די אַקסלען. „איך ווייס נישט", האָט ער אָפּגעענט־פערט און געקוקט צעיאָנען שטיל און פויל אין פנים אַריין. צום ערשטן מאָל איז איצט אין צעיאָנען אויפגעשטיגן אַן אָנונג, אַז צווישן יענעם פרעכן טערענץ און וואַראָן קאָן זיין אַ געוויסע שייכות, און עס האָבן אים גענומען קלאָר ווערן געוויסע טונקעלע און פאַרזיכטיקע רמזים פון זיינע מקורבים. ער האָט אָבער די־דאָזיקע אָנונג תיכף אָפּגעטריבן. האָט ער דאָך געוווּסט, צוגעזען מיט די אייגענע אויגן, אַז וואַראָ איז די גאַנצע צייט געווען אין אַנטיאָכיע, פאַרזונקען אין זיין אויסגעלאַסן לעבן אין דאַפנע.

ניין, ער דאַרף זיך נישט לאָזן צו ווייט פאַרפירן פון זיינע אַנטי־פּאַטיעס צו וואַראָן.

„נעמט נישט אַזוי לייכט דידאַזיקע זאַך, מיין צעיאָן", האָט וואַראָ מילד געראָטן. „איר דאַרפט נישט אונטערשעצן די קראַפט פון קלאַנגען און לעגענדעס. לעגענדעס האָבן, אין הסכם מיט זייער נאַטור, אַ העכערן קורס פאַרן אמת. מיט אַ ביסל פּראָפּאַגאַנדע קאָן מען פריי מאַכן אַ וועג פאַר יעדער לעגענדע. בפּרט פאַר אַזאַ רירנדער געשיכטע וועגן דער טרייהייט און מסירת־נפש פון טעפּער טערענץ פאַר זיין קייזער נעראָן. „דערמאָנט זיך נאָר, מיין צעיאָן", האָט ער ערנסט צוגעגעבן, „איך האָב אייך פון אָנהייב אָן געוואָרנט. איך חזר איבער מיין וואָרענונג. איר קענט נישט דעם מזרח. איר וועט נאָך האָבן אַ סך איבער־ראַשונגען".

צעיאָן האָט מער נישט געקאָנט איינזיצן רויק אין זיין שטול. ער איז אויפגעשטאַנען, האָט גענומען אַרומגיין הין און צוריק. דער ענין מיטן פאַלשן נעראָן האָט אים אַלץ מער געערגערט. וואַראָ איז אַ רוימער. ווען עס האַנדלט זיך וועגן וויכטיקע רוימישע אינטערעסן, וועט ער נישט פאַרראַטן. „איר, מיין וואַראָ", האָט ער פאַרגעשלאָגן, „זענט געווען נעראָנס אַ נאָענטער פריינט, און איר קענט נאַטירלעך זייער גוט דעם טעפּער טערענץ. איר זענט דער פּאַסיקסטער מאַן אַ סוף צו מאַכן צו דערדאָזיקער אומ־אָנגענעמער געשיכטע. אויב איר וועט כאַרן קיין עדעסאַ, באַ־טראַכטן דעם חברה־מאַן און דערקלערן פאַר דער וועלט, ווי די זאַך איז, וועט עס, ביים הערקולעס, אַ סוף מאַכן צום שווינדל". ביי זיך אין האַרץ האָט זיך וואַראָ געפרייט: עס האַלט שוין גוט מיט צי־מענטשעלען. אָבער אויפן קול האָט ער געזאָגט: „די זאַך איז נישט אַזוי איינפאַך. וואָס קלאָרער אַ זאַך, אַלץ פיינער מוזן זיין די מעטאָדן, כדי מען זאָל גלייבן אין איר". צעיאָן האָט גע־פרעגט אַ ביסל אומגעדולדיק: „ווילט איר, הייסט עס, אַנווענדן דידאָזיקע פיינע מעטאָדן? איר באַקומט פולמאַכטן". „דאָס איז זייער פריינטלעך פון אייער זייט", האָט וואַראָ אָפּגעענטפערט.

„איר שטעלט זיך אָבער פאָר די זאַך לייכטער, ווי זי איז. ווען איר וואָלט געקומען צו מיר דאַן, ווען דידאָזיקע אָפּערע האָט זיך נאָך ערשט גענומען אויספּיקן, וואָלט איך אייך געקאָנט ערוב זיין, אַז איך וואָלט זי שנעל געבראַכט אין אָרדענונג. איצט אָבער האָט איר, דורך אייער האַנדלונג, אַלץ קאָמפּליצירט. חוץ דעם: איצט, ווען די עדעסאַער מאַכט האָט שוין גענומען שטעלונג צו דער זאַך, איז גראָד פאַר מיר זייער שווער זיך אַריינצומישן. דערמאָנט זיך נאָר, זייט אַזוי גוט, אַז איר גופא האָט מיר פאַר קורצן גערעדט וועגן די געוויסנס־קאָנפליקטן, וועלכע דראָען אַ מענטש, וועלכער איז גלייכצייטיק רוימישער בירגער, אונטערטאַן פון פּאַרטישן גרויס־קע־ניג און בירגער פון עדעסאַ". „איך האָב אים נישט באַדאַרפט בעטן", האָט צעיאָן אַ קלער געטון. „ער סמאַקעוועט אויס מיין ביטע". ער האָט זיך אָבער גובר געווען און ווידער געבעטן: „איך בין מודה, אַז אייער מיינונג איז געווען די ריכטיקערע און אַז כ׳האָב אייך געדאַרפט הערן. טראָגט מיר אָבער נישט נאָך קיין שנאה. מיר זענען ביידע רוימער, מיין וואַראָ. מיר געפינען זיך דאָ, כדי צו פאַרטיידיקן די אימפּעריע אויף דער זייט פּרת".

„הערט אויס, פיין צעיאָן", האָט וואַראָ פּלוצלינג אַ זאָג געטון פּשוט און אָפן. „איך לייג אייך פאָר אַן אויסגלייך. איר זענט מודה, אַז מען האָט ביי מיר מיט אומרעכט געפּאָדערט דעם אינספּעקציע־שטייער. איר גיט מיר צוריק די זעקס טויזנט און איך ברענג אייך אין אָרדענונג דעם ענין מיטן דאָזיקן כלומרשטן נע־ראָן, הגם איר האָט אים נישקשהדיק פאַרפּלאָנטערט. וואָס זאָגט איר דערצו?"

ער איז באַקוועם געזעסן אין זיין שטול, ער האָט גערעדט פריינטלעך, געלאַסן, אָבער אין זיך איז ער געווען אומגעהייער געשפּאַנט. ער איז געווען אַליידנשאַפטלעכער שפּילער, מיט לייב און לעבן איז ער פאַראינטערעסירט געווען אין דער שפּיל, וואָס ער האָט פאַרפירט. ער האָט אָבער נישט פאַרלוירן דאָס באַוווסט־זיין פון דער ווירקלעכקייט און ער האָט גוט געדענקט, אַז הינ־טערן קליינעם מאַן שטייט רוים, די גאַנצע אימפּעריע מיט איר

געוואַלטיקער אָרגאַניזאַציע, מיט איר מלוכה־קונסט, איר אַרמיי, און אַז ער, וואַראַ, וואָס קעגן דעם אַלעם קאָן ער שטעלן אין קאָן בלויז אַ נאַרישן טערענץ, איז פאַרלוירן, אויב ער וועט זיך ערנסט אַנגאַזשירן אין דאָזיקן קאַמף. ער האָט דערגרייכט, וואָס ער האָט געוואָלט, ער האָט צעיאָגעט דערציילט די ריכטיקע מעשה. טיף אין האַרץ האָט ער געוואָלט, צעיאָן זאָל אים געבן אַ געלעגנהייט זיך צוריקצוציִען.

ווען וואַראָ האָט געמאַכט זיין פאָרשלאַג, איז דער גובערנאַטאָר פלוצלינג שטיין געבליבן אין זיין מאַרש איבערן צימער. שטיל און פאַרביטערט האָט ער דורכגעזייעט צווישן די ציין: „איר זענט אַן אויספרעסער". „איר האָט ליב שטאַרקע ווערטער, מיין צעיאָן", האָט וואַראָ דערווידערט, נאָך אַלץ פריינטשאַפטלעך. „צי מיינט איר, אַז איך וואָלט אייך דאַן, אין עדעסאַ, געשיקט די זעקס טויזנט, ווען איר וואָלט מיך דאַן נישט צוגעדריקט צו דער וואַנט? איצט איז מיין ריי, מיין צעיאָן".

דאָס, וואָס וואַראָ האָט געזאָגט, האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פּערזענלעכן קאָנפליקט צווישן זיי ביידע. און דאָך איז אין צעיאָגען גראָד איצט אויפגעקומען די אַנונג, אַז דאָ שטייען קעגנאַנאַנדער גאַנץ אַנדערע כוחות, ווי ער און זיין שול־חבר. ער האָט גענומען באַגרייפן, אַז די פּאָליטיק פון טויטן נעראָן איז דער המשך פון אַן אוראַלטן פּראָצעס, וואָס קאָן נישט אָפּגעשלאָסן ווערן נישט דורך דעם באַפעל פון אַ גובערנאַטאָר אָדער אפילו פון אַ קייזער אָדער אַן אַרמיי. עס איז אויפגעגאַנגען אין אים די אַנונג, אַז דאָס אָנערקענען פאַקאָרן, דאָס איינמאָנען די זעקס טויזנט סעסטערציעס, דאָס דערשיינען פון פאַלשן נעראָן און וואַרשיינלעך נאָך אַ סך אַנדערס, וועגן וועלכן ער ווייסט נישט, — אַז דידאָזיקע אַלע כּלומרשט פונאַנאַנדער אומאָפּהענגיקע זאַכן זענען טיף און אומצערייסלעך פאַרפלאָכטן, און אַז ער און וואַראָ, וועלכע זענען אויס צו זיין אַזוי פריי אין זייערע אַנטשלוסן, צאַפּלען זיך אויך אין

דערדאָזיקער נעץ, געטריבן אין אַלע זייטן פון כוחות, וועלכע זיי קענען נישט.

ער האָט מיט איינמאָל באַקומען אַן" אויסטערליש הילפלאָז אויסזען, — אַ באַאַמטער, וואָס האָט זיך אומגעריכט דערזען פאַר אַן אומלעזבאַר-שווער פּראָבלעם, פאַר וועלכן ער געפינט נישט קיין פּרעצעדענץ-פאַל. וואָס האָט ער צו טון, — ער, וואָס ווייסט בלויז צו האַלטן זיך ביי אויסגעפּרוווטע מוסטערן און אינסטרוקציעס? „איך קאָן דאָך נישט צוריקציִען קיין אַמטלעכע אַנטשיידונגען", האָט ער געצוקט מיט די אַקסלען. „דאָס מינערט דעם אָנזען פון דער אימפּעריע". און ווי נאָר ער האָט געפונען דאָסדאָזיקע וואָרט: „דעם אָנזען פון דער אימפּעריע", האָט ער זיך דערפילט בעסער. דאָס איז עפּעס, אויף וואָס מען קאָן זיך שטיצן.

„דעם אָנזען פון דער אימפּעריע", האָט וואַראָ פאַרטראַכט איבערגעחזרט. „צי מיינט איר נישט, אַז דער אָנזען פון דער אימפּעריע ווערט אַ סך מער געמינערט דורך דער געשיכטע מיטן פאַלשן נעראָן, ווי דורך צוריקגעבן די זעקס טויזנט?" צום באַדויערן איז וואַראָ געווען גערעכט מיט זיין דאָזיקער באַמערקונג. צעיאָן האָט דעריבער געלאָזט אָן אַן ענטפער דעמדאָזיקן אַרגומענט און בלויז קאָנסטאַטירט: „ווילט איר מיר, הייסט עס, נישט העלפן?" „פאַרקערט", האָט וואַראָ צוריקגעענטפערט, „אויב איר וועט מיר העלפן". און ער האָט דאָס געמיינט אָפנהאַרציק. ער האָט נישט געשפּירט קיין פרייד פון דעם, וואָס ער האָט צי-מענטשעלען געצוווּנגען אַרויסצווייזן אַזוי בולט זיין הילפלאָזיקייט. אדרבה, ער האָט אַליין בולטער געזען די סכנות פון זיין אַוואַנטורע, און הינטערן קליינעם צעיאָן האָט ער געזען די ריזן-גרויסע, די געוואַלטיקע רוימישע אימפּעריע. ער האָט געמאַכט דעם לעצטן פּרוּוו און גענומען איינרעדן דעם קעגנער: „זייט זיך נאָך אַמאָל מיישב, מיין צעיאָן. זאָגט נישט גלייך ניין. כ'בעט אייך, זייט אייך מיישב".

איין אויגנבליק האָט צעיאָן אַ טראַכט געטון, צי וואָלט טאַקע נישט קליגער געווען מסכים צו זיין אויף וואַראָס פאַר-

שלאָג. ער האָט פאַרויסגעזען, אַז מיט דער הילף פון דאָזיקן מענטש וועט אים דער פאַלשער נעראָן נאָך פאַרשאַפן אַ סך זאָרגן. אָבער גלייכצייטיק האָט ער געזען פאַר זיך די פאַרדעקטע שאַפע מיטן וואַקס-בילד פון איינעם פון זיינע מיט שאַנדע-באַדעקטע על-טער-עלטער-זיידעס. יעדער איינער וואָלט געמעגט איינגיין אויף קאָמפּראָמיסן: ער, צעיאָן, נישט. דאָס האָט אַרויסגערופן אין אים אַ כוואַליע פון צאָרן קעגן דעם מאַן, וועלכער איז געזעסן פאַר אים באַקוועם און פרעך און האָט נאָך דערביי געהאַט פרייד, ווי עס האָט געשיינט, פון דאָזיקן עקלדיקן מזרחדיקן פלאָנטער. ער האָט זיך אויסגעצויגן, איז געוואָרן רוימער, דער שטעל-פאַרטרע-טער פון קייזער. „איך קאָן אייך, נאַטירלעך, נישט צווינגען", האָט ער געענטפערט מיטן טרוקנסטן, פאַרזשאַווערטסטן באַאַמטן-טאָן. און אומגעריכט, העפטיק, מיט אַן איבערגעשלאָגענער שטים: „איך פאַרטרעט דאָ דעם קייזער. איך פּאַקטיר נישט מיט זיינעם אַן אונטערטאַן".

וואַרראָ האָט פונקט אַזוי ווייניק געוואָסט דעם קעגנערס צאָרן, ווי פריִער זיין הילפלאָזיקייט. ער האָט געזאָגט גיכער מיט רע-זיגנאַציע, ווי מיט איראָניע: „ליידער האָט איר געהאַט רעכט, מיין צעיאָן, ווען מיר האָבן זיך דאָ דאָס ערשטע מאָל ווידער גע-טראָפן. מיר קאָנען באמת נישט צוזאַמענאַרבעטן". און ער איז אַוועק.

אָוונטצייט פון זעלבן טאָג האָט צעיאָן איינגעזען, וואָס פאַר אַ שווערן פעלער ער איז באַגאַנגען. ער האָט זיך דערמאָנט וואַ-ראָס ווערטער, זיין פּנים, זיין האַלטן זיך, זיין טאָן, און פלוצלינג האָט ער געזען — אַזוי קלאָר, אַז די אויגן האָבן אים גענומען ברענען, — אַז הינטער דעם פאַלשן נעראָן שטייט נישט קיין אַנ-דערער, ווי וואַרראָ, זיין דם-שונא. ווידער האָט ער פאַלש גע-האַנדלט: אָדער ער האָט געדאַרפט דערפילן וואַראָס באַדינגונגען אָדער אים אַרעסטירן.

ער האָט גלייך פאַראָרדנט צו אַרעסטירן וואַראָן. יענער האָט זיך שוין אָבער געפונען אויפן וועג קיין עדעסאַ.

## 18.

# וואַראַס שפּיל שלאָגט קרייזן

זיין טאָכטער מאַרציאַ האָט ער מיטגעפירט. די ווייסע, שטרענגע מאַרציאַ האָט ליב געהאַט איר פאָטער, זי איז אָבער נישט גערן געפאָרן קיין עדעסאַ. אין אַנטיאָכיע איז נאָך געווען אַ שפּור פון רוים, אין עדעסאַ איז געווען בלויז דער מזרח. אָבער אַז דער פאָטער האָט באַפוילן, האָט זי געפאָלגט.

וואַראָ האָט געריזט מיט אַ מחנה באַגלייטער. אויף וויפיל דאָס איז מעגלעך געווען, האָט ער אין דער לעצטער צייט פאַר־קויפט זיין באַזיץ אויפן רוימיש־סירישן באָדן און ווי ווייט מעג־לעך אַריבערגעשיקט איבער דער גרענעץ. איצט האָט ער מיטגע־פירט די רעשט פון זיין באַוועגלעך פאַרמעגן. ער אַליין, מאַרציאַ און אייניקע באַגלייטער זענען שנעל געריטן פאָרויס. איינגיכן האָבן זיי דערגרייכט אַפּאַמעאַ, דאָס לעצטע רוימישע שטעטל, זיי זענען אַריבערגעריטן די בריק פון טייך פּרת, אַרויפגעפאָרן אויפן נידעריקן בערגל, וואָס האָט געבילדעט די גרענעץ. דאָ, אויף נישט־רוימישן באָדן, אויפן שפּיץ בערגל, האָבן זיי זיך אָפּגע־שטעלט.

דאָ אויבן, ביי דער גרענעץ, האָט וואַראָ אָפּגעוואַרט זיין מחנה. ער איז געזעסן אויפן פערד, ווען דער צוג איז געגאַנגען איבער דער בריק, צו זיינע פיס איז געפלאָסן דער געלבלעכער טייך, לאַנגזאַם איז אָנגעקומען די מעכטיקע מחנה מענטשן, בהמות מיט באַלאָדענע וועגענער.

אָט דאָס קליינע בערגל, האָט וואַראָ ביי זיך געטראַכט, איז געוואָרן איינס פון די שפּיצן פון זיין לעבן. ער האָט אַ סך איבער־געלאָזט אויפן רוימישן באָדן: ווילעס, גיטער, מענטשן, פערד,

זאַכן, געלט אין ווערט פון גוטע פּופּצן מיליאָן סעסטערציעס, דריטהאַלבן טויזנט מאָל מער, וויפיל עס האָט באַטראָפן יענער אינספּעקציע־שטייער. און נישט נאָר דאָס אַליין איז איבערגעבליבן אויפן אַנדערן ברעג: אויך די גאַנצע מערב־וועלט, זיין רוימער־טום, די רוימישע ציוויליזאַציע און די גריכישע בילדונג. אָבער ווּאַראָ האָט דאָס אַלץ נישט באַדויערט. זיין פאַרשלאַג צעיאָנען, זיין צווייטמאָליקע אויפפאָדערונג איז געווען די לעצטע קאָנצע־סיע, וואָס ער האָט געמאַכט זיין פאַרשטאַנד. דאָס, וואָס צעיאָן האָט נישט נאָכגעגעבן, איז געווען אַ ווונק פון גורל. איצט איז ווּאַראָ אַריבערגעריטן די בריק, איצט וואַרפט ער זיך אַריין מיט לייב און לעבן אין דער שפּיל.

אויפן קליינעם בערגל ביי אַפּאַמעאַ איז ער געבליבן שטיין, האָט אַראָפּגעקוקט, ווי זיינע מענטשן און זאַכן פאַרלאָזן דאָס רוי־מישע געביט. עס האָט זיך דערנענטערט דאָס קעסטל מיט די דאָקומענטן. ער האָט אָפּגעשטעלט דעם טרעגער, אַרויסגענומען די קוויטירונג. אויף דער צווייטער זייט, אונטער דער רובריק „היזק", האָט ער געבוכט: „פּופּצן מיליאָן סעסטערציעס. אַ ציוויליזאַציע".

ער האָט דורכגעמאַכט דעם קורצן וועג קיין עדעסאַ אַ גוט־געשטימטער, אַ דורשטיקער נאָך מעשים. ווו ער איז נאָר אָנגעקו־מען, זענען זיך מענטשן צוזאַמענגעלאָפן, אים באַגריסט. דער פאַקט, וואָס אין טעמפּל פון דער טאַראַטע איז געווען אַ מענטש, וואָס די מערהייט האָט אים געהאַלטן פאַרן קייזער נעראָן, האָט אַריינגעבראַכט דעם גאַנצן געביט אין אַ שטימונג פון ווילדער, טונקעלער דערוואַרטונג אויף גרויסע געשעענישן. אין עדעסאַ האָט מען אים מקבל פּנים געווען ווי אַ פּירשט, אויף וועלכן מען האָט אויסגעקוקט די אויגן. אויף די גאַסן זענען געשטאַנען אין גע־דיכטע מחנות סיריער, פּערסער, אַראַבער, יידן און גריכן און אים געמאַכט אָוואַציעס, פּונקט ווי ער גופא וואָלט געווען דער קייזער נעראָן, וועלכער איז געקומען באַזוכן זיין ליבע שטאָט עדעסאַ.

וואַראָ האָט גוט געקענט די פֿאַרענדערלעכקייט פֿון מזרח, און ער האָט נישט איבערגעשאַצט די באַדייטונג פֿון דאָזיקן קבלת־פּנים. ער האָט געוווּסט, אַז עס שטייט אים נאָך פֿאַר אַ לאַנגער, שווערער וועג. קודם־כּל דאַרף מען געווינען אויף זיין זייט דעם קעניג מאַלוק און שאַרבילן. ער האָט געקענט ביידע: זיי זענען געווען כיטרע און האַרטנעקיק, און זיי וועלן זיך גוט לאָזן באַצאָלן פֿאַר זייער הילף. ער איז געווען איבערצייגט, אַז דער קעניג און דער איבער־פּריסטער חלשן, פּונקט ווי ער, נאָך אַ שנעלן שמועס. פֿונדעסטוועגן האָט אים קעניג מאַלוק געלאָזט וואַרטן דריי טעג, איידער ער האָט אים איינגעלאַדן צו זיך אין פּאַלאַץ.

דאָרט איז פֿאָרגעקומען איינער פֿון יענע רויִקע, ענדלאָזע שמועסן, ווי דער קעניג האָט ליב געהאַט און וועלכע צערייבן, ווי מאָל, די נערוון פֿון מערב־מענטשן. דער פֿאַנטאַן האָט מאָנאָטאָן געפֿליעסקעט און צוויי מאָל שוין האָט דער שעה־אויסרופֿער פֿאַרהויבן דעם איינגאַנג־טעפּיך און אויסגערופֿן די שעה, ביז מען איז צוגעטרעטן צו רעדן וועגן דעם, וואָס איז אַלעמען געלעגן אויפֿן האַרץ. ערשט איצט האָט וואַראָ געקאָנט אָנהייבן: „ווען איך האָב דאָס לעצטע מאָל געהאַט דעם כּבֿוד צו דערשיינען פֿאַרן קעניג פֿון עדעסאַ, האָבן מיר גערעדט וועגן אַ מאַן, וואָס קומט מיט גרויסע פֿאָדערונגען. דאַן האָסטו, איבער־פּריסטער שאַרביל, געזאָגט: „אויב רוים וועט שטיצן פֿאַקאָרן קעגן אונזער אַרטאַבאַן, דאַן וואָלט פֿאַר עדעסאַ געווען אַ פֿרייד צו וויסן, אַז דער קייזער נעראָן לעבט נאָך". היות ביידע האָבן געשוויגן, האָט ער ווייטער גערעדט: „אין אַנטיאָכיע האָט מען דעם איינדרוק, אַז אויך איר זענט אינצווישן ווייט אַוועק". ער האָט ביידן געוואָלט מרמז זיין, אַז פּאַקטיש האָבן זיי זיך שוין אַנטשידן.

קעניג מאַלוק האָט אָבער אויסגעדרייט זיין געבֿרוינט פּנים צום מערב־מאַן. „אויב אַזוי", האָט ער דערווידערט, „האָט מען אין אַנטיאָכיע נישט אויפֿמערקזאַם געלייענט אונזערע ווערטער". און שאַרביל האָט שאַרף אויסגעטייטשט דעם קעניגס ווערטער: „ווער עס קען די געטער פֿון מזרח, מוז פֿאַרשטיין, אַז דער אוי־

בער־פריסטער פון דער געטין טאַראַטע קאָן נישט פאַרלאָזן איר טייך, בעת אירע הייליקע פיש וואַרפן רויגן". און ער האָט דערקלערט מיט ווירדיקן פאָרוואורף: „די געטין טאַראַטע מאַכט נישט קיין אונטערשייד צווישן די, וואָס זוכן אַ מקום־מקלט אין איר טעמפּל. זי שיצט אים, סיי ער איז דער טעפּער טערענץ, סיי דער קייזער נעראָן. מיר האָבן נישט געפרעגט, ווער עס איז דער מאַן. מיר ווייסן עס נישט. העכסטנס קאָנסט דו עס וויסן, — דו, וואָס דו ביסט געווען אַ נאָענטער פריינט פון קייזער נעראָן".

„צי ווילט איר אויף אַן אמת וויסן", האָט וואַראָ געפאָרשט, „ווער עס איז דער מאַן?" „מיר ווילן וויסן", האָט צוריקגעענטפערט שאַרביל, „וואָס עס איז דיין מיינונג וועגן מאַן". וואַראָ האָט אויף דעם געזאָגט: „אויב איר ווילט, האָב איך אַ סימן. צווישן מיר און דעם קייזער נעראָן זענען דאָ געהיימנישן, וועלכע קיינער קען נישט אַ חוץ מיר און אים. אויב דערדאָזיקער מאַן קען זיי, — איז ער דער קייזער. ווילט איר זיך פאַרלאָזן אויפן דאָזיקן באַווייז?"

דער אויבער־פריסטער האָט אַריבערגעקוקט צום קעניג, ער האָט פאַר אים איבערגעלאָזט דעם ענטפער: „דאָס וואָרט באַווייזט אַ סך זאַכן", האָט דער קעניג געזאָגט, „אָבער דעם לעצטן באַווייז גיט די טאַט".

וואַראָ האָט, נאַטירלעך, תּיכף באַגריפן, וואָס די ביידע מיינען. נישט דעם פלומרשטן נעראָן — אים האָבן זיי געוואָלט צווינגען, ער זאָל זיך אַנגאַזשירן אויף תּמיד מער ווי דורך ווערטער. ער האָט אָבער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער פאַרשטייט נישט דעם קעניג און גערוואַרט מיט אַ פרעג־צייכן אויפן פּנים. דער אומגעדולדיקער שאַרביל האָט באַלד אויסגעטייטשט דעם קעניגס ווערטער: „עס האַנדלט זיך וועגן דעם, אָ וואַראָ, דו זאָלסט באַווייזן דיין גלויבן אין דאָזיקן מאַן מער ווי דורך ווערטער".

וואַראָ האָט זיך געריכט, מען זאָל פון אים אַ סך פאַרלאַנגען; פונדעסטוועגן האָט ער מורא געהאַט צו הערן דידאָזיקע פאָדערונגען, און ער האָט געמאַכט דעם פּרווו אָפּצושטופּן דעם

פּיינלעכן אויגנבליק. „וואַראָ ווייסט", האָט ער געענטפערט, „אַז אַ מזרח־מאַן פּאָדערט פון אַ מערב־מאַן אַ סך באַווייזן, איידער ער טרויט זיך אים אָן. אָבער וואַראָ גלייבט, אַז ער האָט שוין באַוויזן, דאָס ער פאַרדינט דעם ערן־טיטול „פעטער פון עדעסאַער קעניג".

נישט מאַלוק און נישט שאַרביל האָבן נישט געענטפערט. עס איז אַנטשטאַנען אַן ענדלאָז שווייגן, און וואַראָ האָט שוין חרטה געהאַט, וואָס ער אַליין האָט זיך פאַראַנטוואָרטלט צו שווייגן. ווייל דידאָזיקע מזרח־מענטשן האָבן געקאָנט בעסער, לענגער און רויִקער וואַרטן, און דאָס שווייגן האָט אים מער געפּייניקט, ווי זיי. „ווען איך וועל דעמדאָזיקן מאַן אָנערקענען אַלס מיין קייזער נעראָן", האָט ער ענדלעך, אַן אויסגעשעפּטער, געזאָגט, „וועלן טיטוס און זיין גובערנאַטאָר קאָנפיסקירן אַלע מיינע גיטער אין רוימישן געביט. צי איז דאָס נישט אַ גענוגנדיקער באַווייז?" שאַרביל האָט מסכים געווען מיט קוים־באַמערקטן חוזק: „ס'קאָן זיין, אַז מען וועט דיינע גיטער קאָנפיסקירן. מען האָט דיך אָבער נישט ליב אין אַנטיאָכיע און אויך אָן דאָזיקן קייזער נעראָן וואָלט מען אפשר געפונען אַן אויסרייד צו פאַרמינערן דיין פאַרמעגן. כּדי אונז איבערצוייגן, וואָלסטו שטאַרקער געמוזט באַווייזן דיין גלויבן". און איצט האָט ענדלעך גענומען דאָס וואָרט אויך דער קעניג. מיט זיין טיפער, געלאַסענער שטימע האָט ער געזאָגט: „יאָ, דו מוזסט עס שטאַרקער באַווייזן".

וואַראָ איז בלאַס געוואָרן; ער האָט גלייך פאַרויסגעזאָגט, וואָס זיי האָבן אין זינען, און דעריבער טאַקע האָט ער אָפּגעשלעפּט. „ווי אַזוי זאָל איך עס שטאַרקער באַווייזן?" האָט ער הילפלאָז געפרעגט.

דער שעה־אויסרופער האָט פאַרהויבן דעם טעפּיך, געמאָלדן די שעה. דער קעניג האָט געהייסן דערלאַנגען צוקערלעך, העפּלעך אויסגעפרעגט וואַראָן וועגן זיין לעבן אין אַנטיאָכיע, וועגן זיין רייזע. דאָס וואָסער האָט פּיינלעך־מאָנאָטאָן געפּליעסקעט.

ענדלעך האָט שאַרביל געזאָגט: „דו קאָנסט עס, למשל, באַ־
ווייזן דורך געבן נעראָנען דיין טאָכטער מאַרציאַ פאַר אַ פרוי”.

וואָראַס האָרץ האָט טיף אַ צאַפּל געטון. זיי האָבן געטראָפן
פּונקט אין דעם אָרט, וווּ מען האָט אים געקאָנט טרעפן צום פּיל־
באַרסטן. ער איז צוגעבונדן געווען מיט לייב און לעבן צו זיין
ווייסער, שיינער, שטרענגער טאָכטער מאַרציאַ. אַלץ, וואָס איז אין
אים געווען רוימיש, איז פאַרקערפּערט געווען אין זיין דאָזיק
קינד. עס זענען געווען מאָמענטן, ווען זי פלעגט אים פאַראַכטן,
אָבער אפילו דאַן פלעגט זי אים נאָך ליב האָבן און באַוואונדערן.
מאַרציאַ האָט זיך גאַוואהדיק פאַרשלאָסן אין איר רוימערטום און
אויסגעמיטן דעם פאַרקער מיט מזרח־מענטשן. דאָס, וואָס די ביי־
דע האָבן פון אים געפאָדערט, איז באמת געווען אַ „באַווייז”.

וועט אים דען מאַרציאַ פאָלגן, ווען ער וועט דאָס פאַרלאַנ־
גען פון איר? און אויב יאָ, צי וועט זי נישט אויסרייסן פון איר
האַרץ די ליבע, וואָס זי פילט איצט צו אים?

ער האָט דערקענט, אַז זיין שפּאַס הייבט אָן צו ווערן זייער
אַ טייערער ביסן.

ער האָט נאָכאַמאָל דורכגעטראַכט די מעגלעכקייט אָפּצוזאָגן
זיך פון גאַנצן עסק. ווי וואָלט געווען, ווען ער קערט זיך איצט
אום קיין אַנטיאָכיע און זאָגט צו צעיאָנען: „איך האָב אָנגעקוקט
דעם חברה־מאַן. ער איז אויף אַן אמת אַ נאַר און אַ שווינדלער,
ווי מיר האָבן פון אָנהייב אָן גערעכנט. אין אויב איר ווילט, מיין
צעיאָן, וועל איך דאָס עפנטלעך דערקלערן”. צעיאָן וועט אים
אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס, אויך אויפן פּאַלאַטין וועט מען
אים דאַנקען. צי־מענטשל האָט שוין באַגריפן, ווער ער איז, און
וועט זיך שוין היטן אַ צווייט מאָל צו פאָדערן פון אים דעם אינ־
ספּעקציע־שטייער אָדער ענלעכס.

צי האַנדלט זיך אָבער וועגן צי־מענטשלען אָדער וועגן אים
גופא. עס האַנדלט זיך וועגן נעראָנס אידעע, וועגן זיין ווייטער
פירן דאָס ווערק פון גרויסן אַלעקסאַנדער, עס האַנדלט זיך וועגן
מזרח און זיין צונויפגוס מיט גריכנלאַנד און רוים. זאָל ער אי־

בערלאָזן אויף גאָטס באַראָט דאָס, וואָס ער האָט קוים אָנגע־הייבן?

ער האָט זיך פאַרנייגט פאַרן קעניג מאַלוק, פאַרן אויבער־פּריסטער, געזאָגט: „אויב קייזער נעראָן וועט אָנטון וואַראָס טאָכ־טער דעם כּבוד זי צו נעמען אַלס ווייב, וועט זיך קיינער נישט פרייען מער פאַר וואַראָן".

## 19.

# ראָמאַנטיק און רעכט אויף אַ פּענסיע

נאָך מאַלוקן און שאַרבּילן האָט וואַראָ געמוזט זאָנדירן, אין שייכות מיט זיין נעראָן, דעם קאָמענדאַנט פון רוימישן גאַרניזאָן, פּולקאָווניק פראָנטאָ. כּדי זיין אונטערנעמונג זאָל נישט זיין קיין דורכפאַל, האָט ער זיך געמוזט זיכערן פראָנטאָס נייטראַליטעט. וואַראָ איז זיכער געווען אין פראָנטאָס געהיימער נייגונג צו אים. ער, פון זיין זייט, האָט פראָנטאָן געשעצט. ער האָט אים געהאַלטן פאַרן פעיִקסטן מיליטערמאַן און דעם בעסטן פּאָליטיקער פון מע־סאָפּאָטאַמיע. ער האָט געזוכט אַ געלעגנהייט, דורך אַ גוט צוגע־גרייט צופאַל, זיך צו טרעפן מיט אים.

אין דער ווילע פון טעפּיך־פאַבריקאַנט ניטאַי פלעגן זיך צו־זאַמענקומען צוויי טעג אין דער וואָך מערערע מענער פון עדע־סאַס פירנדער שיכט, כּדי צו שפּילן פּילקע, ווי די מאָדע איז גע־ווען. וואַראָ האָט געוווסט, אַז אויך פּולקאָווניק פראָנטאָ נעמט אָפט אָנטייל אין דער שפּיל. ער האָט זיך דערפרייט, ווען שוין ביים צווייטן באַזוך זיינעם האָט ער אים געטראָפן. וואַראָ איז נישט געווען קיין שלעכטער, פראָנטאָ איז געווען זייער אַ גוטער שפּילער. אין דער גאַרדעראָבע — מען פלעגט שפּילן אָנגעטון אין קורצע טוניקעס — האָט ער געפרעגט דעם פּולקאָווניק, צי ער קאָן אים איינלאַדן אויף אַן איינצל־שפּיל. פראָנטאָ האָט מסכּים

געווען מיט קענטיקן פאַרגעניגן. „די לופט-פּילקע אָדער די גע-שטאָכטע ?" האָט ער געפרעגט. „די שווערסטע", האָט וואַרראָ פאָרגעלייגט. „מסכים", האָט פראָנטאָ צוגעשמייכלט.

זיי האָבן באַשלאָסן צו שפּילן די געווינלעכע עלף רונדעס. נאָך יעדער רונדע פלעגן זיי מאַכן אַ לענגערע פּויזע, בעת וועל-כער אַ קאַפּאַדאָקישער לייבאייגענער פלעגט זיי אָפּטרוקענען און זיי פלעגן וואַרפן גורל, ווער עס דאַרף אָנהייבן די נאָענטסטע רונדע.

„דער מאַן אין טעמפּל פון דער טאַראַטע", האָט וואַרראָ אָנ-געהויבן גלייך אין דער ערשטער פּויזע, „פאַרשאַפט אונז ביידע גענוג קאָפּ-דרייעניש, מיין פראָנטאָ". „מיר נישט", האָט פראָנטאָ געענטפערט גוט געשטימט. „איך באַקום מיינע באַפעלן פון אַנטיאָכיע און איך בין פּטור אַליין צו טראַכטן. דאָס איז די מעלה פון זעלנער-שטאַנד". וואַרראָ האָט מיט דער זעלבער מונטערקייט אָפּגעענטפערט : „אַ מעלה, פאַר וועלכער מען מוז אָפּט טייער באַצאָלן. שטעלט זיך נאָר פאָר, אַז אונזער חשובער קעניג מאַלוק באַשליסט צו אָנערקענען דעם מאַן אין טעמפּל און נעמט אים אַרויס פון זיין מקום-מקלט. דאַן וואָלט איר געמוזט מאַכן אַ פּרווו אים צו אַרעסטירן. איז שווער צו גלייבן אונזער מאַלוק זאָל דאָס צוזען מיט פאַרלייגטע הענט". „איר מיינט עס אויף אַן אמת ?" האָט פראָנטאָ צוריקגעפרעגט, די וויַעס האַלב-צוגעמאַכט. „צי מיינט איר נישט, אַז עס וואָלט גענוג געווען רוימס אַן ענערגיש וואָרט, כּדי מאַלוק זאָל צוריקקריגן זיין פאַרשטאַנד ?" „איך מיין", האָט וואַרראָ געזאָגט, „ווען אונזער מאַלוק, וועלכער איז אַ רו-איקער מענטש, זאָל זיך אויף אַן אמת אַנטשליסן צו אָנערקענען דעמדאָזיקן מאַן אין טעמפּל, וועט ער עס טון ערשט נאָכדעם, ווי ער וועט וויסן גענוי וועלכע כּוחות עס שטייען הינטער יענעם מאַן. אפשר ווערט ער געשטיצט פון געוויסע כּוחות". „פּאַרטיי-שע ?" האָט פראָנטאָ געפרעגט. וואַרראָ האָט געצוקט מיט די אַקס-לען. „כּוחות", האָט ער בלויז געענטפערט.

זיי האָבן געשפּילט די צווייטע רונדע. אין דער נאָענטסטער

פויזע האָט פראָנטאָ געזאָגט: „מיר איז זיך שווער פאָרצושטעלן, אַז אַ מענטש, וואָס איז ביים קלאָרן פאַרשטאַנד, זאָל זיך שטעלן אויף דעם טעפערס זייט, אפילו ווען ער ווערט אונטערגעשטיצט דורך „כוחות". צי קאָן אַ מענטש מיט אַ שכל־הישר אָננעמען, אַז ער האָט דעם מינדסטן שאַנס אויפצוהאַלטן לאַנג דעם טעפער טערענץ קעגן דער רוימישער אימפעריע? צי וואָלט אַזאַ פּרווו נישט געווען זיין קיין משוגעת, פון וועלכע כוחות ער זאָל נישט אינספּירירט ווערן?" ער האָט באַטראַכט וואַראָן פון אַ זייט, מיט פריינטשאַפטלעכער זאָרג, מיט קלוגע, וויסנדע אויגן. זיי זענען געזעסן נעבנאַנאַנדער אויף דער זון, די פּילקעס צו זייערע פיס, אָנגענעם אַנטשפּאַנט נאָך דער אָנשטרענגונג פון דער שפּיל, אָטעמענדיק מיט גענוס אונטערן מאַסאַזש פון די קאַפּאַדאָקיער.

„ווו הערט אויף די פּאָרזיכטיקייט", האָט וואַראָ פאַרטראַכט אָפּגעענטפערט, „און ווו הייבט זיך אָן די פּחדנות? ווו ענדיקט זיך די מוטיקייט און ווו הייבט זיך אָן דאָס משוגעת? דאָס איז אַן אינטערעסאַנטע טעמע און זי איז ווערט, צוויי מענער, ווי איר און איך, זאָלן דערוועגן דיסקוטירן. איר האָט מיר דערלויבט, מיין פראָנטאָ, צו וואַרפן פון צייט־צו־צייט אַ בליק אין אייערע געדאַנקען. איך ווייס דעריבער, אַז איר רעכנט אויס אויף אַ פּאַרנונפּטיקער, געמיטלעכער עלטער ביים שרייבטיש, מיט אַ גרויס שטיק ערד און אַ הויכער פּענסיע; איך ווייס אָבער אויך, אַז איר האָט פאַרשטענדעניש פאַר דעם רייץ פונם אומבאַרעכנבאַרן, פונם פּאַרביקן, פונם אַוואַנטוריסטישן, אָדער מיט וואָסער נאָמען מען זאָל דאָס נישט באַצייכענען. אויב אַזוי קאָנט איר דאָך באַגרייפן, אַז נישט געקוקט אויף אַלץ איז פּאָרט מעגלעך, דאָס קעניג מאַלוק אָדער די „כוחות" הינטער דעם טעפער טערענץ זאָלן זיך לאָזן פאַנגען, קעגן דער לאָגיק, פונם רייץ פון „אַוואַנטוריסטישן" און אָנערקענען אין דעם מאַן פון טעמפּל דעם קייזער נעראָן. צי וועט איר מיר דערלויבן, מיין פראָנטאָ, זיך אַריינצוטראַכטן אין אייער לאַגע און פּרווון געבן אַן ענטפער, אַלס פראָנטאָ, ווי אַזוי עס דאַרף האַנדלען אין דאָזיקן פאַל דער קאָמענדאַנט פון רוימישן

גאַרניזאָן?" „איך הער", האָט פּראָנטאָ דערווידערט מיט אַ שמייכל; זיין פּוס אין ווייס-געלבלעכן סאַנדאַל האָט זיך געשפּילט מיט דער פּילקע.

וואַראָ האָט גענומען אויסרעכענען, וואָס פּראָנטאָ קאָן טון: „קודם-כל וואָלט איר געקאָנט האַנדלען ווי אַ בראַווער זעלנער און נישט קלערנדיק קיין סך פּשוט זען צו אַרעסטירן טערענצן. וואָס וואָלט אָבער אין דאָזיקן פאַל געשען? קעניג מאַלוק וואָלט דאָס נישט געקאָנט פאַרשווייגן, ווייל ער האָט זיך דאָך שוין געשטעלט אויף טערענס זייט. נישט געקוקט אויף אייערע אַלע מיליטערישע טאַלענטן וואָלט איר נישט געקאָנט בייקומען מיט פינף הונדערט מאַן זיינע צען טויזנט. איר וואָלט דעמאָנסטראַטיוו און העלדיש אומגעקומען, אַ העלד פאַר די שול-ביכער. צי-מענטשל ווידער וואָלט נישט געקאָנט אַראָפּשלינגען דעם אונטערגאַנג פון עדעסאַער גאַרניזאָן, ער וואָלט געמוזט אַרויסווייזן אַ שטאַרקע האַנט. דער פּאַרטער-קעניג אַרטאַבאַן ווידער וואָלט אויך נישט געקאָנט רויִק צוקוקן זיך, ווי רוימישע חיילות צעפירן די הענט אויף יענער זייט פּרת, און אונטער דעם לאָזונג פון אַ גרויסן פאַרטיידיקונגס-קריג וואָלט אים מן הסתם געלונגען פּטור צו ווערן פון זיין קאָנקורענט פּאַקאָר און פאַראייניקן אַלע פּאַרטער. דער רעזולטאַט וואָלט, אַלזאָ, געווען: אַ פרישער קריג מיט די פּאַרטער".

„זייער מעגלעך", האָט פּראָנטאָ מודה געווען. „אָבער צי דען איז דאָס נישט קיין ענין פאַר די מיניסטאָרן אין רוים אָדער פאַרן גובערנאַטאָר אין אַנטיאָכיע? איך, מיין וואַראָ, בין אַ זעלנער. מיר וואָלט אין דאָזיקן פאַל טאַקע קיין אַנדערע זאַך נישט געבליבן צו טון, ווי בלויז העלדיש צו שטאַרבן, ווי איר האָט זיך אויסגעדריקט. דערווייל אָבער לאָמיר שפּילן ווייטער".

„דיס מאָל האָב איך געהאַט מיט אייך אַ שווער לייענען", האָט ער מודה געווען נאָך דער זיבעטער רונדע. וואַראָ האָט דאַנקבאַר געשמייכלט. פּראָנטאָ האָט געוווּנען פינף רונדעס, ער — בלויז צוויי. „דערלויבט מיר", האָט ער געזאָגט, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, „איך זאָל זיך אַריילעבן אין קעניגס

לאַגע, עדעסאַ איז פֿאַראינטערעסירט נישט ווייניקער פֿאַר רוים, אויסצומיידן אַן אָפֿענעם, באַוואָפֿנטן קאָנפֿליקט. קעניג מאַלוק וואָלט מסתמא אַלץ געטון, כּדי צו געבן דעם קאָמענדאַנט פֿון רוימישן גאַרניזאָן די מעגלעכקייט נישט עובר צו זיין אויף דער דיסציפּלין, בלייבן שטרענג קאָרעקט און פֿונדעסטוועגן נישט דאַרפֿן אָננעמען מיטלען". „פֿעסטער, פֿעסטער", האָט פֿראָנטאָ צוגעגעבן חשק דעם קאַפּאַדאָקיער, וועלכער האָט אים מאַסאַזשירט. „און איר רעדט אַלץ וועגן היפּאָטעזעס?" האָט ער זיך געווענדט צו וואַראָן. „נאַטירלעך", האָט זיך דערדאָזיקער צוגעאײַלט צו פֿאַרזיכערן. „איך שטעל זיך טעאָרעטיש די פֿראַגע, וואָס וואָלט געהאַט צו טון דער קאָמענדאַנט פֿון רוימישן גאַרניזאָן אין פֿאַל, ווען קעניג מאַלוק אָדער אַן אַנדערער וואָלט געמאַכט דעם לעצטן פּרווו צו באַנייען אין מזרח נעראָנס פּאָליטיק? זאָל ער זיך אַליין ברענגען אַלס קרבן און פֿון פֿאָרויס צוגרייטן דעם דורכפֿאַל פֿון דאָזיקן פּרווו, זאָל ער טון זיין „פֿליכט", העלדיש שטאַרבן און שטעלן אין סכּנה די אימפּעריע? אָדער ער זאָל זיך האַלטן אין די „עלעמענטאַר-כּללים", וואָס אַלס אָפֿיציר פֿון די פֿלאַווישע קיסרים מוז ער דאָס קענען אויף אויסנווייניק, און ער זאָל „בעסער גאָרנישט טון איידער עפּעס פֿאַלשעס" און אַזוי אַרום פֿאַרהיטן די אימפּעריע פֿון אַ קריג מיט די פּאַרטער?"

פֿראָנטאָ האָט פּריינטלעך באַטראַכט דעם אויפֿגערעגטן מאַן. „איר פֿאַרשווענדט צופֿיל ליידנשאַפֿט אויף אַ טעאָרעטישער פֿראַגע", האָט ער אַריינגעוואָרפֿן. „צי ווונדערט דאָס אַזאַ טעאָרעטיקער, ווי איר זענט?" האָט וואַראָ געענטפֿערט. „דאָס פּראָבלעם, האַלט איך, איז זייער אינטערעסאַנט. ווער איז אַ בעסערער מענטש? דער יעניקער, וועלכער שטאַרבט אין אַזאַ פֿאַל העלדיש און שעדלעך, אָדער דער יעניקער, וועלכער לאָזט זיך צווינגען, אומהעלדיש, אָבער קאָרעקט, מיט מילדער געוואַלט, — צו נייטראַליטעט?"

מיט אַ לייכטער, פֿריינטלעכער באַוועגונג האָט פֿראָנטאָ אַרויפֿגעלייגט זיין האַנט אויף וואַראָס אַקסל. „עסט זיך נישט אָפּ

דאָס האַרץ מיט אַזעלכע היפּאָטעטישע פראַגן, מיין וואַראָ", האָט ער געענטפערט נישט אָן וואַרעמקייט. „אָבער היות איר האָט שוין אַריינגעבליקט אין מיין וועזן, ווי איר זאָגט, וועל איך אייך אויסזאָגן נאָך מער סודות: מיין ציל איז תּמיד געווען צו פירן אַ פאַרביקע, אינטערעסאַנטע לעבן און דאָך מיט איינאונפופציק פּראָצענט זיכערקייט אויף אַ פּענסיע. די רעכט אויף אַ פּענסיע האָב איך. ווען די געטער וואָלטן מיר נאָך צוגעגעבן אַלס צולאָג דאָס פאַרביקע, דאָס אומבאַרעכנבאַרע, דאָס „אַוואַנטוריסטישע", נישט פאַרלירנדיק דערביי די איינאונפופציק פּראָצענט זיכערקייט, וואָלט איך דאָס באַטראַכט אַלס אַן אומפאַרדינט גליק".

וואַראָ האָט זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן זיין אויפגערודערטקייט. „גענוג", האָט ער באַפוילן דעם לייבאייגענעם, וועלכער איז פאַרשווונדן שנעל און שטיל. דאַן האָט ער גענומען פּראָנטאָס האַנט. „איך דאַנק אייך פאַר אייער צוטרוי, מיין פּראָנטאָ", האָט ער האַרציק געזאָגט. „דאָס איז אַ שמועס, וואָס אין געדאַנק פירן מיר אים שוין זינט צוועלף יאָר. איך פריי מיך, וואָס די געדאַנקען זענען ענדלעך געוואָרן ווערטער".

פּראָנטאָ האָט אַרויסגעצויגן זיין האַנט פון וואַראָס. ליבנסווירדיק האָט ער אויפגעהויבן דעם פינגער, געוואָרנט: „פאַרגעסט נאָר נישט, מיין וואַראָ: צאָלן נאָר היפּאָטעטיש". ער האָט געוואָרפן גורל: „ווידער אייער גאַנג", האָט ער קאָנסטאַטירט.

## 20.

## וואַראָ פּרובירט אויס זיין ליאַלקע

נאָכדעם, ווי שאַרביל האָט אים פאַרזיכערט, אַז די שוץ פון דער געטין שטרעקט זיך אויס אויפן גאַנצן טעמפּל-שטח, איז טערענץ אַריבער וווינען אינם הויז פונם אויבער-פּריסטער. מען האָט געשטעלט אין זיין רשות צוויי שיינע צימערן, בעסערע, ווי דאָס

וואָלט פּאַסיק געווען פאַרן טעפּער טערענץ, אָבער ערגערע, ווי דאָס וואָלט פּאַסיק געווען פאַרן קייזער נעראָן. דאָרט האָט גע־ווױנט דער מאַן, אויף וועלכן עס איז געווענדט געווען די אויפ־מערקזאַמקייט פון גאַנצן צווישנשטראָמלאַנד. ער האָט זיך נאָך אַלץ באַמיט צו זיין גלייכגילטיק, אָבער מיט געהיימנישפולער באַדייטונג. לייכט איז דאָס נישט געווען; ווייל הגם ער איז די גאַנצע צייט געווען אַליין, האָט ער דאָך געפילט, אַז מען קוקט אים כּסדר נאָך.

פון צייט־צו־צייט פלעגט קומען צו אים קנאָפּס און אים אָפּ־געבן אַ באַריכט וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר מחוצן טעמפּל. פון קנאָפּסן האָט ער זיך אויך דערוווּסט וועגן וואַראָס קומען. ער האָט זיך געריכט, אַז דער סענאַטאָר וועט אים תּיכּף קומען באַ־זוכן. וואַראָ אָבער האָט אים געלאָזט זיך צאַפּלען און דערגרייכט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט: טערענץ איז געוואָרן אומרויִק און אומזיכער.

אָבער ווען וואַראָ איז ענדלעך געקומען, האָט ער דאָך געפונען אַ געלאַסענעם, גלייכגילטיקן מאַן. דער סענאַטאָר האָט זיך נישט געפירט ווי אַ פּאַטראָן פאַר זיין פּראָטעזשירטן, אָבער ער האָט אויך נישט באַהאַנדלט טערענצן ווי אַ קייזער. אגב האָט ער חושד געווען, אַז אין שאַרבילס הויז האָבן די ווענט אויערן און ער האָט זיך געהיטן פאַר אַן אומפּאָרזיכטיק וואָרט.

„די געטין טאַראַטע", האָט ער אָנגעהויבן, באַטראַכטנדיק די ווענט, „נעמט נישט שלעכט אויף אירע געסט. אין אונזער גאָל־דענעם הויז איז געווען מער קאָמפאָרט; אָבער אויך דאָ קאָן מען זיך פילן גוט, אפילו ווען מען איז געוווינט צו באַקוועמלעכקייטן". טערענץ האָט אַלס ענטפער ציטירט אַ גריכישן טראַגיקער: „דעם בעסטן וועג, וועלכן די געטער האָבן געגעבן דעם מענטש אַרויסצוווייזן זיין ווירדע, איז דער וועג פון געדולד". „געדולד?" האָט ער צוריקגעענטפערט. „עס זענען שוין דאָ אַ סך, וועלכע גלייבן אין דעם, אויף וואָס מען האָט איינמאָל מרמז געווען ביי

מיר אין הויז, — נעמלעך, אַז איר זענט אַן אַנדערער אַלס דער טעפּער טערענץ". טערענץ האָט אים אָפן אַריינגעקוקט אין גע־זיכט. „אפשר בין איך געוואָרן אַן אַנדערער", האָט ער דערווי־דערט געלאַסן, אָבער נישט אָן באַדייטונג. „פריִער, הייסט עס, זענט איר געווען דער טעפּער טערענץ?" „אַ געוויסע צייט איז מיר געפעלן געווען צו זיין דער טעפּער טערענץ". „איר האָט זיך נישט שלעכט איינגעלעבט אין דעמדאָזיקן געשטאַלט", האָט וואַ־ראָ באַמערקט מיט לייכטער איראָניע. „עס זענען דאָ פּירשטן", האָט טערענץ דערווידערט, „וועלכע האָבן הנאה פון זיין אַקטיאָרן. איז דען אָבער נישט וויכטיקער, די אַנדערע זאָלן גלייבן, אַז מען איז אַ געוויסער עמעצער, איידער צו זיין דער געוויסער עמע־צער? ווי איז אייער מיינונג, מיין וואַראָ?" און צום ערשטן מאָל האָט ער אים אָנגערופן ביים נאָמען, ווי אַ גלייכער אַ גלייכן. וואַראָ אָבער האָט געשמייכלט אין זיך: „דידאָזיקע אינטימקייט וועט לאַנג נישט דויערן, מיין טערענץ".

אויפן קול האָט ער' געזאָגט: „זייער אַ סך מענטשן גלייבן איצט, אַז דער קייזער נעראָן לעבט נאָך, און טאַקע דאָ אין עדע־סאַ. אייניקע לייקענען דערין. אייניקע חוזקן. אָט, למשל, אונזער יאָהאַנעס פון פאַטמאָס, דער אַקטיאָר, אַ פאַכמאַן, ווי איר וועט מסכּים זיין. ער זאָגט, אַז ווען ער וואָלט אין דער טראַגעדיע „אָקטאַוויאַ" אַזוי געווען געשפּילט נעראָנען ווי אַ געוויסער עמע־צער אין דער שטאָט עדעסאַ, וואָלט אים קיינער נישט געגלייבט". ווען וואַראָ האָט דאָס אַרויסגעזאָגט, האָט דער טעפּער טערענץ זיך נישט געקאָנט באַהערשן: זיין פּנים האָט אַ קליינעם צוק גע־טון. עס וועט קומען דער טאָג, ווען ער וועט ווייזן דעמדאָזיקן יאָהאַנעס, ווער עס איז דער בעסערער נעראָן.

„די מאַכט פון עדעסאַ", האָט וואַראָ ווייטער גערעדט, „האַלט, אַז אויב אַ געוויסער עמעצער וויל גילטן אַלס קייזער נעראָן, מוז ער קענען געהיימנישן, וואָס זענען באַקאַנט נאָר דעם קייזער נעראָן און דעם סענאַטאָר וואַראָ. צי זענט איר נישט מסכּים מיט דערדאָזיקער מיינונג?" האָט אים וואַראָ מיט שפּאָט אויפ־

געמונטערט. „איך בין מיט איר מסכים", האָט טערענץ מודה געווען.

„פאַרוואָס, אייגנטלעך, זעצן מיר זיך נישט?" האָט וואַראָ אויפגעפאָדערט טערענצן, היות זיי זענען נאָך אַלץ אַ ביסל פייערלעך געשטאַנען איינער אַנטקעגן צווייטן. זיי האָבן זיך געזעצט.

„צי דערמאַנט איר זיך נישט, למשל", האָט וואַראָ אָנגעהויבן דעם פיינלעכן עקזאַמען, „אַז קייזער נעראָן האָט איינמאָל אין מאַי — ווי עס דאַכט זיך מיר, אין יאָר 818 נאָך דער גרינדונג פון דער שטאָט — באַזוכט דעם פאַווע־באָרדעל הינטערן גרויסן צירק? מיט אים צוזאַמען זענען געווען אַ גאַנצע גרופּע פריינט, צווישן אַנדערע אויך דער סענאַטאָר וואַראָ". טערענצעס ראָזלעך־בלייכע געזיכט איז רויטלעך געוואָרן. עס איז געווען נידערטרעכטיק, וואָס וואַראָ האָט אויסגעוויילט גראָד דעמדאָזיקן עפּיזאָד. ביי יענעם באָרדעל־באַזוך איז עפּעס געשען מיט איינער אַן אָנגעזעענער דאַמע, לוציאַ, אַן אומגליק, עס איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל, און דעם קייזער איז פּלוצלינג געוואָרן אומבאַקוועם צו זיין פאַרמישט אין דערדאָזיקער געשיכטע. האָט מען דערקלערט, אַז יענער פאַרשוין, אין וועמען אייניקע האָבן כלומרשט דערקענט דעם קייזער, איז געווען אַ מענטש פון דער גאַס, וועלכן די אַנדערע האָבן אָנגעטראָפן און מיטגעשלעפּט. מען האָט דעמדאָזיקן מאַן דערקענט אינם טעפּער טערענץ, מען האָט אים געשטעלט פאַרן געריכט און פאַראורטיילט צו אַ געלט־שטראָף, וועלכע מען האָט אים פון אַן אומבאַקאַנטער קוועלע אומגעקערט כפל־כפלים. אין געריכט האָט זיך דער טעפּער טערענץ דערוווּסט פּרטים פון דער אַפערע, וואָס אַנדערע האָבן דאָס קוים געקאָנט וויסן. אַזוי אַרום האָט וואַראָ טערענצן געטון אַ גרויסע טובה, וואָס ער האָט געוואָלט באַשטעטיקן זיין אידענטיטעט דווקא דורך דער באַקאַנטשאַפט מיט דידאָזיקע פּרטים. אָבער טערענץ האָט אין סענאַטאָרס פראַגע געזען נישט די גרויסמוטיקייט, נאָר די איראָניע. ער אַליין פלעגט זיך דערמאַנען אין דאָ־

זיקן עפּיזאָד זייער זעלטן און מיט גרויס אומצופרידנקייט. ער פּלעגט זיך גערן דערמאָנען אָן דער סצענע אין סענאַט, ביים לייענען דעם קייזערלעכן מאַניפעסט, אָבער נישט די סצענע אין געריכט, אַלס פרייגעלאָזענער, נעמענדיק אויף זיך נידעריקע האַנדלונגען, וועלכע דער געוויינלעך נישט צניעותדיקער קייזער האָט צוליב עפּעס אַ קאַפּריז נישט געוואָלט נעמען אויף זיך. „איך דערמאַן מיך יענע געשיכטע אין פאַווע-באָרדעל”, האָט ער געזאָגט מיט ווידערווילן. „צי דערמאַנט איר זיך אויך”, האָט וואַראָ ווייטער געפרעגט, „וואָס קייזער נעראָן האָט געזאָגט, ווען די דאַמע לוציאַ איז געשטאַנען נאַקעט אין פענסטער און אעליוס האָט זי געוואָלט אַרויסוואַרפן ?” וועגן דעם האָט טערענץ גאָרנישט געוווסט, וועגן דעם האָט מען אין געריכט נישט גערעדט. אָבער ענטפערן האָט ער געמוזט. ער האָט אָנגענומען נעראָנס האַלטונג, דערפילט אין זיך, ווי ער האָט געגלייבט, יענעמס גייסט, האָט אַרויסגענומען דעם שמאַראַגד, איז געוואָרן נעראָן און געענטפערט מיט נעראָנס שטימע: „לאָז צורו, מיין אעליוס. מען וואַרפט אפשר אַרויס אַ פעלדמאַרשאַל פון פענסטער אָדער אַ קעניג, אָבער נישט קיין נאַקעטע דאַמע”. דאָס אָדער עפּעס ענלעכס האָט נעראָן דאַן געמוזט ענטפערן”.

וואַראָ האָט געשמייכלט. דער עכטער נעראָן האָט אין באָרדעל פאַר קיין פאַל נישט געמאַכט דעם פּרווו צו זיין גייסטרייך. ווען אעליוס האָט געוואָלט אַרויסוואַרפן דורכן פענסטער די דאַמע לוציאַ, איז נעראָן גיכער געווען שיכור, ווי אַלע איבעריקע, און ער האָט געזאָגט זינלאָז, געגעצנדיק דערביי: „שטעל זיך נישט אָפּ, מיין אעליוס, טו וואָס דיר געפעלט. לאָז זיך ווילגיין, מיין גוטער”. וואַראָן האָט אַמוזירט און באַפרידיקט, וואָס טערענץ קאָן זיך נישט פאָרשטעלן נעראָנען אין אַ וואָכעדיקער סיטואַציע, און ער גלייבט, אַז דער קייזער מוז זיך האַלטן קייזערלעך אויך אין באָרדעל, טראַכטנדיק נאָר וועגן פעלדמאַרשאַלס און קיסרים.

טערענץ האָט נאָך געקאָנט ענטפערן וואַראָן מיט אַ געוויסער זיכערקייט. אָבער ווי נאָר ער האָט פאַרענדיקט דעם זאַץ,

האָט ער, קענען זיין ווילן, אַוועקגענומען פון אויג דעם שמאַראַגד, פאַרלוירן נעראָנס זשעסט, געוואָרן דער טעפער טערענץ און גע־שפּאַנט אָנגעגלאָצט וואָראָן, צי ער האָט געטראָפן דעם ריכטיקן ענטפער. וואָרע אָבער האָט בלויז געשמייכלט און האָט קיינמאָל אים נישט געלאָזט וויסן, ווי נאָענט אָדער ווייט פון ציל ער האָט געטראָפן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און געזאָגט, — עס איז אָבער געווען גיכער אַ באַפעל, ווי אַ בקשה: „אויב קייזער נעראָן טראַכט וועגן איבערנעמען ווידער די הערשאַפט, זאָל ער דאָס טון איצט".

נאָך וואָראָס אַוועקגיין, האָט טערענץ פריי אָפּגעאָטעמט. נישט לייגנדיק קיין אכט, צי מען קוקט אים נאָך, צי נישט, האָט ער אָנגענומען נעראָנס האַלטונג און שטימע, האָט ווידער אַרויס־גענומען דעם שמאַראַגד, איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק מיט נעראָנס גאַנג, גערעדט מיט זיך אַליין, פאַרשיכורט פון גליק.

# דאָס צווייטע בוך

## אויפן שפּיץ

1. וועגן מאַכט
2. רוימישע טרייהייט
3. פראַנטאָס צווייפל און שאַנסן
4. טערענץ גייט אַריין אין זיין ראָל
5. נעראָנס חתונה
6. כיטרעקייט
7. שכל און ליידנשאַפט
8. נאָך אַ רוימישער אָפיציר
9. אַ מלחמה אין מזרח
10. באַלויבונג פון דעם געדולד
11. פראַנטאָס נסיון
12. נשמות געפינען זיך
13. הויך-פּאָליטיק
14. מען פאַבריצירט אַ קייזער
15. דאָס גרויסע פאַרברעכן
16. די פאַרפלייצונג
17. די וואָך פון מעסערס און קינזשאַלן
18. הכנעה און שטאָלץ
19. ריוואַלן
20. יאָהאַנעסעס התגלות
21. הבל הבלים
22. אַ צווישנבילאַנס

## 1.

# וועגן מאַכט

זינט זיין אוידיענץ ביים קעניג מאַלוק, איז וואַראָן קלאָר געוואָרן, אַז זיין אונטערנעמונג וועט נישט פּראָספּערירן, כּל-זמן ער וועט נישט פּועלן ביי מאַרציאַן חתונה צו האָבן מיטן תּכשיט. אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ גאַנצענע וואָך, האָט ער אָפּגעשטופּט פון זיך דעמדאָזיקן פיינלעכן שמועס. דאַן האָט ער זיך געמאַכט הארץ און איז צוגעטרעטן צום ענין.

מאַרציאַ איז געזעסן פאַר אים ווייס, שמאָל, שטרענג. ער האָט גערעדט וועגן דאָס און יענץ, אויסגעמיטן דעם עיקר. ענדלעך איז ער אַרויס מיט אָפענע קאָרטן: „עס איז דאָ אויפגעשווומען אַ מאַן", האָט ער אָנגעהויבן, „וואָס ווערט אָנערקענט אין גאַנצן צווישנשטראָמלאַנד אַלס קייזער נעראָן. האָסט מן הסתּם געהערט וועגן אים. דערדאָזיקער מאַן וויל דיך נעמען פאַר אַ פרוי".

מאַרציאַ האָט אים אויפמערקזאַם געקוקט אין מויל אַריין. צוערשט האָט זי קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען. דאַן האָט זי באַגריפן. זי האָט באַגריפן, אַז דער פאָטער לייגט איר פאָר גלייכגילטיק, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַן איינלאַדונג צו אַ מאָלצייט, אַראָפּצונידערן אין דער לעצטער דערנידעריקונג. שרעק און עקל האָבן זי אַזוי שטאַרק אַרומגעכאַפּט, אַז דאָס הארץ האָט זיך שיִער נישט אָפּגעשטעלט. זי איז אָבער נישט אומגעפאַלן, בלויז בלאַס געוואָרן און פעסטער זיך איינגעקלאַמערט אין דעם אָנלען פון פאָטעל. וואַראָ האָט שוין פון לאַנג געהאַט געענדיקט, ווי אָבער האָט נאָך אַלץ נישט געעפנט דאָס מויל. זי האָט אים נאָך אַלץ געקוקט אין מויל אַריין, ווי זי וואָלט נאָך דערוואַרט

פון דאָרטן מער ווערטער. וואַראָ האָט געקוקט אויף איר, מיט גרויס מי אויסבאַהאַלטנדיק זיין פיינפולע געשפאַנטקייט.

„צי איז טאַקע דער מאַן דער קייזער נעראָן ?" האָט מאַרציאַ ענדלעך געפרעגט, מיט אַן אויסטערליש טרוקענער שטים. „דו קענסט אים אונטערן נאָמען פון טעפער טערענץ", האָט וואַראָ געענטפערט, נישט אָן אָנשטרענגונג. מאַרציאַ האָט צוזאַמענגעפרעסט דאָס מויל — עס איז געוואָרן זייער דין און שאַרף. „אויב איך האָב קיין טעות נישט", האָט זי געזאָגט, „איז דאָס נישט איינער פון דיינע פרייגעלאָזענע. צי איז זיין פאָטער נישט געווען דער לייבאייגענער, וואָס פלעגט אין אונזער הויז אין רוים פאַרריכטן די רערן פון דער וואַסערלייטונג און פון קלאָזעט ?"

זי האָט געטראַכט: „פאַרוואָס האָבן זיי מיך נישט געמאַכט פאַר אַ וועסטאַלקע, ווי די מוטער האָט בדעה געהאַט ? איך וואָלט איצט געווען געלעבט שטיל און גרויס אין שיינעם הויז אויף דער הייליקער גאַס. ביי די שפילן וואָלט איך געווען געזעסן אויפן ערנפלאַץ אין קייזערס לאָזשע. ביים יום-טוב פון ניינטן יוני וואָלט איך געווען אַרויפגעשטיגן צוגלייך מיטן קייזער אויפן קאַפיטאָל, פאַרערט פון גאַנצן פאָלק. ער האָט דאָס אָבער נישט געוואָלט. ער — מיין פאָטער. ער האָט מיך אויפגעהיטן, כדי מיך צו פאַרשאַכערן אין זיינע טונקעלע, שמוציקע געשעפטן".

וואַראָ האָט געטראַכט: „איר מוטער האָט מיך קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרטראָגן, ווייל איך האָב חתונה געהאַט מיט איר צוליב מאַטעריעלן נוצן און ווייל איך בין געווען גלייכגילטיק צו איר. אויס שנאה צו מיר האָט זי דאָס קינד געוואָלט מאַכן פאַר אַ וועסטאַלקע און עס אָנגעשטאָפּט מיט אָן אַ שיעור אומזין. דאַן, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד, וואָלט איך געווען באַדאַרפט אָפּגעבן זיך מיט איר. איך האָב אָבער געהאַט צו ווייניק צייט. פאַר אַ מיידל מיט אירע באַגריפן איז באמת אומגעהייער שווער זיך אַריינצולייגן אין תכשיטס בעט. אירע אויגן זענען פאַרשטאַרט. די געפילן, וועלכע זי לעבט איבער, זענען נאַריש, זיי זענען אָבער אַ רעאַליטעט, און מען מוז עס אַריינגעמען אין חשבון".

אויפֿן קול האָט ער געזאָגט : „איך ווייס : דאָס, וואָס איך לייג דיר פֿאָר, איז אין דיינע אויגן נישט רוימיש, אומווירדיק. מען קאָן אָבער נישט לעבן אין סיריע, ווי מען וואָלט זיך געפֿינען אין רוים. דו וועסט דערווידערן : „טאָ זאָל מען, אויב אַזוי, נישט לעבן אין סיריע". איז ערשטנס, בין איך דערצו געצוווּנגען, און צווייטנס, וואָלט איך דאָס געטון אפֿילו דאַן, ווען רוים וואָלט געווען אָפֿן פֿאַר מיר. איך זאָג דיר, מיין מאַרציאַ, אַז עס לוינט אָפּצולאָזן אַ ביסל פֿון דער אייגענער „ווירדע" און באַקומען דערפֿאַר דאָס, וואָס דער מזרח קאָן געבן. עס וואָלט מיר פּשוט אוממעגלעך געווען צו לעבן אָן דעם מזרח. מיר איז לאַנגווייליק אין מערב. און — איך וויל זיין ערלעך : איך קאָן אויך נישט מוותר זיין אויפֿן איינפֿלוס און אויף דער מאַכט, וועלכע איך קאָן געניסן בלויז אין מזרח".

מאַרציאַ איז געזעסן אָן באַוועגונגען, שמאָל. „ווי ער וויל מיך גענאַרן", האָט זי געטראַכט פֿול שנאה. „ערלעך וויל ער זיין. מיך פֿאַרשאַכערט ער צום אָפּפֿאַל, און זיינע געמיינע מאָטיוון וויקלט ער איין אין גרויסאַרטיקע רייד". „האָסט געזאָגט, איך זאָל ווערן די פֿרוי פֿון טעפּער טערענץ", האָט זי דערווידערט מיט אַ חוזקדיק-קאַלטער זאַכלעכקייט.

די פֿיינטלעכע רו פֿון זיין טאָכטער האָט וואַראָן מער פֿאַרביטערט, ווי דאָס וואָלטן בכּוח געווען צו טון טרערן, תּחנונים, פֿאַרצווייפֿלונגס-אויסברוכן. „גוט", האָט ער געטראַכט, „דער חברה-מאַן שטאַמט פֿון גאָר אונטן. אָבער איך האָב פֿון איר מוטער געהאַט גאָר קנאַפּ נחת, הגם זי איז געווען אַ סענאַטאָרס אַ טאָכטער. זי וואָלט זיך געדאַרפֿט פֿרייען, וואָס זי ווערט פּטור פֿון איר פֿאַרשאָלטענער בתולהשאַפֿט. ווען זי ליגט מיט אַ מאַן אין בעט און ער איז אַפֿילו בלויז נישקשה, איז איר דען נישט אַלץ איינס, וועמעס זון ער איז ?"

אויפֿן קול האָט ער געזאָגט : „מיר, נעראָן און איך, האָבן אין דאָזיקן מעסאָפּאָטאַמיע אַריינגעלייגט אַ נישקשהדיקע טייל פֿון רוים — זעלנער, געלט, צייט, נערוון, לעבן. איך וויל דאָס אַלץ

נישט פאַרלירן בלויז דערפאַר, ווייל די פלאַכקעפּ אויפן פּאַלאַטין זען נישט ווייטער ווי די סטראַטעגישע גרענעצן און האָבן קיין אַנונג נישט וועגן די ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע מעגלעכ־קייטן, וואָס דידאָזיקע זייט פּרת פאַרמאָגט. דערפאַר, ווייל זיי פעלט פאַנטאַזיע, זאָגן זיי, אַז עס איז אוממעגלעך צו פאַרשמעלצן רוים מיטן מזרח. דערביי דאַרף מען בלויז עפענען די אויגן, כדי שוין היינט איינצוזען, אַז די מענטשן און די שטעט, וואָס קומען דערפון אַרויס, זענען ממש גרויסאַרטיק. איך יעדנפאַלס וויל נישט מוותר זיין אויף מיין מזרח. איך האָב דאָ אינוועסטירט מיין געלט און מיין צייט, און אויך פון אַנדערע מעג איך פאָדערן קרבנות".

מאַרציאַ האָט דידאָזיקע אַלע יאָרן געהאָפט, אַז איר פאָ־טער וועט רעהאַביליטירט ווערן, זי וועט זיך אומקערן קיין רוים און דאָרט פירן אַ גרויס, ווירדיק לעבן. ערשט מיט אייניקע טעג צוריק, ווען וואַראָ האָט געמוזט אַנטלויפן פון רוימישן גע־ביט, איז איר דידאָזיקע האָפענונג אויסגערונען. זי האָט זיך אָפּ־געזאָגט פון אירע חלומות און זיי פאַרביטן אויף אַ סך אַן אַרוי־מערן ציל. פולקאָוויניק פראָנטאָ האָט איר געגעבן אָנצוהערן, אויף זיין צוריקגעהאַלטענעם אופן, אַז זי איז אים נישט גלייכגילטיק. לויט זיין ראַנג און אָנזען איז ער געווען צו נידעריק פאַר אַ טאָכטער פון אַ סענאַטאָר. ער האָט אָבער גוט אויסגעזען מיט זיין עלעגאַנטער האַלטונג, מיט זיין ברייטן, קלוגן שטערן און זיינע קורצע, אייזן־גרויע האָר; דערצו איז ער געווען אַ רוימער, רוי־מיש דערצויגן און קולטיווירט, צווישן דידאָזיקע אָריענטאַלישע האַלב־חיות — אַ מענטש. האָט זי זיך אַנטשלאָסן אים צוצוגעבן מוט צו בעטן איר האַנט, חתונה צו האָבן מיט אים. זי וועט פירן, אַלס זיין פרוי, אַן אָרים לעבן, אָבער לכל־הפחות אַן אָנ־שטענדיקס. און איצט פאַרגינט איר נישט אפילו דאָס דער איי־גענער פאָטער — ער לייגט איר פאַר דאָס געמיינסטע. איר גאַנ־צע שטרענגקייט, מאַיעסטעטישקייט, צניעות וויל ער צוואַרפן דעם לייבאייגענעם, דעם זון פון קלאָזעט־ריניקער. זי האָט גע־שוויגן, איר ווייס געזיכט — אַ מאַסקע פון עקל.

„פאַר מיר", האָט וואַראָ ווייטער גערעדט, „איז דערדאָזיקער מענטש דער עכטער נעראָן. ער מוז עס זיין. איך האָב פאַרברענט הינטער זיך די בריק. ער איז אָבער נעראָן בלויז דאַן, ווען איך גלייב אין אים. און אַז איך גלייב אין אים, מוז איך באַווייזן".

„און דו באַווייזט עס", האָט מאַרציאַ שטייף און שפּאָטיש דערגענצט, „דורך מיר. איך זאָל באַצאָלן דעם רעכנונג פון דיין זאָליטיק".

וואַראָ האָט אַ טראַכט געטון: „אויף אַנדערע ווירקט דאָס באמת פּאַטאַל. ווען איך בין צום ערשטן מאָל געשלאָפן מיט יענער — ווי האָט זי געהייסן? זי איז אַלט געווען פערצן יאָר, אַ טראַקערין — איז זי געוואָרן אַזוי צערודערט, אַז זי איז שוין געבליבן אַזוי אויפן גאַנצן לעבן. דערביי בין איך געווען צאַרט צו איר. פיר טויזנט האָב איך באַצאָלט פאַר איר, און דאַן איז זי גוט געווען בלויז צום וואַשן געשיר. בין איך דען ציניש? איך האָב דאָך ליב מיין מאַרציאַן. זי איז זייער עמפינדלעך, און איך מוז מיט איר האָבן געדולד. איך גלייב, עס וועט זיין צום בעסטן איך זאָל איר זאָגן דעם אמת. זי וועט מיך פאַרשטיין. דאָס פּשוטסטע און זיכערסטע וועט זיין, איך זאָל איר זאָגן ווי די זאַך זעט אויס".

ער האָט געזאָגט: „די מענטשן ווילן נישט, אַז ביי דער מאַכט זאָל בלייבן אַ באַגאַבטער. זיי דולדן עס נישט. זיי דולדן בלויז די טאַלענטלאָזע. זיי האָבן נעראָנען פאַרטריבן אין טויט אַריין, ווייל ער איז געווען באַגאַבט, און מיך האָבן זיי פאַריאָגט פון דער מאַכט. און איצט, ווען איך האָב אויסגעבויט פאַר זיך צום צווייטן מאָל דעם בנין פון מאַכט, ווילן זיי אים אָפּנעמען ביי מיר צום צווייטן מאָל. איך וועל אים אָבער פאַרטיידיקן. דאָס צווייטע מאָל וועל איך דאָס נישט איבערטראָגן. איך וועל שטעלן אין קאָן אַלץ, מיך און דיך אפילו".

וואַראָ האָט ריכטיק אויסגערעכנט. מאַרציאַ האָט אויפגעוואַכט פון איר פיינטלעכער פאַרשטאַרטקייט. זי האָט אַרויסגעהערט

דעם ערלעכן טאָן פֿון זיינע ווערטער. איר געפֿיל צום פּאָטער איז פֿון תּמיד אָן געווען אַ געמיש פֿון באַוווּנדערונג און ווי־דערשטאַנד. איצט האָט זי ווידער דערשפּירט זיין לאָקנדיקע קראַפֿט.

„רוים — הייסט קראַפֿט", האָט ער ווייטער גערעדט, זיצנדיק איין פֿוס פֿאַרלייגט אויף דעם צווייטן, ווי ער זאָל וועלן דורך דערדאָזיקער נאַכלעסיקער פּאָזע צונעמען ביי זיינע ווערטער זייער פּאַטאָס. „רוים — הייסט מאַכט. וואָס אָבער איז מאַכט? דער פּליי־סיקער באַאַמטער טיטוס רעדט זיך איין, אַז ער האָט די מאַכט, ווייל עס שטייט אין זיין רשות אַ ריזיקע מיליטערישע און אַדמי־ניסטראַטיווע מאַשין. איך בין אים נישט מקנא. דען וואָס פֿאַרמאָגט ער דען? דעם שטעקן פֿון פֿעלדפֿעבל". ער האָט מער נישט גערעדט פֿאַר זיין טאָכטער, ער האָט גערעדט פֿאַר זיך אַליין. מען האָט געזען, ווי עס אַנטשטייען אין אים די געדאַנקען, ווי זיי ווערן ווערטער. ער האָט גערעדט שטיל, אָבער דאָך באַ־פֿליגלט; די קלאָרע, האַרטע, לאָגישע לאַטיינישע זאַצן זענען אַרויסגעקומען פֿון זיין מויל, ווי גריכישע פֿערזן. „מאַכט", האָט ער געטרוימט, „דאָס איז די אידעע, ווי זי שפּרינגט אַרויס פֿון קאָפּ, ווערט — טאַט, איז גובר די שטומפּיקע ווירקלעכקייט. די גרעסטע טייל מענטשן מאַכן שלום מיט געשעענע פֿאַקטן. זיי זאָגן זיך: היות עס איז אַזוי, מוז עס אַזוי בלייבן. דאָס איז די גרויסע פֿוילקייט, די גרויסע זינד פֿון די מענטשן. איך מאַך דערמיט נישט שלום. פֿאַרוואָס מוז עפּעס זיין אַזוי, ווי עס איז? נעראָן איז טויט? דערדאָזיקער פֿאַקט איז נאַריש, זינלאָז, ער שטערט די שכלדיקע אָרדענונג. ער פּאַסט זיך נישט אַריין אין מיין פֿאַרשטע־לונג וועגן דער וועלט. איך אָנערקען דאָס נישט. איך טרעט אַרויס קעגן דערדאָזיקער נאַרישער ווירקלעכקייט, איך דערקלער איר אַ קריג. איך מאַך נעראָנען ווידער לעבעדיק. דער מזרח איז אַזאַ, זאָגן זיי, און רוים — אַזאַ, און ביידע גייען נישט צוזאַמען, און דעריבער מוז מען מוותּר זיין אָדער אויף רוים אָדער אויפֿן מזרח. איך בין נישט מוותּר. עס חלומט זיך מיר גאָרנישט. איך וואַרף

מיך נישט אונטער אַזאַ פלאַכער לאָגיק. נישט אונטערוואַרפן זיך דער נאַרישער נשמהלאָזער ווירקלעכקייט, זיך שטעלן אַליין אין קאָן אין קאַמף קעגן דער ווירקלעכקייט און קעגן גורל — אָט וואָס עס איז רוימיש. אויסשפּילן דאָס, וואָס דאַרף זיין קעגן דעם, וואָס עס איז, און אין דאָזיקן שפּיל געווינען — דאָס איז די איינציקע פאָרם פון מאַכט, וואָס איז ווערט די מי".

מאַרציאַ האָט אים געקוקט אין מויל אַריין, אַ לייכטע רויטקייט האָט באַפאַרבט אירע באַקן. זי האָט פאַרגעסן, אַז מיט עטלעכע מינוט צוריק האָט זי זיינע גרויסע ווערטער באַטראַכט אַלס הייליק מענטעלע פאַר זיינע קליינע אינטערעסן.

ער איז שטיל געוואָרן, אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אויפגעכאַפּט פון זיין זעלבסטפאַרגעסונג. ער האָט זי דערזען. ער איז צוגעגאַנגען צו איר, האָט לייכט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר אַקסל. „גלייב מיר, מיין מאַרציאַ", האָט ער געזאָגט, „איך ווייס, וואָס עס הייסט פאָדערן פון אַזאַ פרוי, ווי דו, דו זאָלסט שלאָפן מיטן תכשיט. אָבער איך ווייס אויך, אַז דו פאַרשטייסט, פאַרוואָס איך פאָדער דאָס פון דיר".

מאַרציאַ האָט אָנגעקוקט דעם פאָטער, אירע אויגן זענען ענלעך געווען צום פאָטערס: ברוין, לאַנג, קיל און גלייכצייטיק ליידנשאַפטלעך. זי איז געווען גענוג פאַרשטאַנדיק צו פאַרשטיין, אַז אַזאַ געפערלעכע שפּיל ווי מיטן פאַלשן נעראָן קאָן לאַנג נישט דויערן, און אַז זי וועט וואָרשיינלעך האָבן אַ שוידערלעכן סוף. אָבער אַ פונק פון פאָטערס ליידנשאַפטלעכקייט האָט זיך שוין אַריבערגעכאַפּט אויף איר, זי האָט זיך שוין געזען מיט קילער פאַנטאַזיע אויפן פאַלאַטין, שוין נישט מיטן לייבאייגענעם האָט זי געדאַרפט שלאָפן, נאָר מיטן קייזער, און עס האָט זי שוין געקאָסט מי און באַדויערן, וואָס זי דאַרף זיך אַרויסרייסן פון דידאָזיקע דרייסטע רוימען און צוריקקערן צום קאַלטן שכל.

„רוים", האָט זי איינגעוועגדט, „איז גרויס געוואָרן דערמיט, וואָס עס האָט תּמיד קלאָר דערקענט די רעאַליטעט". וואַרראָ אָבער האָט נישט מסכים געווען מיט דעם. „דאָס איז בלויז אַ טייל אמת",

האָט ער שטורמיש געזאָגט. „דערקענען די רעאַליטעט, אָבער זי
נישט אָנערקענען — דערמיט איז רוים גרויס געוואָרן. רוים איז גע־
ווען — צען טויזנט מענטשן, און די וועלט — פופציק מיליאָן. אַזוי
האָט אויסגעזען די ווירקלעכקייט. רוים אָבער האָט נישט אָנער־
קענט די דאָזיקע ווירקלעכקייט. רוים האָט געוואָלט, אַז די וועלט
זאָל ווערן רוימיש, און די וועלט איז געוואָרן רוימיש".

מאַרציאַ האָט זיך אויפגעשטעלט. „צי דערלויבסטו מיר
איצט אַוועקגיין, מיין פאָטער?" האָט זי געפרעגט. וואַראָ איז צו־
געגאַנגען גאַנץ נאָענט פון מאַרציאַן, האָט גענומען איר ווייסן
קאָפּ אין זיינע פליישיקע הענט, האָט אים פאָרזיכטיק פאַרבויגן
אַהינטער און אויך זיינעם, כדי ער זאָל זי קאָנען גוט זען, פאַר־
ריסן אַהינטער. „אויב דו וועסט וועלן, מאַרציאַ, וועסטו אַרויפ־
מאַרשירן אויפן פּאַלאַטין", האָט ער איר צוגעזאָגט. מאַרציאַ האָט
אים אָנגעקוקט. אין אירע אויגן איז געווען אַ סך וויסן און ווי־
ניק גלויבן. איר גאַנץ וועזן האָט זיך געבונטעוועט קעגן דער
שפּיל, וואָס איר פאָטער האָט איר אָנגעבאָטן. זי האָט שוין אָבער
אין דער דאָזיקער שפּיל געזען נישט נאָר דאָס עקלהאַפטע, נאָר
אויך דאָס גרויסאַרטיקע. און סוף־כל־סוף — צי איז יעדע זאַך
נישט בעסער פאַרן וועגעטירן אין אַן אָריענטאַלישער פּראָווינץ־
שטאָט?

וואַראָ האָט גענוי געשפּירט, וואָס עס קומט פאָר אין איר.
ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן איר קאָפּ. אַזוי זענען זיי געשטאַנען
אַ קליינע ווײַלע, באַטראַכטנדיק איינער דעם צווייטן, און מאַרציאַ
האָט אין דער דאָזיקער מינוט געפילט מיט ווייטיקדיקער דייטלעכ־
קייט וואָס פאַר אַ געמיש פון געפילן עס נעסטן אין איר צו
איר פאָטער: ליבע, האַס, צוציִונג, פאַראַכטונג און באַוווּנדערונג.

וואַראָ איז נאָכן דאָזיקן שמועס געווען אויסגעשעפּט, ווי ער
וואָלט געהאַט אָפּגעטון אַ שווערע פיזישע אַרבעט. ער האָט גע־
ווּסט: ער געפינט זיך אויף אַ גוטן וועג. עס וועט נאָך אָבער
קאָסטן אַ סך מי, ביז ער וועט ענדגילטיק באַזיגן מאַרציאַן. אין
דער זעלבער וואָך האָט ער גערעדט מיט איר נאָך דריי מאָל.

דאַן האָט ער ענדלעך געקאָנט מודיע זיין דעם אויבער־פּריסטער שאַרביל, אַז ער האָט זיך איבערצייגט דורך זיכערע באַווייזן, אַז דער גאַסט פון דער געטין טאַראַטע איז אויף אַן אמת דער כּלומרשט טויטער קייזער נעראָן. ער בעט דעם קעניג מאַלוק און דעם אויבער־פּריסטער אַנטיילצונעמען ביים נאָענטסטן ראש־חודש אין דער חתונה פון זיין טאָכטער מאַרציאַ מיטן קייזער.

## 2.

## רוימישע טרייהייט

דער ערשטער רעזולטאַט פון דערדאָזיקער מיטטיילונג איז געווען, אַז דער אויבער־פּריסטער שאַרביל האָט באַזוכט דעם פּול־קאָווניק פראָנטאָ.

ער האָט פּאַרטרויליך מיטגעטיילט דעם רוימישן קאָמענ־דאַנט, אַז דער מאַן, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט אין טאַראַ־טעס טעמפּל, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס דער כּלומרשט־טויטער קייזער נעראָן. פראָנטאָ האָט העפלעך דערווידערט, אַז דאָס אָנער־קענען אָדער נישט אָנערקענען אַ קייזער איז אַ פּראָבלעם, וואָס לעזן עס דאַרפן קעניגן און אויבער־פּריסטערס, גובערנאַטאָרן און סענאַטאָרן, אָבער נישט אַן אומווירדיקער, נידעריקער אָפיציר. דערויף האָט שאַרביל פאַרזיכערט, אַז פון גוט־פּריינטשאַפט און לאָיאַלקייט מאַכט ער אים אויפמערקזאַם דערויף, אַז דאָס געוויסן צווינגט דעם קעניג מאַלוק צו האַלטן די טרייהייט־שבועה, וועל־כע ער האָט אַמאָל געשוווירן יענעם מאַן, וועלכער האָט זיך אַרויס־געוויזן אַלס קייזער נעראָן.

פּולקאָווניק פראָנטאָ האָט אָנגעשטעלט זיינע קלוגע אויגן אויף שאַרבילן. „קעניג מאַלוק", האָט ער דערווידערט לאַנגזאַם און שווערוואָגיק, „האָט אויך דעם רעגירנדיקן קייזער טיטוס אין רוים

געשווירן טרייהייט". שאַרביל האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און געענטפערט: „צי אַנולירט דען נישט די פריערדיקע שבועה די שפּעטערע, די טעותדיקע? ווי עס זאָל נישט זיין", האָט ער צוגע-געבן טרוימעריש, — „זיין קעניג מאַלוק און זיין פריינט פראָנטאָ געפינען זיך ביידע אויף אַ שמאָלן באַרג-קאַנט".

פראָנטאָ האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט געקענט די מעטאָדן פון מזרח, און הגם אין דער קונסט פון אויפרייצנדיקן שווייגן איז ער נישט געווען אַזאַ מייסטער, ווי דער קעניג מאַ-לוק, דאָך האָט ער מיט פרייד פעסטגעשטעלט, אַז דעם אַלטן שאַרביל האָט ער שוין איבערגעיאָגט דערין. דערדאָזיקער לעצ-טער, אַלט, נייגיריק און אומגעדולדיק, האָט שוין נאָך צען מי-נוט קאַפּיטולירט און געזאָגט: „היות מיין פריינט פון מערב קאָן אַזוי גוט שווייגן, וועל איך אָנהייבן רעדן. קעניג מאַלוק איז אַ פריינט פון טיטוסן, וועלכער באַזיצט אין די אויגן פון אַ סך דעם „פראָן", דעם געטלעכן גלאַנץ פון דער מאַיעסטעט. קעניג מאַלוק וועט נישט אָנגרייפן טיטוסן, כל-זמן דערדאָזיקער גרייפט אים נישט אָן. אָבער נאַטירלעך: ווער עס גרייפט אָן דעם קייזער נעראָן, דער גרייפט אויך אָן דעם קעניג מאַלוק, און קעגן דעמדאָ-זיקן מוז זיך קעניג מאַלוק שיצן".

טיף אין זיך האָט פראָנטאָ געשמייכלט. אָט שפּירט ער שוין אויף זיין האַלז די האַנט פון יענער מילדער געוואַלט, וועגן וועל-כער וואַראָ האָט גערעדט. דאָס איז געווען אַ געשיקטע האַנט, ער האָט געוואַרט אויף איר דרוק, איר דרוק איז אים נישט גע-ווען אומאָנגענעם. אין דער פּאַסיקער בלומיקער אַרט האָט ער אויסגעדריקט זיין האָפענונג, אַז די חכמה פון קעניג מאַלוק וועט ביידע דערמעגלעכן אַריבערצוגיין בשלום דעם שמאָלן באַרג-קאַנט.

אין אַ טאָג שפּעטער האָט קעניג מאַלוק פייערלעך אַרויס-גענומען דעם קייזער נעראָן פון טאַראַטעס טעמפּל און אים באַ-גלייט אין זיין פּאַלאַץ. דערנאָך האָט ער אַרויסגעשיקט דריי שטאַ-פעטן, איינעם צום סענאַט אין רוים, איינעם צום גובערנאַטאָר אין

אַנטיאָכיע, איינעם צום פּאַרטישן קעניג אַרטאַבאַן אין זעלויקיאַ, און געמאָלדן, אַז אַ דאַנק דעם חסד פון די געטער לעבט נאָך דער גרויסער קייזער נעראָן. ער געפינט זיך אַלס זיין גאַסט אין דער שטאָט עדעסאַ, פונוואַנען ער וועט אינגיכן אַרויספאָרן קיין רוים, כדי ווידער איבערצונעמען די הערשאַפט איבער דער אימפּעריע.

אין יענעם טאָג, ווען דער מאַן איז אַריבערגעפאָרן אין קעניגלעכן פּאַלאַץ, האָט פּולקאָוויניק פראָנטאָ נישט געגעבן קיין אור־לויב קיין איינעם פון זיינע אָפיצירן און זעלנער. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ שטרענגע פאַראָרדענונג אויסצומיידן יעדן אַרט סכסוך מיט דער באַפעלקערונג און אונטער קיין שום אויסרייד נישט דער־נענטערן זיך צו דעם מאַן טערענץ.

פּולקאָוויניק פראָנטאָ האָט מען ווייניק ליב געהאַט, אָבער ער האָט גענאָסן גרויס אַכטונג. ער איז געווען אַ רוימישער אַריסטאָקראַט, און זיין אָפּשטאַמונג, פינף ראָטעס פון פערצענטן לעגיאָן, איז באַשטאַנען על־פּי־רוב פון גראָבהויטיקע דאַלמאַציער; ער איז געווען אַ „הער", זיי — „פּעבל". די דינסט איז געווען שטרענג, אָבער זיי האָבן שלום געמאַכט מיט איר. נאָך דרייסיק יאָר דינען פלעגן זיי באַקומען אַ שטיק לאַנד און אַ שטיק געלט, שווער־פאַרדינט לאַנד און שווער־פאַרדינט געלט, אָבער גוט לאַנד און גוט געלט. די באַנד, מיט וועלכער רוים האָט צוגעבונדן צו זיך די זעלנער, איז פון איין זייט באַשטאַנען פון דיסציפּלין און פון דער צווייטער — פון רעכט אויף פּענסיע. אָן דיסציפּלין וועט נישט זיין נישט קיין ערד און נישט קיין געלט. דאָס האָבן די זעלנער געוווסט.

פראָנטאָס זעלנער האָבן גוט אָפּגעהיטן די דיסציפּלין. אָבער עס זענען נאַטירלעך פאָרגעקומען דיסקוסיעס צווישן זיי וועגן דעם קייזער נעראָן. די זעלנערישע טראַדיציע האָט געפאָדערט, מען זאָל זיין טריי דעמיעניקן, ביי וועלכן מען איז געווען צום זיכערסטן מיט דער באַרעכטיקטער פּענסיע. אַזוי האָט די גאַנצע אַרמיי — און אויך פראָנטאָס זעלנער — אויפגעפאַסט די רוימישע

טרייהייט-שבועה, וועלכע זיי האָבן אָפּגעגעבן דעם סענאַט או
דעם רוימישן פאָלק. אַ טראָן-ענדערונג איז חוצדעם געווען אַ גרוי-
סער שאַנס. אַ נייער קייזער פלעגט איינקויפן די געהאָרכזאַמקייט
פון די זעלנער דורך גרויסע גראַטיפיקאַציעס. וואָס שייך דער פענ-
סיע, האָבן זי די פלאַווישע קיסרים אויסגעפירט געוויסנהאַפט, אָבער
זייערע גראַטיפיקאַציעס ביי דער טראָן-ענדערונג זענען געווען גע-
נוג קאַרג. קייזער נעראָן האָט געהאַט אַ שם מיט זיין אָפענער
האַנט. אויב קעניג מאַלוקס גאַסט וועט זיך אַרויסווייזן, דורך פריי-
גיביקייט, אַלס קייזער נעראָן און אויב ער וועט קאָנען גאַראַנ-
טירן די פענסיע, — זענען אין דאָזיקן פאַל די זעלנער גרייט גע-
ווען נישט צו נעמען אַזוי ערנסט די טרייהייט-שבועה. דערווייל
האָבן זיי אָפּגעוואַרט, און אָפּוואַרטנדיק אָפּגעהיטן די דיסציפלין.

אמת, עס האָבן זיך געפונען אויך פאַנטאַזיאָרן. אַזוי, למשל,
האָט זיך צו פראָנטאָן געמאָלדן אַ יונגער אָפיציר, אַ געוויסער
טעסטימוס. ער האָט דערקלערט דעם פולקאָווניק, אַז אויב ער
וועט דערלויבן, איז ער גרייט אַ סוף צו מאַכן מיטן שווינדלער
טערענץ. ער קאָן זייער געשיקט מאַניפולירן מיטן קורצן סירישן
קינזשאַל. איבערמאָרגן, ווען דער לייבאייגענער טערענץ וועט באַ-
זוכן דעם טעמפל פון אַפּאָלאָ, וועט ער אים אויף דער שוועל
דערשטעכן.

דער יונג האָט געהערט צו יענע פרימיטיווע פּאַטריאָטן פון
טאַט, וואָס זענען פון תמיד געפעדלעך געווען פאַר דער עקזיס-
טענץ פון דער מלוכה און געזעלשאַפט. אָן אַטענטאַט אויף טע-
רענצן באַטראַכט אַזאַ פרימיטיווער פּאַטריאָט אַלס בעסטע לעזונג
פון פּראָבלעם. מיט דער פערזאָן פון טערענצן וואָלט די גאַנצע
בונטאַרישע אונטערנעמונג אַוועקגעגאַנגען, וואָראָס פלאַן וואָלט
געפּלאַצט און דערמיט אויך דער פרווו אומצוקערן זיך צו דער
מזרח-פּאָליטיק. אַ ראַדיקאַלע לעזונג אָן שום ספק. אָבער חוצדעם,
וואָס עס איז אַ שאָד געווען קאַליע צו מאַכן דעם פרווו פון צו-
ריקקערן צו דער מזרח-פּאָליטיק, וואָלט מען נאָך פאַר דערדאָזי-
קער ראַדיקאַלער לעזונג געמוזט טייער באַצאָלן. עס איז געווען אַ

גרויסער ספק, צי די עדעסאַער באַפעלקערונג וואָלט רויִק אויפגענומען דעם טויט פון איר נעראָן. עס איז, אדרבה, געווען וואָרשיינלעכער, אַז מען וועט זיך אָפּרעכענען מיטן רוימישן גאַרניזאָן פאַרן קייזערס טויט. די רעזולטאַטן איז שווער געווען פאָראויסצוזען. אַ שטראָף־עקספעדיציע קעגן עדעסאַ, די מעגלעכקייט פון אַ נייעם פאַרטער־קריג — דאָס אַלץ קאָן ברענגען מיט זיך דער אַטענטאַט.

דאָס איינפאַכסטע וואָלט געווען פראָסט פשוט צו פאַרווערן טעסטימוסן אויסצופירן דעם אַטענטאַט. אָבער אויב צעיאָן זאָל זיך דערוויסן וועגן זיין פאַרבאָט, וועט זיך דען אין אים נישט מוזן דערוועקן קיין חשד קעגן אים, פראָנטאָן? ניין, ער מוז עס מאַכן קליגער, כדי אומשעדלעך צו מאַכן דעם אָפיציר און זיין אידעע.

קודם־כל האָט ער געפרעגט דעם פאַטריאָט טעסטימוס, צי ער גיט זיך אָפּ אַ דין־וחשבון, אַז ביים אַטענטאַט קאָן ער פאַרלירן דאָס לעבן. טעסטימוס איז געווען גרייט אויף דעם. פראָנטאָ האָט ווייטער געפרעגט, צי ער גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג וועגן דעם, אַז ער וועט אומקומען אַנאָנים, אָן שום כבוד פאַר זיין נאָמען און זיין שטאַם; ווייל די רוימישע אַרמיי טאָר פאַר קיין פאַל נישט באַפלעקט ווערן מיט אַזאַ מאָרד; דאָס וואָלט געפירט צו געפערלעכע רעזולטאַטן. אָבער דער מוטיקער פאַטריאָט טעסטימוס האָט אויך דאָס גענומען אין באַטראַכט. ער איז אין דער מיינונג, אַז עס איז זיס און בכבודיק צו שטאַרבן פאַרן פאָטערלאַנד אויך אַנאָנים.

אויב פראָנטאָ האָט געוואָלט פאַרהיטן די ציוויליזאַציע פאַר די סכנות פון אַ נייעם פאַרטער־קריג, איז אים געבליבן בלויז יענער ביטרער און אומסענטימענטאַלער אויסוועג, וועלכן ער האָט געוואָלט פאַרמיידן דורך זיינע פראַגעס. ער האָט טרוקן דערקלערט דעם פאַטריאָט טעסטימוס, אַז ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך יעדע אחריות; פון דער צווייטער זייט האָט דער אָפיציר פולע האַנדלונגס־פרייהייט, מיטן תנאי, נאַטירלעך, קיינער זאָל נישט וויסן

וועגן זיין כוונה און מען זאָל איס נישט קאָנען דערקענען, ווען ער וועט אומקומען. טעסטימוס האָט געענטפערט מיט דער דינסט־פאָרמול: „איך פאָלג", געדאַנקט דעם פּולקאָווניק פאַר דער דערלויבעניש צו שטאַרבן מיט אַזאַ שיינעם און דערהויבענעם טויט.

דעם זעלבן טאָג נאָך האָט סענאַטאָר וואַראָ באַקומען אַ בריוו אָן אַן אונטערשריפט. דאָרט האָט מען איס מיטגעטיילט, אַז אויף דער שוועל פון אַפּאָלאָ־טעמפּל וועט איבערמאָרגן אויס־געפירט ווערן אַן אַטענטאַט אויפן קייזער נעראָן.

דעם פּאַטריאָט טעסטימוס האָט אַלזאָ נישט גענוצט זיין געשיקטקייט אין באַנוצן דעם קורצן סירישן קינזשאַל. איידער ער האָט נאָך געקאָנט אָפּטון זיין שטיקל אַרבעט, האָט מען איס אָפּ־געריסן, אומגעוואָרפן, און דער צעווילדעוועטער המון האָט איס צעטרעטן. קייזער נעראָן איז אַרויס פון אַטענטאַט מיט אַ ראַנק־וווּנד, וועלכע ער האָט באַקומען אויף אַן אומדערקלערלעכן אופן. מען האָט איס געמאַכט שטורמישע אָוואַציעס און נאָכן אַטענטאַט וועגען אַלע אין עדעסאַ זיכער געווען, אַז ער איז ווירקלעך נע־ראָן; ווען נישט, טאָ ווער וואָלט דען געהאַט אַן אינטערעס איס צו באַזייטיקן.

אין דער פעסטונג פון די רוימישע זעלנער האָט נאַטירלעך יעדער איינער געוווּסט, אַז דער אומבאַקאַנטער אַטענטאַטאָר איז געוועזן דער פּאַטריאָט טעסטימוס, דער נאַר, און די מערהייט איז איבערצייגט געווען, אַז אויך די עדעסאַער מאַכט ווייסט וועגן דעם. זיי האָבן זיך געריכט, אַז קעניג מאַלוק וועט שיקן מיליטער אָדער וואָרשיינלעכער: מען וועט שיקן קעגן זיי די אויפגעהעצטע עדע־סאַער באַפעלקערונג. די קאַזאַרמע איז פול געווען מיט שרעק, צאָרן, פאַרביסנקייט, פאַרצווייפלונג. אָפיצירן און זעלנער האָבן זיך גערעכנט מיט דער מעגלעכקייט צו האָבן אַ שענדלעכן סוף, נאָך איידער מען וועט באַוויזן צו באַקומען פאַרשטאַרקונגען פון סיריע.

אָבער נישט דעם קעניג מאַלוקס זעלנער און נישט דער

המון האָבן זיך נישט געוויזן. אָנשטאָט דעם האָט זיך באַוויזן אין דער קאַזאַרמע אַ קוריער אין דער ווייסער ליווריי פון קייזערלעכן הויז. דער מאַן האָט מיטגעבראַכט אַ גרויסע סומע געלט און אַ בריוו. אין בריוו איז געזאָגט געוואָרן, אַז דאָס איז אַן אַוואַנס אויף די גראַטיפיקאַציעס, וועלכע קייזער נעראָן קלויבט זיך געבן זיין חייל אין עדעסאַ ביים איבערנעמען ווידער די הערשאַפט. זיין מאַיעסטעט פאַלט גאָרנישט איין צוצושרייבן דעם גאַנצן גאַרניזאָן די טאַט פון אַ משוגענעם. די זעלנער האָבן פריי אָפּגעאָטעמט, גענומען יובלען. פראָנטאָ האָט דערקענט די קלוגע טאַקטיק פון זיין פריינט וואַראָ. ער האָט אָבער ווייטער געהאַנדלט שטרענג קאָרעקט. ער האָט דערקלערט, אַז ער קאָן דאָס געלט נישט פאַרטיילן, ער מוז וואַרטן אויף אָנווייזונגען פון אַנטיאָכיע.

נאָך דער איבערגעלעבטער שרעק האָט דעם קייזערס ברייטהאַרציקייט געמאַכט אַ טאָפּלטן איינדרוק אויפן מיליטער. ווער איז געווען דער אמתער קייזער, ווען זיי זענען שולדיק טרייהייט: דער שטרענגער, אויסגערעכנטער טיטוס אין רוים אָדער דער מילדער הער מיט אַ סך געלט אין עדעסאַ? שטעלן דיראָזיקע פראַגע, האָט געהייסן זי פאַרענטפערן.

אין אַ טאָג אַרום איז דערשינען פאַר דער קאַזאַרמע נעראָנס אַן אָפיציר. נאָך אַ קורצער וואַקלעניש האָט אים די וואַך אַריינגעלאָזט. דער אָפיציר האָט געהאַלטן אַ רעדע, פאַרטיילט געלט. פראָנטאָ איז צוגעקומען, קענטיק זייער אויפגערעגט. ער האָט באַפוילן צו אַרעסטירן די וואַך, וואָס האָט אַריינגעלאָזט דעם אָפיציר. די זעלנער האָבן זיך געוואַקלט. פראָנטאָ האָט אַליין אַרעסטירט די וואַך. דער פרעמדער אָפיציר האָט אויפגעפאָדערט דאָס מיליטער אין קייזערס נאָמען אים נאָכצוגיין און האָט קאָמאַנדירט: „אין די רייען, מאַרש”. די מערהייט זעלנער האָט זיך אויסגעשטעלט, איז אים נאָכגעגאַנגען. פראָנטאָ האָט זיך זיי אַנטקעגנגעשטעלט אין טויער מיט אַן אַרויסגעצויגענער שווערד. זיי האָבן אים מיט מילדער געוואַלט אָפּגעשטופּט אין אַ זייט.

ווי איבער אַלץ, האָט פּולקאָווניק פראָנטאָ אויך וועגן דעם

אָפּגעגעבן אַ באַריכט אין אַנטיאָכיע. ער פּלעגט מיט ליבע אַר־בעטן לאַנג אויף זיינע באַריכטן, ביז זיי פּלעגן ווערן פּלאַסטיש, קורץ, קלאָר, אַ ביסינקע איראָניש, קאָרעקט — נישט אָנצו־גרייפן. ער האָט גוט באַגרינדעט אַלע זיינע האַנדלונגען. ער האָט זאַכלעך גערעדט וועגן דעם פּראָבלעם, צי האָט ער געדאַרפט, ביים בונט פון זיינע זעלנער, זיך וואַרפן אויף זיין שווערד אָדער בלייבן לעבן פאַרן פּאָטערלאַנד. ער האָט אָן פּאַטאָס געשילדערט דעם נסיון אָנצונעמען מיטלען, שטאַרבן העראָאיש, און די מי, וואָס עס האָט אים געקאָסט דאָס האַלטן זיך אָן די „עלעמענטאַר־כללים" פון די פּלאַוויער : בעסער גאָרנישט צו טון, איידער עפּעס פאַלשס.

## 3.

# פּראָנטאָס ספקות און שאַנסן

די געשעענישן, וועלכע האָבן געפירט צו דער מילדער און דאָך מיט געוואַלט דערגרייכטער באַזייטיקונג פון דער רוימישער מיליטערישער מאַכט, האָבן זיך זייער שנעל אַנטוויקלט. זיי זע־נען שוין געווען פאַרענדיקט, ווען פּראָנטאָ האָט באַקומען דעם נייטיקן שליסל, כדי זיי אינגאַנצן צו פאַרשטיין : די ידיעה וועגן דער נאָענטער חתונה פון מאַרציאַ מיטן לייבאייגענעם טערענץ. איצט האָט ער באַגריפן, אַז מאַלוק און שאַרביל האָבן זיך פאַר־בונדן מיט נעראָנען ערשט דאַן, ווען זיי האָבן וואָראָן פאַרקנופּט מיט אים און זיך דורך דערדאָזיקער אומצערייסבאַרער באַנד.

פּראָנטאָ האָט זיך שטאַרק פאַרטראַכט. דאָס, וואָס וואַראָ האָט געשטעלט אין קאָן נישט נאָר זיין אָנזען און פאַרמעגן, נאָר זיין טאָכטער און זיך גופא, האָט באַוויזן, ווי שטאַרק ער גלייבט אין זיינע שאַנסן. ווער אפשר זיין נעראָן פאָרט דערגרייכן דעם ציל ? אין פּראָנטאָן האָבן אויפגעוואַכט די ווערטער, וועלכע

וואַראָ האָט אים געזאָגט בעת דעם פֿילקע-שפּיל אין דער ווילע פֿונם טעפּיך-פֿאַבריקאַנט ניטאַי. טראָץ דעם שׂכל-הישר און טראָץ זיין גאַנצער דערפֿאַרונג, איז אין אים ווידער אויפֿגעשטאַנען תּחית-המתים די לאַנג-באַגראָבענע האָפֿענונג, אַז די דערשיינונג פֿון דאָזיקן נבֿראָן וועט אים דאָך העלפֿן צו פֿאַרווירקלעכן זיינע מי-ליטערישע קאָנצעפּציעס.

אויב זיין ערשטער געדאַנק איז געווען וועגן די רעזול-טאַטן, וואָס מאַרציאַס תּתונה וועט קאָנען האָבן אויף זיין לעבנס-ווערק און זיין קאַריערע, האָט זיך דער צווייטער געדאַנק פֿאַרנו-מען מיט מאַרציאַן גופֿא.

פֿולקאָווניק פֿראָנטאָ האָט ליב געהאַט צו אַנאַליזירן. זיין ערשטער, העכסטער ציל איז באַשטאַנען אין דעם, צו קענען ענ-דיקן אין די געזיכערטע אַלטע יאָרן זיין „לערנבוך וועגן דער קריגס-קונסט". זיין צווייטער ווונטש איז געווען אויסצופּרובירן אין דער פּראַקטיק די טעאָריעס פֿון דאָזיקן לערנבוך. ערשט אין דער דריטער ריי האָט ער זיך פֿאַרגונען געפֿילן פֿון פּריוואַטן לעבן.

צווישן דידאָזיקע געפֿילן, וואָס זענען פֿאַרבונדן געווען מיט די גענוסן פֿון טיש און בעט, אינטערעסאַנטע רייזעס, קונסט און ליטעראַטור, האָט דאָס ערשטע אָרט פֿאַרנומען זיין נייגונג צו מאַרציאַן. די פֿרויען האָבן אים געבאַלעוועט און די מזרח-פֿרויען זענען אים געווען צום האַרץ. אָבער אין זיינע באַציִונגען צו די-דאָזיקע פֿרויען האָט ער זייער ווייניק אינוועסטירט פֿון זיין אייגנט-לעכן וועזן. ער האָט מיט פֿאַרגעניגן גענומען די מזרח-פֿרויען, אָבער זיך האָט ער זיי נישט געגעבן. מיט מאַרציאַן איז געווען אַנדערש. ווען ער זאָל זיך נישט שרעקן פֿאַר קיין פֿאָטעטישע ווער-טער, וואָלט ער אפֿילו געגלייבט, אַז ער האָט זי ליב. איר קעגנ-וואָרט פֿלעגט אים אויפֿרודערן. ער האָט אָבער געקענט מאַרציאַן און געווען אַנטשלאָסן נישט צו זיין איבערגעאיילט; ער איז גע-ווען געדולדיק פֿון דער נאַטור און ער האָט זיין געדולד געאיבט אין מזרח. ער איז זיכער געווען, אַז היות דער גורל פֿון איר פֿאָטער צווינגט זי צו לעבן בלויז צווישן אָריענטאַלן, וועט זי

מוזן מיט דער צייט אַריינפּאַלן אין זיינע, דעם רוימער פּראָנטאָס, אָרעמס. אָבער ווי אַזוי דאָס וועט געשען, דאָס האָט ער נישט געוווסט. ער האָט זיך שטאַרק געשראָקן פאַר דער חתונה; ז׳ער געדאַנק, געבונדן צו זיין צו אַ צווייטן מענטש, איז אים געווען אומאַנגענעם. אָבער אויב עס זאָל זיך נישט מאַכן קיין אַנדער מיטל אויף צו באַקומען מאַרציאַן, וואָלט ער גרייט געווען אפילו חתונה צו האָבן מיט איר.

דאָס, וואָס וואַראָ לייגט אַריין מאַרציאַן אין טערענצעס בעט, ענדערט די סיטואַציע. לטובת פּראָנטאָן אָדער נישט? דאָס שטרענגע, ווערסטאַלקישע אין מאַרציאַן האָט זיכער מיטגעהאָלפן צוצובינדן פּראָנטאָן צו איר, און דער געדאַנק, אַז אַן אַנדערער וועט געניסן איר בתולהשאַפט, האָט אים געפּייניקט. אָבער צי דען ווערט דער מאַנגל פון דעו בתולהשאַפט נישט אויסגעגליכן דורך דער באַזי״טיקטער געפאַ׳ פון חתונה האָבן? און צי דען ווערן נישט זיינע שאַנסן גרעסער דורך מאַרציאַס חתונה מיטן דאָזיקן נעראָן? פּראָנגיאָ איז געווען גאַווהדיק און ער האָט געוווסט, אַז אויך מאַרציאַ איז גאַווהדיק. ער איז געווען אַ „הער", און דער דאָזיקער טערענץ האָט אין בעסטן פאַל געהערט צום המון. און ער האָט נישט געספקט, אַז סוף־כל־סוף וועט אַ פּראָנטאָ באַזיגן אַ טערענץ, אויב עס זאָל אפילו געשען דאָס אוממוואָרשיינלעכע און מאַרציאַ זאָל אַ פּאָר טעג אָדער נעכט אָננעמען דעם חברהמאַן פאַר נעראָנען.

פולקאָווניק פּראָנטאָס לאַגע אין עדעסאַ איז אינצווישן געוואָרן אַלץ מאָדנער. נאָך אַ צאָל פון זיינע זעלנער איז אַריבערגעגאַנגען צו נעראָנען; ער האָט איצט געלעבט אין דער ריזיקער קאַזאַרמע בלויז מיט צוואַנציק מאַן. אין דער שפּיץ פון צוואַנציק זעלנער, שטאָלץ און גלי׳ כצייטיק לעכערלעך, האָט ער אינמיטן פון דער בונטאַרישער מעסאָפּאָטאַמיע פאַרטרעטן די רוימישע אימפּעריע פון די פלאַוויער. ער האָט ווייטער געלעבט, ווי ביז איצט, זיך געוויזן ביים הויף, האָט שפּאַצירט, געריטן, געגאַנגען אויף געיעג אין דער סביבה. סיי ער, סיי די עדעסאַער מאַכט האָבן

נישט אָנגערירט די פּיקציע, אַז צווישן רוים און עדעסאַ הערשט שלום און גוטע שכנישע באַציִונגען. אָבער די סיטואַציע איז געוועזן זייער פּיינלעך, ער האָט זיך געפֿילט איזאָלירט און האָט געחלשט דורכצושמועסן זיך.

און ער האָט זיך שטאַרק געפֿרייט, ווען ער האָט ביים טעפּיך-פֿאַבריקאַנט ניטאַי צום צווייטן מאָל „צופֿעליק” געטראָפֿן וואַראָן. „צי געפֿינט איר נישט, מיין פֿראָנטאָ, אַז די געשעענישן, וואָס קומען פֿאָר אַרום אונז, זענען זייער אינטערעסאַנט?” האָט וואַראָ אָנגעהויבן. „יאָ, אינטערעסאַנט זענען זיי”, האָט פֿראָנטאָ מודה געוועזן, „עס איז היינט זייער אַ בכבודיקע אויפֿגאַבע צו פֿאַרקערפּערן אין אייער עדעסאַ די פּלאַווישע מאַכט, אָבער אָנגענעם איז דאָס נישט. מיינע צוואָנציק מאַן, וועלכע זענען זייער מוטיק און רוימיש, פֿאָדערן פֿון מיר, איך זאָל פּרווון דורכצושלאָגן זיך מיט זיי ביז דער רוימישער גרענעץ”. „איך פֿיל מיך אַלס אייער בעל-חוב, מיין פֿראָנטאָ”, האָט ער געזאָגט. „אויב איר ווילט דווקא זיך דורכשלאָגן, קאָנט איר דאָס דורכפֿירן, און טאַקע אויף אַ גלענצענדן אופֿן. מיר וועלן אייך אויף אייער מאַרש מאַכן אומגעהייערע שוועריקייטן. איידער איר וועט דערגרייכן די גרענעץ, וועלן פֿון אייערע צוואָנציק מאַן פֿאַלן טויט דריי אָדער פֿינף אָדער אַכט, וויפֿיל איר ווילט נאָר, און איר אַליין וועט ווערן לייכט פֿאַרוווּנדעט. אייער העראָאישער דורכרייס דורכן פּיינטלעכן געביט וועט נישט אָפּשטיין פֿונם „דורכמאַרש פֿון די צען טויזנט”. איר וועט אַריינמאַרשירן קיין אַנטיאָכיע אַלס צווייטער קסענאָפֿאָן, מיט אומגעהייערן טריאומף, און איר וועט קאָנען שרייבן אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטע און ווירקונגספֿולע דערינערונגען”.

„איך ספֿק נישט”, האָט פֿראָנטאָ אָפּגעענטפֿערט, „אַז איר וועט דאָס קאָנען גרויסאַרטיק אַראַנזשירן. איך ספֿק אויך נישט, אַז איך קאָן זיך אַרויסראַטעווען קיין אַנטיאָכיע צוזאַמען מיט מיין רעכט אויף אַ פּענסיע. ווען איך וואָלט אָבער איבזינען געהאַט בלויז מיינע איינאונפֿופֿציק פּראָצענט זיכערקייט, צוואָס וואָלט איך דאָ בכלל געבליבן זיצן?”

„צי הייסט עס, אַז איר ווילט דאָ בלייבן?" האָט וואַראָ געפרעגט, און ער האָט זייער שלעכט באַוויזן אויסצובאַהאַלטן זיין פרייד. און היות פראָנטאָ האָט געשוויגן, האָט ער צוגעגעבן אַ ביסל איראָניש, אָבער דאָך ערלעך: „אויב איר בענקט נאָך „אַוואַנטורעס", וועלן מיר אייך דאָס קאָנען ליפערן אויפן אָרט. אָבער איך מוז אייך וואָרענען, הגם איך וויל זייער איר זאָלט דאָ בלייבן. עס איז שווער פאָראויסצוזען וואָס עס קאָן דאָ אַלץ געשען. איך קאָן נישט ערב זיין פאַר אייערע איינאונפופציק פראָצענט. איך האָב מורא, אַז אויב איר וועט דאָ נאָך לאַנג בלייבן, וועט צי־מענטשל עפּעס דערשמעקן און אייער רעכט אויף פענסיע וועט אויסגערונען ווערן".

דאָס, וואָס וואַראָ האָט גערעדט צו אים אַזוי אָפן און ערלעך, האָט פראָנטאָן אָנגעפילט מיט וואַרימקייט. „אונטערשעצט נישט מיין ליטעראַרישע באַגאַבונג", האָט ער געענטפערט אַ צופרידענער. „מען האַלט מיך פאַר אַ גוטן סטיליסט, און כדי צו רעכטפאַרטיקן מיין האַלטונג דאָ אויפן אָרט, איז נייטיק בלויז אַ געשיקטע סטיליזירונג פון מיינע ראַפּאָרטן. ביז איצט האָט צי־מענטשל אַרויסגעהערט פון מיינע באַריכטן דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט ער זאָל אַרויסהערן; ער האָט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר מיינע אַרגומענטן. ער האָט מיר אפילו אויפן דינסטלעכן וועג באַפוילן מיך גובר צו זיין און אויסהאַרן אויף מיין טראַגי־קאָמישן פּאָסטן".

וואַראָ האָט אָנגעכאַפּט פראָנטאָס האַנט, זי געדריקט. „עס איז מיר שווער געווען", האָט ער געזאָגט, „עצהנען אייך זיך אומצוקערן. אייער באַשלוס דאָ צו פאַרבלייבן איז מיר ווערטפולער פאַר אַ נצחון. איך פריי מיך, וואָס איך האָב אייך אַלס פריינט. די שאַנסן איך זאָל געווינען, זענען זייער נישט גרויס. וועט אָבער געשען דאָס אומוואָרשיינלעכע, דאַן האָף איך צו באַווייזן, אַז איך בין נישט קיין שלעכטער פריינט".

אין זעלבן אָוונט האָט וואַראָ אַרויסגענומען פון קעסטעלע די קוויטונג אויף די זעקס טויזנט סעסטערציעס און געבוכט

אויף דער צווייטער זייט, אין דער רובריק — ריווח: „אַ פּריינט".

4.

# טערענץ גייט אַריין אין זיין ראָל

וואַראָ האָט נישט געקאָנט פועלן בײַ זיך מודיע צו זיין דעם תּכשיט וועגן גליק, וואָס ער איז געצוווּנגען געווען אים אונטער־צוטראָגן. און אין דער צייט, וואָס זייטיקע האָבן שוין געוווּסט וועגן דער געפּלאַנטער חתונה, האָט וואַראָ איבערגעלאָזט פאַרן צופאַל, ער זאָל טערענצן אויף וואָסער נישט איז אופן מודיע זיין וועגן דעם.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז געטון האָט דאָס דער לײַבאײַ־גענער קנאָפּס.

געשען איז דאָס אויף אַזאַ אופן. טערענץ האָט פאַרליפיק געוווינט אין קעגיג מאַלוקס פּאַלאַץ, אָבער אָן אַ נאָמען; ווײַל מאַלוק האָט אים עפנטלעך נישט געוואָלט אָנערקענען פאַר זיין חתונה מיט וואַראָס טאָכטער, און טערענץ האָט זיך געהיטן אַרויס־צווייזן אומגעדולד. קנאָפּס האָט מיט אַ כיטרער מינע מיטגעמאַכט דעם מאַסקאַראַד פון זיין הער. ער האָט אים נאָך נישט באַהאַנדלט ווי דעם מאַן, וואָס האָט געהייסן נעראָן, נאָר ווי דעם טעפּער־מייסטער פון אַמאָל, וועלכער איז טאַקע געווען נעראָן, אָבער ס'איז אים געפעלן געווען צו טראָגן ווייטער די מאַסקע פון טע־רענצן. איצט האָט קנאָפּס געהאַלטן, אַז עס איז די ריכטיקע צייט מער נישט אָנערקענען די אויסערלעכע מאַסקירונג. „איך געפין זיך אין גרויס פאַרלעגנהייט", האָט ער געזאָגט אויף זיין הכנעה־דיק־פּרעכן שטייגער, „ווי אַזוי איך זאָל אייך רופן, פּאַטראָן. די עדעסאַער מענטשן פאַרזיכערן, אַז דער טעפּער־מייסטער טערענץ, דער הער פון לײַבאײַגענעם קנאָפּס, עקזיסטירט נישט מער. דעם

גרויסן קייזער נעראָן איז אַ געוויסע צייט געפעלן געווען צו פיגורירן אַלס דערדאָזיקער טערענץ, פונקט ווי צעאוס פלעגט זיך אַמאָל פאַרוואַנדלען אין אַן אָקס. צווישן זיך גערעדט: לויט אייער אומדערפאַרנקייט אין די ענינים פון דער קעראַמישער פאַבריק, האָב איך, אייער געטרייער לייבאייגענער, שוין פון לאַנג דערקענט, אַז איר מוזט זיין דער קייזער נעראָן. אָבער קיינער האָט מיר נישט געקאָנט זאָגן, ווי לאַנג אייער מאַיעסטעט וועט געפעלן צו שפילן די ראָל פון אַ טעפער. איצט, ווען איך ווייס, אַז איר האָט באַשלאָסן צו נעמען אַלס פרוי די טאָכטער פון סענאַטאָר וואַראָ, האָב איך די דרייסטקייט צו גלייבן, אַז איר האָט באמת בדעה אַראָפּצוּוואַרפן די מאַסקע".

טערענץ האָט געמוזט מאַכן איבער זיך אַן אָנשטרענגונג, כּדי אויסצובאַהאַלטן די אויפרודערונג, וואָס ס'האָט אַרויסגערופן אין אים דידאָזיקע ידיעה. אַ כּאַאָטיש-ווילדער ים פון געפילן האָט אים אויפגעהויבן הויך-הויך און אים ווידער אַראָפּגעוואָרפן. די שכּרות פון דער אייגענער גרויסקייט האָט אים אָנגעפילט מיט גליק. אָבער גלייכצייטיק האָט ער געפילט אַ צאָרן קעגן וואַראָן, וועלכער האָט געהאַלטן פאַר אַ פּחיתות הכּבוד אים מודיע צו זיין, וואָס ער האָט בדעה צו טון מיט אים. דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט אַ געפיל פון פאַרבונדנקייט מיט קנאָפּסן, וועלכער האָט זיך צרויסגעוויזן אַלס דער פון גורל באַשטימטער טרעגער פון דער גרויסער בשורה.

קנאָפּס האָט אינצווישן ווייטער גערעדט. ער האָט גערעדט וועגן זיינע אייגענע אָנגעלעגנהייטן. ווי צווייידייטיק עס איז זיין סיטואַציע. כּל-זמן עס האָט עקזיסטירט דער טעפּער-מייסטער טערענץ, איז ער זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען דער לייבאייגענער קנאָפּס. אָבער איצט, ווען טערענץ הערט אויף צו עקזיסטירן און ווערט פאַרוואַנדלט אין דעם קייזער, וואָס וועט ווערן פון אים? ער שוועבט, אַזוי צו זאָגן, אין דער לופטן. ער איז זיכער מער נישט קיין לייבאייגענער, ווייל אויב טערענץ עקזיסטירט נישט

מער, האָט ער דאָך נישט קיין האָר. אָבער וואָס־זשע איז ער אין דער ווירקלעכקייט?

טערענץ האָט זיך צוגעהערט בלויז מיט איין אויער. געוויס, דער יונג פאַרדינט די פרייהייט, שוין פאַר זיין היינטיקער ידיעה. נאַטירלעך, קנאָפּס מוז בלייבן לעבן אים, ער טאָר זיך נישט דערווייטערן פון אים, דאָס וועט ברענגען אומגליק, און חוצדעם נייטיקט ער זיך אין אים. דרך־אגב, מיט אַ גרויסן זשעסט, האָט ער אַ וואָרף געטון קנאָפּסן: „נאַטירלעך, פון דעם טאָג אָן, ווען איך האָב חתונה מיט מאַרציאַן, ביסטו פריי".

ווען קנאָפּס איז אַוועק, האָט טערענץ פריי גענומען געניסן זיין אַנטציקונג מיט דער דערהייבונג. ער האָט זיך גענומען פאָרשטעלן די חתונה מיט מאַרציאַ טערענטיאַ, איינער פון די גרויסע דאַמען פון דער אימפּעריע. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די צערעמאָניע אויפן הויפּט־פּלאַץ פון עדעסאַ, ווו עס איז געשטאַנען טאַראַטעס מזבח, איר אוראַלט מעטאַלן בילד און אירע סימבאָלן, די שטיינערנע פאַלוסן. וואַראָ, דער גרויסער וואַראָ, דער סענאַטאָר, וואָס ער איז געווען זיינס אַ זאַך, צו וועמען ער האָט געהערט, ווי אַ הונט אָדער אַ קו, — גיט אים זיין טאָכטער, נאָך מער, ער פאָדערט אים אויף זי צו באַמאַנען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די נאַכט, וועלכע ער וועט פאַרברענגען מיט וואַראָס טאָכטער. אָבער מיטאַמאָל איז אין זיין פרייד אַריינגעדרונגען אַ ביסל אומהיימלעכקייט. נעראָן באַדייט — „מאַן". ער אָבער, טערענץ, איז קיינמאָל נישט געווען איבעריק שטאַרק. ווען ער איז געלעגן מיט אַ פרוי אין בעט; די מאַטערנישן פון זיין גורל, די פאָדערונגען, וואָס עס האָבן געשטעלט צו אים די פאַנטאַזיע־בילדער פון זיין גרויסקייט, האָבן פריי אויסגעצערט זיין קראַפט. ער האָט זיך געפּרוווט אויפרעגן דורך דער פאָרשטעלונג פון דער נאַקעטער מאַרציאַ. אָבער נאָר דער געדאַנק, אַז דאָס איז געווען דידאָזיקע גרויסע דאַמע, האָט אים גערייצט, מער נישט. ער האָט זיך דערפילט אומזיכער ביים געדאַנק וועגן דער פאָרשטייענדער נאַכט. עס איז אים בלויז געבליבן די האָפענונג, אַז דאָס געפיל

פון זיין גרויסקייט וועט אים אין דער אַנטשיידנדער שעה קומען צו הילף.

אָבער אין אַלגעמיין האָט ער נישט דערלאָזט, אַז די פריי־לעכע בשורה זאָל אים פירן צו טון נאַרישקייטן. איצט איך האָט ער נישט אַרויסגעוויזן קיין איילעניש. ער האָט געאַרבעט. פון בי־כער, פון מענטשן, מיט וועלכע ער איז זיך צונויפגעקומען, האָט ער פאַרזיכטיק אַרויסגעקריגן אוּמצאָליקע איינצלהייטן וועגן נעראָנס לעבן, ער האָט זיך געאיבט געטריי נאָכצומאַכן נעראָנס האַנט־שריפט, באַזונדערס זיין אונטערשריפט. מע האָט געשטעלט אין זיין רשות אַ גריכישן און אַ לאַטיינישן סעקרעטאַר, אַ גריכישן און לאַטייניש פאַרלייענער. מיט זיי האָט ער געלערנט אויסנווי־ניק די קלאַסיקער, וועלכע נעראָן האָט באַזונדערס ליב געהאַט, פאַר זיי האָט ער זיך באַמיט צו רעציטירן נעראָנס דיכטונגען אין נעראָנס סטיל. דערמיט האָט ער אויסגעפילט זיין צייט. באַזוכער האָט ער צוגעלאָזט צו זיך זייער זעלטן. אָבער ווען פרוי קאַיאַ האָט געוואָלט רעדן מיט אים, האָט ער זי אויפגענומען.

ער איז געלעגן אויף דער סאָפע, געלאָזט זיך פאַרלייענען. „וואָס פאַרלאַנגסטו, גוטע פרוי?" האָט ער גנעדיק געפרעגט, מיט קענטיקער פריילעכקייט. „שיק אַרויס דעם מאַן", האָט קאַיאַ גע־פאָדערט. נעראָן האָט געזאָגט צום פאַרלייענער: „לייען ווייטער, מיין ליבער". דער מאַן האָט ווייטער געלייענט. „שיק דעם מאַן אַרויס", האָט קאַיאַ נישט נאָכגעלאָזט. „אַך, אונזער קאַיאַ איז נאָך דאָ", האָט נעראָן געזאָגט, האַלב אַמוזירט, האַלב געלאַנגווייליקט, „אפשר וועסטו שוין פאַרט זאָגן, ליבע פרוי, וואָס דו פאַרלאַנגסט?" „פאַרליר נישט דעם שכל", האָט זיך קאַיאַ געבעטן. „דו מאַכסט פון אונז אַלע אַ תל, און קודם־כל פון זיך אַליין. צי דען ביסטו אינגאַנצן בלינד? הער אויף, ווי גאָט איז דיר ליב, מיט דער קאָמעדיע און ווער נישט קיין שפּאַס־אָביעקט פון די באַרבאַרן". „איך האָב דאָך טאַקע אַ סוף געמאַכט מיט דער קאָמעדיע", האָט נעראָן געזאָגט מיט אַ גענעץ. „טאָ וואָס־זשע שפּילסט דו זי ווייטער,

מיין גוטע? ווען דאָס שטיק איז געענדיקט, טוט מען אויס די מאַסקע. געשפּילט אָבער האָסטו גוט, וועסט דערפאַר באַקומען אַ אַ רענטע. פופצן הונדערט אַ חודש. שרייב עס אויף, מיין ליבער", האָט ער באַפוילן דעם פאָרלייענער. „טערענץ", האָט זיך קאַיאַ געבעטן רחמים, „באַרעכן נאָר, וואָס דו טוסט. דאָסמאָל וועט עס דיך טייערער קאָסטן, ווי אין יענער שרעקלעכער נאַכט, ווען דו ביסט געקומען פונם פּאַלאַטין". זי איז צוגעגאַנגען נאָענט צו אים, האָט אים אַנגערירט, געגומען טרייסלען: „קום איצט אַהיים, טערענץ. דאָרט וועלן מיר זיך מישב זיין, וואָס עס זאָל ווייטער געשען".

דער פּרויס רייד זענען אין אים, קעגן זיין ווילן, אריינגעדרונגען. אָבער ער איז געבליבן דער קייזער. ער האָט צוגעטראָגן דעם שמאַראַגד צום אויג, זי באַטראַכט ווי אַן עקזאָטישע חיה. „זי איז משוגע געוואָרן אויף איר ראָל", האָט ער פעסטגעשטעלט. „איצט גיי, מיין גוטע", האָט ער מילד געזאָגט צו דער פרוי. „באַרויִק דיך. מען וועט זאָרגן פאַר דיר".

צומאָרגנס האָט ענדלעך וואַראָ באַזוכט דעם תּכשיט. טערענץ איז אַ ביסל געווען איבערגעשראָקן, הגם ער האָט דאָס געשיקט אויסבאַהאַלטן. צוערשט איז אַלץ געגאַנגען, ווי געשמירט. וואַראָ איז געווען אַן אמתער הויפמאַן פאַר דער מאַיעסטעט. ער האָט אונטערטעניק געדאַנקט דעם קייזער, וואָס ער האָט דערהויבן זיין טאָכטער צו זיך, ער האָט אים פאָרגעלייגט דעם פּראָגראַם פון די חתונה־פייערלעכקייטן. דערביי האָט ער אים דיסקרעט געגעבן אָנווייזונגען, ווי אַזוי ער זאָל זיך האַלטן, כּדי צו זיין וואָס ענלעכער צום עכטן קייזער.

## 5.

# נעראָנס חתונה

נאָכדעם ווי מאַרציאַ האָט זיך אַנטשלאָסן חתונה צו האָבן מיטן שרק, ווי זי האָט טערענצן אַנגערופן אין אירע געדאַנקען, האָט זי זיך נאָך מער איינגעשלאָסן אין זיך, כדי קיינער זאָל נישט קאָנען זען איר פּיין, אירע ספקות, איר עקל — און איר פאַרבאָרגענע לוסט.

אָך, ווי גערן זי וואָלט גערעדט מיטן פּולקאָוויניק פראָנטאָ. זינט זי האָט געמוזט אַנטלויפן מיט איר פאָטער פון אַנטיאָכיע, זענען אירע געדאַנקען אָפט באַשעפטיקט געווען מיטן עלעגאַנטן, זייער רוימישן הער, וועלכער האָט איר, אויף זיין רעזערווירטן שטייגער, אַרויסגעוויזן זיין פאַרערונג. אין איר בעט ביינאַכט פלעגט זי זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי זי וועט דעמדאָזיקן מאַן שענקען איר לייב, דאָס אַזוי לאַנג אָפּגעהיטענע. זי וועט ליגן מיט געשלאָסענע אויגן, מיט ווידערווילן און באַצווינגענדיק דעמדאָזיקן ווידערווילן, קאַלט און גליִענדיק, פול לוסט און שטרענגקייט. אָבער גראָד דערפאַר, וואָס זי האָט זיך מיט אים אַזוי פיל באַשעפטיקט, גראָד דערפאַר, וואָס זי האָט פאַרבונדן מיט אים איר לוסט, — איז איר איצט געווען איבער דער טבע צו רעדן מיט אים אָפן, ווי מיט אַ פריינט, וועגן דעם גרויליקן, וואָס איז איר פאָרגעשטאַנען; ווייל איצט איז ער געווען ווייניקער און מער ווי אַ פריינט.

האָט זי אַליין געקעמפט מיט אירע תאוות און שרעקן. איר מוטער האָט זי אָנגעפילט מיט עקל און שרעק פאַר אַלץ, וואָס האָט צו טון מיטן מענטשלעכן פלייש. זי איז באַשטימט געווען צו היטן דאָס הייליקע פייער פון דער וועסטאַ, צו לעבן אין ריינעם, שטרענגן הויז פון די וועסטאַלקעס אויף דער הייליקער גאַס, הויך

איבער דעם געמיינעם פאָלק און די געמיינע תאוות, ווי דער אָד־לער אין דער לופטן. וואָרנ האָט נישט דערלאָזט דערצו. דאָס האָט נאָך געשטאַרקט איר מוטערס האַס צום דאָזיקן מענטשן, זי האָט מאַרציאָן דערצויגן אין ווידערווילן צום אויסגעלאַסענעם לעבן פון איר פאָטער. די מוטער האָט פאָראויסגעזאָגט — און מאַרציאַ האָט געגלייבט אין איר פאָראויסזאָגונג, — אַז וואָראָס לעבן וועט ברענ־גען אויף אים אומגליק, און ווען דער פאָטער איז טאַקע מיט שאַנד אויסגעמעקט געוואָרן פון דער סענאַט־ליסטע, האָט מאַרציאַ זיך געגעבן אַ וואָרט נאָך שטרענגער צו גיין מיט דער מוטערס וועג; איצט, האָט זי געהאַלטן, איז איר חוב אָפּצוהיטן די ערע פון איר גרויסן, באַרימטן שטאַם.

און דאָך איז זי אַרויפגעשטויסן געוואָרן אויפן וועג פון איר פאָטער. איר גורל איז געלעגן פאַר איר צווייַדייטיק, ווי איר פאָטערס; זי וועט זיין די פרוי פון אַ מאַן, וואָס איז גלייכצייטיק קייזער און לייבאייגענער. אָבער צום מערסטן איז זי צעטומלט געווען פון דעם, וואָס דערדאָזיקער גורל האָט אַרויסגערופן ביי איר נישט נאָר עקל. פונקט ווי זי האָט איר פאָטער נישט נאָר געהאַסט פאַר זיין אויסגעלאַסנקייט, נאָר אויך באַוווּנדערט און אפילו אים מקנא געווען, אַזוי האָט דאָס לעבן, וואָס דערוואַרט זי, נישט נאָר אַרויסגערופן איר ווידערווילן, נאָר אויך געלאָקט ווילד און געהיימנישפול.

דער מנהג האָט נישט דערלויבט, אַז איר חתן זאָל זי באַ־זוכן אָדער זי אים. האָט זי זיך געמיט אַרויסצורופן אין איר זכרון דאָס פנים און דאָס געשטאַלט פון טערענצן, וועלכן זי פלעגט פון צייט־צו־צייט באַגעגענען; עס איז איר נישט גע־לונגען. זי האָט אָבער קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרגעסן דעם קייזער נעראָנס אומבאַהערשט פנים; אין איר קינדהייט, ווען דער קייזער האָט נאָך געלעבט, פלעגט זי אים אָפט זען. לאַנג פלעגט זי אָפּשטיין פאַר דעם קייזערס סטאַטועו, וואָס זענען ווי־דער אַריין אין דער מאָדע, און זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי דערדאָ־זיקער שטיינערנער קייזער וועט ווערן לעבעדיק, וועט זי אַרומ־

נעמען, ווי ער וועט לאָזן פאַלן די טאָגע, ווי זי וועט ליגן מיט אים אין בעט, לייב צו לייב, ווי ער וועט פרעסן זיינע שענקלען צו אירע. און זי פלעגט אויסגעפילט ווערן פון אַ שרעק, וואָס פלעגט פאַרגליווערן איר האַרץ, און פון אַ תאווה, וואָס פלעגט זי דערהיצן ביז איר טיפסטן וועזן.

דאָס איז דאָך אָבער נישט געווען דער קייזער נעראָן, — דאָס איז געווען דער טעפּער טערענץ, דער לייבאייגענער, אַ מאַן פון געמיינעם, שמוציקן בלוט, אַ שטיק אָפּפאַל, און מיט אים וועט זי ווערן איין לייב. זי האָט זיך געפילט ווי פאַרפלאָנטערט אין אירע געפילן.

זי איז אָבער געאיבט געווען אין זעלבסט־דיסציפּלין, און פאַר דער וועלט איז זי געווען די קייזער־כלה, און ווייטער גאָרנישט. זי האָט פלייסיק דערפילט די סך מנהגים, וואָס די רוימישע טראַדיציע פאָדערט ביי חתן־כלה.

די נאַכט ערב דעם חתונה־טאָג האָט זי זיך געדולדיק געלאָזט אָנטון די געל־רויט־פלאַמיקע כלה־טראַכט, און די בתולהשע קליידער און איר שפּילצייג האָט זי געהייליקט פאַר די געטער פון איר פאָטער־הויז, ווי דער מנהג שרייבט פאָר.

אין יענער נאַכט איז זי נישט גוט געשלאָפן. אירע טרוימען וועגן פראַנטאַן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די שרעקיקע, גיריקע פאָרשטעלונגען, וואָס דעם קייזערס סטאַטוען האָבן איר סוגערירט. זי האָט געבענקט נאָכן מאַן, וואָס האָט זיך גערופן נעראָן, מיט אַזאַ תאווה, וואָס האָט איר פאַרברענט די הויט.

ווען ער איז אָבער דערשינען אין פריִען מאָרגן, פּרעכטיק, אין פּורפּור, מיט וואָגן און גרויסער סוויטע, כדי זי אָפּצופירן צו דער צערעמאָניע, איז זי געווען אַנטוישט. ער האָט געשטראַלט, ער איז געווען קייזערלעך אין זיינע רייד און באַוועגונגען, אָבער דער צויבער, וועלכן עס האָבן אויסגעשטראַלט די סטאַטוען, איז פאַרשוווּנדן. זי האָט אין זיך געשפּירט בלויז פּוסטקייט. דער, וואָס האָט איר דערלאַנגט די האַנט, איז געווען

אַן עמעצער, נישט הויך, נישט נידעריק, אַ הילע אָן אַן אינ־האַלט, אַזאַ, וועלכן מען האָט געקאָנט פּאַרטוישן. די טייערסטע מינוט פֿון איר לעבן וועט זי טיילן מיט אַ גלייכגילטיקן, אַ — קיינער נישט.

סוף פֿון ערשטן באַנד.

ליאָן פויכטוואַנגער

# דער פאַלשער נעראָן

פון דייטש: י. ראַפּאַפּאָרט

## דאָס צווייטע בוך

יידישע אוניווערסאַל־ביבליאָטעק

1937 ווארשע

צענער־טויזנטער צושויער זענען געשטאַנען אָטעמלאָז, ווען דער קייזער און מאַרציאַ זענען דערשינען פֿאַר טאַראַטעס מזבח. די פּריסטער, וועלכע האָבן געבראַכט קרבנות און באַטראַכט דאָס אינגעווייד, האָבן געמאָלדן, אַז די חתונה האָט נושא־חן געווען אין דער געטינס אויגן. דער חתונה־קאָנטראַקט איז אונטערגעשריבן געוואָרן. דאַן האָט די כּלה געזאָגט די פֿאָרמול: „היות דו רופֿסט זיך קלאַודיוס נעראָן, וועל איך הייסן קלאַודיאַ". טערענץ האָט דערווידערט: „איך, קלאַודיוס נעראָן, בין מסכּים. דו זאָלסט הייסן קלאַודיאַ", און די כּלה־אונטערפֿירערין האָט פֿאַראייניקט די רעכטע הענט פֿונם פּאָרל. דאַן, בעת מען האָט געבראַכט דעם קרבן פֿון פֿעלד־פּרוכט, זענען חתן־כּלה געזעסן מיט פֿאַרהילטע קעפּ אויף צוויי שטולן, און איבער זיי, פֿאַרבינדנדיק זיי, איז אויסגעשפּרייט געווען די פֿעל פֿונם שעפּעלע, וועלכעס מען האָט מקריב געווען אינדערפֿרי.

נאָכן אָוונט־מאָלצייט אין וואַראָס הויז איז דער חתונה־צוג אַוועק צו קעניג מאַלוקס פּאַלאַץ, וואָס איז געווען דאָס הויז פֿונם חתן. דעם קייזערס באַגלייטער האָבן געוואָרפֿן אין פֿאָלק אַריין ניס, און היות דאָס איז געווען דער קייזער, זענען דאָס געווע־ באַגילדעטע ניס.

די כּלה־אונטערפֿירערס האָבן מאַרציאַן אַריבערגעטראָגן איבער דער שוועל. אין זאַל איז געשטאַנען אויסגעבעט דאָס ברייטע חתונה־בעט. ביי דער זייט פֿון דעם בעט איז געזעסן איינגעקורטשעט דער שטיינערנער פּריאַפּישער גאָט מוטונוס טוטונוס, דער שוץ־גאָט פֿון די חתונה־לייט. די כּלה־אונטערפֿירער האָבן מאַרציאַן אַרויפֿגעזעצט אויף זיין שויס, אַזוי אַז זי איז געקומען אין באַרירונג מיט זיין מעכטיקן פֿאַלוס.

איז זי געזעסן אויפֿן אויסגעלאַסענעם שטיין. די חתונה־

באַגלייטער זענען ענדלעך אַוועק, און זי איז געבליבן אַליין מיטן מאַן. און וואָס וועט איצט זיין? אַ גאַנצן טאָג איז ער געבליבן דער זעלבער: געלאַסן, נישט אומווירדיק, נישט אַרויסרופנדיק קיין געפילן, וואָס וואָלטן געדאַרפט אַרויסגערופן ווערן דורך אַזאַ נאָענטקייט פון דער העכסטער פּערזאָן, אָבער אויך נישט קיין שפּאָט אָדער פאַראַכטונג. און איצט שטייט ער פאַר איר, „נעראָן, דער מאַן", איר נעראָן, איר מאַן. ער זעט באמת אויס, ווי יענע סטאַטועס וועט טאַקע דער שטיין ווערן פלייש און טון, וואָס זי האָט געחלומט?

פאַרן טעפער טערענץ איז דאָס געווען אַ גרויסער, אָבער זייער אָנשטרענגענדיקער טאָג. סענאַטאָר וואַראָ האָט אים רעכט-צייטיק איבערגעגעבן אַ ליסטע, ווו עס איז גענוי אויפגעשריבן געוועזן, וואָס ער דאַרף אַלץ טון. טערענץ, איינגעאיבט דורך לערנען אויסנווייניק קלאַסישע טראַגעדיעס, האָט אָן מי איינגעחזרט די ליסטע און אַ גאַנצן טאָג אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אויף קייזערלעכער האַלטונג. אָבער די אַרבעט און די מי זענען געווען אַזוי גרויס, אַז עס איז קיין צייט נישט געבליבן צו געניסן זיין גרויסקייט. איצט איז ער געזעסן אַליין מיט דערדאָזיקער בלאַסער, גאַוואַהדיקער סענאַטאָרן-טאָכטער, וועלכע האָט דערוואַרט — און זי האָט רעכט דערויף — ער זאָל זיך נעמען צו איר.

געוויס, דער פאַקט, וואָס זי און אַלע האָבן דאָס פון אים דערוואַרט, איז געווען אַ גרויסער כבוד. חוצדעם איז אים זיין כלה אינדערפרי פאָרגעקומען זייער אַפּעטיטלעך, אפילו שיין, הגם עס וואָלט אים ליבער געווען עפּעס פולערס, פעטערס. אָבער איצט, נאָך די ענדלאָזע צערעמאָניעס, איז ער געווען שרעקלעך מיד, ממש אויסגעשעפּט, און וואָלט צום ליבסטן געשלאָפן אַליין. חוצדעם איז אין וואַראָס רשימה אַלץ געווען אויסגערעכנט, אָבער אַלץ אויפן משך פון טאָג און גאָרנישט אויף דער נאַכט. וואָס זאָל ער טון? זאָל ער אויפקניפּלען דעם קונציקן הערקולעס-קנופּ, מיט וועלכן איר גאַרטל איז פאַרבונדן, אָדער ער זאָל זיך צוערשט אויסטון.

נישט געטראכט, צו דער אַרבעט. ווער עס האָט צושטאַנד־געבראַכט אַזאַ גרויסע זאַך, וועט נאָך קאָנען באַדינען אַ מיידל. כדי זיך צו דערהיצן, האָט ער פּרובירט אַרויסרופן אין זיין פאַר־שטעלונג אַלערליי תּאווהדיקע פאַרשטעלונגען. זיי האָבן אָבער נישט געהאַט קיין שליטה איבער אים. מאַרציאַ איז געזעסן אָן באַוועגונג. „יאָ, מיין מאַרציאַ", האָט ער אַ זאָג געטון און איז צו־געגאַנגען צו איר, אָבער שוין נישט מיט נעראָנס גאַנג, — ער האָט זיין קראַפט געמוזט שפּאָרן פאַר אַן אַנדערער אויפגאַבע. ער האָט איר פאַרזיכטיק אויסגעטון דעם כּלה־מאַנטל. ער האָט אים נישט אַ וואָרף געטון אויף דער ערד, נאָר אויסגעשפּרייט דאָס טייערע געוואַנט אויף אַ שטול, באַלעבאַטיש. דאַן האָט ער אומ־דרייסט אַראָפּגענומען פון אירע האָר די כּלה־קרוין און געפּרוווט, מיט אַ ליכטן זיפץ, אויפצוקניפּן די קונציק־פאַרקנופּטע גאַרטל. מאַרציאַ האָט, אומבאַוועגלעך, נישט געשטערט. ביים צופעליקן באַ־רירן איר שטערן אָדער איר אָרעם, פלעגט ער פילן, אַז זי איז אייז־קאַלט.

איצט איז געבליבן בלויז די טוניקע. היות ער האָט גע־האַלטן, אַז ביז איצט האָט ער זיך אויפגעפירט נישט אַזוי העל־דיש, האָט ער באַשלאָסן אַרויסצווייזן בראַוווּר. ער האָט פּרובירט אויפבינדן די באַנד פון דער טוניקע; אָבער היות די באַנד האָט זיך פאַרעקשנט, האָט ער זי צעריסן אויף צוויייען. מאַרציאַ איז געזעסן נאַקעט, קאַלט, דין, ווייס, מיט צוגעשפּיצטע בריסטן. ער האָט זי אַ כאַפּ געטון, — זי איז נישט געווען שווער, ער האָט זי אָן מי אַוועקגעטראָגן אויפן בעט. זי איז געלעגן, שווער אָטע־מענדיק. „לעש אויס דאָס ליכט", האָט זי אים געבעטן.

ער האָט זיך אויסגעטון, זיך צוגעלייגט צו איר. זי איז נאָך אַלץ געווען קאַלט; דאָס האָט אים געערגערט. ער האָט זי ברוטאַל אַרומגענומען. אַ שוידער איז איר דורך, זי האָט שטיל געזיפצט. „ווען אַ פרוי איז אַזוי קאַלט", האָט ער אַ טראַכט גע־טון, „דאַרף זי נישט האָפן, אַז דער מאַן זאָל זיך דערהיצן". ער האָט געהאָפט, אַז עס וועט גיין בעסער, ווען ער וועט אַריינפאַלן

אין גרימצאָרן. און ווייל זי האָט געשוויגן, ווייל זי האָט אים נישט צוגעהאָלפן, איז ער טאַקע אַריינגעפאַלן אין גרימצאָרן. ער האָט אַרומגעכאַפּט איר קערפּער. „רוף מיך „רויטבערדל”, האָט ער געפאָדערט; אַזוי האָט דעם קייזער גערופן זיין ערשטע פריינדין אַקטע און דאָס פאָלק, און דער קייזער, האָט מען אים דערציילט, האָט ליב געהאַט מען זאָל אים אַזוי רופן. זי האָט געשוויגן. ער האָט זי ווייטיקלעך צונויפגעדריקט. האָט זי געגעבן אַ קליינעם געשריי. „זי איז צעפּיעשטשעט, די ליאַלקע”, האָט ער געטראַכט מיט צאָרן, און זי פעסטער אַ דריק געטון, זי געקניפּט. „ניטע”, האָט זי געזאָגט, „ניטע”.

„אויב זי וויל נישט”, האָט ער געטראַכט באַליידיקט, „איז נישט; נעראָן וואַרפט זיך נישט אָן”. ער האָט זיך אָפּגערוקט פון איר, צופרידן מיט זיך. ער האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן קייזערלעך, ער האָט פאַרדינט שלאָף און רו. ער האָט זיך צורעכטגעמאַכט דאָס קישן, אַ טראַכט געטון, צי זאָל ער איר ווינטשן אַ גוטע נאַכט אָדער שפּילן דעם באַליידיקטן. אָבער אין גרונט גוטמוטיק, האָט ער אַרויסגעוואָרטשעט „אַ גוטע נאַכט” אויף גריכיש, ווייל דאָס איז אים פאָרגעקומען פיינער; דאַן איז ער איינגעשלאָפן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער שוין לייכט געכראָפּעט.

מאַרציאַ איז געלעגן שטייף, פּוסט, אַנטוישט. זי איז געווען אין כּעס, וואָס דערדאָזיקער מאַן האָט זי באַלעסטיקט, און נאָך מער צאָרנדיק איז זי געווען דערפאַר, וואָס ער האָט זי געלאָזט צורו. אייגנטלעך האָט זי געדאַרפט שטאָלץ זיין, וואָס זי האָט דערדאָזיקער חיה געשטערט אויסצופירן זיינע כּוונות. אָבער דערדאָזיקער שטאָלץ איז שנעל אויסגעוועפּט געוואָרן. זי האָט אַריינגעאָטעמט זיין ריח, געהאַט זיין אָטעם. „רויטבערדל”, האָט זי אַרויסגערעדט שטיל, אין כּעס אויף זיך אַליין, וואָס זי איז אים תּיכּף נישט נאָכגעקומען זיין ווילן. זי האָט געדריקט די ערטער, ווו ער האָט זי געקניפּט. זיי האָבן איר וויי געטון. מאָרגן וועט זי האָבן בלויע פלעקן; דאָס איז אַלץ, וואָס איר וועט בלייבן

פון איר חופה־נאַכט. די אַנטוישונג האָט איר ווי געטון כמעט פיזיש.

ער איז געלעגן, געשלאָפן, שטיל געכראָפּעט.

זי איז אַ גאַנצע נאַכט געבליבן קאַלט. מיטן ערשטן שפּ[illegible] אויף טאָג האָט זי זיך אויפגעהויבן. באָרוועס, מיט איר [illegible], בתולהדיקן גאַנג, האָט זי דורכגעשפּרייזט דאָס צימער. זי ה[illegible] זען דאָס כלה־מאַנטל, ווי עס ליגט זויבער אויסגעשפּרייט [illegible]ר דער שטול. „און דאָס וויל זיין נעראָן", האָט זי אַ טר[illegible]פּ געטון.

## 6.

# כיטרעקייט

ווען צעיאָן האָט באַקומען פראַנטאַס באַריכטן וועגן די געשעענישן אין עדעסאַ, איז זיין שרעק געווען נאָך גרעסער, ווי זיין צאָרן. וואַראָ, הייסט עס, האָט אים אַזוי ליידנשאַפטלעך פיינט, אַז ער האָט אָפּגעגעבן אַ לייבאייגענעם און שווינדלער די אייגענע, געליבטע טאָכטער, אַבי אים, צעיאָנען, צו ברענגען שאָדן. איצט האָט ער קלאָר געזען דאָס, וואָס ער האָט תמיד געשפּירט: נישט דער אויסערלעכער פיינט, נישט פּאַקאָר אָדער אַרטאַבאַן איז געווען דער אמתער קעגנער; רוימס עכטער שונא איז געזעסן אינעווייניק און געהייסן לוציוס טערענטיוס וואַראָ. דאָס האָט ער געטראָגן די שולד דערפאַר, וואָס דער מזרח האָט זיך נישט געוואָלט באַרויִקן. זיין טיפער ווידערווילן קעגן דאָזיקן מאַן איז געווען אַ גוטער אינסטינקט.

ער האָט איצט נאָך טיפער איינגעזען, אַז דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אים און וואַראָן, איז נישט געווען קיין פּערזענלעכער קאָנפליקט: ער גופא, צעיאָן, איז געווען דאָס נייע רוים, פול אחריות און ניכטערנעם פאַרשטאַנד; וואַראָ אָבער איז

געוועזן די פאַרקערפּערטע אויסגעלאַסנקייט פון פריער; אַ מענטש פון ליידנשאַפט, אפילו מיט זשעני, אָבער אויך פון יענער אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס האָט אוממעגלעך געמאַכט אונטער נעראָנס הערשאַפט אַ צילבאַוווסטע פאַרוואַלטונג און האָט געשטעלט אין גרויס סכנה די אימפּעריע.

ער האָט געלייענט פולקאָוניק פראָנטאָס קלאָרע, קאָרעקטע באַריכטן. אַ זינלאָזער צאָרן איז געוואַקסן אין אים. „מאַרשירן", האָט אין אים געקאָכט. „צען טויזנט זעלנער איבערן טייך פרת. אַריינקריגן ביידע אויסוואורפן, דעמדאָזיקן נעבעכדיקן שווינדלער טערענץ און דער עיקר וואַראָן, דעם צבועק, דעם מלוכה-פאַררעטער. דעם בעטלער-קעניג מאַלוק אַראָפּזעצן, דעם אויבער-פּריסטער שאַרביל באַשטראָפן. וואַראָן אָפּהאַקן דעם קאָפּ און זיין לייבאייגענעם אויסוואורף קרייציקן". ער האָט שיִער נישט באַדויערט, וואָס פראָנטאָ האָט זיך באַנומען אַזוי מיושבדיק און רויִק.

זיינע מענטשן האָט געקאָסט גרויס מי אים אָפּצוהאַלטן פון איבערגעאיילטע שריט. ער האָט אָבער געמוזט איינזען, אַז אַ מיליטערישע עקספּעדיציע קעגן עדעסאַ איז אוממעגלעך. דורך אַזאַ עקספּעדיציע וואָלט מען בלויז געגעבן אַרטאַבאַנען אַ געוווּנטשענעם אויסרייד אַ סוף צו מאַכן, אונטערן לאָזונג פון אַ פאַרטיידיקונגס-קריג קעגן רוים, צו די אינערלעכע מלחמות אין דער פאַרטער-אימפּעריע, אַריבערצוטרעטן דעם טייך חדקל און מאַרשירן קעגן די רוימער. דער פאַלאַטין האָט באַטראַכט פאַר זיין גרעסטן פאַרדינסט, וואָס ער האָט איינגעשטעלט שלום און אים אָפּגעהיטן. קייזער טיטוס האָט ליב געהאַט זיך לאָזן רופן אַלס „פרידנס-קייזער". אַ גובערנאַטאָר, וואָס האָט נישט געקאָנט אויסמיידן אַ קריג מיט די פאַרטער, ווער רעדט, וועלכער האָט אים פּראָוואָצירט, — האָט געקאָנט זיכער זיין מיט דעם קייזערלעכן אומגנאָד. ניין, צעיאָן מוז זיך באַגנוגענען מיט שיקן עטלעכע ווירקונגס-לאָזע נאָטעס קיין עדעסאַ. ער האָט געמוזט צוזען מיט געבונדענע הענט, ווי וואַראָ שפּינט ווייטער זיינע אינטריגעס און חוזקט פון אים אָפּ. ער האָט שווער געאָטעמט פון צאָרן, די רויטע פלעקן אויף זיינע

באַקן זענען טיפער געוואָרן. אין רעגירונגס-פּאַלאַץ אין אַנטיאָכיע האָט געהערשט אַ געדריקטע שטימונג.

ווייטער האָט דאָס אַזוי נישט געקאָנט גיין. מען האָט גע-מוזט געפינען אַן עצה. די הערן אין רעגירונגס-פּאַלאַץ זענען גע-ווען געשולטע דיפּלאָמאַטן — האָבן זיי זי געפונען.

געוויס, רוים אַליין קאָן נישט שיקן קיין מיליטערישע עקס-פּעדיציע. אָבער ווי וואָלט געווען, ווען מען פאָדערט אויף, אויפן סמך פון אַלטע אָפּמאַכן, איינע פון די וואַסאַלן-מלוכות דורכצו-פירן אַ פּאָליציייאישע אַקציע מיטן ציל צו כאַפּן די פאַרברעכער; ווען מען זאָל, למשל, ענערגיש אויפפאָדערן עדעסאַס שכן, דעם קעניג פיליפ פון קאָמאַגענע, מיט אַלע מיטלען אויספּועלן דאָס אַרויסגעבן וואַראָן און טערענצן? אויב קאָמאַגענע וועט דורכפירן די אַקציע — און מען האָט מיטלען צו צווינגען דערצו דעם קע-ניג פיליפ, — דאַן איז מען גענוג געדעקט. כדי צו באַפרידיקן די פאַרטער, קאָן מען מאַכן פאַרן שעיר לעזאזל דעם קעניג פי-ליפ; מען דערקלערט, אַז אָנשטאָט דורכצופירן אַ פּאָליציייאישע אַקציע, האָט ער איבערגעשטיגן זיינע פולמאַכטן.

צעיאָן, וועלכער האָט אויסגעקוקט יעדע מעגלעכקייט עפּעס צו טון, האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט. דעם זעלבן טאָג איז אַוועק אַ בריוו צום קעניג פיליפ פון קאָמאַגענע.

## 7.

## שכל און ליידנשאַפט

ווען וואַראָ האָט זיך דערוווּסט וועגן דאָזיקן בריוו, איז אים באַפאַלן אַ מידעקייט און דעפּרעסיע. עס האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער, דער פּופּציקיעריקער, אויף דער שוועל פון עלטער, האָט זיך געלאָזט מיטרייסן פון זיין ליידנשאַפט צום דאָזיקן ווייסטן, טייערן שפּאַס. נאַטירלעך, עס איז געווען מער ווי אַ שפּאַס, עס

האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער גרויסער, אַלעקסאַנדער-אידעע פון פאַרשמעלצן אַזיע מיט אייראָפּע. אָבער צי האָט ער, וואַראָ, נישט אָנגענומען די דאָזיקע אידעע בלויז דערפאַר, ווייל זי האָט געגעבן אַן אויסרייד אויסצווווילדעווען זיין האַזאַרד-ליידנשאַפט, זיין גיריקייט נאָך מאַכט?

אַ לאַנגע ווייל איז ער אַזוי געזעסן און זיך געפילט אַלט און אָפּגענוצט. לאַנגזאַם האָט ער צוריקבאַקומען זיין קלאָרן געדאַנק און זיין ענערגיע. יאָ, דער פּלאַן, וועלכן מען האָט צוגעטראַכט אין אַנטיאָכיע, נישט צו שיקן קיין אייגן מיליטער, נאָר אַפּעלירן צו קאָמאַגענע, איז געווען זייער געשיקט. דער פּאַרטער-קעניג אַרטאַבאַן וועט אפשר אַרויסטרעטן קעגן רוימישע, אָבער קיינמאָל נישט קעגן סירישע-געבירטיקע זעלנער. אויב עס זאָל קומען צו אַ באַוואָפנטן קאָנפליקט צווישן קאָמאַגענע און עדעסאַ, דאַן האָט ער, וואַראָ, און זיין נעראָן קיין שום אויסזיכטן אויף הילף, דאַן איז זיין זאַך פאַרלוירן.

אויב עס זאָל קומען צו אַ באַוואָפנטן קאָנפליקט. עס הענגט אַזוי אַרום אָפּ פון קעניג פיליפּ פון קאָמאַגענע. צי וועט ער, צי מוז ער דערפילן צעיאָנס פאָדערונג?

וואַראָ האָט זיך אַריינגעטראַכט אין דער לאַגע פון קעניג פיליפּ. ער איז געווען אַ מאַן פון אומגעפער דרייסיק יאָר, אַ שפּראָץ פון גריכישע און פּערסישע קעניגן, זייער געבילדעט, מיט ליב און לעבן איבערגעגעבן דער קונסט און וויסנשאַפט. נעראָן האָט ליב געהאַט די פירשטן פון קאָמאַגענע און זיי אַרויסגעוויזן זיין קונסט. די היינטיקע רעגענטן שיקאַנירן זיי. שוין דער אַלטער וועספּאַסיאַן האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם היפּער-קולטיווירטן, עסטעטיזירנדיקן קעניג פיליפּ, און טיטוס האָט אים באַטראַכט אַלס דורך און דורך מזרחדיק. פיליפּ איז געווען צו קלוג זיך צו ווערן קעגן דעם, אויף יעדער נייער שיקאַנע האָט ער געענטפערט מיט העפלעכקייטס-אויסדרוקן. אָבער אין זיך, איז וואַראָ זיכער געווען, האָט ער פיינט די רוימ, ברוטאַלע זעלנער. זיין האַרץ געהערט דעם מאַן, וועלכער הייסט נעראָן, ווער ער זאָל

נישט זיין. אָבער קאָמאַגענע ליגט אייפן צווייטן ברעג פרת, אויף דער רוימישער זייט, אין איר הויפטשטאָט סאַמאָסאַטאַ געפינט זיך אַ שטאַרקער רוימישער גאַרניזאָן, און אויב קעניג פיליפ זאָל מאַכן שוועריקייטן, קאָנען די רוימער אָן שום קונצן אַנעקסירן דאָס לאַנד. צי וועט ער נישט, אויב אַזוי, באַפרידיקן צעיאָנס פאָדערונג אויס נויט ?

די פריינט פון יונגן קעניג האָבן וועגן אים געזאָגט, אַז ער פאַראייניקט אין זיך אַלע גוטע אייגנשאַפטן פון די פערסער, פון די גריכן און פון די סירער : פערסישע רעליגיעזיטעט, גריכישע בילדונג און סירישע כיטרעקייט. זיינע שונאים דערקלערן, אַז ער פאַראייניקט אין זיך אַלע שלעכטע אייגנשאַפטן פון די דריי שטאַמען : פערסישע צעשוומענקייט, גריכישע צעקראָכנקייט און סירישע כיטרעקייט. וואַראָ אַליין האָט בלויז צוויי מאָל זיך צונויפגעטראָפן מיטן קעניג פיליפ. ער און דער יונגער הער זענען זיך קעגנזייטיק געפעלן געוואָרן. איצט ליגט זיין גורל אין די הענט פון דאָזיקן פיליפ. וואַראָ האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין סאַמאָסאַטאַ, דער הויפטשטאָט פון קאָמאַגענע.

דעם זעלבן טאָג איז ער אָפּגעפאָרן.

קעניג פיליפ איז געווען פריידיק און פיינלעך איבערראַשט. וואַראָ האָט דאָך זיכער געמוזט וויסן וועגן אַנטיאָכיעס פאָדערונג אים אויסצוליפערן, צוואָס־זשע איז ער אַליין געקומען אין דער פאַסטקע ? וואָס ליגט הינטער דעם ? מען איז אָבער געווען גוט דערצויגן. כל־זמן מען איז געזעסן ביים טיש, האָבן נישט וואַראָ און נישט דער קעניג נישט אַרויסגעוויזן דאָס, וואָס ס׳איז זיי באמת געלעגן אויפן האַרץ. מען האָט געשמועסט וועגן קונסט און ליטעראַטור, און בלויז אין זיך האָט פיליפ געשטעלט די פראַגע, צי זאָל ער נישט פראָסט־פשוט אַוועקשטעלן וואַכן ביי דער טיר פון אים סימפּאַטישן וואַראָ און מאָרגן אים אָפּטראַנספּאָרטירן קיין אַנטיאָכיע.

נאָכן מאָלצייט אָבער איז וואַראָ אָן הקדמות צוגעטרעטן צום ענין : „צי געפינט איר נישט, קעניג פיליפ, אַז עס איז זייער

פריינטלעך פון מיין זייט, וואָס איך פאַרשפּאָר אייך די מי פון אַ קריגס-קאַמפּאַניע און איך גיב זיך אַליין אָפּ אין אייערע הענט?" קעניג פיליפּ האָט זיך מער נישט באַמיט צו באַהערשן זיין אויפגערודערטקייט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און געזאָגט: „איך ווונדער מיך טאַקע, מיין וואַראָ. איך פאַרשפּאָר אייך צו זאָגן, ווי פיינלעך עס איז מיר דער אויפטראַג פון גובערנאַטאָר. אָבער אַזאַ גוטער קענער פון מזרח, ווי איר, ווייסט בעסער פאַר יעדן אַנדערן, אַז איך מוז אים אויספירן". „געוויס מוזט איר אים אויספירן", האָט וואַראָ מסכים געווען. „מיר, מיין נעראָן און איך, האָבן ווייניק שאַנסן צו זיגן. אויב אַרטאַבאַן זאָל אפילו שטעלן אין אונזער רשות פון צוואָנציק ביז דרייסיק טויזנט זעלנער, — און דאָס איז נאָך אויך אונטער אַ פרעג-צייכן, — וועט רוים, אויף וויפיל עס לאָזט זיך פאָראויסזען, פאָרט בלייבן דער זיגער. דער שכל-הישר פאָדערט, אַז איר, קעניג פיליפּ, זאָלט אויספירן דעם אויפטראַג פונם גובערנאַטאָר. חוצדעם קאָנט איר דערביי אַ סך געווינען. מען וועט עדעסאַ באַשטראָפן, מען וועט איר געביט פונאַנדערטיילן, און אויב איר וועט מיט דערפאָלג דורכפירן די שטראָף-עקספּעדיציע, וועט מען אייך צוטיילן אַ גרויסע טייל פון עדעסאַער געביט".

דער צאַרטער קעניג פיליפּ האָט הילפלאָז געקוקט אויפן רויִק-רעדנדיקן וואַראָ. ער גופא וואָלט נישט געקאָנט בעסער פאָרמולירן די מאָטיוון, וועלכע צווינגען אים צו געהאָרכן רוים קעגן זיין ווילן. ביי זיך אין האַרץ האָט ער געהאָפט, אַז וואַראָ וועט אים שטאַרקן נישט אין די מאָטיוון פ אַ ר געהאָרכן רוים, נאָר אין די מאָטיוון ק ע ג ן נאָכקומען רוימס פאָדערונג.

אָבער וואַראָ האָט נאָך נישט געהאַט געענדיקט. נאָך אַ לאַנגן שווייגן האָט ער געלאַסן ווייטער גערעדט: „אמת, אין עדעסאַ, אין גאַנץ מעסאָפּאָטאַמיע און אויך ביים הויף פונם גרויס-קעניג אַרטאַבאַן וועט מען זיך ווונדערן, וואָס קעניג פיליפּ האָט אויסגעליפערט דעם קייזער נעראָן און מיך דעם רוימישן אוזורפּאַטאָר. מען וועט זיך זאָגן: אויב די קליינע עדעסאַ האָט גע-

פֿונעם אין זיך גענוג קראַפֿט צו שטעלן זיך אויף נעראָנס זייט, וואָלט עס באַדאַרפֿט טון אויף די גרעסערע קאַמפּאַניע. אַרטאַבאַן וואָרט אפֿשר בלויז דערויף, אַז נאָך איין מעסאָפּאָטאַמישע מלוכה זאָל אָנערקענען דעמדאָזיקן נעראָן, כּדי אַליין אויך זיך צו שטעלן אויף זיין זייט. אָבער צוואָס זאָל קעניג פֿיליפּ פֿון קאָמאַגענע זיך רעכענען מיט אַ פּאָר מיליאָן אויפֿגעבראַכטע סירישע פּאַטריאָטן, בעת ער קען געווינען פֿאַר זיין לאַנד אַ גוט שטיק פֿון עדעסאַ?"

עס איז מערקווירדיק, אָבער קעניג פֿיליפּ האָט נישט אומגערן געהערט, ווי וואַראָ לאַכט אויס זיין אָפּהענגיקייט און אומאַנטשלאָסנקייט. פֿיליפּ האָט ליב געהאַט פּראַכט און רייכטום, ער איז געווען אַ ליידנשאַפֿטלעכער בויער, די פּערספּעקטיוו צו קאָנען אויסבויען מיט די אוצרות פֿון עדעסאַער רויב נייע פּאַלאַצן, בעדער, אַ טעאַטער, אַ נייע שטאָט — האָט דערפֿרייט זיין האַרץ. פֿון דער צווייטער זייט ווידער איז פֿאַר אים געווען אַ גרויסער נסיון נישט אויסצונוצן די געלעגנהייט ענדלעך צו רעוואַנזשירן קעגן דידאָזיקע ברוטאַלע בעל־גאווהס פֿון מערב, וועלכע לאָזן אים רוי און נאַריש שפּירן זייער איבערמאַכט ביי יעדער געלעגנהייט. עס איז נישט געווען קיין שפּאַס אַרויסצוטרעטן קעגן דער באַפֿרייענדעטער עדעסאַ. עס איז נישט געווען קיין שפּאַס, דאָס גראָד ער, דער סירישער קעניג, זאָל אויסליפֿערן דעם תּלין יענעם מאַן, אויף וועמען דאָס גאַנצע צווישנשטראָמלאַנד לייגט זיינע האָפֿענונגען.

וואַראָ האָט ווייטער נערעדט: „איך רעכן, קעניג פֿיליפּ, אַז כ'האָב אייך גענוג באַוויזן, דאָס איך ווייס אָפּצושאַצן אייערע מאָטיוון און איך בין אויף אייך נישט אין כּעס דערפֿאַר, וואָס איר הערט די שטימע פֿון פֿאַרשטאַנד. אָבער היות עס איז אַ באַשלאָסענע זאַך, דאָס איר ליפֿערט מיך אויס, מיט אַ באַטריבט האַרץ, צו צי־מענטשעלען, און היות איך טראָג נישט אויף אייך קיין שׂנאה, — דערלויבט מיר צו שטעלן אייך אַ דרייסטע פֿראַגע". „ביטע, פֿרעגט", האָט קעניג פֿיליפּ געזאָגט. ער איז געזעסן אַ לאַנגער און אַ דינער אונטער אַ גרויסער מינערוואַ־סטאַטוע, וואָס

איז אויך געווען, לויט דער פאָדערונג פון דער מאָדע, לאַנג און דין. „איר וועט זיך אונטערוואַרפן רוים", האָט וואַראָ אָנגע-הויבן, „און רוים וועט אייך באַלוינען און פאַרגרעסערן אייער געביט. אָבער אין קורצן וועט רוים ווידער צו אייך שטעלן אַ פאָדערונג, וואָס וועט אייך נישט זיין צום האַרץ, אָבער צוליב די זעלבע מאָטיוון, וואָס היינט, וועט איר אויך דאַן נאָכגעבן, און דאַן וועט רוים אַ דריט מאָל פאָדערן פון אייך נאָך מער, ביז עס וועט סוף-כל-סוף קומען דער טאָג, ווען איר וועט מוזן שטעלן אַ ווידערשטאַנד אָדער געבן אַזוי פיל, אַז אייך וועט שוין גאָרנישט בלייבן. צי גלייבט איר נישט, קעניג פיליפּ, אַז רוים וועט, ווען נישט איז, נישט געקוקט אויף אייער הכנעה, געפינען אַן אויסרייד צו אַנעקסירן קאָמאַגענע?"

קעניג פיליפּ האָט געהאַלטן אַ ביסל אָפן זיין מויל אין זיין בלאַס, גרויס אינטעליגענט פנים. ער האָט מיט שרעק געקוקט וואַראָן גלייך אין פנים אַריין, — אַ קלוגער, טרויעריקער, מידער אָפּשפּראָץ פון גרויסע קעניגן. ער האָט געשוויגן, און זיין גאַנץ וועזן איז געווען אַ טריבער, ביטערער „יאָ".

וואַראָ האָט געגאָסן זיין שווייגן. דאַן האָט ער געזאָגט:

„איך דאַנק אייך פאַר אייער ענטפער. עדעסאַ איז קלענער פאַר קאָמאַגענע. קעניג מאַלוק איז נישט זייער קולטיווירט, און שאַר-ביל איז אַ גלח פול פאַנאַטישע פאָראורטיילן. אָבערביידע האָבן אַ געזונטן חוש פאַר דער ווירקלעכקייט, און ווען דער סירישער גובערנאַטאָר האָט זיך געווענדט צו זיי מיט דער פאָדערונג אויס-צוליפערן מיך און נעראָנען, האָבן זיי מסתמא פאַרשטאַנען נישט ווייניקער פאַר אייך און מיר, וואָס דער שכל-הישר הייסט זיי טון. איך ווייס נישט וואָס עס האָט דידאַזיקע צוויי באַוויגן אָפּ-צוּוואַרפן רוימס פאָדערונג. אפשר האָבן זיי אַזוי געטראַכט: אויב מיר וועלן תמיד נאָכגעבן, וועט אונז רוים איינשלינגען מיט דער זיכערקייט פון הונדערט פּראָצענט; וועלן מיר אָבער שטעלן אַ ווידערשטאַנד ביי דערדאָזיקער גרויסאַרטיקער, מיטרייסנדער געלעגנהייט, האָבן מיר קענען זיך בלויז נייַנציק פּראָצענט וואַר-

שיינלעכקייט. איז בעסער איצט אַ צענטל שאַנסן, איידער שפּעטער קיין שום שאַנסן נישט.

אמת, איר, קעניג פּיליפּ, זענט יונג. אויב מען וועט אפילו מיט דער צייט אַנעקסירן אייער מלוכה, וועט מען אייך אויך לאָזן אייער קעניג־טיטול און אַ טייל פון אייערע הכנסות; איר וועט לעבן אין רוים, איר וועט האָבן אַן אָרט אין סענאַט. איר וועט קאָנען אויסהאַלטן אַ הויף פון דיכטער, קינסטלער, פרויען; איר וועט פּטור ווערן פון אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן, מיט וועלכע עס באַלאַסטעט אייך אייער רעגירן, און רוים איז אַזוי ווייט פון סאַמאָסאַטאַ, אַז די קללות פון די מזרח־געטער און מזרח־מענטשן וועלן דערגרייכן אייער אויער בלויז ווי ווייטער ים־געריוש. אַזאַ מין פּריוואַט־לעבן פון אַ גרויסן האַר אין רוים פאַרמאָגט אַ געוויסן רייץ. קיינער ווייסט דאָס נישט בעסער פאַר מיר; עס איז אייך, קעניג פּיליפּ, זיכער באַקאַנט, אַז נאָך מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו פירן אין רוים אַזאַ לעבן, ווי איך האָב נאָר־וואָס געשילדערט. איר וווּנדערט זיך, וואָס איך האָב זיך געשטעלט אויף דער זייט פון מיין נעראָן. גאָר קלאָר איז דאָס מיר אויך נישט. מיר, פון דער עלטערער גענעראַציע, שעצן נישט אַזוי שטאַרק דעם געזונטן פאַרשטאַנד, ווי איר, פון דער יינגערער. און אפשר האָבן מיר אַ גאַנץ אַנדערן פאַרשטאַנד, אַזוי אַז דאָס לוקס־סדיקע לעבן איז אונז נישט ניחא, אויב מיר מוזן דערביי מוותר זיין אויף געוויסע נישט־ממשותדיקייטן".

קעניג פּיליפּ איז נאָך אַלץ געזעסן אומבאַוועגלעך אונטער זיין מינערוואַ־סטאַטוע. זיין בלאַס, גרויס פּנים איז געווען כמעט נאַריש, אַזוי אויפמערקזאַם האָט ער זיך צוגעהערט. „ביטע, רעדט ווייטער, מיין וואַראָ", האָט ער ענדלעך געבעטן, ווען דער סענאַטאָר איז שטיל געוואָרן. „איך האָב געענדיקט", האָט וואַראָ דערווידערט. „העכסטנס נאָך אָט־וואָס. איז עס דען נישט קיין נאַרישע איראָניע פון גורל, וואָס די הערשאַפט פון אונזער נעראָן הענגט אָפּ בלויז פון דעם, צי מיר וועלן קאָנען אָפּשטופּן רוימס

איבערפֿאַל אויף אַ פּאָר וואָכן? אויב עס וועט געלינגען אונטער־צוהאַלטן דעם קייזער פיר וואָכן צייט, דריי וואָכן, ביז קעניג אַרטאַבאַן וועט זיך שטעלן אויף זיין זייט, — דאַן איז אונזער נעראָן געזיכערט אויף יאָרן לאַנג. אויב ער וועט האָבן צו פֿאַר־צייכענען אַווירקלעכן דערפֿאָלג, אויב אַרטאַבאַן וועט אים אונ־טערשטיצן, אויב דער מזרח וועט וויסן אויף זיכער: נעראָן לעבט, נעראָן איז דאָ, נעראָן רעגירט, דאַן איז בלויז זיין נאָמען און זיין עקזיסטענץ אַ שטענדיקע דראָאונג פֿאַר רוים, אויב ער זאָל אפֿילו אַ צייט לאַנג נישט האָבן הינטער זיך קיין גרויסע אַרמיי. ער קאָן דאַן רויִק פֿאַרשווינדן אויף עטלעכע חדשים אין סטעפּ און ערשט ביי בעסערע געלעגנהייטן ווידער זיך באַווייזן. רוים האָט אַ גרויסע אַרמיי, אָבער זי האָט נישט אַזוי פֿיל זעלנער, צו קאָ־נען זוכן דעם נעראָן איבערן גאַנצן מזרח. סיידן זי זאָל ווידער אָנהייבן אַ מלחמה מיט די פּאַרטער, און ביי היינטיקן טאָג וועט זי דאָס נישט טון. עדעסאַ אַליין איז צו ווייניק. אָבער יוען עדעסאַ מיט קאָמאַגענע זאָלן אים העלפֿן צוזאַמען, דאַן זיצט נעראָן אין זאָטל, דאַן קאָן ער רייטן”.

קעניג פֿיליפּ האָט וואַראָן געקוקט אין מויל אַריין. יאָ, דער־דאָזיקער מענטש טוט דאָס. וואָס ער גופֿא וויל, אָבער האָט נישט קיין מוט צו טון. דערדאָזיקער וואַראָ איז אַריינגעדרונגען אין זיין איך טיפֿער, ווי ער, קעניג פֿיליפּ, גופֿא, און פֿון די שיכטן, וווּ דער פֿאַרשטאַנד רעגירט נישט מער, האָט ער אַרויסגעשעפּט כּוחות אויף צו באַזיגן דעם פֿאַרשטאַנד. ער האָט דערפֿילט אַ צו־געבונדנקייט צום דאָזיקן מאַן און ער האָט אים באַוווּנדערט. צי איז דען נישט אַ סך קליגער צו זיין אָנשטענדיק, ווען מען זעט ווייטער ווי די אייגענע נאָז? דער מאַן איז גערעכט: אויב ער, פֿיליפּ, וועט כּסדר געהאָרכן די רוימער, וועט איינגיבן אַ סוף נע־מען אויך צו זיין שיינבאַרער סוווערעניטעט אין קאָמאַגענע; וועט ער אָבער שטעלן אַ ווידערשטאַנד, דאַן איז פֿאַראַן — אמת, בלויז אַ שוואַכע — מעגלעכקייט צו פֿאַרהיטן דעם דאָזיקן סוף.

„איך וועל איבעררעדן מיט מיין קאַפּיטאַן טרעבאָן, ליבער

וואַראַ״, האָט קעניג פיליפּ געזאָגט כּמעט פריילעך, אויפגעהייטערט פונם אָנגענומענעם באַשלוס. „און נעמט מיר נישט פאַר אומגוט״, האָט ער פאַרענדיקט די אוידיענץ, און אַ שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער זיין גאַנץ פּנים, „אויב איך וועל נאָך אַ געוויסע צייט האַלטן אַ וואַך פאַר אייער טיר״.

## 8.

## נאָך אַ רוימישער אָפיציר

קאַפּיטאַן טרעבאַן האָט אָנגעהויבן זיין דינסט אַלס רעקרוט. איצט איז ער געווען אָדלער-און פאַן-אָפיציר פון פערצעטנטן לעגיאָן. צווישן די זעלנער פון מזרח איז ער געווען דער פאַלקסטימלעכסטער. פריינט און פיינט האָבן געוווסט וועגן די העלדישע מעשים, וואָס ער האָט באַוויזן בעת דער אַרמענישער און בעת דער יידישער מלחמה. בעת דער דינסט איז ער געווען אויסערגעוויינלעך שטרענג און ברוטאַל, אָבער נאָך דער דינסט האָט דערדאָזיקער פלייִשיקער מענטש מיטן רונדן קאָפּ אויף אַ מעכטיקן נאַקן געזויפן און געניאופט צוזאַמען מיט זיינע זעלנער. ער איז געווען דער ליבלינג פון דער אַרמיי און די באַפעלקערונג האָט אים באַוווּנדערט און אויפגענומען אומעטום מיט יובל.

אין אַנטיאָכיער רעגירונגס-פּאַלאַץ און אין רוימישן קריגסמיניסטעריום איז נאַטירלעך באַקאַנט געווען זיין דאָזיקע פּאָפּולערקייט. קייזער וועספּאַסיאַן, וועלכער האָט געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר פאַלקסטימלעכן הומאָר, האָט בדעה געהאַט אים צו געבן דעם אַדל-טיטול; אָבער היות געוויסע פיינע הערן, פאַר וועמען קאַפּיטאַן טרעבאַן איז געווען צו ווולגאַר, האָבן געקרימט מיט דער נאָז, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט דערפון. אַ דאַנק דעם האָט דער קאַפּיטאַן, צוליב זיין נידעריקער אָפּשטאַמונג, נישט געקאָנט מער אַוואַנסירן אין דער דינסט. הגם ער האָט חוזק געמאַכט

פון די אַריסטאָקראַטישע הערן און אָן אויפהער באַטאָנט, אַז די ליבע פון דער אַרמײ איז אים וויכטיקער פאַרן פּאָלקאָווניק-אָדער גענעראַל-ליאַמפּאַס, — פונדעסטוועגן האָט אים געקרענקט, וואָס די פּײַנע הערן האָבן אים אויסגעשלאָסן פון זייער קרייז.

לויטן טיטול און אויסערלעכן ראַנג זענען די פונקציעס פון פּאָלקאָווניק פּראַנטאָ אין עדעסאַ און פון קאַפּיטאַן טרעבאָן אין סאַמאָסאַטאַ געווען די זעלבע. אָבער די מאַכט אין אַנטיאָכיע האָט זייער גוט געוווּסט פאַרוואָס זי האָט געשטעלט אין דער שפּיץ פון די פינפהונדערט זעלנער אין עדעסאַ דעם פּיינעם אַריסטאָ-קראַט פּראַנטאָ און די צוויי טויזנט מאַן פון די פיר גאַרניזאָנען אין לאַנד קאָמאַגענע האָט זי אָנגעטרויט דעם קאַפּיטאַן טרעבאָן. אין עדעסאַ זענען נייטיק געווען דיפּלאָמאַטישע פעיִקייטן, דער אַמט פון רוימישן קאָמענדאַנט איז דאָרט געווען זייער אַ דעלי-קאַטע זאַך. אָבער דורך באַשטימען טרעבאָנען אין סאַמאָסאַטאַ האָט מען, ערשטנס, אַרויסגעוויזן גרינגשעצונג דעם אומבאַליבטן קע-ניג פיליפּ — רוימס רעפּרעזענטאַנט אין זיין הויפּטשטאָט איז בלויז אַ פּלעבעיער! — און צווייטנס, האָט מען דעם באַליבטן קאַפּיטאַן טרעבאָן געגעבן אַ פעטן פּאָסטן, וועלכער האָט זיך ווי פאַרוואַלטעט פון זיך אַליין, נישט פאָדערנדיק קיין באַזונדערע פעיִקייטן, וועלכע טרעבאָן האָט נישט פאַרמאָגט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די מיליטער-מאַכט האָט אַרויסגערופן די אומצו-פרידנקייט פון ביידע אָפיצירן; ווייל פונקט ווי פּראַנטאָ האָט געבענקט נאָך דער הויך-קולטיווירטער גרויס-שטאָט סאַמאָסאַטאַ, האָט דער אַמביציעזער טרעבאָן געבענקט נאָך דעם קיצלדיקן, אחריותדיקן פּאָסטן אין עדעסאַ.

זיין פאַרוווּנדעטע אַמביציע האָט ער אַנטשעדיקט דורכדעם, וואָס ער האָט אומפאַרשעמט עקספּלואַטירט די קאָמאַגענער באַ-פעלקערונג. ער האָט אָפן געלאָזט מערקן, אַז נישט פיליפּן באַ-טראַכט ער אַלס האַר פון קאָמאַגענע, נאָר — זיך. ער האָט זיך באַרייכערט אויף אַלע וועגן. דער פעטער מאַן, מיטן ווולגאַרן, ברוטאַלן פּנים האָט שטאָלצירט דורך די גאַסן פון דער שיינער

שטאָט סאַמאָסאַטאַ מיט זיינע הונדערט אויסצייכנונגען, אין אַן אוניפאָרם פון טייערן שטאָף, מיט גלענצענדע וואָפן, אויף וויפיל דער רעגלעמענט האָט דערלויבט. ער האָט אויסגעהאַלטן אַ הויף, ווי אַ פירשט, אַ גרויסע פערד־שטאַל, געמאַכט יאַגד נאָך פרויען און חיות.

אין גרונט גענומען איז קעניג פיליפ געווען צופרידן, וואָס די רוימער האָבן אים אַריינגעשיקט דעמדאָזיקן אָפיציר. אמת, אים, דעם אָפּשפּראָץ פון פערסישע און גריכישע געטער און קעניגן האָט געעקלט פון דער באַרירונג פון דאָזיקן מענטש. אָבער ער האָט אים געזען דורך און דורך: ער איז געווען אַ האַזאַרד־שפּילער, אַן אַוואַנטוריסט, אַ קנעכט פון זיינע געמיינע ליידנשאַפטן, דערצו נאָך געקרענקט אין זיין אַמביציע. מען האָט זיך געקאָגט פאָרשטעלן פאַלן, ווען אַזעלכע מענטשן קומען צונוץ.

איצט איז געווען אַזאַ פאַל. גלייך נאָכן שמועס מיט וואַראָן האָט קעניג פיליפ איינגעלאַדן דעם קאַפּיטאַן צו זיך.

טרעבאָן איז געקומען, גוט געשטימט. בּרייט, שווער איז ער געזעסן אינמיטן דעם איידעלן מעבלוואַרג. „אַלזאָ, קעניג פיליפ", האָט ער אָנגעהויבן מיט זיין העלער, נאַקעטער שטים, „מיין מוטערס זון פרייט זיך שטאַרק מיטן שפּאַציר קיין עדעסאַ. אין האַרעם פון דאָזיקן קעניג מאַלוק קאָן מען געפינען די שענסטע פרויען צווישן קאָרינט און זוזאַ. וועלן מיר דאָס דערלעבן נחת אויף אונזערע אַלטע יאָרן. אייך צוויי און מיר — איינע, אייך צוויי און מיר — איינע. אָבער, יונגער קעניג, איר מאַכט אַ פּנים ווי זויערמילך. איך זאָג אייך, אין איין מאָמענט ווען מיר אַ סוף מאַכן צום דאָזיקן נעראָן, צוזאַמען מיט זיין מאַלוק און שאַרביל. און וואַראָן האָבן מיר דאָך שוין", און ער האָט אַרויסגעלאַכט מיט זיין פעט געלעכטער.

„נאַטירלעך פיל איך דאָס אַלס כּבוד", האָט ער געלאַסן אָפּגעענטפערט אין זיין ריינעם, פאַרבלאָזן לאַטיין, וואָס זיין פיינקייט האָט תּמיד געערגערט טרעבאָנען, „וואָס רוים האָט גראָד מיר געגעבן דעמדאָזיקן אויפטראַג. אָבער אין דאָזיקן כּבוד־בעכער

געפינען זיך נישט ווייניק ביטערע טראָפּנס. דער ערשטער איז: נישט גערן טרעט איך אַרויס קעגן מיין פריינט מאַלוק". טרעבאָן האָט ברייט פונאַנדערגעשטשירעט די ציין: „איך פאַרשטיי דאָס, יונגער קעניג, איר האָט מורא, אַז דערנאָך וועט קומען אייער ריי און מיר וועלן אַראָפּשלינגען אייך און אייער קעניגטום. אומזיסטע שרעק. אויב איר וועט זיך בראַוו אויפפירן, וועט קאַפּיטאַן טרעבאָן לאָזן פאַלן אַ גוט וואָרט פאַר אייך. און מיין וואָרט ווערט געהערט אויך אויפן פּאַלאַטין".

„איך דאַנק אייך פאַר אייער גוטער מיינונג", האָט פיליפּ געשמייכלט. „איצט טראָפּן נומער צוויי", האָט ער ווייטער גערעדט. „איך האָב יורידישע ספקות. מיין מלוכה-אָפּמאַך מיט רוים פאַרפּליכטעט מיך צו העלפן דעם קייזער און זיין שטעלפאַרטרעטער ביי יעדן פּראָצעס, וועלכן ער פירט קעגן איינעם פון זיינע אונטערטאַנען אויף מיין געביט. זינט ווען אָבער געהערט עדעסאַ צו מיין געביט?" „מיט אַזעלכע פּלפּולים פייניקט איר זיך, יונגער קעניג?" האָט דער קאַפּיטאַן צוריקגעפרעגט. „איך בין נישט קיין יוריסט. אָבער אונזערע יוריסטן וועלן שוין זיכער געפינען אַ דריידל, כדי אייך אַרויסצושלעפּן פון דער בלאָטע. למשל, מיר וועלן אייך שענקען אַ טייל פון עדעסאַ. דאַן איז עס אייער געביט. איך וועל זיך איינשטעלן פאַר דעם".

פיליפּ איז אויפגעשטאַנען; לאַנג און דין איז ער געשטאַנען פאַר זיין מינערווע-סטאַטוע. „און איצט דער דריטער טראָפּן, דער ביטערסטער", האָט ער געזאָגט מיט זיין קאַלטבלוטיקער שטים. „קייזער נעראָן איז דער לעצטער אָפּשפּראָץ פון יוליוס צעזאַר, און איך בין דער לעצטער אָפּשפּראָץ פון אַלעקסאַנדערן. איר וועט עס אפשר באַטראַכטן פאַר סענטימענטאַל, אָבער אויב דער מאַן איז עדעסאַ איז באמת נעראָן, קומט מיר פאַר עקלהאַפט, אַז אַלעקסאַנדערס אַן אייניקל זאָל איבערגעבן צום קרייציקן צעזאַרס אַן אייניקל. און צי דען זענט איר זיכער, אַז דער מאַן איז נישט — נעראָן? סענאַטאָר וואַראָ איז אַראָפּגעקומען מיר צו פאַרזיכערן, אַז דאָס איז נעראָן. בלויז מיט דאָזיקן

צוועק האָט ער זיך פרייוויליק איבערגעענטפערט אין מיינע הענט".

„האַלטן קאָן ער זיך, דערדאָזיקער יונג פיליפ", האָט טרע-באָן א טראַכט געטון. „ווי עלעגאַנט ער האָט מיר געגעבן צו פארשטיין, ווער ער איז". אָבער אויפן קול האָט ער געזאָגט: „צי איך בין זיכער? וואָס איז דען זיכער אויף דערדאָזיקער פאר-דאָסטער וועלט? אָבער ווען טיטוס, אַלס העכסטער קאָמאַנדיר פון דער רוימישער אַרמיי, באַפעלט, אַז דער מאַן אין עדעסאַ איז נישט נעראָן, איז ער דאָס נישט". קעניג פיליפ האָט טרוי-מעריש באַטראַכט זיינע לאַנגע הענט און געטראַכט אויפן קול: „ס'קאָן זיין, אַז דערדאָזיקער העכסטער קאָמאַנדיר איז אַ גוטער זעלנער, און נעראָן, זאָגט מען, איז דאָס נישט געווען. אָבער דערפאַר איז נעראָן אויך נישט געווען קיין קאַרגער, און די נייע גוטע זעלנער האָבן פאַרמאַכטע הענט. און די אַרמיי האָט ליב נעראָנען. ווען די לעגיאָנען וועלן זען דעם קייזער נעראָן, וועלן זיי ליבערשט קעמפן פאַר אים, איידער קעגן אים. איך אַליין בין געווען אַ קינד, ווען איך האָב אים געזען, אָבער נאָך איצט צי-טערן מיר די קני פון יראת הכבוד, ווי נאָר איך דערזע זיין בילד. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך וועל זיך פאַרזינדיקן קעגן מיר און מיין לאַנד, ווען איך וועל הייבן די האַנט קעגן דעם גרויסן קייזער נעראָן, דעם פריינט פון מזרח".

קאַפּיטאַן טרעבאָן האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט און דאַן געענטפערט אויסמיידנדיק, ווי פראָנטאָ — שאַרבילן: „דאָס זענען באַטראַכטונגען, וואָס פאַסן פאַר אַ קעניג, אָבער נישט פאַר אַ קאַפּיטאַן". „איך וווּנדער מיך", האָט דער קעניג העפלעך דער-ווידערט, וואָס מיין טרעבאָן פאַרשאַנצט זיך הינטער זיין טיטול. קאַפּיטאַן טרעבאָן האָט דאָך אין אַ סך אַנדערע פאַלן געטראַכט און געהאַנדלט נישט ווי אַ קאַפּיטאַן, נאָר ווי איינער פון קאָמאַ-גענעס פירשטן. און אגב, דער פאַקט, וואָס מיין טרעבאָן האָט נישט קיין בעסערן טיטול, ווי — קאַפּיטאַן, איז דען נישט קיין שלאָגנדער באַווייז פאַר דער אומדאַנקבאַרקייט פון געוויסע

מענטשן ? אַ גוטער זעלנער האָט דאָס רעכט אויף אַ גוטן לוין, אפשר וואָלט געווען זעלנעריש, אין בעסטן זין פון דאָזיקן וואָרט, צו קעמפן פאַר נעראָנען, וועלכער איז דאַנקבאַר און גרויסמוטיק, און נישט פאַר געוויסע אַנדערע לייט".

טרעבאָנען איז געוואָרן אומהיימלעך. וואָס וויל דערדאָזיקער מענטש ? וואָס זאָל דאָס באַדייטן, וואָס דער אונטערטעניקער פיליפּ איז פּלוצלינג געוואָרן פרעך און איינגעעקשנט ? פיליפּ איז געווען אַ מענטש אָן אַ פעסטער קינבאַק, אַ שוואַכער כאַראַקטער, אָבער אַ פוקס. אויך וואַראַ איז געווען אַ פוקס. דאָס, וואָס ביידע פוקסן האָט געלוינט דורכצוקרייצן צעיאָנס באַפעל, האָט אַרויסגערופן אַ חשד. דער אויפטראַג פון גובערנאַטאָר איז פאַר פיליפּן נישט געווען אַזוי בכבודיק, אָבער ער האָט אים געקאָנט ברענגען גרויסן ריווח. צי דען ווינקט מצד נעראָנען נאָך אַ גרעסערער ? אפשר האָט דערדאָזיקער פיליפּ פאַרזיכערונגען מצד די פאַרטער ?

טרעבאָן האָט נישט ליב געהאַט קיין אומקלאָרקייטן. גראָב און פשוט האָט ער געפרעגט : „וואָס זאָל דאָס באַדייטן, יונגער קעניג ? זאָל דאָס הייסן, אַז איר זאָגט זיך אָפּ אויסצופירן רוימס באַפעל ?" פיליפּ האָט געשמייכלט. מיט זיינע לאַנגע פיס איז ער צוגעגאַנגען צו טרעבאָנען. „וואָס אייך קאָן איינפאַלן, מיין טרעבאָן. קעניג פיליפּ וועט נישט פאָלגן. נאַטירלעך וואַרף איך זיך אונטער. וואַראַן האָבן מיר שוין. און אויב מאַלוק וועט אונז דעם צווייטן נישט אַרויסגעבן אין משך פון צוויי וואָכן, וועלן מיר שיקן אונזער אַרמיי קעגן עדעסאַ".

טרעבאָן האָט קוים געקאָנט אויסבאַהאַלטן זיין צעמישונג. ער האָט נישט געוווּסט, צי דער קעניג האָט מיט אים געמוזט אַ שפּאַס אָדער ער האָט עפּעס געוואָלט ; צי ער אַליין זאָל זיין צופרידן אָדער אומצופרידן, וואָס אַלץ איז אַראָפּ גלאַטיק.

זיינע ספקות זענען נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן ביים געזעגענען זיך, ווען דער יונגער, פרעכער קעניג האָט ווידער אַנגעקניפּט אין זיינע פריערדיקע צווייד־יטיקע רעדעס און געזאָגט :

„אַלזאָ, מיר האָבן נאָך צוויי וואָכן. צוויי וואָכן זענען אַ לאַנגע צייט. זייט זיך גוט מישב אין די דאָזיקע צוויי וואָכן, אפשר איז פאָרט דער מאַן אין עדעסאַ דער דאַנקבאַרער נעראָן, ביי וועמען אַ טרעבאָן וואָלט מסתמא נישט געבליבן אַ קאַפּיטאַן".

## 9.

# אַ מלחמה אין אָריענט

טרעבאָנעס זענען די דאָזיקע ווערטער גוט אַריין אין קאָפּ. ער האָט געזען פאַר זיך פאַרשידענע לאָקנדע מעגלעכקייטן. ער האָט, צום ביישפּיל, געקאָנט מודיע זיין אין אַנטיאָכיע וועגן זיין צווידייטיקן שמועס מיטן קעניג פיליפּ. מען האָט דאָרט געזאַמלט באַלאַסטנדן מאַטעריאַל קעגן דעם קעניג פון קאָמאַגענע אויפן פאַל, ווען מען וועט אַמאָל וועלן אַנעקסירן זיין לאַנד. טרעבאָנעס וועט עס פאַררעכנט ווערן צום גוטן, ווען ער וועט פאַרמערן דעם דאָזיקן נייטיקן מאַטעריאַל. אָבער וואָס וועט ער שוין האָבן פון דאָזיקן פאַרדינסט? דער אָדל וועט אים די איצטיקע רוימישע רעגירונג סיי-ווי נישט געבן, און דאָס, וואָס זי קאָן אים געבן אַחוץ דעם, האָט ער שוין.

וועט ער זיך אָבער שטעלן אויף דער זייט פון דאָזיקן נעראָן, — ער, דער באַליבטער קאַפּיטאַן טרעבאָן, — וועט עס זיין אַ הילף, פאַר וועלכער ער קאָן פאָדערן יעדן פּרייז; אין דאָזיקן פּונקט איז דער כיטרער קעניג פיליפּ גערעכט. מען וועט אים מאַכן פאַר אַ סענאַטאָר, מען וועט אים באַשטימען אַלס גענעראַל און אפשר טאַקע אַלס העכסטן אַרמיי-קאָמאַנדיר. וועט נעראָנעס גיין מיט דער פוטער אַראָפּ און עס וועט קומען צו אַ קאַטאַסטראָפע, בלייבט אים נאָך אַלץ אַן אויסוועג: אין דער ריכטיקער צייט אַריבערצוגיין מיט זיינע זעלנער דעם טייך חדקל און פאַרשווינדן ביי די פּאַרטער. די דאָזיקע וועלן שטענדיק האָבן אַרבעט פאַרן

באַרימטן קאַפּיטאַן טרעבאָן, בפרט, אַז ער װעט מיטבּרענגען אַ פּאָר טויזנט גוט־אויסמושטרירטע רוימישע זעלנער.

טרעבאָן פלעגט געװײנלעך ציִען מיט די אַקסלען, װען עס פלעגט קומען צו רייד װעגן פּולקאָװניק פראָנטאָ. אָבער די האַנד־לונג פון דאָזיקן פראָנטאָ, װעלכער איז איצט געזעסן אײנער אַליין אין דער עדעסאַער פעסטונג, האָט אים באַשעפטיקט די גאַנצע צײט. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז מערקװירדיק, נישט־זעלנע־ריש. איצט האָט ער זיך געשטעלט די פראַגע, צי האָט נישט אַמאָל פראָנטאָ דערשמעקט הינטערן דאָזיקן נעראָן מעגלעכקייטן פאַר זײן אײגענער קאַריערע.

ער האָט אומגעדולדיק געפּאָרסקעט מיט דער נאָז. װאָס האָט ער צו טון? די דינסט אין טיטוסעס אַרמײ איז געװאָרן לאַנגװײליק. װעגן אַ ריכטיקן, פריש־פרײלעכן קריג איז נישט מעגלעך געװען אַפילו צו טראַכטן בײ דידאָזיקע ניכטערנע, ביר־גערלעכע הערן. אונטער אַ נעראָן אָבער איז די דינסט געװען גאָר אַן אַנדערע זאַך. מען האָט פאַראויסגעזען קאַמפן, װאָס זע־נען געװען אַ דערקװיקונג פאַרן האַרץ פון אַן אַלטן זעלנער. אמת, דאָס שטעלן זיך אויף נעראָנס זײט שמעקט מיט ריזיקע. אָבער צי דען איז נישט דער זין פון זעלנער־באַרוף אַ געפערלעך לעבן?

װען ער האָט צום ערשטן מאָל געהערט װעגן דעם דערשי־נענעם נעראָן, האָט ער געמאַכט אַ פּאָר זאַפּטיקע װיצן. דאָס איז אָבער געװען נישט באַרעכנט. איצט האָט די נעשיכטע גאָר אַנ־דערש אויסגעזען. װאַרראָ, פיליפּ און ער — דאָס זענען דרײ נישקשהדיקע פוקסן. פאַרװאָס זאָלן דרײ פוקסן, װען עס האַנדלט זיך װעגן אַזאַ פעטן רויב װי די װיכטיקסטע אַמטן אונטער נע־ראָנס הערשאַפט, נישט פאַרטיק װערן מיט דער רוימישער װעלפין, װאָס איז אַלט, אויסגעשעפּט און האָט שוין װײניק ציין? און װאָס פאַר אַ נחת דאָס װעט זײן, װען דער פײנער פּולקאָװניק פראָנטאָ װעט צוטאַנצן צו זײ. צו שפּעט, ליבער פּולקאָװניק. מען קאָן נישט זיצן מיט אײן הינטן סײ בײ נעראָנען און סײ בײ טיטוסן.

ניִשט אין צוויי וואָכן אַרום — אין דריי טעג אַרום איז טרעבאָן דערשינען ביים קעניג פיליפּ. גובערנאַטאָר צעיאַן האָט אים געגעבן גענויע אינסטרוקציעס. ער האָט אים דערקלערט, אַז וואָס עס זאָל ניִשט געשען, מוז אונטערגעהאַלטן ווערן די פיקציע, אַז דער קעניג פון קאָמאַגענע האָט דעם אויפטראָג דורכצופירן בלויז אַ פּאָליצייאישע אַקציע. רוים וויל פריי זיין פון יעדער אחריות לגבי די פּאַרטער; אויב עס זאָל דערגיין צו אַמפּערייען, וויל ער, גובערנאַטאָר צעיאָן, קאָנען באַווייזן, אַז קעניג פיליפּ האָט איבערגעשטיגן זיינע פולמאַכטן. קאַפּיטאַן טרעבאָן דאַרף אַליזאַ זען, אַז קעניג פיליפּ זאָל אַרויסטרעטן קעגן עדעסאַ מיט די שאַרפסטע מיטלען, אָבער אויף אַזאַ אופן, מען זאָל, ווען נויטיק, קאָנען אַרויפוואַרפן אויפן קעניג די גאַנצע אחריות. דעם לאַנגן בריוו, אין וועלכן צעיאָן האָט אַנטוויקלט דעמדאָזיקן ביזווייליקן פּלאַן, האָט קאַפּיטאַן טרעבאָן געהאַט ביי זיך. ער האָט אים ניִשט געוויזן דעם קעניג, אָבער עטלעכע מאָל אַרויסגענומען, געלייענט אין אים, ציטירט איינצלנע זאַצן, געטון אַלץ, אַז קעניג פיליפּ זאָל גענוי איינזען די צווייד״טיקייט פון אינהאַלט. דער קעניג האָט קיינמאָל ניִשט געגלייבט, אַז די פּאָליטיק פון די רוימער איז זייער מאָראַליש; אָבער צעיאָנס צביעות איז געווען פאַר אים אַ גוטער אויסרייד פאַר זיין אייגענער כוונה.

זיי האָבן גערעדט וועגן פאַרשידענע זאַכן. פּלוצלינג איז קאַפּיטאַן טרעבאָן צוגעגאַנגען מיט שווערע טריט צום קעניג פיליפּ און געזאָגט: „און איצט, יונגער קעניג, לאָמיר אָפנהאַרציק רעדן, אַ מאַן צו מאַן. זאָגט מיר דעם אמת: איז טאַקע דער מענטש אין עדעסאַ דער גרויסער, דאַנקבאַרער קייזער נעראָן?״ קעניג פיליפּ האָט ניִשט אַראָפּגענומען זיינע ברוינע אויגן פון טרעבאָנס בלוי-גרויע און געזאָגט מיט פריילעכער רו: „מיין געפיל און וואָראָס גבית-עדות זענען אַ באַווייז פאַר דעם״. טרעבאָן איז צוריקגעטרעטן אויף איין טריט און דערקלערט, ווי בשעתו פּראָנטאָ, מיט גרויס ווירדע: „איך בין בלויז אַ פּשוטער קאַפּיטאַן. אין אַזאַ טונקעלן ענין זען אַ קעניג און אַ סענאַטאָר אַ סך קלאָרער

פאַר אַ באַשיידענעם אָפיציר". אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער שוין אַראָפּגעוויאָרפן פון זיך די מאַסקע פון ווירדע און זיך היל־כיק פונאַנדערגעלאַכט: „אַ קאַפּיטאַלע קאָמעדיע. מיר יאָגן צי־מענטשעלען מיט אונזער נעראָן, גרויסאַרטיק". ער איז ווידער צעריינגעפאַלן אין געמטלעכן טאָן: „אַלזאָ, יונגער קעניג, דער אויפ־טראַג פון גענעראַל־גובערנאַטאָר וועט נאַטירלעך דורכגעפירט ווערן, דורך מיר און דורך אייך. די עקספּעדיציע קעגן עדעסאַ וועט פאָר־קומען. איך וועל זאָרגן דערפאַר, זי זאָל דורכגעפירט ווערן מיט אַ גענוג שטאַרקער מיליטער מאַכט. איך שטעל אין אייער רשות, אַלס מאָראַלישע אונטערשטיצונג, דרייהונדערט מאַן. דאָס איבערי־קע איז שוין אייער זאַך. די אחריות טראָגט איר". ער האָט דער־ביי געוווּנקען מיט זיינע העלע אויגן, כמעט אָן וויִעס.

וואַראָ איז ווייטער געזעסן אין בכבודיקן אַרעסט, און עס איז אַוועק אַ בריוו צום קעניג מאַלוק פון עדעסאַ, אין וועלכן פיליפ פון קאָמאַגענע האָט העפלעך, אָבער אַנטשלאָסן געפאָדערט אויסצוליפערן אים דעם מאַן, וועלכער רופט זיך קייזער נעראָן. מיט ערנסטע ווערטער האָט ער געראָטן זיין פריינט און ברודער מאַלוק אונטערצוואַרפן זיך דער גערעכטער פאָדערונג פון רוי־מישן גובערנאַטאָר, כל זמן עס איז נאָך נישט שפּעט. געענדיקט האָט זיך דער בריוו מיט דער מיטטיילונג, אַז אויב מען וועט דעם מאַן נישט אויסליפערן אין משך פון צוויי וואָכן, דאַן וועט ער, פיליפ פון קאָמאַגענע, צו זיין גרויסן באַדויערן זיין פאַרפליכטעט, אין זין פון זיין אַפּמאַ־ מיטן רוימישן קייזער, אונטערצושטיצן דעם ווונטש פון גובערנאַטאָר דורך שיקן מיליטער.

אַ קאָפּיע פון דאָזיקן בריוו איז אַוועק קיין אַנטיאָכיע. צום בריוו איז צוגעגעבן געוואָרן, אַז סענאַטאָר וואַראָ געפינט זיך שוין אין דער האַנט פון קאָמאַגענער קעניג, וועלכער האָפט איני־גיכן צו האָבן אין זיינע הענט אויך דעם צווייטן פאַרברעכער. דאַן וועט ער ביידע איבערשיקן צום גובערנאַטאָר, לויט זיין ווונטש.

דעם בריוו, כדי צו פאַרגרעסערן זיין באַדייטונג, האָט קעניג

פּיליפּ געשיקט דורך זיין קוזין, דעם יונגן פּרינץ זעלויקוס. דער־
דאַזיקער פּרינץ האָט מיטן קעניג מאַלוק און אויבער־פּריסטער שאַר־
ביל געהאַט אַ לאַנגן שמועס, בעת וועלכן ער האָט בעל־פּה קאָ־
מענטירט דעם בריוו. ער האָט גערעדט ווי איין אָריענטאַלישער
פירשט צום צווייטן, ביים פליעסקענדיקן פאָנטאַן, ווירדיק און צו־
טרויליך. ער האָט דערציילט, ווי בכבודיק עס איז דער אָרעסט
פון סענאַטאָר וואַראָ, ווי אינטערעסאַנט עס זענען די טעגלעכע
שמועסן צווישן אים מיט קעניג פּיליפּ, ווי ווייניק רוימער עס וועלן
אָנטיילנעמען אין דער געפּלאַנטער עקספּעדיציע קעגן עדעסאַ —
בלויז דרייהונדערט מאַן. ער האָט אויך נישט פאַרבאָרגן זיין מורא,
אַז דאָס איינגעבוירענע מיליטער פון קאָמאַגענע, געוווינט די רוי־
מער זאָלן טון פאַר זיי די גרעסטע טייל פון דער מלחמה־אַרבעט,
זאָלן אַמאָל נישט אַרויסווייזן צו ווייניק באַגייסטערונג ביים קעמפן
קעגן עדעסאַ און דעם קייזער נעראָן. ער פערזענליך האָט גע־
האַלטן, אַז ווען דאָסדאָזיקע מיליטער וועט ביים אַריבערטרעטן
די פּרת־גרענעץ, ביים נייגטן מיילן־שטיין, למשל, וווּ דער וועג
פאַרנעמט זיך קיין באַטנע, — ווען דאָסדאָזיקע מיליטער, גלייבט
ער, וועט באַגעגענען אַ שטאַרקן און קאַמף־פריידיקן פיינט, וועט
עס שנעל פאַרקירעווען און איבערלאָזן די רוימער אַליין צו קעמפן
פאַר זייער זאַך. אגב איז קאַפּיטאַן טרעבאָן אַליין אויך נישט אי־
בערצייגט, אַז דער כלומרשטער נעראָן איז אַ שווינדלער, און
ווען דער קייזער וועט זיך, דורך אַ קייזערלעכער גראַטיפיקאַציע,
אַרויסווייזן אַלס אַן עכטער, וועט טרעבאָן נישט ביישטיין אַזעלכע
אַרגומענטן. אין דאָזיקן זין לאָזט דער קעניג פון קאָמאַגענע גריסן
זיין קעגנער און פריינט, דעם קעניג פון עדעסאַ, און אויב ער
וויל זיך אויף אַן אמת נישט אונטערוואַרפן דער פאָדערונג פון
רוימישן גובערנאַטאָר, פאָדערט ער איט אויף צו אַן ערלעכן, ריי־
טערלעכן קאַמף.

ביים נייגטן מיילן־שטיין אויפן וועג פון סאַמאָסאַטאַ קיין
עדעסאַ האָבן זיך אין אייניקע טעג שפּעטער באַגעגנט מערערע
פערסישע סוחרים מיט מערערע אַראַבישע. סיי די פערסישע, סיי

די אַראַבישע סוחרים האָבן זיך אויסטערליש גוט פאַרשטאַנען אויף מיליטערישע ענינים. זיי האָבן זיך לאַנג אונטערגעהאַלטן וועגן דעם, וואָס אַ שטייגער וואָלט געשען, ווען אויפן דאָזיקן געביט וואָלט פאָרגעקומען אַ שלאַכט צווישן אַן אַרמיי פון קאָמאַגענע און אַן אַרמיי פון עדעסאַ. זיי האָבן אויספירלעך גערעדט וועגן דער מעגלעכקייט פון יעדער איינצלנער פאַזע פון אַזאַ מין שלאַכט, און זיי זענען געקומען צום אויספיר, אַז זי וואָלט זיך וואָרשיינלעך געמוזט ענדיקן מיט אַ מפלה פון קאָמאַגענע.

דידאָזיקע סוחרים־עקספּערטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס גוטע נביאים. ווען אין דריי וואָכן אַרום איז טאַקע פאָרגעקומען די שלאַכט, פאַר וועלכער זיי האָבן מורא געהאַט, האָט זי זיך געענ־דיקט מיט דער מפלה פון קאָמאַגענע.

די דרייהונדערט רוימער, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער דאָזיקער שלאַכט, האָבן צוערשט בכלל נישט פאַרשטאַנען, וואָס אייגנטלעך ס׳קומט דאָ פאָר. קאַפּיטאַן טרעבאָן איז געווען אין דער מיינונג, אַז דער זעלנער מוז קאָנען אָנשטענדיק שטאַרבן פאַר זיין שעף, און דעריבער האָט ער געהאַלטן פאַר איבעריק אויפצוקלערן זיינע זעלנער דעם ענין. די רוימישע זעלנער האָבן לחלוטין נישט באַגריפן די מערקווירדיקע האַנדלונגען פון זייערע קאָמאַגענער חברים, זיי האָבן נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט אַזאַ אומבאַגרייפלעכע שלאַכט און דעריבער זענען טאַקע געפאַלן טויט פון זיי אומגעפער הונדערט מענטשן, ביז די איבעריקע האָבן באַגריפן און זיך געלאָזט נעמען אין געפאַנגענשאַפט.

די זיגרייכע אַרמיי פון עדעסאַ האָט מיט אומגעהייערן טרי־אומף אַריינגעמאַרשירט קיין סאַמאָסאַטאַ. זי האָט אַנטוואָפנט דעם דאָרטיקן רוימישן גאַרניזאָן, באַפרייט וואַראָן, און אָנשטאָט אים גענומען אין בכבודיקן אַרעסט דעם קעניג פיליפּ.

אין דער שלאַכט ביים ניינטן מייל־שטיין זענען פון די רוי־מישע זעלנער געפאַלן טויט זיבנאונניינציק, פון די קאָמאַגענער זעכצן, פון עדעסאַ – צוועלף.

אָבער נעראָנס דאָזיקער זיג איבער דעם ערשטן אָנגריף פון

ווינע קעגנער האָט אין גאַנצן גרעניץ-געביט געגאָלטן אַלס גליק-לעכער צייכן. די רוימישע גאַרניזאָנען אין קאַררע, באַטנע, אפילו אין פאַלמיראַ, האָבן זיך געלאָזט אַנטוואָפּענען אָדער זענען איבער-געגאַנגען אויף נעראָנס זייט. מערערע שטעט, נאָמינעל זעלבי-שטענדיקע, אָבער פאַקטיש אָפּהענגיקע פון רוים, האָבן זיך גע-שטעלט אויף נעראָנס זייט און האָבן געשיקט באַגריסונגען צום סענאַט אין רוים צוליב דער ווונדערבאַרער רעטונג פון גרויסן קעניג.

## 10.

## געדולד ווערט באַלוינט

פּוליאָוויניק פראַנטאָ האָט אינגיכן דערקענט מיט באַפרידי-קונג, אַז די האָפענונגען, וועלכע ער האָט פאַרבונדן מיט מאַרציאַס חתונה, זענען געווען באַרעכטיקט. פון דער פריערער סביבה פון טעבער טערענץ זענען דערגאַנגען צו אים געוויסע קלאַנגען, וועל-כע האָבן אים געלאָזט אָננעמען מיט דער גרעסטער וואַרשיינלעכ-קייט, אַז אין אַ געוויסן, פאַר אים און מאַרציאַן זייער וויכטיקן פונקט, איז טערענץ לחלוטין קיין „נעראָן" נישט. אויב פראַנטאָ וועט זיך נישט איבעראיילן און אָפּוואַרטן דעם רעכטן אויגנבליק, דאַן, קאָן ער גלייבן, וועט אַזאַ געדולד זיכער באַלוינט ווערן.

ער האָט פאַרבראַכט מיט מאַרציאַן וואָס אָפטער, אָבער ער איז קיינמאָל נישט געוואָרן צודרינגלעך, נאָר געבליבן ווויל-דער-צויגן, רוימיש, רעזערווירט און האָט איר אַרויסגעוויזן זיין ניי-גונג נאָר דורך קליינע, ראַפינירטע אויפמערקזאַמקייטן, נישט אָנ-קלײדנדיק זיי קיינמאָל אין ווערטער.

מאַרציאַן האָבן געצערט די אַנטוישונגען פון איר חתונה-נאַכט. זי האָט אויסגעמיטן דעם געשפּרעך, וועלכן איר פאָטער האָט געוואָלט האָבן מיט איר. די רעשטלעך פון איר גלויבן אין

אים זענען אויסגעלאָשן געוואָרן. עס איז געווען אַ משוגעת צו האָפן, אַז אַ מענטש ווי דער לייבאייגענער טערענץ קאָן אַריינמאַרשירן אויפן פּאַלאַטין. מאַכט און רום וועלן אים בלייבן פּונקט אַזוי פרעמד, ווי די ליבע. מען האָט זי פאַרשאַכערט, מען האָט זי פאַראורטיילט צו וועגעטירן לעבנלאַנג אין דאָזיקן מזרח.

אַלץ ענגער און עקשנותדיקער קרייזן אירע געדאַנקען און טרוימען אַרום דעם איינציקן רוימער אין איר נאָענטקייט, אַרום פראָנטאָן. דאָס, וואָס ער איז טריי געבליבן זיין שבועה צו טיטוסן און דאָך פאַרבליבן אין עדעסאַ, האָט זי אָנגעפילט מיט שטאָלץ; זי האָט געמיינט, אַז דאָס געשעט צוליב איר, זי האָט זיך געפילט קרובהש מיט אים. זייער גורל האָט זיי פאַרבונדן. פּונקט ווי ער האָט געלעבט איינזאַם אין זיין גרויסער, פּוסטער ציטאַדעל, אַזוי האָט זי געלעבט איינזאַם אין וואַראָס גרויסן גוט. אין דעם עלעגאַנטן הער מיט די שיינע, אייזן־גרויע האָר, וועלכער האָט איינער אַליין רעפּרעזענטירט די רוימישע אַרמיי צווישן פינף מיליאָן פיינטלעכע מענטשן, האָט זי נישט געזען דאָס קאָמישע, נאָר דאָס דערהויבענע.

זי האָט געקעמפט מיט זיך, צי זאָל זי זיך אים פאַרטרויען. ער האָט געזען, אַז זי קעמפט, ער האָט זיך צוגעקוקט, נישט געפרעגט, געוואַרט. ענדלעך האָט זי זיך מער נישט געקאָנט באַהערשן. „צי קאָנט איר דען איבערטראָגן, מיין פראָנטאָ, דידאָזיקע נישט־עכטקייט פון זאַכן און מענטשן אַרום אונז, דעמדאָזיקן פרעכן, פּוסטן גלאַנץ? איר זענט צווישן אונז דער איינציקער, וועלכער האַלט איין אייער ווירדע און לאָזט זיך נישט באַהערשן פונם מזרח. פאַרוואָס קערט איר זיך נישט ווי קיין אַנטיאָכיע אָדער רוים, כדי נאָכן דאָזיקן גאַנצן אומזין און שמוץ ווידער צו אָטעמען מיט ריינער לופט?"

פראָנטאָ האָט געקוקט אויף איר. ער האָט געזען, ווי איר שמאָל, דין לייב פרעכטלט נערוועז אונטער דעם קלייד פון דער קייזערין. ער האָט געזען די לאַנגע, העפטיקע, ברוינע אויגן, וואַראָס אויגן, אין איר ווייס פּנים. איר שטרענג, רוימיש ווען האָט

אים גערייצט, דאָס וועסטאַלקישע אין איר, אויך דאָס, וואָס זי איז געווען די טאָכטער פֿון דאָזיקן פֿאָטער, און איר אויסטערלישער גורל. ער האָט זי זייער באַגערט. ער האָט אָבער געמוזט האָבן געדולד, אָפּוואַרטן דעם ריכטיקן אויגנבליק. „איך מוז וואַרטן", האָט ער געטראַכט, „ביז זי וועט אָנהייבן צו רעדן וועגן איר נעראָן. ביז דאַן מוז איך מיך באַהערשן. ערשט דאַן, ווען זי וועט אָנהייבן וועגן איר נעראָן, וועל איך קאָנען מאַכן אַ טריט ווייטער. דאַן וועל איך אָבער קאָנען גיין זייער ווייט".

„איך האַלט נישט, מיין מאַרציאַ", האָט ער דערווידערט, „אַז אַלץ איז דאָ בלויז שווינדל. די אידעע, פֿאַר וועלכער אייער פֿאָטער וואַראָ קעמפֿט, איז נאָך מיט אַ קורצער צייט צוריק, פֿאַר פֿערצן יאָר, געווען זייער רעאַל, לגמרי נישט אוטאָפּיש. אויב היינט איז וועלט-בירגערטום און הומאַניטעט נישט מער מאָדערן, אויב דער גלויבן פֿון איצטיקן פֿאַלאַטין איז אַן ענגער נאַציאָנאַליזם און אַן עקלדיקער פּוריטאַניזם, אויב מען בוקט זיך דאָרט צו דער נאַקעטער, מיליטערישער מאַכט, ווערט דאָך דער דאָזיקער קורצזיכטיקער נאַציאָנאַליזם נישט בעסער דורך דעם, וואָס מען פּרעדיקט אים פֿון פֿאַלאַטין אַראָפּ, און דאָס, וואָס פֿאַר אונזער וועלט-בירגערטום קאָן מען זיך דערקלערן אָפֿן בלויז אין סאַמאָסאַטאַ, איז קיין שום באַווייז נישט קעגן אים גופֿא. איך ווייס נישט, צי אייער פֿאָטער וועט באַווייזן צו פֿאַרווירקלעכן זיין אידעע מיט זיין געפֿערלעכן וועג; אָפֿן גערעדט — איך גלייב דאָס נישט. אָבער אויב איר מאַכט אים אַ פֿאָרוואָרף פֿאַר די שמוציקע מיטלען, וועלכע ער ווענדט אָן פֿאַר זיין אידעע, דאַן, מיין מאַרציאַ, באַגייט איר אַן אומרעכט לגבי אייער פֿאָטער. מיט דער צייט וועט זיין גלויבן טריאומפֿירן, דאָס איז זיכער; אָבער נישט ווייניקער זיכער איז, אַז די-יעניקע, וועלכע וועלן דאַן ברענגען צום זיג דעם דאָזיקן גלויבן, וועלן מוזן אָנווענדן פּונקט אַזעלכע נאַרישע און שמוציקע מיטלען, ווי אייער פֿאָטער איצט".

די רויִקייט, מיט וועלכער פֿראָנטאָ האָט גערעדט, די פֿיינקייט, מיט וועלכער ער האָט פֿאַרטיידיקט איר פֿאָטער, זיין גוט,

רויִק, שטאָט-רוימיש לאַטיין, זיין קלוג, מענלעך פּנים מיט די קורצע אייזן-גרויע האָר, — דאָס אַלץ האָט מאַרציאַן דערקוויקט. זי האָט דערשפּירט די שטאַרקע באַנד צווישן זיך און דעמדאָזיקן מאַן. זי האָט נישט געספּקט, אַז בלויז צוליב איר איז ער געבליבן דאָ אין עדעסאַ. זי האָט אָבער געוואָלט ער זאָל איר דאָס באַשטעטיקן מיט זיין אייגן מויל. „דאָס, וואָס איר זאָגט", האָט זי דערווידערט, „איז שיין און גרויסמוטיק. דאָס איז אָבער נישט קיין ענטפער אויף מיין פראַגע. צוליב וואָס בלייבט איר דאָ? פאַרוואָס קערט איר זיך נישט אום קיין רוים?"

פראָנטאָ האָט געוווּסט, וואָס זי וויל הערן פון אים. ער האָט געוווּסט, אַז ער געפעלט איר, און זי איז אים זייער שטאַרק געפעלן געווען. „איצט נאָר נישט צו פיל זאָגן", האָט ער זיך פאַרגענומען, „נישט צו פיל און נישט צו ווייניק. אגב וועל איך קיין ליגנט נישט זאָגן, ווען איך וועל איר פאַרזיכערן, אַז צוליב איר בין איך פאַרבליבן אין עדעסאַ. אין דערדאָזיקער מינוט איז דאָס זיכער אמת". „פאַרוואָס איך קער זיך נישט אום קיין רוים? האָט ער איבערגעחזרט לאַנגזאַם איר פראַגע. „כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, מיין מאַרציאַ. דער גורל האָט מיך און אייער פאָטער געשטעלט אויף פיינטלעכע פּאָזיציעס. אָבער איך האָב גרויס יראת-הכבוד פאַר אייער פאָטער און כ'בין זיין פריינט. אפשר וועל איך אים קאָנען העלפן, ווען זיין זאַך וועט פּלאַצן". און מיט וואַרימקייט, אָבער אָן איבערטרייבונג, האָט ער ווייטער גערעדט: „אפשר וועל איך דאַן קאָנען העלפן אייך. איך זע נישט קיין שום זין אין דעם, אַז איר אָדער איך זאָלן מיר ווערן מאַרטירער דאָ, אין צווישנשטראָמלאַנד. איך האָב פאַר זיך געלאָזט פריי די מעגלעכקייט צוריקצוקערן אויף רוימישן באָדן, ווען עס וועט זיין די העכסטע צייט. וועט איר דאַן מיטגיין מיט מיר, מיין מאַרציאַ? איצט ווייסט איר, פאַרוואָס איך געפין זיך נאָך דאָ", האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ גאַנץ קליינעם שמייכל, דאָס האָט געקלונגען שיִער נישט ווי אַן אַנטשולדיקונג.

ער האָט געשפּאַנט געטראַכט: „איצט מוז זי, ענדלעך, אָנ-

הייבן צו רעדן וועגן איר נעראָן, און ווי אומגליקלעך זי איז, ווען זי דאָס טון, דאַן שלאָף איך נאָך היינט ביינאַכט מיט איר".

מאַרציאַ האָט געזאָגט: „עס איז אַ גרויסע טרייסט, וואָס איר זענט דאָ דאָ, מיין פראָנטאָ. עס איז אפשר אומווירדיק זיך מודה צו זיין פאַר אייך, אָבער עס איז אומדערטרעגלעך צו זיין אַליין צווישן סאַמע רעדנדיקע חיות. טראַכט נישט קיין שלעכטס וועגן מיר, וואָס איך קאָן נישט מער שווייגן. עס איז נישט רוימיש, איך ווייס, אָבער לאָזט מיך זיך אויסרעדן. איר קאָנט זיך נישט פאָרשטעלן, וואָס עס הייסט צו מוזן לעבן מיט אַזאַ נידעריקן מענטש. דערדאָזיקער נעראָן" — און זי האָט גענומען רעדן ווי ער האָט אויסגעשפרייט איר חופּה-קלייד איבער דער שטול.

ווען זי איז געקומען צו זיך פון דער ערשטער אומאָרעמונג, האָט זי געמוזט מיט דערשטוינונג פעסטשטעלן, אַז דער פאָרנעמער, ווירדיקער, רוימישער פראָנטאָ רעדט וועגן זאַכן פון ליבע און געשלעכט, נאָך איין מאָל שלאָפן מיט איר, מיטן גרעסטן ציניזם, נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר די וווּלגאַרסטע ווערטער. נאָך מער דערשטוינט איז זי געווען פון דעם, וואָס זי, וואָס איז באַשטימט געווען פאַר אַ וועסטאַלקע, האָט אויף אים נישט אַזוי שטאַרק פאַראיבל געהאַט.

ער אָבער האָט געטראַכט: „איך האָבן געטון קלוג, וואָס איך האָב געהאַט געדולד. און עס איז געווען מוטיק און אָנשטענדיק פון מיין זייט, וואָס איך האָב נישט פאַרראַטן מיין געפיל און בין דאָ געבליבן. אַ מערקווירדיקע וועלט, דערדאָזיקער מזרח. מוט און אָנשטענדיקייט ווערן דאָ נאָך באַלוינט".

11.

# פראַנטאָס נסיון

באַרויִקט דורך איר ליבע צו פראַנטאָן, האָט מאַרציאַ פאַר־לוירן איר עמפּערונג קעגן איר גורל. זי האָט אָנגעהויבן פריינט־לעך צו שמועסן מיט איר פאָטער, זי האָט אַרומגערעדט מיט אים די אויסזיכטן פון זיין, פון איר אונטערנעמונג; אַ געוויסע חרפה האָט איר אפילו געשטערט צו דערמאַנען פאַר אים פראַנטאָס נאָמען, און ווען ער פלעגט רעדן וועגן פראַנטאָן, פלעגט זי שווייגן. אויך איר האַס קעגן טערענצן איז איינגעשטילט געוואָרן. ער איז געוואָרן פאַר איר אַ פרעמדער, אַ גלייכגילטיקער, און עס איז איר מער נישט שווער געווען צו ענטפערן אים מיט נאַכלע־סיק־העפלעכער פריינטלעכקייט, ווען ער פלעגט רעדן צו איר.

נאָך מער, עס איז געקומען אַ טאָג, ווען זי האָט אים מיט־געפילט. ער האָט געבעטן די דערלויבעניש איר צו ווייזן זיין ליבלינגס־אָרט, דעם לאַבירינט. איז זי מיט אים אַראָפּגעשטיגן, באַגלייט דורך אַ פּאָר פאַקלטרעגער. ער האָט זי אַוועקגעפירט אין אַ זייער אָפּגעלעגענער קאַמער, ער האָט די מענטשן געהייסן וואַרטן דרויסן, אַזוי אַז די שיין פון זייערע פאַקלען איז קוים אַריינגעדרונגען אינעווייניק. ער איז געווען אַליין מיט איר אין דעם קעלערדיקן, פינסטערן רוים, געשטערטע פלעדערמייז האָבן אַרומגעפלאַטערט, און זי האָט פון זיין פנים געזען בלויז טונקעלע קאָנטורן; פונם האַלב־טונקל אָבער איז געקומען נעראָנס שטים און איר דערציילט וועגן פלאַן אויסצובויען דעמדאָזיקן לאַבירינט פאַר זיין און איר קבר־אָרט. דאָס פינסטער־פּרעכטיקע פון דער אידעע האָט געמאַכט אויף איר אַן איינדרוק; צום ערשטן מאָל האָט זי אין איר מאַן דערשפּירט דעם מענטש, וואָס האָט אַ שייכות מיטן נאָמען, וועלכן ער האָט געטראָגן.

פון דאָזיקן טאָג אָן האָט זי מער נישט געשפּירט קיין ווי־דערווילן צו אים. אויב פריִער האָט זי געקרענקט, וואָס ער פרוווט נישט צו דערנענטערן זיך צו איר אַלס מאַן, איז זי אים איצט דאַנקבאַר געווען דערפאַר. דער עיקר אָבער איז זי אים דאַנקבאַר געווען דערפאַר, וואָס ער איז געווען די סיבה, וועלכע האָט זי פאַרבונדן מיט פראָנטאָן.

פראָנטאָ, פון זיין זייט, האָט ליב געהאַט מאַרציאַן און איינגעפונען, אַז ער איז גליקלעך; אָבער זיין גליק האָט אים נישט אויסגעפילט אינגאַנצן. ער איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער פּאָליטיקער און מיליטערמאַן, אַ ליידנשאַפטלעכער באַאָבאַכטער פון די אויסטערלישע, פאַרכאַפּנדיקע און לעכערלעכע האַנדלונגען פון די מענטשן, און די שלאַכט ביים ניינטן מייל־שטיין פון סאַמאָסאַטער שאָסיי און אירע רעזולטאַטן האָבן אָנגעצונדן זיין פאַכמענישן אינטערעס. הגם מאַרציאַ האָט זיך באַמיט אים אָפּצוהאַלטן, פול שרעק פאַר דער געפאַר, אין וועלכער ער שטעלט זיך אומנייטיקערהייט, פונדעסטוועגן איז ער געפאָרן קיין סאַמאָסאַטאַ.

וואַראָ האָט נאַטירלעך געהערט וועגן פראָנטאָס באַציִונגען מיט זיין טאָכטער און איז צופרידן געווען, וואָס זי האָט געפונען דעם ריכטיקן געליבטן. דער פאַקט, וואָס דאָס איז גראָד געווען זיין פריינט פראָנטאָ, האָט אים טאָפּלט געפרייט. ער האָט אים באַגריסט אין סאַמאָסאַטאַ מיט אויפריכטיקער האַרציקייט.

„צי זענט איר נישט דערשטוינט, מיין פראָנטאָ“, האָט ער אָנגעהויבן דעם עיקרדיקן שמועס, „ווי שנעל אונזער נעראָן דעראָבערט ווידער זיין אַלטע מאַכט? דער הימל שטייט אָפן אויף זיין זייט. ער געווינט אָן מי אַלע הערצער“. „דאָס איז ריכטיק“, האָט פראָנטאָ מסכים געווען. „און איך בין געשפּאַנט צו זען, ווי לאַנג דאָס וועט דויערן, אויף ווי לאַנג עס איז גענוג צו מאַכן דעם אָנשטעל אַלס קייזער, כדי עס צו זיין“. „דאָס איז גענוג אויף תמיד“, האָט וואַראָ געענטפערט מיט איבערצייגונג. „ווען עס האַנדלט זיך וועגן מאַכט, ווו הערט אויף דער שיין און ווו הייבט זיך אָן דער זיין? עס איז לחלוטין גלייכגילטיק פונוואַנען אַ מאַכטהאָבער באַקומט

דאָס ליכט, וואָס ער שטראַלט אויס פאַר די מאַסן. עס איז גאָרנישט תּמיד גוט, ווען דאָסדאָזיקע ליכט שטראַלט אַרויס פון אים גופא. עס איז אַמאָל בעסער, ווען ער לאָזט זיך באַשטראַלן פון דער ריכטיקער זייט. און דערויף פאַרשטייט זיך נעראָן היינט נישט ערגער ווי פאַר צוואָנציק יאָר". „איר ווילט זאָגן", האָט פראָנטאָ קאָמענטירט, „אַז ער לאָזט זיך לערנען און איז פאַרווּנדבאַר?" „ער האָט זיך תּמיד געלאָזט לערנען", האָט וואַראָ טאָפּלזיניק געענטפערט.

פראָנטאָ האָט אָנערקענט: „יעדנפאַלס זענען יענע, וואָס שטייען הינטער אים, מוטיק און געשיקט. זיי פאַרדינען דאָס גליק, וואָס זיי האָבן ביז איצט געהאַט". וואַראָ האָט זיך האַרציק געפרייט מיטן לויב פון אַ זאַכפאַרשטענדיקנס מויל. ער איז צוגעגאַנגען צו פראָנטאָן, האָט אויסגעשטרעקט צו אים די האַנט און געזאָגט נישט אָן האַרציקייט: „פאַרוואָס־זשע פאַראייניקט איר זיך נישט צו די־יעניקע, וועלכע שטייען אויף דער זייט פון דאָזיקן נעראָן?"

פאַרנדיק קיין סאַמאָסאַטאַ האָט פראָנטאָ געהאָפט, אַז מען וועט אים אויפפאָדערן איבערצוגיין צו נעראָנען, עס האָט אים געקיצלט צו פראָוואָצירן אַזאַ פאָרשלאַג. ער האָט דאָס דערוואַרט מיט פריידיקער און אַ ביסל שרעקיקער שפאַנונג, — פעסט אַנטשלאָסן עס אָפּצוּוואַרפן. אָבער ווען דער פאָרשלאַג איז טאַקע געקומען אויף אַן אמת, האָט ער אים געטראָפן ווי עפּעס אומדערוואַרטס. זיין באַשלוס איז אויסגעוועפּט געוואָרן; דער תּמיד זיכערער מאַן איז געשטאַנען אומאַנטשלאָסן, צעטומלט.

אָט לייגט מען אים פאָר דאָס, נאָך וואָס ער האָט געבענקט זיין לעבן־לאַנג: מאַטעריאַל, צו פאַרוואַנדלען זיינע טעאָריעס איןווירקלעכקייט. ער האָט נייטיק געהאַט רוימישע זעלנער און אַ קעגנער; ער האָט נייטיק געהאַט אַ קריג אָדער ווייניקסטנס אַ שלאַכט. דאָ איז דאָס אַלץ געווען. אָט דער מאַן, אַ קלוגער, מוטיקער, סימפּאַטישער מענטש, זיין פריינט און פאָטער פון זיין געליבטער, לייגט אים דאָס פאָר. אמת, נישט קיין רוימישע זעלנער

גיט ער אים, ער האָט אים פאַרגעלייגט דאָס, וואָס מען רופט אין דער אַרמיי מיט אַ ביסל פאַראַכטונג „הילפס-מיליטער", קאָנטי-געגנטן באַרבאַרן, צעמישט מיט קליינע רוימישע פאָרמאַציעס. אָבער צו אַרבעטן אפילו מיט אַזאַ מאַטעריאַל איז אויך געווען אַ נסיון.

פולקאָווניק פראָנטאָ איז לגמרי נישט געווען קיין פחדן. ער איז אָבער געווען אַ רוימישער זעלנער, און געוויסע פרינציפּן פון אַ רוימישן זעלנער זענען אים געלעגן טיף אין בלוט. אַלס רוי-מישער אָפיציר איז ער געווען אַ בעל-גאווה. ער האָט ליב גע-האַט דעם מזרח, אָבער אַ באַרבאַר בלייבט אַ באַרבאַר, און עס איז געווען נישט ווירדיק צו קעמפן אויף דער זייט פון די באַר-באַרן קעגן רוימער, אפילו דאַן, ווען די באַרבאַרן פירן אַ פּאָלי-טיק, וואָס ברענגט נוצן דער אימפּעריע, און די רוימער — אַ שלעכטע פּאָליטיק. אַלס רוימישער זעלנער האָט ער געלערנט, אַז מען דאַרף אויסמיידן אומזיסטע געפאַרן. דער זעלנער דאַרף האָבן זיין זיכערקייט; זיין רעכט אויף אַ פענסיע און אַ זיכערע על-טער איז אים נייטיק געווען, ווי לופט צום אָטעמען.

פולקאָווניק פראָנטאָ איז געשטאַנען, זיך געוואַקלט, זיך גע-שלאָגן מיט דער דעה. עס איז געווען אַן אומגעהייערער נסיון צו אָרגאַניזירן, איבערצופאָרמירן אַן אַרמיי, פירן מיט איר אַ קריג, און עס איז זיכער געווען דאָס לעצטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער באַקומט אַזאַ געלעגנהייט. פון דער צווייטער זייט ווידער, אויב ער וויל האָבן דידאָזיקע אַרמיי, מוז ער זיך אָפּזאָגן פון דער זי-כערקייט, וואָס ער האָט געשאַפן פאַר זיך דורך דער אַרבעט פון זיין לעבן. די בענקשאַפט ענדלעך אויסצופּרובירן זיינע טעאָריעס און ווייזן דער וועלט זייער גילטיקייט, האָט אים געריסן פאָרויס, אָבער דער עלעמענטאַרער אינסטינקט נישט אָפּצולאָזן דערוואָרבע-נע רעכט, האָט אים געריסן צוריק.

וואַראָ האָט געזען ווי אויפגערודערט עס איז דער צוויי-טער. דאָס, וואָס ער האָט אַזוי געקעמפט מיט זיך, האָט טאָפּלט ווערטפולער געמאַכט זיין פריינטשאַפט. ער האָט האַסטיק גענומען

איב איינרעדן : „איר קענט געגוי אונזערע שאַנסן און אונזער ריזיקע. מיר האָבן איצט פינפאונדרייסיק טויזנט מאַן, צווישן זיי פינף טויזנט רוימער. איר קענט דעמדאָזיקן מאַטעריאַל. דאָס איז נישט פונם בעסטן, דאָס זענען מערסטנטיילס קאָנטינגענטן פון אייער פערצענטער און פון דער פינפטער, אָבער פונם ערגסטן איז עס אויך נישט. די דריי טויזנט מאַן קאַוואַלעריע פון אונזער פיליפּ איז עליטע-מיליטער. נעמט איבער די אויבערקאָמאַנדע פון דערדאָזיקער אַרמיי, מיין פראָנטאָ. אַ סך בעסערע שאַנסן האָט אויך וועספּאַסיאַן נישט געהאַט, ווען ער איז אַרויסגעטרעטן קעגן וויטעל. און דער נאָמען וועספּאַסיאַן האָט געהאַט אַ שוואַכערע צוציִונגס-קראַפט ווי דער נאָמען נעראָן".

פראָנטאָ האָט געגעבן אַן אויסמיידנדיקן ענטפער : „וואָס ווילט איר פון מיר ? איך בין דער „שרייבטיש-אָפיציר", איך בין אַלץ גיכער ווי באַליבט". „נאַטירלעך, איר זענט צו קלוג, כּדי צו זיין באַליבט. אָבער פאַר מיר איז געגוג, ווען מיין קייזער איז פּאָפּולער. אַלס אויבערקאָמאַנדיר ברויך איך נישט קיין באַליבטן, נאָר אַזאַ, וואָס קען זיין פאַך. נעמט איבער די אַרמיי, מיין פראָנטאָ. מיר האָבן ביידע ליב אונזער מזרח, איר נישט ווייניקער פאַר מיר. שטעלט אונטער אַן אַקסל, פּולקאָווניק פראָנטאָ, זאָגט — יאָ".

פראָנטאָ האָט אין וואַראָס פּנים געזען מאַרציאַס אויגן. אויב ער וועט איצט נישט איבערנעמען די אויבערקאָמאַנדע, בלייבט וואַראָן איין אויסוועג : איבערצוגעבן די אויבערקאָמאַנדע טרעבאָנען, דעם באַליבטן קאַפּיטאַן. זאָל ער דורך זיין אָפּזאָגן זיך אַריינלייגן אין דער האַנט פונם חברהמאַן, וועלכן ער קאָן נישט פאַרטראָגן, אַן אַמט, נאָך וועלכן ער גופא בענקט מיטן גאַנצן האַרץ ? דער נסיון פּייניקט אים. עס האָט קיין סך נישט געפעלט, ער זאָל וואַראָן אויסשטרעקן די האַנט און זאָגן יאָ, יאָ, יאָ. ווי אַ שטריק אָבער האָט אים פעסט געהאַלטן זיין געוווינהייט-שרעק פאַר פאַרלירן זיינע זיכערקייטן, דער היפּער-וואַכער חוש פונם זעלנער פאַר דער געפאַר. ער האָט זיך צוריקגעצויגן אונטער זיין שוץ-וואַל.

„איך דאַנק אײַך, מײַן וואַראָ", האָט ער דערווידערט. „עס זענען נישט קיין פּוסטע ווערטער, ווען איך זאָג אײַך, אַז אײַער צוטרוי איז פֿאַר מיר אַ געוואַלטיקע אָנערקענונג, און אַז עס איז מיר מוראדיק שווער אָפּצוּוואַרפֿן אײַער אָנבאָט. אָבער פֿאַרשטייט מיך, איך בין פּאָרט אַ זעלנער, איך מוז האָבן מײַנע אײַנאונפופציק פּראָצענט זיכערקייט. איך האָב אײַך ליב און פֿיל צו אײַך אַ יראת הכבוד, אײַער פּאָליטיק און אײַער מוט ציִען מיך צו. אָבער מײַן זיכערקייט וועל איך נישט מקריב זײַן. מער ווי פֿרײַנטלעכע נייטראַליטעט וועט איר פֿון מיר נישט באַקומען".

„עס איז אַ שאָד, מײַן פֿראָנטאָ", האָט וואַראָ געזאָגט און זײַן שטים איז ווי אויסגעלאָשן געוואָרן, „וואָס איר בלײַבט אין אַ זײַט". „יאָ, עס איז אַ שאָד", האָט פֿראָנטאָ אָפּגעענטפֿערט. זיי זענען געזעסן אין אײנעם פֿון די שײנע זאַלן פֿון קעניגלעכן פּאַלאַץ אין סאַמאָסאַטאַ, זיי זענען בײדע געזעסן אַ ביסל שלאַף און אויסגעשעפּט און געקוקט פֿאַר זיך אין דער לופֿט אַרײַן.

„איך האָב מורא", האָט וואַראָ אומעטיק געזאָגט, „אַז אויב איר האָט זיך אַנטשלאָסן נישט צוצוטרעטן צו אונז, וועט איר אין קורצן, נישט געקוקט אויף אײַער גאַנצער געשיקטקייט, מוזן צוריקפּאָרן קיין אַנטיאָכיע". פֿראָנטאָ אָבער איז אויפֿגעלעבט געוואָרן. „איך טראַכט גאָרנישט וועגן דעם", האָט ער דערקלערט. „מײַן ליבע צו אײַער זאַך וועט מיך אינספּירירן, איך זאָל געפֿינען אַרגומענטן פֿאַר מײַן ווײַטערדיקן פֿאַרבלײַבן דאָ. כּל־זמן אײַער זאַך האָט נאָך אַ פֿונק האָפֿענונג, וועל איך בלײַבן נאָענט פֿון אײַך. איך בין אײַער פֿרײַנט, וואַראָ. כ'בעט אײַך, גלײַבט עס מיר".

„איך דאַנק אײַך", האָט וואַראָ אָפּגעענטפֿערט. זיי האָבן בײדע געהאַט געזען אַ סך מענטשן און אַ סך גורלות און זענען געוווינט געוועזן נישט צו גלײַבן קיין ווערטער, נישט פֿון אַנדערע און אפֿילו נישט קיין אײגענע; אָבער דאָסמאָל האָבן זיי געשפּירט, אַז בײדע זענען זיי אויפֿריכטיק.

„וועמען־זשע זאָל איך אָנטרויען די אויבערקאָמאַנדע, אויב איר זאָגט זיך אָפּ?" האָט וואַראָ אויפֿן קול געטראַכט. „נאַטיר־

לעך. טרעבאָנען", האָט זיך פראַנטאָ גובר געווען, אים צו עצהנען.
„דער חברהמאַן איז מיר דערווידער אפשר נאָך מער ווי אייך
חוצדעם קאָן ער מיך נישט ליידן און אייב ער וועט קומען צו
דער מאַכט, וועט ער ווערן פאַר מיר לעסטיק, אָבער ביי דער
איצטיקער לאַגע איז ער דער פאַסיקער מאַן. אַלס אַפיציר, אַלס
פּאָליטיקער און אַלס פּריוואַט עצה איך אייך צו נעמען טרעבאָנען".

## 12.

## נאָענטע נשמות געפינען זיך

אין ווייניקע טעג אַרום נאָכן דאָזיקן שמועס איז נעראָן
גרויסאַרטיק אַריבערגעפאָרן פון עדעסאַ קיין סאַמאָסאַטאַ. ער האָט
דעם קעניג פיליפּ באַפרייט פון זיין בכבודיקן אַרעסט, אים אַרומ-
גענומען, אים אָנגערופן ברודער. דאַן, נאָך אַ לאַנגן שמועס מיט
וואַראָן, האָט ער אַלס ערשטן געגעבן אַן אויריענץ טרעבאָנען.

דער באַליבטער קאַפּיטאַן האָט הינטער זיך געהאַט אַ פּאָר
אומאָנגענעמע טעג. דאָס, וואָס פראַנטאָ האָט זיך באַוויזן אין סאַ-
מאָסאַטאַ, איז אים געווען ווי אַ קלאָץ צווישן די פיס. וואָס האָט
דאָ צו זוכן דער פיינער אָגער? ער, טרעבאָן, האָט געמאַכט דעם
קייזער נעראָן: זאָל איצט דער אַנדערער אים אָוועקכאַפּן פון
אונטער דער נאָז דעם פעטן ביסן בלויז דערפאַר, ווייל ער גע-
הערט צום צווייטן אַדל און האָט דעם פולקאָווניק-טיטול? דידאָ.
זיקע פּאָר טעג מיט זייער געשפּאַנטקייט אויף אַ נייער ווילדער
צייט האָבן אים לגמרי פּאַרמיאוסט די טרוקענע גאַרניזאָן-דינסט.
ער שפּירט ווידער דעם אומגעצוימטן דורשט פון זיין ערשטער
יוגנט נאָך גרויסע, וויסטע פּאַסירונגען. ער טרוימט וועגן מאַר-
שירן אונטער נעראָנס אַדלערס אין וויטן מזרח אָדער קיין מערב,
אויב נעראָן, אַ פּאַרקערטער אַלעקסאַנדער, וועט אַזוי באַפעלן.
אָבער ער וויל אַריינגיין אין דערדאָזיקער אַוואַנטוריסטישער אונ-

טערנעמונג נישט אַלס אונטערגעאָרדנטער אָפיציר, נאָר אַלס ערשטער, אַלס פירער, ווי דאָס קומט אים. ער ווייסט, אַז דאָס זענען נישט קיין פּוסטע טרוימען, אַז העכסטנס קאָן געפערלעך זיין פאַר אים בלויז איין ריוואַל — פראָנטאָ. אמת, דאָס וואָס פראָנטאָ האָט אים באַזוכט, האָט טרעבאָנען אַ ביסל באַרויִקט, ווייל ווי עס שיינט, פילט זיך פראָנטאָ נאָך אַלס טיטוסעס אַן אָפיציר. אָבער ווער ווייסט, אפשר איז דאָס בלויז אַן אָנשטעל. ער גופא, טרעבאָן, האָט זיך נאָך אויך נישט געשטעלט אויף דער צווייטער זייט. אין פאַרלויף פון איין מינוט טראַכט ער אפילו וועגן דעם אַריבערצוגיין אָפן אויף נעראָנס זייט און דעם צווייטן, דעם פיינעם, לאָזן אַרעסטירן אַלס מלוכה-פיינט, אַלס שפּיאָן פון אוזורפּאַטאָר טיטוס. אָבער עס זיגט די דיסציפּלין, דער רעספּעקט פונם קאַפּיטאַן פאַרן געבילדעטן, באַפעלערישן העכערן ראַנג.

דער פאַקט, וואָס נעראָן האָט אים, טרעבאָנען, גערופן צו זיך אַלס ערשטן, האָט אים נאָך דידאָזיקע אַלע ספקות פאַרשאַפט אַ נחת-רוח. ער האָט געפילט, אַז מען איז גרייט אים צו געבן דאָס, וואָס ער פאַרדינט. זיין שלעכטע שטימונג איז תיכף-ומיד ווידער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטאָלץ און העזה. גוט, ער איז גרייט צו לעבן בשלום מיטן מאַן פון עדעסאַ. אָבער ער ווייסט אויך זיין אייגענע ווערט, און ער וועט עס לאָזן שפּירן דעמדאָזיקן נעראָן, אַז ער גופא איז אַ גרויסער זעלנער, דער באַרימטער קאַפּיטאַן טרעבאָן, אָבער דער אַנדערער, נישט געקוקט אויף זיין פּורפּור, בלויז דער לייבאייגענער טערענץ.

ער איז דערשינען גרויסאַרטיק, אין גלאַנץ פון זיינע פיל אויסצייכענונגען. נעראָן איז געזעסן אין זיין פאָטעל. נעראָן האָט געטראָגן דעם זייער ברייטן פּורפּור-לאַמפּאַס פון דער מאַיעסטעט, אָבער חוצדעם איז ער געווען פּשוט אָנגעטון. פונדעסטוועגן האָט ער געווירקט זייער קייזערלעך. ווי געוויינלעך עס איז נישט געווען זיין פאָטעל, — ער איז אויף אים נישט געזעסן, נאָר געטראָנט, און טרעבאָן איז געווען שטאַרק איבערראַשט פונם אויסזען און פון דער האַלטונג פון דאָזיקן מאַן. די קייזערלעכע באַ-

גריסונג, מיט וועלכער ער האָט אים באַגריסט, איז געווען מער ווי אַ פוסטער זשעסט. דערביי האָט ער נאַטירלעך גאַנץ גוט גע־ ווּסט, אַז דערדאָזיקער מענטש איז נישט דער עכטער קייזער; אָבער גראָד דאָס, וואָס ער איז עס נישט געווען און איז דאָך אַזוי קייזערלעך געזעסן, האָט אים אימפּאָנירט. ער האָט גע־ שפּירט צום דאָזיקן פאַר אים טראָנענדיקן מאַן די פּרייווילּיקע הכנעה פונם רויבער פאַר זיין אַטאַמאַן.

דער טראָנענדער האָט גלייך אַרויסגעשפּירט, אַז עס איז געקומען אַן אמתער פריינט און באַוווּנדערער. דער טעפער טע־ רענץ האָט געשפּירט די בענקשאַפט פון קליינעם מאַן צום העכער־ שטייענדיקן, אָבער באמת היימיש האָט ער זיך געפילט בלויז אין קרייז פון גלייכע. און ס׳האָט אים גלייך אַ צי געטון צום קאַפּי־ טאַן טרעבאָן, דער געמיינער צום געמיינעם. דערדאָזיקער נעראָן, דער קייזער, וועמען דער המון פלעגט אויפנעמען מיט יובל, האָט זיך געפילט פאַרקרובהשט מיטן ליבלינג פון דער אַרמיי, מיטן פּאָ־ פּולערן קאַפּיטאַן טרעבאָן. ער איז דאַנקבאַר געווען וואָראָן, וואָס ער האָט אויסגעזוכט אַלס אויבערקאָמאַנדיר פון זיין אַרמיי דעמ־ דאָזיקן מאַן.

טרעבאָן האָט זיך פאַרגענומען צו באַהאַנדלען טערענצן גוט. ברודעריש, געבן צו פאַרשטיין, אַז ער טוט אים אַ חסד מיט זיין אונטערשטיצונג. אָבער דער מאַן, וועלכער איז געזעסן קעגנאיבער און האָט פון צייט־צו־צייט לאַנגווייליק, ווי פון אויבן אַראָפּ, אים באַטראַכט דורך זיין שמאַראַגד, איז נישט געווען דער טעפער טערענץ. און ווען דערדאָזיקער מאַן האָט אים געזאָגט די בשורה, אַז ער באַשטימט אים פאַר אַ גענעראַל און גיט אים איבער די אויבערקאָמאַנדע איבער זיין מיליטער, האָט זיך טרעבאָן דערפילט אַזוי דערהויבן און אומבאַרדינטערהייט באַגליקט, ווי ווען דערווירקלעכער נעראָן וואָלט אים געהאַט איבערגעגעבן די קאָמאַנדע אין דער צייט פון זיין פולער הערשאַפט. עס האָט אים אָנגעפילט מיט אַ טיף, הכנעהדיק גליק, וואָס מען האָט אים אויסגעוויילט צו דעראָבערן פאַרן דאָזיקן מאַן די מאַכט.

דער מאָמענט, ווען ער האָט אָפּגענומען ביי זיינע זעלנער די שבועה פאַר נעראָנען און האָט זיי באַפוילן צו פאַרבייטן טי־טוסעס בילדער אויף די פעלד־צייכנס און אונטער די אָדלערס אויף נעראָנס בילדער, — דערדאָזיקער מאָמענט איז געוואָרן דער העכסטער פון זיין לעבן.

## 13.

# הויכפּאָליטיק

די וואָכן ביי דער טיר פון ביבליאָטעק־זאַל, וואָס האָט גע־דינט דעם קייזער נעראָן אַלס באַראַטונגס־צימער, האָבן אָפּגעגעבן מיליטערישן כבוד און אַריינגעלאָזט קנאָפּסן. קנאָפּס, דער פריַער־דיקער לייבאייגענער, איצט — מלוכה־סעקרעטאַר, האָט מיט אומ־צופרידנקייט געזען, אַז ער איז דער ערשטער. דערדאָזיקער פאַר־שאָלטענער פלייס איז אים געבליבן שטעקן אין די ביינער פון אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען לייבאייגענער. די אַנדערע, די פיינע הערן, האָבן זיך נישט געאיילט.

דער באַוועגלעכער מענטש האָט נישט געקאָנט איינזיצן אויף אַן אָרט. ער האָט אַרומגעשפּאַצירט לענגאויס די שאַפעס, וווּ מען האָט אויפגעהיטן די ביכער און מגילות, באַטאַפּט דאָס איי־דעלע האָלץ, דאָס מעטאַל פון די סטאַטוען. האָט מעכאַניש אָפּגע־שאַצט זייער ווערט. זיין שלעכטע שטימונג איז לאַנגזאַם אויסגע־וועפּט געוואָרן. צי דען דאַרף ער נישט צופרידן זיין? ער פילט זיך דאָך אין קעניג פיליפּס פּאַלאַץ ווי ביי זיך אינדערהיים!

ער איז נישקשהדיק געשטימט, דער לייבאייגענער קנאָפּס. ער האָט זיך אַליין געלויבט דערפאַר, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל געדולד געגלייבט אין טערענצעס גרויסער צוקונפט, וואָס ער האָט אויסגעהאַלטן ביי אים. ער וועט אויך ווייטער אים נישט פאַר־לאָזן. ער האָט ליב זיין נעראָן, ערלעך, שוין דערפאַר אַליין, ווייל

ער האָט אים, קנאָפּסן, געגעבן אַ געלעגנהייט צו ווייזן ווער ער איז. חוצדעם האַלט ער אים פאַר נאַריש און ער האָט אים ליב מיטן געפיל פון אַ מענטש, וואָס שטייט העכער.

ער, קנאָפּס, האָט אַ קעפּעלע און איז שוין געוואַשן געוואָרן מיט זיבן וואַסערן. אַ ווייניקער כיטרער, וואָס וואָלט געײַוסט אַזוי פיל ווי ער, וואָלט איצט געווען געפאָרן קיין אַנטיאָכיע אַלס עדות קעגן נעראָן-טערענץ. ווען קנאָפּס טוט דאָס, וואָלט גובערנאַטאָר צעיאָן וואָרשײַנלעך אָנערקענט זײַן באַפרײַונג און נאָך צוגעגעבן אַ נישקשהדיקע באַלוינונג. אַ ווייניקער כיטרער וואָלט זיך געזאָגט, אַז עס איז בעסער צו זײַן אונטער טיטוסן אַ פרײַגעלאָזענער פריוואַט-מאַן, איידער אונטער נעראָנען דער מלוכה-זעקרעטאַר קנאָפּס. טיף אין האַרץ איז טאַקע קנאָפּס איבערצײַגט, אַז אַזאַ משוגע-דרייסטע אַוואַנטורע ווי דעם טעפּער-מייסטערס, וואָס גיט זיך אויס פאַרן רוימישן קייזער, קאָן נישט האָבן קיין גוטן סוף. אָבער דערפאַר ווײַל קנאָפּס האָט אַ קעפּעלע, טראַכט ער מיט אַ שטאָק העכער. זײַן אינערלעכע שטימע זאָגט אים, אַז זײַן נעראָן וועט שטײַגן נאָך אַ סך העכער און מען וועט נאָך קאָנען פון אים אַרויסקוועטשן גאָר אַ סך. שפּילט טאַקע קנאָפּס זײַן שפּיל ווייטער, און אַזוי גוט, אַז אָפטמאָל ספקט ער אַליין, צי דער מאַן איז נעראָן אָדער טערענץ. אָבער אין זײַן טיפסטער אינערלעכקייט ליגט ער אויף דער לויער. ער האָט אַ גוטע נאָז, ער וועט צו דער ריכטיקער צייט דערשמעקן, אַז עס קומט דער סוף, און נאָך באַווײַזן אָפּצוטרייסלען זיך.

ער גייט אַרום אין שיינעם זאַל, פילט זיך זייער גוט. ער טראַכט וועגן זײַן פריינט גאַריאָן — ד ע ם האָט ער געגעבן אַ לעקציע. ער האָט אים נאָך ליב ווי פריִער. פאַר אַ גוט שטיק געלט האָט ער אים פאַרקויפט די פאַבריק אויף דער רויטער גאַס אין עדעסאַ. די קליינע יאַלטאַ, גאַריאָנס טאָכטער, איז איצט אַלט פערצן יאָר, אין אירע בעסטע יאָרן. אפשר וועט ער מיט איר טאַקע חתונה האָבן, ווי ער האָט צוגעזאָגט גאַריאָנען; ער איז אַזאַ פאָרנעמער מאַן, אַז אויך דאָס קאָן ער זיך דערלויבן. יעדנ-

פאַלס וועט ער מיט דעם מיידל שלאָפן, ווען ער וועט האָבן צייט. דער אַלטער גאַריאַן וועט אים מעגן דאַנקען אויך דערפאַר.

דידאָזיקע אָנגענעמע פאַנטאַזיעס האָט איבערגעריסן מיט זיין קומען דער קאַפּיטאַן טרעבאָן. טרעבאָן האָט געטראָגן די פור־פור־באַנד און דעם רויטן, הויך־געזוילטן סענאַטאָרן־שוך. ער האָט זיך נאָך נישט געפילט גוט אין זיין נייער טראַכט. קנאָפּס האָט אים אין זיך גערופן „אַ חזיר אין אַ הירש־פעל". טרעבאָן האָט געשפירט קנאָפּס' אינערלעכע רעספּעקטלאָזיקייט. דער חוצפּהניק איז אים פון ערשטן מאָמענט אָן געווען אי אָפּשטויסנדיק, אי סימ־פּאַטיש. אָבער היות דער מענטש האָט געהאַט אַן איינפלוס אויפן קייזער, האָט ער באַשלאָסן צו זיין מיט אים גוטברודעריש, אָבער האַלטן דערביי אַן אויג.

ווען עס זענען אַריינגעקומען קעניג פיליפּ און סענאַטאָר וואַראָ, האָבן זיך קנאָפּס און טרעבאָן דערפילט פאַרקניפּט און געבונדן. שוין אין דידאָזיקע ווייניקע טעג האָבן זיך די פיר מענטשן פון נעראָנס ענגערע מקורבים געשפּאָלטן אין צוויי פּאַרטייען. אויף איין זייט זענען געשטאַנען די צוויי גרויסע הערן, סענאַטאָר וואַראָ און קעניג פיליפּ. זיי זענען געווען די רעפּרע־זענטאַנטן פון יענער ליבעראַלער קאָסמאָפּאָליטישער אַריסטאָקראַ־טיע, וועלכע זענען פון תמיד אָן געשטאַנען אויף נעראָנס זייט. טרעבאָן אָבער און קנאָפּס האָבן זיך געפילט אַלס פאַרטרעטער פון פאָלק, פון יענע מיליאָנען, וועלכע האָבן זיך אַנטציקט מיטן קייזער, איצט אַזוי ווי אַמאָל, דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַזוי גלענצענד און זיך דאָך געמאַכט מיט זיי געמיין, ווייל ער איז געווען אַזוי פאַרברעכעריש, אַזוי קאָמעדיאַנטיש, ווייל ער האָט טויזנטער געלאָזט טויטן, דערביי מענטשן פונם גרויסן אַדל נאָך ליבער ווי פון פאָלק.

טערענץ איז אַריינגעקומען. ער איז געגאַנגען מיטן אַ ביסל געלאַנגווײלטן שריט פון נעראָן, ער האָט איילִיק אַרומגענומען די פיר מענער, געעפנט די זיצונג, געבעטן די הערן צוזוטרעטן גלייך צום ענין. ער האָט זיך שנעל און גרויסאַרטיק אויסגעלערנט

צו שפּילן אומעטום די ראָל פון ערשטן, פּונקט ווי ער וואָלט דערצו געוווינט געווען פון זיין יוגנט אָן.

וואַראָ האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער לאַגע. דערווייל גייט אַלץ גוט. די קאַסעס זענען פול. די קייזערלעכע גיטער גיבן אַ סך מיטלען, די מעסאָפּאָטאַמישע פירשטן ווייזן אַרויס זייער אָפּענע האַנט. דער האַנדל ליידט אפילו, די רוימישע צאָל־באַאַמטע הייבן אָן צו שיקאַנירן. אייניקע גרויסע סוחרים טראַכטן שוין וועגן שיקן זייערע טראַנספּאָרטן דורך אַנדערע וועגן.

נעראָן האָט זיך העפלעך צוגעהערט, אָבער נישט מיט צו גרויסן אינטערעס, פּונקט אַזוי ווי נעראָן פלעגט, לויט זיינע אינפאָרמאַציעס, אויסהערן באַריכטן פון זיינע מיניסטאָרן. איצט האָט ער אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט און געזאָגט נאַכלעסיק: „איך דאַנק אייך, מיין וואַראָ. און וועלכע ריכטליניעס לייגט איר פאָר פאַר אונזער פּאָליטיק פון די נאָענטסטע וואָכן?" וואַראָ האָט געענטפערט: „כל־זמן דער גרויס־קעניג אַרטאַבאַן קומט אונז נישט צוהילף מיט מיליטער און געלט, האַלט איך פאַר נייטיק אויסצומיידן יעדע פּראָוואָקאַציע סיי כלפּי חוץ, סיי כלפּי פנים. כל־זמן מיר פּראָוואָצירן נישט, וועט גובערנאַטאָר צעיאָן זיך נישט דערוועגן אַרויסצוטרעטן קעגן אונז. איך לייג דעריבער פאָר, אונזער אַרמיי זאָל זיך באַשרענקען מיט איינהאַלטן דאָס דערוואָרבענע און זיך נישט לאָזן פאַרפירן צו קיין שום אָנגריף דורך די דערגרייכטע דערפאָלגן. וואָס נוגע אונזער אינערלעכער פּאָליטיק, עצה איך נישט צו פאַרשפּרייטן מער קיין אומרויִקע שטימונג צווישן דער באַפעלקערונג. ווען דער קייזער נעראָן האָט ווידער איבערגענומען די מאַכט זענען פאָרגעקומען עקסצעסן. מען האָט דעם קייזערס קעגנער געשלאָגן, געטויט, צערויבט זייער פאַרמעגן. לאָמיר די פאַרגאַנגענהייט פאַרגעסן, אָבער אין דער צוקונפט דאַרף מען פאַרברעכער לגבי דעם קייזער נישט ווילקירלעך טויטן, נאָר שטעלן פאַרן געריכט. נעראָן איז תמיד געווען מילד און גערעכט, ער וויל אויך ווייטער זיין אַזאַ".

וואַראָס דאָזיקע ווערטער זענען אָפן געווענדט געווען קעגן

קנאָפּסן. אין רויש פון ערשטן זיג האָט ער זיך ברוטאַל אָפּגערעכנט מיט זיינע פּערזענלעכע פיינט און קאָנקורענטן, ער האָט איניקע געלאָזט פייניקן, אַנדערע — טויטן, און ביי אַ סך האָט ער קאָנפיסקירט זייער פאַרמעגן. זייער אינטעליגענט, האָט ער שוין אַליין געהאַט איינגעזען, אַז ער איז אַוועק צו ווייט, און געהאַט באַשלאָסן זיך צו צוימען. אָבער ער האָט נישט געוואָלט, אַז דידאָזיקע צוימונג זאָל אים אַרויפגעצוווּנגען ווערן דורך וואַראָן; ער האָט זי פרייוויליק געוואָלט נעמען אויף זיך. האָט ער דעריבער גאַנץ שאַרף אָפּגעענטפערט דעם סענאַטאָר. קודם-כל האָט ער זיך פונאַנדערגעלאָזט מיט פּרינציפּיעלע באַטראַכטונגען וועגן מאַכט, איר דעראָבערונג און איינהאַלטונג. דאָס זיכערסטע מיטל, האָט ער געזאָגט, איינצוהאַלטן די מאַכט, באַשטייט אין אויסשפּילן די לאָיאַלע טייל פון דער באַפעלקערונג קעגן דער אומלאָיאַלער טייל. די אָנהענגער פון קייזער מוז מען מיט אַלע מיטלען אונטערשטיצן, די קעגנער דאַקעגן — אומבארחמנותדיק אונטערדריקן. „יאָ”, האָט ער דערקלערט, „איך האָב פאַרניכטעט איניקע פון דידאָזיקע קעגנער, און איך שטאָלציר דערמיט. איך וועל זיך אויך ווייטער נישט אָפּשרעקן פאַר טעראָר, אויב דאָס וועט נייטיק זיין. ווען מען ווייזט אַרויס די גאַנצע מאַכט פון קייזער, לענקט עס אָפּ די מאַסן פון יענע נידעריקע, ווירשאַפטלעכע ענינים, וועגן וועלכע דער הויכער סענאַטאָר וואַראָ האָט גערעדט”.

קעניג פיליפּ האָט פאַרקרימט דאָס פּנים, ווי קנאָפּס׳ ווער, טער זאָלן אים פיזיש וויי טון. ער האָט געזאָגט: „דאָ אין מזרח זענען נישטאָ קיין סך קעגנער פון קייזער, און זיי זענען אַזוי שוואַך, אַז עס איז איבעריק אָפּצושרעקן זיי דורך טעראָר. מיר דאַכט זיך, אַז צום בעסטן וועט מען דינען דעם קייזערס מאַכט אין דערדאָזיקער ערד-טייל דורך דעם, וואָס מען וועט ווייטער טראָגן און פאַרשפּרייטן זיין גרויסע אידעע וועגן פאַרשמעלצן דעם מזרח מיטן מערב”.

טרעבאָן, וועמען עס האָבן שטאַרק געקרענקט וואַראָס ווער-

טער וועגן דער ווייטערדיקער מיליטערישער פּאָליטיק, האָט אָנגע-
שטעלט זיינע פּרעכע, כּמעט וויִעלאָזע אויגן אויפן קעניג פיליפּ.
„איך בין מסכּים מיטן מלוכה-סעקרעטאַר קנאָפּס", האָט ער געזאָגט.
„איך האַלט, אַז דאָס אָפּוואַרטן איז נישט דאָס גליקלעכסטע מיטל
אויף צו פעסטיקן דעם קייזערס מאַכט. מאַכט הייסט — אָנגריף.
מאַכט הייסט — איינגעמען שטעט, טויטן, רויבן. לאָמיר זיך אַריינ-
רייסן אין רוימיש-כּיריע, לאָמיר פאַרנעמען אַנטיאָכיע. ווען מיר
נישט וואַרטן, נאָר גלייך מאָרגן אַרויסגיין אין אָנגריף, וועלן מיר
דאָס וואָרשיינלעך באַווייזן. איר וועט זען, מיינע הערן, ווי שנעל
דער גוטער, אַלטער גרויס-קעניג אַרטאַבאַן וועט זיך אַנטשליסן
אונז אונטערצושטיצן". ער האָט גערעדט מיט יענער שטימע, וואָס
פלעגט, לויט זיינע דערפאַרונגען, מאַכן אַן איינדרוק אויף זיינע
זעלנער. זיין פּנים האָט געשטראַלט מיט קראַפט און גלויבן אין
די אייגענע כּוחות. קנאָפּס' גאַנצע האַלטונג האָט אויסגעדריקט ענ-
טוזיאַזם, און נעראָן גופא האָט זיך צוגעהערט מיט קענטיקער
הנאה. אָבער די צוויי פיינע הערן, וואַראַ און קעניג פיליפּ, זענען
געזעסן ווי פרעמדע; וואַראַ האָט עפּעס געזוכט אין זיינע פּאַפּירן,
פיליפּ האָט באַטראַכט זיינע לאַנגע הענט. עס האָט געהערשט אַ
דריקנדיק שווייגן.

נעראָן האָט געזען, אַז ער מוז וואַרפן זיין וואָרט אויף
דער וואָגשאָל. די זאַך גופא האָט אים נישט אינטערעסירט. דער
גאַנצער ענין פון רעגירן האָט אים נישט אינטערעסירט, — אים
האָט אינטערעסירט בלויז די רעפּרעזענטאַנץ. אָבער מיט אַ גוטן
אינסטינקט האָט ער געשפּירט, וואָס ער דאַרף טון. ער מוז זאָגן
עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל ווירקן, אָבער גלייכצייטיק נישט שטעלן
זיך נישט אויף איין צד, נישט אויפן צווייטן. „איר זענט אַלע
גערעכט, ליבע און געטרייע", האָט ער אַנטשידן און דערביי צי-
טירט אוריפּידעסן: „שטאַרקייט אין דער ריכטיקער צייט און
גערעכטיקייט אין דער ריכטיקער צייט, אָט וואָס עס דאַרפן זיין
די אייגנשאַפטן פון אַ גוטן הערשער". דידאָזיקע פּערזן זענען
געווען אַ גוטע באַזע פאַר זיינע ווייטערדיקע זאַצן. „איר, מיין

טרעבאָן, און איר, מיין קנאָפּס, האָבן אַרויסגעוויזן שטאַרקייט אין דער ריכטיקער צייט. אָבער ווען סענאַטאָר וואראָ און קעניג פיליפּ פאַרזיכערן, אַז איצט איז קודם־כל די צייט פאַר מילדקייט און גערעכטיקייט, זענען זיי אויך גערעכט. איך דאַנק אייך אַלע".

וואראָ, דערמונטערט דורך קעניג פיליפּ, האָט אַנטוויקלט אַ גענויען פּלאַן, וואָס עס דאַרף איצט געמאַכט ווערן. דער קייזער, האָט ער געראָטן, זאָל פאַרלויפיק רעזידירן אין סאַמאָסאַטאַ, אַלס גאַסט פון קעניג פיליפּ. טרעבאָן טאָר בשום־אופן נישט מאַכן קיין אָנפאַל אויף רוימיש־סיריע; זיין אויפגאַבע דאַרף זיין צו אָרגאַניזירן די אַרמיי און האַלטן פעסט די גרענעצן. ער גופא, וואראָ, וועט זען וואָס שנעלער צו פאַרענדיקן די אונטערהאַנדלונג געוועזן מיטן גרויס־קעניג. קנאָפּס זאָל אין עדעסאַ אָנפירן מיט די פינאַנסן אין פאַרשטענדיקונג מיט אים און דעם אויבער־פּריסטער שאַרביל.

אומצופרידן האָבן קנאָפּס און טרעבאָן איינגעזען די בולטע טענדענץ פון די פיינע לייט זיי אָפּצושטופּן אין אַ זייט. נעראָן האָט געמאַכט אַ געלאַנגווײלט פּנים, ער האָט זיך קענטיק שוואַך צוגעהערט. „זייער גוט, מיין וואראָ", האָט ער בלויז געזאָגט, „אויסגעצייכנט. איר וועט מיר געבן די דאָקומענטן אונטערצושרייבן. מיר זענען אין דער היינטיקער זיצונג געגאַנגען אַ שטיק פאָרויס: מיר האָבן אָנגעצייכנט די גענעראַל־ליניע". ער איז אויפגעלעבט געוואָרן. „האַלט תּמיד פאַר אייערע אויגן, מיינע ליבע און געטרייע, די דראָזיקע גענעראַל־ליניע. מיר ווילן, אויב מעגלעך, גלייכצייטיק אַרויסווייזן שטאַרקייט און גערעכטיקייט. ווען עס אָבער נישט מעגלעך זיין, איז אַמאָל גערעכטיקייט און אַמאָל שטאַרקייט, איך האָף, אַז עס וועלן נישט אַנטשטיין קיין מיינונגס־פאַרשידנקייטן בנוגע דעם, וואָס עס איז גראָד אויפן פּלאַץ. וועלן זיי אָבער יאָ אַנטשטיין, וועלן מיר די געטער העלפן מיט דער ריכטיקער עצה, כּדי צו אַנטשיידן, וועלכע מעטאָדע עס איז גראָד דאַן די ריכטיקע".

דערמיט האָט ער די הערן געזעגנט. אַלע פיר זענען געווען פאַרבליפט און באַאומרויִקט דורך דער קונסט, מיט וועלכער דער־דאָזיקער נעראָן האָט געגעבן רעכט יעדן פון זיי און קיינעם.

## 14.

# מען פאַבריצירט אַ קייזער

דער קלוגער פאַרטער־קעניג אַרטאַבאַן האָט זיך נישט גע־איילט צו אָנערקענען נעראָנען. ער האָט זיך געשיקט באַנוצט אין זיינע בריוו מיטן בלומיקן מזרח־סטיל, כדי אויסצומיידן יעדע קאָנקרעטיזירונג. מאַלוקס און וואַראַס אַגענטן זענען געזעסן אין די קאָרידאָרן פון די פאַרטישע מיניסטאָרן. אָבער דאָס גרעסטע, וואָס זיי האָבן געקאָנט אויספועלן ביי אַרטאַבאַנען, איז געווען אַ קאַראַוואַן מיט ערן־מתנות, טעפיכער און געווירצן, מיט דער צווייַ־דייטיקער באַשטימונג: „פאַרן מאַן, וואָס רופט זיך דער קייזער נעראָן״. דאָס האָט מען געקאָנט אויסטייטשן סיי אַלס אָנערקענונג, סיי נישט. פאַר נעראָנען אָבער איז געווען פון גרויס וויכטיקייט, דער גרויס־קעניג זאָל זיך ענדלעך אַנטשליסן. אויב ער וועט איננגיכן נישט קומען צו הילף נעראָנען, וועט מען זיך נישט קאָנען האַלטן נישט מיליטעריש, נישט פינאַנסיעל. זיכער, דער גאַנצער מזרח האָט פרייער אָפגעאָטעמט, ווען דעם קייזערס אָדלערס האָבן זיך ווידער באַוויזן: אָבער שטייגן, פליִען קענען די־דאָזיקע אָד־לערס בלויז דאַן, ווען אַרטאַבאַן וועט זיי פיטערן.

וואַראַס אַגענטן, אונטערגעטריבן דורך אים, האָבן אַרויס־געוויזן אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט. אָבער די פאַרטישע מיניסטאָרן זענען ביז פאַרצווייפלונג געווען לאַנגזאַם. ענדלעך, נאָך צוויי חדשים, האָט וואַראַ באַקומען אַ קלאָרע תשובה.

דער קעניג פון די קעניגן, האָט אים מיטגעטיילט אַרטאַבאַנס גרויס־קאַנצלער און מאַרשאַל, איז גרייט צו שטעלן אין רשות פון

זיין פריינט, דעם קייזער פון די רוימער, דרייסיק טויזנט מאַן הילפס-חיילות, צווישן דעם זעקס טויזנט פאַנצער-רייטערס, עליטע-מילי-טער. אויך איז ער אים גרייט צו געבן אַ הלוואה פון צוויי הונ-דערט מיליאָן סעסטערציעס; אָבער מיטן תנאי, אַז קייזער נעראָן זאָל אָנערקענט ווערן נישט נאָר דורך דער באַפעלקערונג פון צווישנשטראָמלאַנד, נאָר אויך פון רוימיש-סיריע. ווען נעראָן וועט אַריבערציִען אויף זיין זייט און האַלטן פעסט אין זיינע הענט אַ גענוגנדיקע צאָל פאַרפעסטיקטע שטעט פון רוימישן מלוכה-געביט, שטעט אויף יענער זייט טייך פרת, דאַן וועט אַרטאַבאַן אים שיקן דאָס געלט און דאָס מיליטער.

ווען וואַרראָ האָט צום ערשטן מאָל איבערגעלייענט דידאָזי-קע באַדינגונגען פונם גרויס-קעניג, האָט ער אָנגעהויבן צו שטראַלן; ער האָט איינגעפונען, אַז זיי זענען מעסיק, פאַרנונפטיק. אָבער וואָס לענגער ער האָט געטראַכט וועגן זיי, אַלץ מער האָט ער געפילט, ווי שווער עס איז זיי צו דערפילן. געוויס, מען האָט געקאָנט, ווי טרעבאָן האָט פאָרגעשלאָגן, אַריינברייסן זיך אין רוי-מיש-סיריע און איינעמען אַ פּאָר שטעט. דאָס וואָלט אָבער גע-ווען אַ משוגעת. נאָך אַזאַ פּראָוואָקאַציע קאָן צעיאָן מיט דעם הסכם פון פּאַלאַטין און מיט גוטן גרונט אַריבערטרעטן דעם טייך פרת מיט צוויי לעגיאָנען אָדער אפילו מיט דריי, און צעשמעטערן נעראָנען אָן דער מינדסטער סכנה אַרויסצורופן אַ פּאַרטעך-קריג; אויב די רוימישע זענען נישט קיין אָנגרייפער, נאָר מען האָט זיי פּראָוואָצירט זיך צו פאַרטיידיקן, וועט אַרטאַבאַן נישט קאָנען פאַר-אייניקן די פּאַרטער צום קריג קעגן רוים. ניין, מען קאָן דאָס נישט מאַכן אַזוי פּשוט, ווי טרעבאָן שטעלט זיך דאָס פאָר. די רוימישע שטעט מוזן פון אייגענער איניציאַטיוו אַריבערגיין אויף נעראָנס זייט, פרייוויליק. דאָס איז אגב דער קלאָרער זין פונם תנאי, וועלכן דער כיטרער אַרטאַבאַן האָט געשטעלט.

אמת, מערערע רוימישע גרענעץ-שטעט זענען גוט באַאַר-בעט געוואָרן מיט געלט, אָבער אַלע האָבן אָפּגעשלעפּט. עס האָט געפעלט דער ריכטיקער אויסרייד אויף אָפּצורייסן זיך פון אַנ-

טיאָכיע, און צעיאָן האָט זיך געהיטן צו געבן אַזאַ אויסרייד. וואַ־
ראָ האָט געזוכט מיטלען, געבראָכן זיך דעם קאָפּ: ווי אַזוי קאָן
מען סטימולירן דידאָזיקע שטעט? ווי אַזוי מאַכט מען, זיי זאָלן
מורד זיין אין רוימישן גובערנאַטאָר? דאָס גאַנצע געביט צווישן
פרת און חדקל און קאָמאַגענע האָט וואַראָ באַוויזן צו שטעלן אין
נעראָנס רשות. זאָל טאַקע די גרויסאַרטיקע אונטערנעמונג דורכ־
פאַלן צוליב דער לעכערלעך־נישטיקער אויפגאַבע אַריבערצוציִען
אויף נעראָנס זייט אַ פּאָר רוימישע גרענעץ־שטעט? ער האָט גע־
זוכט, נישט געשלאָפן קיין נעכט, אָבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט
צוטראַכטן.

קנאָפּס האָט זיך אָנגעמאָלדן. זיינע פלינקע אויגן האָבן זיך
געגליטשט איבער די צעקנייטשטע געזיכט־שטריכן פון סענאַטאָר.
האָט ער געשעפּט נחת פון זיין הילפלאָזיקייט? ארויסגעוויזן האָט
ער דאָס נישט. „די פּאַרטישע באַדינגונגען זען אויס צו זיין מע־
סיק און זענען דאָך שווער", האָט ער זאַכלעך געזאָגט. „זייער
ריכטיק, מיין קליינער", האָט וואַראָ געחוזקט. „מען מוז עפּעס צו־
טראַכטן", האָט קנאָפּס קאָנסטאַטירט. „אדרבה, ליבער קנאָפּס",
האָט וואַראָ דערווידערט. „איך האָב שוין עפּעס צוגעטראַכט",
האָט קנאָפּס אַ זאָג געטון. „איך האָב אַן אידעע". „איך הער",
האָט העפלעך געזאָגט דער צעבראָכענער וואַראָ און סקעפּטיש גע־
שמייכלט, אָן האָפענונג.

זיין סקעפּטישער שמייכל איז אינגיכן פאַרשוווּנדן. דאָס,
וואָס דערדאָזיקער משוגענער יונג קנאָפּס האָט צוגעטראַכט, איז
געווען נידערטרעכטיק־פרעך, אָבער ביי דער גאַנצער פאַנטאַסטיש־
קייט לאָגיש און מיט גרויסע שאַנסן אויף דערפאָלג. „דאָס פּאָלק
האָט אַ פרוכטבאַרע פאַנטאַזיע", האָט וואַראָ מודה געווען אין
זיך, בעת ער האָט זיך צוגעהערט צום מונטער־פלוידערנדיקן
קנאָפּס מיט עקל און באַוווּנדערונג.

קנאָפּס' פּלאַן איז געווען פאָלגנדער. כּדי צו באַוועגן די
גרענעץ־באַפעלקערונג פון רוימיש־סיריע אָפּצורייסן זיך פון צעיאָנס
רעגירונג און צוצושטיין צו דער רעכטלעכער רעגירונג פון קייזער

נעראָן, איז נייטיק בלויז אַן איסערלעכך געשעעניש, וואָס יעדער איינער זאָל עס קאָנען באַנעמען; ווייל אינערלעך איז די באַפעלקערונג שוין גרייט געווען דערצו. און דאָס איז נישט שווער. צי פֿאַרמאָגט נישט, למשל, די סירישע גרענעץ אַ סך איינוווינער, וועלכע דינען צום גאָט קריסטוס און וועלכע האָבן פֿאַנאַטיש פֿיינט דעם רעכטלעכן קייזער נעראָן? צי האָבן דען דידאָזיקע קריסטן, צוליב פֿאַרברעכערישן האַס און פֿאַנאַטיזם, נישט אונטערגעצונדן די שטאָט רוים מיט זעכצן יאָר צוריק? עס איז וואַרשיינלעך, נאָך מער: עס איז זיכער, אַז זיי טראָגן זיך אויך איצט אַרום מיט ענלעכע פֿאַרברעכערישע פּלענער, אונטערגעשטיצט דורך דער רעגירונג פֿון צעיאָן, וועלכע וויל באַשטראָפֿן סיריעס נעראָן־טרייע באַפעלקערונג. ווער עס קען די מענטאַליטעט פֿון דידאָזיקע קריסטן, ווער עס קען דעם האַס־און נקמה־דורשט פֿון אונזער פֿאַטאָר טיטוס מיט זיינע באַאַמטע, דער קאָן זיך לייכט פֿאָרשטעלן אין וועלכער ריכטונג עס ליגן די פֿאַרברעכערישע פּלענער פֿון דידאָזיקע קריסטן און זייערע אָנהענגער. עס איז צום גלייבן, אַז דידאָזיקע פֿאַנאַטיקער וועלן עפּענען אָדער באַשעדיקן איינע פֿון די טאַמעס אָדער שלוזן פֿונם פּרת־טייך, כּדי צו פֿאַרפֿלייצן און צעשטערן איינע פֿון די סיריש־רוימישע גרענעץ־שטעט, וועלכע זענען אין געהיים צוגעבונדן צו נעראָנען. צי איז דען אָבער נישט קלאָר, אַז אויב עס זאָל ווירקלעך געשען אַזאַ פֿאַרברעכן, וועט די גאַנצע גרענעץ־באַפעלקערונג, ווי איין מאַן, זיך אַ הייב טון קעגן דער אַנטיאָכיער רעגירונג? געשטיצט אויף דער היימישער באַפעלקערונג, וואָלט נעראָן זיך געקאָנט האַלטן אין די צוגעשטאַנענע גרענעץ־שטעט לכל־הפּחות אַ פּאָר חדשים, אַרטאַבאַנס באַדינגונג וואָלט דערפֿילט געוואָרן און מיר וואָלטן באַקומען דאָס צוגעזאָגטע מיליטער און דאָס צוגעזאָגטע געלט.

וואַראָ האָט אומבאַוועגלעך געגלאָצט אויף קנאַפּסן, וועלכער האָט פֿלינק געפּלוידערט, ווי עס וואָלט זיך האַנדלען וועגן צוגרייטן אַ פּיקניק. דער חברהמאַן איז גערעכט. דאָס איז ווירקלעך אַן אידעע, אַן אוצר. יאָ, דער פּלאַן איז אין זיין איבער־

ראַשנדער פּשוטקייט געוועזן פּונקט אַזוי גרויסאַרטיק, ווי נידערטרעכטיק. ער מוז אָפּגליקן. ער וועט זיכער אַרויסרופן אין די מאַסן די געווונטשענע אַסאָציאַציעס. קנאָפּס האָט דאָס פאַרשפּאָרט אויפצוקלערן וואַראָן.

ווער עס האָט מיט זעכצן יאָר צוריק אויף אַן אמת אונטערגעצונדן רוים, איז קיינמאָל נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. וואַראָ האָט געהאַלטן, אַז געוויסע באָדן־ספּעקולאַנטן האָבן דאַן אַרויסגערופן די שרפה. די רעפּובליקאַנישע אַדל־פּאַרטיי, וואָס איז געווען פיינטלעך געשטימט צו נעראָנען, האָט פאַרזיכערט, אַז דער קייזער גופא האָט אַרויסגערופן די שרפה, כדי צו באַפרידיקן זיין אינסטינקט צו טון שלעכטס און כדי זיך צו פאַרשאַפן אַ גרויסאַרטיקע פאָרשטעלונג. די מיינונג פון די ברייטע מאַסן איז געווען אַ געטיילטע. אַ סך האָבן באַטראַכט דעם קייזער אַלס אונטערצינדער; אָבער אפילו ביי דידאָזיקע האָט דאָס פאַרברעכן, צוליב זיין גרויסאַרטיקייט, אַרויסגערופן צו נעראָנען מער באַוווּנדערונג, ווי האַס. די מערהייט אָבער איז געווען איבערצייגט, אַז די שרפה האָבן אַרויסגערופן די קריסטן, וועלכע נעראָן האָט איבערגעגעבן צום געריכט, ווייל ער האָט דאָך געמוזט געפינען אַ שולדיקן. ווי די זאַך זאָל נישט זיין, — אויב אַ סיריש־רוימישע שטאָט וועט איצט אומקומען דורך אַ פאַרברעכעריש־אַרויסגערופענע פאַרפלייצונג, וועלן די מאַסן — דערין איז קנאָפּס זיכער גערעכט — קודם־כל אָנקניפּן אין דער אַסאָציאַציע נעראָן. זיי וועלן די טאַט האַלטן פאַר נעראָניש; דער גלויבן, אַז נעראָן לעבט, אַז נעראָן איז דאָ, וועט ווערן אַן איבערצייגונג. דאַן וועט מען דעם פאָלק, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין שום לאָגיק, לייכט קאָנען איינרעדן, אַז די פאַרפלייצונג, ווי אַמאָל די שרפה, האָבן אַרויסגערופן די פאַנאַטישע קריסטן, אונטערגעהעצט דורך טיטוסעס באַאַמטע. געוויס, אַז צעיאָנס מענטשן זאָלן צעשטערן אַ שטאָט פון זייער אייגענעם געביט, בלויז צוליב האַס צו די סיריער, איז אַן אַבסורדער געדאַנק. אָבער גראָד דערפאַר, ווייל דאָס איז אַזאַ אַבסורד, וועט עס זיך די מאַסן לייגן אויפן

שכל. און דידאָזיקע מאַסן וועלן יובלען, ווען נעראָן וועט צום צווייטן מאָל אויפדעקן דאָס פאַרברעכן פון די קריסטן און זיי צע־שמעטערן.

„אַ טייוולאָנישער פּלאַן", האָט וואַראָ אָנערקענט אין זיך, „אַ פּלאַן, וואָס איז מיט גרויס קענטעניש אויסגערעכנט אויף דער נשמה פונם ערב־רב. וואָס פאַר אַ פרוכטבאַרע פאַנטאַזיע דאָס פאָלק פאַרמאָגט". אויפן קול האָט ער געזאָגט: „צי כאַפּט איר נישט אַ ביסל איבער די מאָס, ליבער קנאָפּס?" „נאַטירלעך כאַפּ איך איבער די מאָס, מיין וואַראָ", האָט קנאָפּס דערווידערט, און וואַראָ האָט אַ ציטער געטון, וואָס אויך דערדאָזיקער דערלויבט זיך שוין צו באַנוצן די אינטימע ווענדונג „מיין וואַראָ". קנאָפּס אָבער האָט ווייטער גערעדט: „דאָס איז דאָך די גאַנצע קונץ, וואָס מיר כאַפּן איבער די מאָס. וואָס גרעבער אַ ליגנט, אַלץ מער גלייבט מען איר", האָט ער פאַרענדיקט, טיף איבערצייגט.

וואַראָ איז אין זיך מסכים געווען מיט אים. „און ווי, מיין קנאָפּס", האָט ער געפרעגט, און דערדאָזיקער „מיין קנאָפּס" האָט קנאָפּסן אָנגעפילט מיט אומגעהייערן שטאָלץ, „וואָלט מיטן גרעסטן דערפאָלג געקאָנט פאָרקומען אַזאַ פאַרפלייצונג?" „ווי איר ווילט נאָר", האָט קנאָפּס געענטפערט מיט איבערצייגונג, „אומעטום אויפן טייך פּרת זענען דאָ קאַנאַלן, שליוזן און טאַמעס, אומעטום זענען דאָ נעראָנס פריינט, אומעטום טיטוסעס באַאַמטע, קריסטן, קאָנטי־גענטן פון פערצענטן לעגיאָן, אומעטום סירישע הייליקטימער, וואָס זייער צעשטערונג וועט באַזונדערס פאַרביטערן די באַפעלקערונג, אומעטום רעדער און הויבערס צו רעגולירן דעם טייך פּרת און זיינע קאַנאַלן, אומעטום ענטוזיאַזם, אומעטום שוואַכע אורטיילס־קראַפט און אומעטום הענט צו באַדינען די רעדער און הויבערס פון די טאַמעס. קלויבט אויס בירטאַ אָדער אַפּאַמעאַ אָדער אוי־ראָפּאָס אָדער גאַגוזאַ. יעדע פון דידאָזיקע שטעט וועט זיך אויפ־הייבן קעגן די פאַרברעכער, אויב אַ טייל אירע וועט פאַרטרונ־קען ווערן אין אַ פאַרברעכעריש־אַרויסגערופענעם געוויסער. און ווער עס וועט דערשיינען נאָך אַזאַ פאַרפלייצונג, ווער עס וועט

אין רעכטן אויגנבליק אויפשטייגן פון די כוואַליעס, — דער וועט באַגריסט ווערן אַלס אויסלייזער, בפרט ווען דערדאָזיקער אויסלייזער וועט זיך רופן קייזער נעראָן", — ער האָט נישט פאַרענדיקט, ער האָט זיך באַנוגנט מיט אַ קליינעם, איבעריצייגטן שמייכל.

קנאַפּס׳ פּראָיעקט האָט שנעל געוווּנען די הערצער אויך פון קייזערס אַנדערע יועצים. דער עיקר האָט טרעבאָנס האַרץ אָנגעקוואָלן פון דער פאָרשטייענדער פאַרפלייצונג. אמת, קעניג פּיליפּ האָט באַקומען אַ טרויעריק פּנים, ווען ער האָט געהערט וועגן פּלאַן. און קעניג מאַלוק האָט איינגעפונען, אַז ער האָט שוין ווידער גענוג לאַנג רעגירט, כּדי צו מעגן געניסן פון איינער פון זיינע עקסקורסיעס אין ווייטן מדבר; שטיל און געהיים איז ער מיט ווייניקע באַגלייטער אַרויסגעריטן אין דער איינזאַמקייט. צום מערסטן האָט זיך געוואַקלט דער אויבער־פּריסטער שאַרביל. ער האָט געהאַט אַ גאַנץ באַרעכטיקטן חשד, אַז די קריסטן וועלן אויסזוכן פאַר זייערע פאַרברעכערישע צוועקן אַ טעמפּל פון דער געטין טאַראַטע; עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיי האָבן אויסגעקליבן דאָס אוראַלטע הייליקטום פון דער שטאָט אַפּאַמעאַ. זיין געוויסן האָט זיך אַ ריר געטון. דער טאַראַטע־טעמפּל פון אַפּאַמעאַ איז אויפגעשטעלט געוואָרן ביים עלטסטן פיש־טייך פון דער געטין, ביי אַ גרויס, פון שטראָם־אָפּגעשפּאָלטן וואַסער, און איז געלעגן זייער טיף, האָפנונגסלאָז אויסגעליפערט בעת אַ פאַרפלייצונג. צי קאָן מען איבערלאָזן אויף זיין באַראָט אַזאַ טייער הויז? אָבער שאַרביל האָט זיך געטרייסט, אַז ווען מען קוקט ווייטער ווי די אייגענע נאָז, קאָנען די רעזולטאַטן פאַר דער געטין זיין גאַנץ גוטע, ווייל אונטער נעראָנען וועלן אירע גלויביקע איר גאַנץ אַנדערש דינען, ווי אונטער טיטוסן. חוצדעם איז שאַרביל געווען נייגיריק און זייער אַלט און ער האָט נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט די פאַרפלייצונג פון אַ טאַראַטע־טעמפּל. און דערצו האָט אים נאָך צוגעפליסטערט אַ שטימע (און דאָס האָט שוין אינגאַנצן אַריבערגעצויגן די שאָל), וועלכע ער האָט קוים־קוים געלאָזט אַריינדרינגען אין באַוווּסטזיין, אַז אויב דאָס באַליבטע הייליקטום אין

אַפּאַמעאַ וועט אויף אַ לאַנגער צייט ווערן אומטעטיק, וועט דער עולה־רגל־שטראָם שטאַרק צונעמען אין זיין אייגענעם טעמפּל אין עדעסאַ. דער אויבער־פּריסטער שאַרביל האָט פון תמיד אָן געהאַט אַ שם פון אַ נביא. איצט האָט ער — אויפן סמך פון די באַוועגונגען פון די הייליקע פיש און די אינגעווייד פון די קרבנות — אָנגעהויבן פאַראויסצוזאָגן בייזע, טונקעלע געשעענישן, אַ פינסטער־כוואַליעדיק געשעעניש, וואָס איז פעיק טיף צו קרענקען זיין געטין.

טרעבאָן און קנאָפּס האָבן זיך אינצווישן, פליסיק באַשעפטיקט מיט דורכפירן דעם פּלאַן. טרעבאָן האָט צוגעגרייט דאָס טעכנישע, קנאָפּס דאָס פּסיכאָלאָגישע, די שטימע פון פאָלק. טרעבאָן איז שטאָלץ געווען נישט ווייניקער פאַר קנאָפּסן דערמיט, וואָס דאָן, ווען די פיינע הערן האָבן מער נישט געוווסט, וואָס אָנצוהייבן, האָט קנאָפּס געפונען די רעטנדע אידעע. דער קאַפּיטאַן האָט טאָג־ווי־נאַכט געטרוימט וועגן דעם, ווי אַזוי ער וועט אַלס ערשטער אַרויפקלעטערן אויף די מויערן פון דער שטאָט אַפּאַמעאַ, וואָס טרינקט זיך אין די פּרת־כוואַליעס, און וועט דעראָבערן דעם מויער־קראַנץ, — די אויסצייכענונג, וואָס האָט אים נאָך געפעלט.

דעם קייזער האָט מען געמאַכט בלויז פאַרנעפּלטע אָנדייטונגען, אַז זיין פּאָפּולאַריטעט שטייגט ווי אַ געוויסער, און אַז עס שטייט פאַר אין דער צוקונפט אַ גרויסער און גליקלעכער איבערברוך. עס וועט זיין גענוג, ער זאָל זיך אין רעכטן אויגנבליק ווייזן אין דער פאַרזונקענער שטאָט. ווען ער וועט טאַקע אויף אַן אמת גאַרנישט וויסן, וועט ער קאָנען געבן אַ בעסערן, ווירקנדיקן אויסדרוק זיין אויפגעבראַכטקייט איבער דער געמיינקייט פונם פאַרברעכן.

## 15.

# דאָס גרויסע פאַרברעכן

די שטאָט אַפּאַמעאַ איז געלעגן אויף ביידע זייטן פון טייך פּרת. אויפן רעכטן ברעג איז די נייע שטאָט־טייל זעלויקיאַ געלעגן אויף אַ באַרג, וואָס אויף איר שפּיץ איז געשטאַנען די פעסטונג. אויפן לינקן ברעג, אין פלאַכלאַנד, איז געלעגן די אורשפּרינגלעכע שטאָט. דאָ האָט זיך אויך געפונען יענער עלטסטער פיש־טייך פון דער טאַראַטע, וואָס האָט געשפּילט אַ ראָל אין שאַרבילס חשבונות, און לעבן אים דער אוראַלטער, קליינער און זייער הייליקער טעמפּל פון דער געטין. די ביידע שטאָט־טיילן זענען פאַרבונדן געווען דורך אַ פּאַנטאָן־בריק. די באַפעלקערונג פון דער אַלטשטאָט, אויפן לינקן ברעג, איז געווען אַ ריין־סירישע, און פון דער נייערער שטאָט־טייל זעלויקיאַ בלויז צום גרעסטן טייל; די שטאָט איז געזיכערט געווען דורך אַ שטאַרקן רוימישן גאַרניזאָן.

נישט ווייט פון אַפּאַמעאַ איז געלעגן דער גרויסער „קאַנאַל פון גאָרבאַט” (אַן אָפּטיילונג פון טייך פּרת), וואָס האָט באַזאָרגט מיט וואַסער די גאַנצע געגנט. סיי דער קאַנאַל, סיי דער טייך זענען רעגולירט געוואָרן זינט קדמונים דורך טאַמעס און שלוזן, וואָס זאָלן נאָך שטאַמען, לויט דער לעגענדע, פון דער לעגענדאַרער קעניגין זעמיראַמיז, און וואָס טראָגן איצט דעם נאָמען „די טאַמעס פון גאָרבאַט” און זענען באַקאַנט אַלס טעכניש וווּנדערווערק. קוואַליפיצירטע שומרים האָבן באַדינט דעם ראַפינירטן און דאָך זייער איינפאַכן מעכאַניזם פון דידאָזיקע טאַמעס; זינט מענטשלעכן געדענקן איז דאָ נאָך נישט געהאַט פאָרגעקומען קיין שום ערנסטע קאַטאַסטראָפע.

זענען טאַקע די איינוואוינער פון אַפּאַמעאַס אַלטשטאָט אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט גרויל, ווען אין איינער אַן אַפּריל־נאַכט איז דער טייך פרת פּלוצלינג אַריינגעדרונגען אין זייערע גאַסן און הייזער און זיי פאַרטרונקען. איידער מען האָט זיך נאָך געקאָנט אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, וואָס דאָ קומט פאָר, איז שוין דאָס גאַנצע געביט פון דער אַלטשטאָט געווען איינאיינציקע געלע, מילד־פּליעסקענדיקע אָזיערע. דער זינט קדמונים אָפּגעזונדערטער פישטייך פון דער טאַראַטע האָט זיך פאַראייניקט מיטן טייך, פון וועלכן ער איז געווען אָפּגעשפּאָלטן, די הייליקע פיש זענען אַוועקגעשוואומען, די גאַנצע אונטערשטע טייל פון טעמפּל איז פאַרשוואונדן אין כאָרכלענדיקן וואַסער. אויף דער אָזיערע, וואָס איז פריִער געווען די אַלטשטאָט אַפּאַמעאַ, זענען אַרומגעשוואומען, צווישן אייליק־אויסגעשטאַטעטע שיפלעך, הויז־זאַכן, פי, די ערשטע מתים. פון מילדן וואַסער האָט גרויליק אַרויסגעקלונגען דאָס געשריי פון די איבעררַאַשטע מענטשן. דאָס ברילעריי און מרוקעריי פון די פי. טראַטוועס, צוזאַמענגעשטוקעוועט פון ציגן־פעלן, באַזעצט מיט נאַקעטע און האַלב־נאַקעטע מענטשן, זענען איצט אַרומגעשוואומען דורך די גאַסן, וואָס נעכטן זענען זיי נאָך פול געווען מיט טראָג־חופות, וועגענער, רייטער.

קיינער האָט נישט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי דאָס אומגליק האָט זיי אַזוי שנעל געקאָנט פאַרכאַפּן. ערשט אין אַ סך שעהן אַרום האָט מען געפונען אויפן פרת־ברעג, שטראָם־אַראָפּ, אַ געבונדענעם און מויל־פאַרשטאָפּטן שומר פון די „טאַמעס פון גאָרבאַט". באַפרייט, האַלב־טויט פון אויסגעשעפּטקייט און גרויל, האָט דער מענטש דערציילט, אַז איינער פון זיינע אָנגעשטעלטע מיט אַ סך אומבאַקאַנטע זענען אים פּלוצלינג באַפאַלן; זיי האָבן אים געבונדן, פאַרשטאָפּט דאָס מויל און אַריינגעוואָרפן אין טייך; וואָס עס איז ווייטער געשען, ווייסט ער נישט, עס איז ממש אַ וווּנדער און אומגעהייערער חסד פון דער געטין, וואָס דאָס וואַסער האָט אים אַרויסגעוואָרפן אויף דער יבשה און ער איז געראַטעוועט געוואָרן. דער אָנגעשטעלטער, וועלכער איז אים באַפאַלן,

און דאָן צוליב נאַרישקייט אָדער ביזוויליקייט אַריינגעלאָזט דעם טייך אין אַפּאַמעאַ, איז אַ געוויסער זימלאַי, אַ קריסט.

פונקט אַזוי שנעל ווי פריער דאָס וואַסער אין דער טיף־ליגנדער אַלטשטאָט, האָט זיך איצט פאַרשפּרייט אין דער הויך־ליגנדער שטאָט־טייל זעלויקיאַ דער קלאַנג, אַז פאַרברעכערישע הענט האָבן אַרויסגערופן דידאָזיקע פאַרפלייצונג. און שוין האָט זיך דער קריסט זימלאַי מודה געווען, אַז דער רעגירונגס־שריי־בער אַריסטאָן האָט אים געדונגען צום דאָזיקן צוועק. די גאַנצע באַפעלקערונג איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַן אומגעהייערן צאָרן. נאָך פאַר מיטאָג־צייט איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר, אַז די קריכטן, דערדאָזיקער אָפּפאַל פון דער מענטשהייט, האָבן זיך גע־לאָזט אונטערקויפן דורך דער פאַרברעכער־רעגירונג פונם אוזור־פּאַטאָר טיטוס, זיי זאָלן צעשטערן דאָס הייליקטום פון דער „גע־טין סיריע" און איר שיינע שטאָט דערפאַר, ווייל די סיריער זענען אַנטשלאָסן געווען בוגד צו זיין אין טיטוסן און צוריקקערן צו זייער רעכטמעסיקן קייזער נעראָן.

אַז די קריסטן צעשטערן די אָרדענונג איז אַלעמען באַקאַנט געווען. זיי האָבן פיינט דאָס אייגנטום און די פאַמיליע, יעדע שאַנד־טאַט איז צו גלייבן אויף זיי. די מענטשן פון אַפּאַמעאַ האָבן זיך אויף זיי געוואָרפן, זענען אַריינגעדרונגען אין זייערע היי־זער, געטויט, וועמען זיי האָבן נאָר געפונען, צעשטערט דאָס אָרימע מעבלוואַרג.

די רוימישע זעלנער האָבן אָפן סימפּאַטיזירט מיט דער באַ־פעלקערונג. זיי האָבן זיך באַמיט צו העלפן די באַדראָטע, זיי אַריבערגעפירט אויף שיפלעך און טראַטוועס אויפן זיכערן רעכטן ברעג, געראַטעוועט, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, זיך אָנגע־האָרעוועט ביים צורעכטמאַכן די פאַנטאָן־בריק, וואָס איז גלייך פון אָנהייב פאַרפלייצונג צעריסן געוואָרן. די יעניקע, וועלכע זענען פאַרבליבן אין דער פעסטונג, — זי האָט געזיכערט דעם רעכטן ברעג טייך, — זענען געשטאַנען אויף די וואַך־טורעמס און באַטיאַ־נען און האָבן נייגיריק געשטאַרט אויפן וואַסער. נעכטן נאָך איז

זייער פעסטונג געשטאַנען ביים ברעג פון אַ טייך, היינט שטייט זי ביים ברעג פון אַ גרויסער אָזיערע. אויסטערליש איז דידאָזיקע געלֿע אָזיערע געלֿעגן אויסגעשפּרייט אונטערן בלויען הימל און די ווייסע, דיקע פרילֿינגס־וואָלקנס. די העכערע טייל פון די הייזער האָט גראָטעסק אַרויסגעשטאַרצט פונם וואַסער. ציאַפּלֿעס זענען איינבייניק, חשיבותדיק און קאָמיש געשטאַנען אויף די דעכער, און צווישן געלֿן וואַסער און דעם הימל זענען מחנותווייז אַרומגעפֿלויגן שרייענדע וואַסער־פייגל.

מאַדנע האָט עס אויסגעזען אינם טעמפּל פון דער טאַראַטע. די זעלֿנער האָבן געקאָנט אַריינקוקן אין זיין „נישט־באַדעקטער צעלֿע". די זנותדיקע סימבאָלן פון דער געטין, די הויכע שטייןפאַלוסן, האָבן אַרויסגעשטאַרצט מיט די שפּיצן פונם וואַסער, אָבער דאָס ריזיקע, אוראַלטע, העסלעכע בראָנזענע בילד פון דער געטין גופא, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ האַלב־נישע איבערן מזבח, איז פאַרטרונקען געווען ביז איבער די נאַקעטע בריסטן; פון וואַסער האָט אַרויסגעקוקט איר קאָפּ און איין האַנט מיטן שפּינדל. די געטין איז געשטאַנען מערקווירדיק און דראָענדיק, און ווען איינער פון די זעלֿנער האָט געמאַכט אַ וויץ וועגן איר פיש־ווײַדל, וועלכן זי קאָן איצט זייער גוט אויסנוצן, האָבן די איבעריקע זיך נישט דערוועגט צו לאַכן.

אָבער וואָס שווימט דאָרט אַהער, אין די גרויסע שיפלעך, פון צפון־זייט? דאָס איז רוימיש געווער און אוניפאָרמען, דאָס זענען חברים. דאָס זענען ענדלעך די חברים פון די אַנדערע אָפּטיילֿונגען פון זייער פערצענטן לעגיאָן, פון עדעסאַ און סאַמאָסאַטאַ. דאָס איז ער גופא, דער גרויסער, באַליבטער קאַפּיטאַן טרעבאָן מיט זיינע זעלֿנער. טויזנט מאָל שוין האָט מען זיך געשטעלֿט די פראַגע. בייגיריק, האָפענונגספול, מיט שרעק: צי וועט ער נישט קומען? צי וועט ער באַלד נישט קומען? צי וועט ער זיך דערוועגן? און וואָס וועט מען טון, אויב ער וועט טאַקע קומען? צי וועט מען קעמפן קעגן אים? צי וועט מען פאַר אים עפענען דאָס טויער?

און איצט איז ער דאָ. מיטן גרויסן געוויסער איז ער גע־קומען. אין וואַסער קורצער צייט זיי האָבן דורכגעמאַכט דעם ריזיקן שטח. זיינע פיאָנערן פאַראייניקן זיך אָן לאַנגע שהיות צו די פיאָנערן פון גאַרניזאָן, לייגן צו אַ האַנט צו פאַרריכטן די פאָנטאָן־בריק. הילצערנע געשטעלן זינקען אין וואַסער, שווימען, שטריק, זעק פאַרבינדן זיך, קאַנאַטן גליטשן זיך אַריין אין וואַ־סער, ציִען זיך, הייבן זיך. לאַכנדיק, זשעסטיקולירנדיק שטייט דערביי טרעבאָן, רופט, שעלט, שרייט, יאָגט־צו. די פאָנטאָן־בריק איז דער איינציקער צוגאַנג צו דער פעסטונג.

זיי זענען מיט דער אַרבעט פאַרטיק. די בריק איז לענגער געוואָרן, זי קרימט זיך, זי שווימט, וואַקלט זיך, אָבער זי האַלט אויס. און איצט, אַלס ערשטער, פרעך, דיק און דרייסט, גרייט ער זיך, דער קאַפּיטאַן טרעבאָן, זי אַריבערצוגיין, גרויס, שווער, אינם וואָפן, אויף זיין פערד וויקטאָר.

ער רייט פאָרויס, אָן שום דעקונג. ער נייטיקט זיך נישט אין קיין שום פאָרזיכט־מיטלען; נאַכלעסיק הענגט אים ביי דער זייט זיין פאַנצער. מיט די האַרמאַטן וואָלט מען אָן שום מי גע־קאָנט צעשיסן אים און זיין חייל. הילפלאָז וואָלט ער זיך געמוזט דערטרינקען אין וואַסער. מען נייטיקט זיך שוין נישט אין האַר־מאַטן, מען קאָן אים שוין פאַרניכטן מיט פיילן, און באַלד וועט מען דאָס שוין קאָנען טון מיטן שליידער־שפּיז. רויִק רייט ער אי־בער די וואַקלדיקע ברעטער איבערן געלן וואַסער.

אָט זענען זיי שוין ביים סוף בריק, אוממיטלבאַר פאַרן גרויסן פעסטונגס־טויער, וואָס פאַרשפאַרט דאָ דעם וועג. וואָס זאָל מען טון? נאָך איין מינוט, — די לעצטע, — קאָן מען פריי אַנט־שיידן. זאָל מען, לויט דער פאָרשריפט, אַראָפּוואַרפן אויפן „פיינט" די געוואַלטיקע שטיינער, וואָס ליגן תמיד אונטער דער האַנט, און אים צעשמעטערן? זאָל מען אַראָפּגיסן אויף אים די זידנדיקע סמאָלע, דעם זידנדיקן אייל, וואָס איז שטענדיק צוגעגרייט? דער קאָמאַנדיר, אָנשטאָט אַרויסצוגעבן קלאָרע באַפעלן, ווענדט זיך הילפלאָז, אומאַנטשלאָסן צו זיינע לייט. און זיי פאָדערן שטורמיש,

מען זאָל עפּענען דאָס טויער, אַריינלאָזן דעם גרויסן קאַפּיטאַן.

אָבער דאָס ליגט נישט אין טרעבאָנס פּלאַן. ער וויל נישט פּשוט דורכן טויער. ער וויל די שטאָט דעראָבערן, אַרויפקריכן אויף איר מויער. די, וואָס שטייען אויפן באַסטיאָן, עפּענען גרויסע אויגן. ער לאָזט זיינע זעלנער אויפהייבן די פּאַנצערס איבער די קעפּ, זיי צוזאַמענרוקן, ער בילדעט די „טשערעפּאַכע". דאָס איז אויסערסט שווער אויף דער וואַקלדיקער פּאַנטאָן-בריק, דאָס איז אַ קונץ-שטיק, און איצט גיט ער זיך אַ הייב אַרויף (ווער וואָלט זיך דאָס גערינכט אויפן שווערן מאַן אין דער שווערער באַוואָפענונג ?) אויפן פּאַנצער פון לעצטן גליד. ער קריכט ברייטביי־ניק איבער די קראַכנדע, וואַקלדיקע פּאַנצערס. מען גיט אים אַרויף אַ לייטער. ער שטעלט זי אויף. ער הייבט אָן צו שטייגן אויף דער מויער.

אויבן שטייען זיי פּאַרלוירן אַרום זייער יונגן קאָמאַנדיר. אַ פּאָר האָבן אַוועקגעלייגט די הענט אויפן שווערן שטיינערנעם בלאָק, אים אַראָפּצוואַרפן. אָבער זיי האָבן נישט דעם מוט דאָס צו טון פּנים אל פּנים מיט יענע, וואָס ווונקען, רופן צום גרויסן קאַפּיטאַן. אַ שטאַפּל נאָך אַ שטאַפּל ; אַלץ וואַקלט זיך : די פּאָנ־טאָן-בריק, די זעלנער אויף איר מיט זייערע פּאַנצערס, די גאַנצע „טשערעפּאַכע", די לייטער, אָבער ער פאַלט נישט, ער האַלט איין דאָס גלייכגעוויכט. ער שטייגט אַרויף אָכצנדיק, לאַכנ־דיק. שרייט דעם אַלטן שלאַכט-רוף פון דעם פערצעטן לעגיאָן : „מאַרס און דער פערצענטער". ער שטייגט. לייגט אַרויף די האַנט אויפן אייבערשטן קאַנט פון דער מויער. הייבט זיך אַרויף. שטייט. „אָט זענ ען מיר שוין דאָ, קינדער", זאָגט ער אין גוטן, היימישן, דאַלמאַטישן דיאַלעקט, און עס שאַלט העל זיין באַרימט, פעט געלעכטער.

קיין איין מענטש טראַכט נישט וועגן דעם, אַז דער גאַנצער בראַוווּר-נומער איז אייגנטלעך איבעריק, ווייל טרעבאָן וואָלט אַ סך זיכערער, אָן שום סכנה, געקאָנט אַריינמאַרשירן דורכן גרויסן טויער. די זעלנער באַגריסן אים מיט יובל, די גאַנצע שטאָט

אַפּאַמעאַ נעמט ענטוזיאַסטיש אויף דעם רעפּרעזענטאַנט פון קייזער נעראָן, דעם גרויסן זעלנער און גענעראַל טרעבאָן, וועלכער האָט אויפגעטויכט פון טייך, כדי צו ראַטעווען זיי פון ווייטערדיקן אומגליק. נישט וואַרטנדיק אויף אַ באַפעל, האָט דער גאַרניזאָן אַראָפּגעריסן טיטוסעס בילדער פון די פעלד־צייכנס און זיי פאַרביטן מיט נעראָנס בילדער, וועלכע די חברים האָבן מיטגעבראַכט.

אין דריי שעה אַרום איז דערשינען אין אַפּאַמעאַ אויך דער מלוכה־סעקרעטאַר קנאָפּס. אויפן מאַרק פון דער גאַנץ־געבליבענער שטאָט־טייל זעלויקיאַ האָט ער געהאַלטן אַ רעדע. „דער גרויסער איבערברוך האָט זיך אָנגעהויבן", האָט ער מודיע געווען. „די צייט פון פאַרברעכנס איז פאַרביי. קייזער נעראָן וועט שוין באַשירעמען זיינע טרייע אונטערטאַנען פון די שאַנד־מעשים פון אוזורפּאַטאָר טיטוסעס פאַרקויפטע נפשות".

## 16.

## דער זינגער פון גרויסן געוויסער

דער קייזער גופא איז אַראָפּגעקומען אָוונט־צייט, אויפגענומען דורכן מיליטער און דער באַפעלקערונג מיט שטורמישע אָוואַציעס. צוזאַמען מיט וואַראָן, טרעבאָנען, קנאָפּסן און אייניקע אַנדערע איז ער אַרויף אויפן ציטאַדעל־טורעם. דער טורעם האָט אַכט שטאָק די הייך. פון העכסטן שטאָק האָט דער קייזער באַטראַכט די פאַרזונקענע אַלטשטאָט פון אַפּאַמעאַ.

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָט דער קייזער אַוועקגעשיקט זיין סוויטע, וועלכע האָט זיך פאַרזאַמלט אויף דער מויער־גאַנגע רייע פון נידעריקערן שטאָק. אויפן שפּיץ פון טורעם האָט דער קייזער געוואָלט בלייבן איינער אַליין. ער האָפט, האָט ער דערקלערט, אַז דער אָנבליק פון דער אונטערגעגאַנגענער שטאָט וועט אים אינספּירירן צו פאַרגרעסערן אין זיין פערזי־ראָמאַן וועגן

די „פיר יאָר-תּקופות" דאָס געזאַנג וועגן גרויסן געוויסער.

איינזאַם איז ער געשטאַנען אויבן, אויפֿן טורעם. אויף די מויער-גאַלערייעס פֿון די אונטערשטע שטאָקן זענען געשטאַנען זיינע מקורבים און זיינע זעלנער; דעם טורעם צופֿוסנס האָט זיך נייגיריק און דערשראָקן געטוליעט דער המון, און פֿון די שיפֿלעך און טראַטוועס, וואָס זענען אַרומגעשווומען איבערן געלן וואַסער — די אַמאָליקע אַלטשטאָט — האָבן געקוקט אויף אים אַ סך טויזנטער אויגן מיט יראת-הכּבוד אין שפּאַנונג. ער אָבער האָט געגאָסן דאָס גרויליקע און דערהויבנדיקע בילד פֿון דער פֿאַרזונקענער שטאָט.

קיינער האָט אים נישט דערציילט, ווי אַזוי די פֿאַרפֿלייצונג איז אין דער אמתן אַרויסגערופֿן געוואָרן; אָבער זיין אינערלעכע שטימע האָט אים ריכטיק אונטערגעזאָגט, אַז דידאָזיקע געוואַלטיקע פֿאַרפֿלייצונג איז נישט קיין זאַך פֿון צופֿאַל, נאָר — לכּבוד אים. זיין האַרץ האָט שטאַרק געשלאָגן פֿון שטאָלץ. יענער טאָג פֿאַרן סענאַט אין רוים, וואָס איז ביז איצט געווען דער הויך-פּונקט פֿון זיין לעבן, איז איצט געשטעלט געוואָרן אין שאָטן דורך אַ העכערן. פֿאַר אים איז אונטערגעגאַנגען דידאָזיקע שטאָט אַפּאַמעאַ, און די וועלט אַרום אים האָט מיט שרעק, מיט יראת-הכּבוד, ליגנדיק צו זיינע פֿיס, באַגריסט אין אים דעם רעטער און אויסלייזער. דער טרוים פֿון זיין מוטער און זיינע אייגענע טרוימען זענען דערפֿילט געוואָרן אין אַ פֿולערער מאָס, ווי מען האָט געקאָנט דערוואַרטן.

ער האָט שטיל גענומען רעציטירן פֿערזן פֿונם עפּאָס וועגן גרויסן געוויסער. ער האָט גוט שטודירט נעראָנס דידאָזיקע פֿערזן, זיי זענען געוואָרן זיינע אייגענע. פּנים אל פּנים מיט דער אונטער-גייענדיקער אַפּאַמעאַ רעציטירט ער און זינגט זיי, דידאָזיקע פֿערזן וועגן בראָנזענעם צייטאַלטער, וואָס פֿאַרזינקט, לויט צעאוי-סעס באַפֿעל, אין וואַסער. ער רעציטירט זיי אין דער ווייטקייט אַריין, אין דעם אָוונטיק-זיך-פֿאַרטונקלענדיקן הימל, פֿאַר די שרייענדע וואַסער-פֿייגל.

דאָס פאָלק צופוסנס דעם טורעם, אויף די טראָטוועס און שיפלעך שטאַרט צו אים אַרויף. די מענטשן פון מזרח האָבן פון תּמיד אָן געהאָפּט, אַז דער קייזער וועט ווייזן זיין קונסט נישט נאָר די רוימער, די קאָרינטער, די אַטענער, נאָר אויך זיי. און איצט איז דאָס געשען. איצט שטייט דער קייזער פאַר דער אונ־טערגייענדער שטאָט, ער, דער זינגער, דער רעטער, און הערט זיך צו צו דער שטים פון זיין זשעני און לאָזט שטראַלן איבער זיי זיין פּנים. פאַרצויבערט, מיט יראת־הכּבוד שטאַרן זיי צו אים אַרויף.

ביים זינגען די גוט־באַקאַנטע פערזן נעראָנס, טרוימט ער. ער וועט ווידער הערלעך אויפריכטן דידאָזיקע פאַרזינקענדיקע שטאָט; נעראָניאַס וועט זי הייסן. צי דען האָט ער בשעתו נישט אָפּגעבויט, — צויבערהאַפט־שנעל און פּרעכטיק, — די שטאָט רוים? מיט הערלעכע בנינים און קונסטווערק וועט ער באַדעקן דאָסדאָ־זיקע לאַנד. גרויסאַרטיק, ווי ער האָט זיך דאָס פאָרגעשטעלט אין יענער נאַכט אין טעמפּל פון דער טאַראַטע, וועט ער לאָזן אויס־האַקן זיין בילד אין די פעלזן פון עדעסאַ, לויטן מוסטער פון די אַלטע מזרח־קעניגן, כּדי זיין, נעראָנס, געזיכט, זאָל אויף אייביק איינגעשניטן ווערן אין די בערג.

אויף דער מויער־גאַלעריי אונטער אים האָט וואַראָ געזאָגט צום קעניג פיליפּ: „איך האָב געזען דעם עכטן נעראָן, ווי ער איז געשטאַנען אויפן טורעם און אַריינגעזויגן אין זיך דאָס בילד פון ברענענדיקן רוים". קעניג פיליפּ האָט געזאָגט: „ער איז אומ־געהייער עכט. אָפּט גלייב איך אַליין, אַז דאָס איז ער טאַקע". וואַראָ האָט געזאָגט: „דער עכטער נעראָן איז אָבער אַרויפגע־שטיגן אויפן טורעם נישט צוליב עסטעטישע מאָטיוון, נאָר כּדי צו זען דעם פאַרנעם פון דער שׂרפה און אַזוי אַרום קאָנען אָננעמען די געהעריקע רעטונגס־מיטלען. דער עכטער נעראָן האָט אויך קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן אונטערצוצינדן רוים. עס איז אויס־טערליש. דערפאַר ווייל מען נעמט פאַלש אָן, אַז דער עכטער נע־ראָן האָט אָנגעצונדן רוים, מוז איצט לכּבוד דעם פאַלשן נעראָן

דערטרונקען ווערן די שטאָט אַפּאַמעאַ. ווייל אַנישט וועט די וועלט נישט האַלטן פֿאַר עכט אונזער פֿאַלשן נעראָן".

דעם מאַן אויבן אויפֿן טורעם האָט געפֿרעסטלט. די רייזע איז געווען אַ שווערע, און אויבן איז ער שוין געשטאַנען גאַנץ לאַנג און די אויגן האָבן אים ווי געטון פֿון גלאָצן אויפֿן געלן וואַסער. עס איז אים שווער געוואָרן איינצוהאַלטן נעראָנס זשעסט: אינערלעך איז ער צוריק פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אינם טעפּער טע־רענץ. אַ ציטער האָט אים אַרומגענומען, ער האָט זיך דערשראָקן פֿאַר זיין אייגענער גרויסקייט. קוקנדיק אויף דער אונטערגייענ־דיקער שטאָט אַפּאַמעאַ האָט ער באַרעכנט: „וואָס פֿאַר אַן אומ־געהייערע ווערטן עס גייען דאָ אונטער, צען מיליאָן, צוואַנציק מיליאָן. וויפֿיל ברויט און קעז און וויין וואָלט מען פֿאַר דעם גע־קאָנט קויפֿן, וויפֿיל ליים און בראָנז אויף סטאַטועס. און אַלץ פֿאַר מיר! מיין פֿאָטער האָט געהאַט רעכט, וואָס ער האָט מיר געגעבן דעמדאָזיקן שטאָלצן און לעכערלעכן נאָמען מאַקסימוס. וואָלט ער דאָס אָבער געהאַט פֿאַראויסגעזען, וואָלט ער זיכער זיך געווען דערשראָקן און מיר אַנדערש געווען אַ נאָמען געגעבן. ווייל גוט קאָן זיך דאָס נישט ענדיקן".

## 17.

# די וואָך פֿון מעסער און קינזשאַלן

דאָס שווידערלעכע פֿאַרברעכן, וואָס עס זענען באַגאַנגען די דורך טיטוסן אונטערגעהעצטע קריסטן, האָט אין גאַנץ סיריע אַרויסגערופֿן אַן אויפֿרעגונג. אין אַ סך גאַרניזאָנען האָבן די זעל־נער אַראָפּגעריסן טיטוסעס בילדער פֿון די פֿענער און פֿאַרביטן אויף נעראָנס בילדער. די גרעסטע טייל פֿון פֿערצענטן לעגיאָן און באַדייטנדע קאָנטיגענטן פֿון פֿינפֿטן, זעקסטן, צוועלפֿטן זענען אַרי־בער אויף נעראָנס זייט. די היימישע באַפֿעלקערונג איז פֿול גע־

וואָרן מיט גרימצאָרן קעגן טיטוסן, צי־מענטשעלען, דער איבערי־
קער פאַרברעכער־כּנופיה. די רעגירונג האָט געהאַט שוועריקייט
צו באַקעמפן אומרוען, וואָס זענען אויסגעבראָכן אין פאַרשידענ־
שטעט, אפילו אין איינציקע קוואַרטאַלן פון אַנטיאָכיע, און זי האָ־
גאָרנישט געקאָנט טראַכטן דערוויל וועגן מאַרשירן מיטן אומזי־
כערן מיליטער קעגן די פעסטונגען ביים טייך פּרת, וואָס זענען
אריינגעפאַלן צו טערענצן.

וואַראָ האָט געקאָנט מעלדן דעם גרויס־קעניג אַרטאַבאַן, אַז
כּמעט אַ פערט־חלק פון דער קייזערלעכער פּראָווינץ סיריע, מיט
מערערע גרויסע שטעט און פעסטונגען, געפינט זיך פעסט אין נע־
ראָנס הענט. אין הסכּם מיט זיין הבטחה האָט אַרטאַבאַן געשיקט
מיליטער און געלט פאַר זיין פריינט, דעם רוימישן קייזער.

קנאָפּס איז שטאָלץ געווען, וואָס די אידעע, וועלכע האָט
געבראַכט דעמדאָזיקן אומגעהייערן דערפאָלג, איז אויפגעקו־
מען אין זיין קאָפּ. ער האָט געהאַט דאָס רעכט, לויט זיין מיי־
נונג, אַז אויך אין אַנדערע פראַגן זאָל מען פאָלגן זיין עצה און
נישט פון די פיינע הערן, וואַראָ און פיליפּ. אויף דער נאָענטס־
טער זיצונג פון מיניסטאָרן־ראַט האָט ער פאָרגעשלאָגן פאָלגענ־
דעס: כּדי צו פאַרפעסטיקן דעם דערגרייכטן דערפאָלג, זאָל דער
קייזער איבעררייסן די צייט פון מילדקייט און באַוויליקן אים און
טרעבאָנען אַ וואָך פון שנעלער און האַרטער גערעכטיקייט. „די־
יעניקע אָנהענגער פון קייזער, וואָס זייער טרייקייט שטייט מחוץ
יעדן ספק, מוז דערלויבט ווערן אַ סוף צו מאַכן אָן שום לאַנגע
שהיות צו זיינע עקסטע קעגנער. איך לייג פאָר, מען זאָל מיך
און דעם גענעראַל טרעבאָן באַפולמעכטיקן צו אָרגאַניזירן צום דאָ־
זיקן צוועק אַ מין פּריוואַטע פּאָליציי. די צוגרייטונגען זענען
שוין געמאַכט געוואָרן, מיר פאַרמאָגן זיכערע רשימות. מיט דער
הילף פון אונזערע דאָזיקע רשימות וועלן מיר, אויב דער קייזער
וועט דערלויבן, בליץ־שנעל אומברענגען זיינע געפערלעכסטע
פיינט".

וואַראָ און קעניג פיליפּ האָבן געמאַכט אומצופרידענע מי־

נעס. טרעבאָן דאַקעגן האָט שטורמיש אונטערגעשטיצט קנאָפּס׳ פּלענער. דער קייזער האָט געשמייכלט גנעדיק און צעשטרייט; אים איז געווען צום האַרץ דער פינסטערער, מוטיקער און דראַ־ענדיקער אויסדרוק: „די וואָך פון מעסער און קינזשאַלן". חוץ־דעם איז ער דאַנקבאַר געווען קנאָפּסן פאַר יענער שטאָלצער נאַכט אויפן טורעם פון אַפּאַמעאַ. „אַ וואָך פון מעסער און קינזשאַלן", האָט ער טרוימעריש געפליסטערט ווי פאַר זיך. ווארראָ אָבער און קעניג פיליפּ האָבן געשוויגן. עס איז נישט געווען קיין שום האָ־פענונג גובר צו זיין די כּנופיה. ווער עס רופט צוהילף דאָס פעבל, מוז אים מאַכן קאָנצעסיעס.

דער קייזער האָט אונטערגעשריבן די דאָקומענטן, וועלכע קנאָפּס און טרעבאָן האָבן פאָרגעלייגט, און קנאָפּס אין עדעסאַ און טרעבאָן אין סאַמאָסאַטאַ האָבן געבילדעט קליינע אָפּטיילונגען, וועלכע זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן „נעראָנס נקמה־נעמער", און מיט זייער הילף באַפאַלן זייערע פיינט. עס איז נישט שווער גע־ווען צו שטעמפּלען יעדן איינעם, וועמען מען האָט געוואָלט שלעכטס טון, אַלס אַ קעגנער פון קייזער, אַלס אַן אָנהענגער פון טיטוסן אָדער גאָר פון קריכטוסן, דעם גאָט פון יענער גאָטלאָ־זער, אונטערגראָבערישער סעקטע. אין אַלע שטעט ביים טייך פּרת, אין לאַמאַגענע און אין געביט פון עדעסאַ זענען „נעראָנס נקמה־נעמער" אַריינגעדרונגען אין די הייזער פון די אומבאַקוועמע, פון די פאַרהאַכטע, געטויט, צעשטערט, אַרעסטירט, פאַרגוואַלטיקט, געראַבעוועט און פאַרקנעכטעט.

פון די קריכטן פון צווישנשטראָמלאַנד האָט קנאָפּס נישט גע־לאָזט טויטן קיין סך. די גרעסטע טייל האָט ער געלאָזט לעבן צו־ליב צוועקן פון פּראָפּאַגאַנדע. ער האָט געוואָלט פאַרפירן קעגן זיי, פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, אַ גרויסן, ווירקנדיקן פּראָצעס. עס זאָל זיך אַרויסשטעלן, אַז דער אוזורפּאַטאָר טיטוס און זיינע באַאַמטע האָבן געהאַט אָרגאַניזירט קעגן די גוטע, ער־לעכע סיריער אַ פאַרשווערונג פון גרעסטער געמיינהייט, כּדי זיך

נוקם צו זיין אין זיי פאַר זייער טרייהייט צום רעכטמעסיקן האַר, דעם גרויסן קייזער נעראָן.

אויך יאָהאַנעס פון פּאַטמאָס איז לעבן געבליבן פאַרן דאָזיקן פּראָצעס. ער האָט שרעקלעך פּיינט געהאַט דעם אַקטיאָר. עס זענען גאָרנישט נייטיק געווען זיינע פאַראַכטנדיקע ווערטער קעגן טערענצן, כדי קנאָפּס זאָל אים ווערן אַ שונא. יאָהאַנעסעס וועזן גופא האָט אים געררייצט, זיין שטימע, זיין פּנים, זיין קריסטנטום. ער האָט אים געוואָלט האָבן אין זיין רשות, שפּילן זיך מיט אים, חוזק מאַכן פון אים. ער האָט באַפוילן אַן אָפּטיילונג פון „נעראָנס נקמה-נעמער", מען זאָל אים אומבאַדינגט צושטעלן אַ לעבעדיקן דעמדאָזיקן מענטש.

אינמיטן נאַכט זענען קנאָפּס' שליחים באַפאַלן יאָהאַנעסעס הויז. דאָס גאַנצע הויז און אַלץ, וואָס אין אים, איז איבערגעגעבן געוואָרן אין זייער רשות, בלויז יאָהאַנעסן גופא האָבן זיי געמוזט ברענגען אַ לעבעדיקן. זיי האָבן אים און זיין יונגן זון אַלעקסאַי אַרויסגעריסן פון די בעטן און זענען צוגעטרעטן שטום, פּאַכמעניש און פלייסיק צו צעשטערן אַלץ, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען.

יאָהאַנעס האָט זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט מיט אַ מין שטאַלצן אינטערעס. איצט לאָזן זיי זיך וווילגיין ביי זיינע ביכער און מאַנוסקריפּטן. עס איז געווען אַ זינד, וואָס ער האָט זיך נישט געקאָנט שיידן פון דידאָזיקע וועלטלעך-נישטיקע זאַכן, וואָס זיין האַרץ איז פול געווען מיט ליבע צו די געצנדינערישע קלאַסיקער, אָנשטאָט בלויז און אויסשליסלעך צו גאָטס וואָרט. און דאָס, וואָס ער האָט איצט אומבאַהאָלפן געמוזט צוזען ווי די חיות פאַרניכטן די אים טייערע ביכער, איז געווען אַ פאַרדינטע שטראָף. מיט פאַרפרעסטע ליפּן האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי זיי צעפליקן די טייערע מגילות און פאַרמעטן. איצט האַלטן זיי שוין אין זייערע געמיינע פויסטן סאָפאָקלעסעס דראַמעס, די ליבסטע צווישן אַלע זיינע ביכער. דאָס גוטע פאַרמעט שטעלט אַ ווידערשטאַנד, לאָזט זיך נישט צערייסן אַזוי, ווי זיי ווילט זיך. דעפּטשען זיי דאָס מיט די פיס, פאַראומרייניקן דאָס מיט זייערע מענטשלעכע באַדערפע-

נישן. ביז איצט איז יאָהאַנעס געשטאַנען אינגאַנצן רויִק; איצט אָבער, זעענדיק, ווי זיי שענדן דידאָזיקע מגילות, האָט ער זיך מער נישט געקאָנט גובר זיין, און אַ פאַרצווייפלטער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין ברוסט. דער יונגער אַלעקסאַי, הגם דער פאָטער האָט אים דערצויגן אין הכנעה פאַר גאָטס ווילן, האָט מער נישט געקאָנט בלייבן רויִק, הערנדיק דעמדאָזיקן זיפץ. ער האָט זיך געוואָרפן אויף די רויבער און באַרבאַרן און שטום, פאַרביסן גענומען שלאָגן מיט זיינע שוואַכע פויסטן. אָבער „נעראָנס נקמה-נעמער", צופרידן, וואָס מיט דעם כאָטש דאַרפן זיי זיך נישט צערעמאָניען, האָבן אים אומגעבראַכט. ער איז געבליבן ליגן לעבן די צעריסענע ביכער. יאָהאַנעס גופא האָט איצט שרעקלעך, געוואַלטיק זיך צעשריגן. זיי אָבער האָבן אָפּגעהיטן דעם באַפעל און אים גאָרנישט געטון. אפילו שווייגן האָבן זיי אים נישט געהייסן, זיי האָבן אים אויך נישט פאַרשטאָפּט דאָס מויל. זיי האָבן אים בלויז פעסט צוגעהאַלטן, ער זאָל זיי נישט שטערן, און האָבן זיך געשמאָלצן פון נחת, וואָס ער מוז אומטעטיק צוקוקן זיך ווי זיי פאַרענדיקן שווייגנדיק און פלייסיק זייער אַרבעט. דאַן האָבן זיי אָפּגעליפערט דעם גאַנץ-געבליבענעם יאָהאַנעס קנאָפּסן.

אַזוי איז צוגעגאַנגען אין עדעסאַ אין דער „וואָך פון מעסער און קינזשאַלן". קעניג מאַלוק איז נאָך אין יענער צייט ווייט געזוען פון זיין הויפּטשטאָט. אין זיין וויסטע האָט ער געגאָסן די פרייהייט, וואָס די מערב-מענטשן האָבן צוגערויבט ביי אים אין זיין עדעסאַ.

## 18.

# הכנעה און שטאָלץ

די פאַרברעכערישע קריסטן זענען דערשינען פאַרן געריכט, — אַ באַדייטנדע מחנה קליינע, פשוטע מענטשן. מען האָט זיי פּרעפּאַרירט צום פּראָצעס, מען האָט זיי געפּייניקט, אָנגעשראָקן. און זיי האָבן טאַקע געציטערט; אָבער נאָר קערפּערלעך, אין האַרץ זענען זיי פול געווען מיט בטחון צו זייער גאָט. זייערע פּריסטער און עלטסטע האָבן זיי איבערצייגט, אַז עס איז אַ זכיה, וואָס גאָט האָט גראָד זיי אויסגעוויילט אַלס זיינע מאַרטירער. און אַ סך פון זיי איז טאַקע געלונגען צו בלייבן פעסט פאַרן ריכטער און דערקלערן זייער אומשולד. אייניקע, אמת, האָבן געבעטן רחמים און זענען גרייט געווען אַלץ מודה צו זיין, וואָס מען האָט געוואָלט פון זיי. אגב איז דאָס נישט נייטיק געווען. געוויסע באַאַמטע פון גובערנאַטאָר, מיטן שרייבער אַריסטאָן אין דער שפּיץ, האָבן זיך שוין אין אַלץ מודה געווען, האָבנדיק זייער לוין אין טייסטער און וויסנדיק, אַז מען וועט זיי מילד באַהאַנדלען. די פאַרשווערונג איז אויפגעדעקט געוואָרן ביז די דינסטע פאַרצווייגונגען.

קנאָפּס האָט זיך געפרייט מיט דעם, וואָס ער וועט דאַרפן אַרויסטרעטן אין דאָזיקן פּראָצעס. די סעקטע פון די קריסטן, וואָס האָט באַזייטיקט דאָס אַלמעכטיקע ווענזן און אויף זיין אָרט אַוועקגעשטעלט אַן אָרימען געקרייציקטן אַלס גאָט, איז פון תמיד אָן געווען לעכערלעך אין זיינע אויגן. ער האָט זיי פאַראַכטעט פון גאַנצן האַרץ. געבוירן אַלס לייבאייגענער, איז ער פול געווען מיט אַן אומגעהייערער פאַרערונג פאַר אַלדאָס מעכטיקע, האַרישע, און עס איז אים פאָרגעקומען אידיאָטיש צו דערהייבן צו אַ

סדרגה פון אַ גאָט צו אָרימען און אונטערדריקטן. עס וועט זיכער נישט זיין שווער פאַרצושטעלן פאַר די מאַסן די קריסטן אַלס מילדע, צביעותדיקע, פאַרברעכערישע ברידער, וואָס וואָלטן צום ליבסטן געווען דערטרונקען דעם גאַנצן ערד־קיילעך אין ים. דער עיקר האָט זיך קנאָפּס געפרייט מיט דעם, וואָס ער וועט קאָנען ווייזן יאָהאַנעסן ווו פעפער וואַקסט.

ער האָט דעריבער געזאָרגט דערפאַר, אַז יאָהאַנעס זאָל פאַרהערט ווערן אין זיין אָנוועזנהייט. אין דאָזיקן טאָג זענען די טירן פון געריכט געווען ברייט אָפן, און דער פלאַץ פאַרן געריכט איז שוואַרץ געווען פון מענטשן, וואָס האָבן אויך געוואָלט הערן, ווי אַזוי דער אַקטיאָר וועט זיך פאַרענטפערן פאַר קנאָפּסן און דעם ריכטער פאַר זיין אומגעהייער פאַרברעכן.

קנאָפּס האָט אָנגעהויבן מיט זיין באַרימטער, שאַרפער העפלעכקייט: „אַזוי, מיין יאָהאַנעס, און איצט זאָגט מיר, פאַרוואָס אייגנטלעך האָט איר און אייערע לייט פאַרניכטעט דורך אייער גרויס געוויסער דעם טעמפל פון דער טאַראַטע?“ „פונקט דאָס זעלבע וואָלט איך אייך וועלן פרעגן, קנאָפּס“, האָט יאָהאַנעס געענטפערט מיט בייזער הנאה. „אינדעראמתן, פאַרוואָס עפּעס זאָל איך אָדער איינער פון די אונזעריקע האָבן באַגאַנגען אַזאַ אומגעהייערע נאַרישקייט, וואָס קאָן ברענגען גוצן בלויז דיר און דיינס גלייכן און דיין אַזויגערופענעם נעראָן?“ „נו־נו, מיין ליבער יאָהאַנעס“, האָט קנאָפּס דערווידערט מילד, אפילו לוסטיק, „מען קאָן זיך פאָרשטעלן אַ גאַנצע רייע מאָטיוון. איר האָט דאָס, למשל, געקאָנט טון, כדי היימלאָז צו מאַכן די געטין טאַראַטע, זי פאַרטרייבן פון איר לאַנד און אַזוי אַרום מאַכן שוצלאָז איר סיריש פאָלק. איר האָט אפשר אויך געהאָפט, אַז אַזאַ צעשטערונג און פאַרברעכערישע טאַט פון האַס וועט ווירקן ווי אַ סיגנאַל אויף אַלע שלעכטע עלעמענטן אין לאַנד און זיי וועלן זיך אַ ריס טון ווי אַ געוויסער קעגן דעם רעכטמעסיקן קייזער נעראָן. און אפשר האָט איר דאָס געטון צוליב בלויזער שנאה צו דער ציוויליזאַציע, אויס שנאה לגבי אַלץ, וואָס דערהויבן און שיין, אויס שנאה צו

אייגנטום, אָרדענונג, פאַמיליע, אויס שנאה צו אַלע געטער, חוץ צו אייער אייגענעם, דעם געקרייציקטן.

קנאָפּס׳ ווערטער האָבן געמאַכט אַן איינדרוק. יאָהאַנעס האָט בדעה געהאַט ווייניק צו רעדן פאַרן דאָזיקן געריכט. ער האָט אָבער געזען, אַז זיינע מיטבאַשולדיקטע גלויבנס-ברידער וואַרטן אויף זיין ענטפער, ער האָט געזען די מחנה צוהערער, וואָס קוקט אים אין מויל אַריין. ער מוז ענטפערן. „מיר טרעטן נישט אַרויס קעגן פרעמדע מיינונגען", האָט ער מיט ווירדע און רויִק באַלערנט זיין קעגנער און זיין אוידיטאָריע, „אפילו ווען מיר באַטראַכטן זיי פאַר פאַלש. אונזער גאָט פאַרלענדט די טעותדיקע גלויבנס אָן אונזער מיטהילף, ווען עס קומט די ריכטיקע צייט. מיר זענען אויך נישט קיין קעגנער פון ציוויליזאַציע. מיר האַסן בלויז דעם לוקסוס, די גיריקייט, דאָס אומגעזעטיקטע. מיר גלייבן, אַז ציוויליזאַציע איז מאָס, ציוויליזאַציע איז דאָס אָנערקענען די געטלעכע אָרדענונג. מיר ווילן ביי קיינעם נישט אָפּנעמען זיין גאָט. זאָל זיך יעדער איינער בלייבן ביי זיין גאָט, און אונז זאָל מען לאָזן ביי אונזערן".

„הייסט עס, מיין ליבער יאָהאַנעס", האָט קנאָפּס ליבנסוויר-דיק דערווידערט, „אַז איר זענט נישט קיין קעגנער פון אייגנטום. פונדעסטוועגן האָט אַ געוויסער יאָהאַנעס מוותר געווען אויף זיין אייגנטום, האָט עס אַוועקגעוואָרפן". „דאָס, קנאָפּס, וועל איך דיר נישט דערקלערן", האָט יאָהאַנעס געזאָגט מיט פאַראַכטונג. „דאָס וועסטו נישט פאַרשטיין מיט דיין קנעכטישן פאַרשטאַנד". קנאָפּס האָט נישט פאַרלוירן זיין רו. „איך רעכן", האָט ער געזאָגט מיט ברייטלעכער פאַרוווּנדערונג, „אַז איר זענט פאַר די אָרימע און אונטערדריקטע". „ריכטיק", האָט יאָהאַנעס דערווידערט. „אָבער עס זענען דאָ אָרימע און קנעכט, וועלכע מיר פאַראַכטן, דאָס זענען יענע אָרימע, וועלכע ווילן ווערן רייך, און יענע קנעכט, וועלכע זענען גיריק נאָך האַרישקייט. אַזעלכע אומפלייט ווי דו האָט אין זינען געהאַט אונזער מייסטער און גאָט, ווען ער האָט געזאָגט: „אַ קנעכט זאָל בלייבן קנעכט". און ער האָט אויף קנאָפּסן גע-

קוקט מיט אַזאַ פֿאַראַכטונג, אַז נישט געקוקט אויף זיין דרייסטקייט, האָט יענער געהאַט גרויס מי נישט אַראָפּצולאָזן זיין בליק.

ער האָט דאָס געזאָגט מיט אַ נאָרמאַלער שטימע. זיין פֿאַראַכטונג, זיין מיט עקל געמישטער מיטלייד איז אַזוי פֿאַרקערפּערט געווען אין זיין געאיבטער שטימע, אַז אַלע ריכטער, די אָנגעקלאָגטע, די צוהערער האָבן געקוקט אויף קנאָפּסן מיט שפּירבאַרן גרויל און ווידערווילן.

היות קנאָפּס איז געשטאַנען פֿאַר אַלעמען אין זיין נעבעכדיקער נאַקעטקייט, האָט ער פֿאַרלוירן די הערשאַפֿט איבער זיך; זיין ווירדע, זיין גאַנצע געבאָרגטע פּראַכט איז ווי אָפּגעפֿאַלן פֿון אים. מיט אַ רויט פּנים, מיט אַן איבערגעשלאָגענער שטימע האָט ער אָנגעהויבן צו זידלען ווי אין אַ שענק: „דו הונט, דו נבֿלה, דו בעטלער־נביא, דו זון פֿון אַ זונה. צי גלייבסטו טאַקע, אַז מיר האָבן מורא פֿאַר דיין טרויעריקן גאָט, דעם געקרייציקטן? דו וועסט באַלד שטיין פֿאַר אים, דו פֿאַרברעכער און ליגנערישער הונט, און פֿאַר זיין באַרימטן גרויסן יום־הדין. דו גלייבסט אפשר, אַז עס איז אָנגעגרייט פֿאַר דיר דער גן־עדן? וועסט גאָר אינגיכן זען און שמעקן, ווי דיין גן־עדן זעט אויס. גרויס וועט ער נישט זיין. איין איל ברייט און דריי איילן לאַנג, פּונקט אַזוי לאַנג און ברייט, ווי דער פּלאַץ, וויפֿיל עס דאַרף פֿאַרנעמען דיין פֿאַרשאָלטענע נבֿלה". עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז ער האָט אויפֿגעהערט צו זידלען און ווידער געקאָנט הערשן איבער זיך.

דער המון איז אים אָפּגעטרעטן דעם וועג מיט יראת־הכּבֿוד, ווען ער איז אַוועק; מען האָט נישט געהערט קיין איין שלעכט וואָרט קעגן אים, אדרבה, אייניקע האָבן אים נאָכגערופֿן: „זיי געגריסט, קנאָפּס, דו זייער גוטער, זייער גרויסער ריכטער". פֿונדעסטוועגן האָט ער געפֿילט, פֿול אָנמעכטיקן גרימצאָרן, אַז ער פֿאַרלאָזט דעם פּלאַץ שוין גאָרנישט בכּבֿודיק.

## 19.

## ר י וו אַ ל

נאַטירלעך, יאָהאַנעס איז פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט פונקט ווי אַלע איבעריקע אָנגעקלאָגטע.

קנאָפּס, פאַרביטערט צוליב זיין מפּלה, האָט געשפּונען פּלענער, ווי אַזוי צו פאַרוואַנדלען אין אַ דערנידעריקונג די עקזעקוציע פון פאַרהאַסטן מאַן. ער האָט פאַרמאָגט אַ קעפּעלע און איינס צוויי האָט ער שוין געהאַט אַן איינפאַל. ביי די צירק־שפּילן, דורך וועלכע קנאָפּס האָט געוואָלט פאַרהערלעכן דעם קייזערס טריאומף איבער זיינע קעגנער, זאָל יאָהאַנעס אין הסכם מיט זיין באַרוף געבן פאַר די געסט אַ לעצטע, גרויסע פאָרשטעלונג. ער וועט פאַרגעשטעלט ווערן דאָס געוויסער, דורך וועלכן צעאוס האָט פאַרניכטעט דעם דור פון דער בראָנזענער תקופה. די פאַרברעכערישע קריסטן וועלן פאָרשטעלן מיט זיך דעם פאַרשאָלטענעם דור פון יענער תקופה, די אַרענע וועט לאַנגזאַם פאַרטרונקען ווערן און טאָקע גאַנץ רעאַל דערטרינקען די קריסטן, און אין זייער שפּיץ יאָהאַנעס, צוגעבונדן צו אַ פעלז, אומבאַהאָלפן.

ליידער האָט די פאַרווירקלעכונג פון דאָזיקן פּלאַן אַנגעטראָפן אויף שטערונגען. אויף דער זיצונג, ווו מען האָט, אונטער דעם קייזערס פאָרזיץ, באַטראַכט דעם גורל פון די פאַראורטיילטע, זענען די פיינע הערן, וואַראָ און קעניג פיליפּ, אַרויסגעטרעטן קעגן דער שענדלעכער טויטונג פונם אַקטיאָר. זיי האָבן דערקלערט, אַז דאָס טויטן אויף אַזאַ אופן אַ קינסטלער מיט אַזאַ פאַרנעם ווי יאָהאַנעס, וועט אַרויסרופן אומעטום אַן אויפרעגונג. „לויט מיין מיינונג איז דער פאָרשלאַג נישט גוט און נישט געשמאַקפול", האָט וואַראָ געזאָגט קורץ און דייטלעך. „יאָהאַנעס האָט שוין געמאַכט אַן איינדרוק אויף די מאַסן בעתן פּראָצעס.

אויב מיר זאָלן אים נאָך אומברענגען אויף אַזאַ וואולגאַרן אופן, וועט דער רעזולטאַט זיין בלויז דער, אַז דאָס פאָלק וועט אויך אין דער צוקונפט טרויערן נאָך אים און אונז וועט עס האַלטן פאַר באַרבאַרן". און קעניג פיליפּ האָט זיך, אויף זיין רויִקן שטייגער, געווענדט צו קנאָפּסן: „איר טוט דעם קייזער קיין טובה נישט — איר ברענגט אים שאָדן, ווען איר ווייזט צו אָפן אַרויס אייער האַס צו יאָהאַנעסן". קנאָפּס פלעגט פאַרלירן זיין געוויינלעכע קלוגהייט, ווי נאָר עס פלעגט זיך האַנדלען וועגן יאָהאַנעסן. פול צאָרן, באַליידיקט, האָט ער דערקלערט, אַז מען דאַרף נישט קאַליע מאַכן דעם דערפאָלג פון אַפּאַמעאַ דורך נאַרישער הומאַניטאַרישקייט. טרעבאָן האָט אים שטורמיש אונטערגעשטיצט. וואַראָ האָט קיל אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז די וואָך פון מעסער און קינזשאַלן איז שוין פאַרענדיקט, און עס איז געווונטשן מען זאָל קלאָר מאַניפעסטירן, אַז עס הייבט זיך ווידער אָן די צייט פון מילדקייט און גערעכטיקייט. קנאָפּס האָט שאַרף אָפּגעענטפערט, אַז אין דאָזיקן פאַל פאַלן צונויף שטאַרקייט מיט גערעכטיקייט; שוינען דעם אַקטיאָר וואָלט הייסן נישט זיין מילד, נאָר שוואַך און אומגערעכט. זיי האָבן אַלע אָן אויפהער איבערגעחזרט זייערע אַרגומענטן און געקוקט אויף נעראָנען.

נעראָן האָט זיך געוואַקלט. ער האָט פיינט געהאַט יאָהאַנעסן און איז געניגט געווען מסכים צו זיין מיט קנאָפּסן און טרעבאָנען. אָבער פון דער צווייטער זייט האָט ער געהאַט אַ חוש פאַר העכערס, און די מאָטיוון פון די פיינע לייט האָבן געמאַכט אויף אים אַן איינדרוק. ער האָט געהאַלטן מיט וואַראָן און פיליפּן, אַז עס איז באַרבאַריש אַזוי געמיין צו טויטן אַזאַ גרויסן קינסטלער; ער האָט געהאַלטן מיט זיי, אַז דער קינסטלער שטייט איבערן געזעץ, וואָס איז גילטיק בלויז פאַר פּראָסטע מענטשן. ער האָט דעם פאַרהאַסטן געוואָלט אָפּרוימען פון דער וועלט אויף אַ דערנידערנדיקן אופן, אָבער גלייכצייטיק פאַר זיך גופא און פאַר וואַראָן און פאַר פיליפּן שפּילן די ראָל פון אַ מאַן, וואָס אַכטעט דעם קינסטלער אויך אין פיינט.

ווי דען איז אָבער יאָהאַנעס באמת אַ גרויסער קינסטלער ? אָט דאָס איז די פראַגע. און דערדאָזיקער ספק איז געווען דער אַרגומענט, מיט וועלכן ער האָט געקאָנט צעקלאַפּן די מאָטיוון פון די פיינט לייט. ער האָט אָנגעהויבן קרימען מיט דער נאָז אויף יאָהאַנעסעס קונסט : ער איז נישט פעיִק צום עכטן פּאַטאָס. אָבער קעניג פיליפּ האָט אין פראַגן פון עסטעטיק נישט געווּסט קיין חכמות. יאָהאַנעס איז געווען פאַר אים דער גרעסטער קינסט־לער פון מזרח, אפשר פון דער גאַנצער וועלט. האָט ער אַנטקעגנ־געריעדט און עקשנותדיק פאַרטיידיקט זיין מיינונג.

אָבער וואַראָ, וועלכער האָט גוט געקענט זיין טערענץ, איז אַרויסגעקומען מיט אַ נייעם שטאַנדפּונקט. אויב דער קייזער, האָט ער דערקלערט, וועט באמת לאָזן דערטרינקען יאָהאַנעסן אויף אַזאַ שענדלעכן אופן, וועלן צעיאָן און די לייט אויפן פּאַלאַטין זיכער דערקלערן, אַז ער טוט דאָס צוליב קינסטלער־אייפערזוכט. טערענץ האָט אפילו גלייך, נישט קלערנדיק קיין סך, דערקלערט, אַז די מענטשן אויפן פּאַלאַטין זענען באַרבאַרן, און זייערע אורטיילן גייען אים נישט אָן ; מען האָט אָבער דערקענט אין אים, ווי שטאַרק וואַראָס ווערטער באַשעפטיקן אים, און קנאָפּס איז געוואָרן אומרויִק. קודם־כל מוז ער אָפּווענדן וואַראָס קלאַפּ, און כדי אַ סוף צו מאַכן צום דאָזיקן ענין, האָט ער אַרויסגענומען זיין גיפ־טיקסט געווער : ער האָט דערמאָנט וועגן יאָהאַנעסעס מאַיעסטעט־פאַרברעכן.

ער גופא, קנאָפּס, פאַרשטייט זיך ווייניק אויף קונסט. מוז־דעסטוועגן האָט ער די דרייסטקייט צו זאָגן, אַז יאָהאַנעס קאָן נישט האָבן קיין עכטע, אינערלעכע באַציִונג צו דער שוישפּילער־קונסט. האָט דאָך דער פאַרשאָלטענער חוזק געמאַכט — און ווי עס שיינט : מיט איבערצייגונג, — אַז דער טעפּער טערענץ איז אַלס שוישפּילער פּונקט אַזוי נעבעכדיק, ווי אַלס קייזער ; זיין נעראָן איז פּושערדיק.

יאָהאַנעס האָט נישט געהאַט רעכט מיט זיין חוזק. עס האָט זיך גלייך אַרויסגעשטעלט, אַז טערענצעס נעראָן איז שוין גאָר־

נישט נעבעכדיק, נאָר עכט ביז אין די קלענסטע פּרטים. טערענצן איז געלונגען אַ גרינגשעצנדע האַנט־באַוועגונג און אַ מילדער, גוטמוטיקער שמייכל פון אַ גרויסער הייך. דאַן האָט ער געלאָזן דערקלערט, די הערן זאָלן האָבן אַ ביסל געדולד. ער וועט יאָהאַנעסעס גורל באַשליסן ערשט דאַן, ווען די געטער וועלן רעדן צו אים דורך זיין דאַימאָניאָן, דורך זיין אינערלעכער שטימע, און אים געבן זייער עצה.

וואַראָ און פיליפּ זענען אָבער געווען זיכער, אַז קנאָפּס׳ פייל האָט געטראָפן אין ציל, און אַז די עצה פון די געטער וועט זיך דעקן מיט זיין פאָרשלאָג.

## 20.

# יאָהאַנעסעס התגלות

יאָהאַנעס איז אינצווישן געזעסן איינגעקאָרטשעט אין זיין צעלע, אָפּגעטיילט פון די אַנדערע פאַראורטיילטע, פול מיט פינסטערניש און פאַרצווייפלונג.

ער האָט געפּרווט זיין האַלטונג אין געריכט, און ער איז געווען אומצופרידן מיט זיך. ער איז נישט געווען ווי איינער פון די גרויסע נביאים, וואָס פלעגן צאָרנען פון זייער גאָט אַרויס און רופן צו תשובה, נאָר ער האָט „פאָרגעשטעלט", ער האָט געשפילט אַ נביא, ער איז געווען אַן אַקטיאָר, אפשר אַן אַקטיאָר פון גאָט, אָבער אין תוך גענומען נישט עפּעס אַנדערש ווי דערדאָזיקער טעפּער. פונקט ווי דערדאָזיקער דעם קייזער, אַזוי האָט ער געשפילט דעם נביא. ווו איז געווען דער אונטערשיד ? אַלע — קאָמעדיאַנטן.

הבל־הבלים. עס רעגירט דער אַנטיכריסט. ער האָט אָנגענומען אַן אויסערסט־געפערלעך געשטאַלט, — דאָס געשטאַלט פון

אַ שוישפּילער, וואָס שפּעקולירט אויף דער נאַרישקייט פון דער וועלט. וואָס פאַר אַ דור! אַ לייבאייגענער מאַכט נאָך אַ קייזער, איין שלעכטער שוישפּילער אַ צווייטן שלעכטן שוישפּילער, און די וועלט לאָזט זיך פירן פאַר דער נאָז פון דאָזיקן טרויעריקן קאָמעדיאַנט, יובלט צו זיין כבוד, מאַכט לכבוד אים פאַרפלייצונגען, וואָס פאַרניכטעט טעמפּלען, שטעט און צולעצט — נאָך אויך די גאַנצע וועלט. וואָס פאַר אַ טריאומוויראַט פון עקל: דערדאָזיקער טעפּער, וואָס מאַלפּעוועט נאָך דעם קייזער; צו זיין רעכטער האַנט דער פעסטער, גרויסמאַניאַקישער פעלדפעבל, און צו זיין לינקער האַנט דער קליינער, כיטרער, פון כבוד-גיריקייט צעפּרעסענער שווינדלער, וואָס שעפּט זיין קראַפט פון דער איבערצייגונג, אַז די מענטשן זענען נאָך נאַרישער, ווי עס האָט זיך געחלומט אפילו דעם גרעסטן סקעפּטיקער. און דאָס עקלדיקסטע: פאַרן דאָזיקן דרייקעפּיקן גיהנום-הונט ליגט די וועלט אויף אַן אמת אין שטויב און אין עקסטאַז.

פאַרוואָס האָט גאָט געשאַפן אַזאַ נעבעכדיקע וועלט? ער האָט וואָרשיינלעך געמאַכט אַ שפּאַס, פּונקט ווי דערדאָזיקער סע. נאַטאָר וואַראָ מאַכט אַ שפּאַס מיט זיין פאַלשן נעראָן. אָבער מיר זענען דאָס טרויעריקע, אָנמעכטיקע ווערקצייג פון דאָזיקן שפּאַס. איך, יאָהאַנעס, און אַלעקסאַי, מיין זון — מיר זענען בלויז נישטיקע שפּילעכלעך. אַך, אַלעקסאַי, מיין יונגער, צערטלעכער, שרעקעוודיקער און דאָך שטאַרקער אַלעקסאַי, צעדעפּטשעט, געוואָרפן אין מיסט, ווי נבלה, זיין בלוט אויסגעגאָסן, ווי זויער-געוואָרן ביר. וואָס איז דער מענטש?

יאָהאַנעס איז געזעסן איינגעקאָרטשעט, און עס האָט אים געוואָרפן פון איובס ליידן און קהלתס ספקות. ער איז אָבער נישט געווען שטאָלץ דערמיט, וואָס ער איז איוב אָדער קהלת, און פון די שמאַטעס פון דידאָזיקעביידע האָט ער זיך נישט צוזאַמענגעשטוקעוועט אַ ניי באַרימעריש קלייד. ער האָט זיך נישט געהאַלטן אַלס בעסער פאַר די אַנדערע בלויז דערפאַר, ווייל ער

האָט מער געליטן און באַוווסטזיניקער אויפגענומען זיין ליידן. איז ער דען אַנדערש, ווי די אַנדערע?

מיר זענען ווי מוראַשקעס — אָדער ווי בינען, איינער נישט אַנדערש פונם צווייטן, אַלע פאַראורטיילט צו טון אונזער אַרבעט, נישט וויסנדיק צוואָס. זיי שלעפּן פלייסיק, די בינען אָדער די מוראַשקעס, שטיקלעך מיסט און אויך האָניק פון בלומען, און ווייסן נישט צוואָס; אַ געהיימנישפולער געזעץ טרייבט זיי, יאָגט זיי אַרום, שפּילט זיך מיט זיי, פאָדערט פון זיי אומענדלעכע מי. קיין איינס פון די דאָזיקע חיהלעך שטעלט נישט פאַר קיין עפּעס פאַר זיך אַליין, יעדעס איז בלויז אַ טייל פון אַ גאַנצקייט, פאַראורטיילט אומצוקומען, ווען עס ווערט אָפּגעריסן פון די אַנדערע, פאַראורטיילט צו אַ טעטיקייט, וואָס זיי ווייסן נישט איר זין, ווען זיי זענען אַלע צוזאַמען. „גיי צו דער מוראַשקע, פוילער", הייסט משלי. צוואָס? וואָס וועסטו געווינען, אַז דו וועסט איר שוין נאָכטון? נאָר דאָס גוטע קומט אום. דאָס שלעכטע אָבער איז אייביק. נעראָן איז אומשטערבלעך.

יאָהאַנעס האָט גענומען טיפער גריבלען. ער האָט געפרעגט זיין גאָט: „פאַרוואָס איז די וועלט געפאַלן אַ קרבן פון נאַראָנים און געצנדינער?" און ער איז דערשראָקן געוואָרן, ווייל ער האָט געהאַט אַ התגלות. ער האָט געהערט די שטים פון זיין גאָט, וואָס האָט אים געהיימנישפול געגעבן אַן ענטפער. „די שאַפונג", האָט ער אים געזאָגט, „ווערט אַלט און האָט פאַרלוירן די יוגנט. איך האָב באַשלאָסן זי צו באַנייען".

יאָהאַנעס איז פאַרזונקען אין דער געהיימניש פון דאָזיקן ענטפער. וויסטע טרוימען האָבן אים באַזוכט, וויזיעס פון אונטערגאַנג פון דער אַלט-געוואָרענער וועלט. אָך, די וועגן זענען אין זיין צייט געוואָרן שמאָל, טרויעריק און מיזאַם. דאָס ערגסטע אָבער איז געווען דער איבערגאַנג פון זיין וועלט-תקופה אין דער נאָענטסטער; ווייל דער איבערגאַנג — אָט וואָס עס איז דער גרויסער יום-הדין.

ער איז אַלץ טיפער געזונקען אין די שווידערלעכע ווירזיעס פון דאָזיקן גרויסן יום-הדין, און ער האָט זיך געזעטיקט ביז אומ-דערטרעגלעכקייט מיט איר פּיין. קיינער, האָט ער געזאָגט צו זיך, וואָלט קיין איין מינוט נישט געקאָנט רויִק אָטעמען, ווען ער זאָל וויסן, וואָס אים שטייט פאָר. נאָר דאָס פי קאָן פריילעך זיין; ווייל עס וואַרט נישט דערויף קיין געריכט. אפילו איך זאָל באַ-גנעדיקט ווערן צום אייביקן גליק, וואָס וועט עס מיר נוצן, אויב איך בין פריִער אויסגעשטאַנען די טאָרטורן פון דאָזיקן אומדער-טרעגלעך-פיינלעכן געריכט. אָרימער דור, פאַרמשפּטער דור, וואָס וואַרט רעגירט דורכן אַנטיכריסט און זיין מאַלפּע.

## 21.

## הבל-הבלים

אין דידאָזיקע טרוימען זיינע איז אַריינגעטרעטן עפּעס גאַנץ ממשותדיקס — אַ לאַנגער, אַ דינער הער, אין אַ גרויען מאַנטל, וואָס האָט אים אינגאַנצן איינגעהילט. „שטייט אויף, יאָ-האַנעס פון פּאַטמאָס", האָט געזאָגט דער פאַרהילטער, „און קומט מיט מיר". „האָט מען אייך געשיקט מיך אומצוברענגען?" האָט יאָהאַנעס געפרעגט. „טאָ פאַרוואָס-זשע זענט איר אַזוי העפלעך?" און פּלוצלינג, מיט גרימצאָרן, האָט ער אויסגעשריגן: „שנעלער, דו יונג. דערלאַנג דעם קלאַפּ, עס זאָל ענדלעך אַ סוף נעמען".

„איך בין נישט דער תּלין", האָט געזאָגט דער לאַנגער הער און פאַרלוירן באַטראַכט די אייגענע הענט. „איך וויל אייך פון דאַנען אַרויספירן, מיין יאָהאַנעס, און אייך געבן פערד און פּעַ-סער און באַגלייטער, וועלכע וועלן אייך ברענגען אין אַ זיכער אָרט".

יאָהאַנעס האָט געקוקט אויפן לאַנגן הער מיט געטיילטע

געפילן. מאַכט דאָ איינער חוזק פון אים? און אויב ער זאָגט דעם אמת, אויב ער איז טאַקע געקומען, כדי צו ראַטעווען אים דאָס לעבן, זאָל ער אָננעמען אָדער נישט? עס איז געווען גוט נאָכן אונטערגעצויגענעם סך־הכּל. וואָס עס זאָל אים נישט דערוואַרטן אויף יענער וועלט, — יעדע פּיין איז בעסער אַלס די קליינלעכ־קייט און נישטיקייט פון דערדאָזיקער וועלט דאָ אונטן. ער האָט דעם פּאַרלאָקער געוואָלט זאָגן ניין, ער האָט אים מיט חוזק גע־וואָלט ווייזן די טיר.

פלוצלינג איז אים אָבער איינגעפאַלן אַ נייע אידעע. צי דען איז דאָס בלויז אַ צופאַל, וואָס גאָט האָט אים געשיקט דעם אויסטערלישן, דעם פּאַרהילטן גלייך נאָך די וויסטע און גרויסאַר־טיקע וויזיעס פון דערדאָזיקער נאַכט? אפשר איז דאָס אַ צייכן? עס איז זיכער אַ צייכן. גאָט וויל, ער זאָל לעבן, ער זאָל אויפ־שרייבן די איינמאָליקע וויזיעס פון דערדאָזיקער נאַכט און זיי ברענגען צו די מענטשן. צי דען שטעקט נישט אין יעדן נביא אַ שטיק שוישפּילער? אים האָט גאָט געמאַכט פּאַר אַ שוישפּילער, אין וועלכן עס שטעקט אַ שטיק נביא. איצט איז געקומען די צייט, ווען פון שוישפּילער וועט זיך אַרויסרייסן די נביאות. יאָהאַנעס האָט דערקענט זיין מיסיע.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין נאַרע, איז צוגעגאַנגען צום אומבאַקאַנטן. „איר שמעקט מיט אַריסטאָקראַטיזם, מאַן", האָט ער געזאָגט. „ווער זענט איר? ווער האָט אייך געשיקט? ווער איז פּאַראינטערעסירט אַרויסצורייסן מיך מיט לעבנס־געפאַר פון די הענט פון דער געמיינער באַנדע?" „צוואָס ווילט איר דאָס וויסן?" האָט דער צווייטער געפרעגט, און זיין לאַנג, בלאַס פּנים האָט אַ צוק געטון. „איז דען נישט גענוג פּאַר אייך צו וויסן, אַז עס איז דאָ איינער, וואָס האָט אַן אינטערעס אין דעם? צי דען קאָנט איר זיך נישט פאָרשטעלן, אַז אויך אין דערדאָזיקער פאַר־פּעבלטער, פאַרחיהשטער וועלט זענען נאָך אפשר דאָ אַ פּאָר מענטשן, פאַר וועלכע עס איז אומדערטרעגלעך דער געדאַנק, אַז אַ שטיק פּי ווי קנאָפּס זאָל שלעפן אויף דער צירק־אַרענע אַ יאָ־

האַנעס פון פּאַטמאָס, כּדי צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן זיין ערב-רב ?"
און שטיל, פּשוט — און דאָס האָט דעם שוישפּילער איבערצייגט
אין יענעמס ערלעכקייט — האָט ער צוגעגעבן : „פאַר מיר איז
דאָס אומדערטרעגלעך".

יאָהאַנעס איז ווידער געזעסן איינגעהויקערט אויף זיין
נאַרע. „דאָס איז באמת אויסטערליש", האָט ער זיך געוווּנדערט,
רעדנדיק גיכער פאַר זיך, ווי צו יענעם. „איך האָב תּמיד גע-
מיינט, אַז איך בין דער איינציקער, וואָס איז אַזוי פאַרנאַרט אין
דער קונסט. אגב, איר מעגט וויסן זיין, מיין ליבער", האָט ער
ווייטער גערעדט, „אַז עס איז לחלוטין נישטאָ קיין סיבה צו
שטאָלצירן מיט דערדאָזיקער קונסט-באַגליקטקייט. איר מעגט מיר
גלייבן, איך האָב אויף דעמדאָזיקן געביט גענוג דערפאַרונגען.
דאָס איז אַ פאַרשאָלטן צווייִדייטיקע, זינדיקע, גאַווהדיקע אייגנ-
שאַפט, — מען דאַרף זיך אָפּגעוווינען פון איר. דאָס איז אַ
קראַנקהייט ; ווער עס האָט זי, טראָגט קינס צייכן".

ער איז שטיל געוואָרן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער ווי-
דער אָנגעהויבן, אינטים : „פרעמדער מאַן, איר שטעלט מיך פאַר
אַן אומאָנגענעמען אויסוואַל. אפשר האָט מיך גאָט געפּאָדערט צום
געריכט, און עס וואָלט געווען אַ זינד, ווען איך זוך מיטלען זיך
אַרויסצודרייען. אָבער עס קאָן אויך זיין, אַז גאָטס ווילן איז, איך
זאָל ווייטער לעבן און קעמפן קעגן דער חיה, דעם אַנטיכריסט.
איך האָב דאָ געהאַט געוויסע וויזיעס, און עס איז אפשר ווערט
די מי זיי אויפצושרייבן און ברענגען זיי דער וועלט, כּדי זיי
זאָלן נישט אונטערגיין מיט מיר. ווער קאָן דאָס וויסן ? יעדנ-
פאַלס, פרעמדער הער, היט זיך מיך צו באַוווּנדערן דערפאַר,
ווייל איך בין אַ קינסטלער. אייער באַוווּנדערונג וואָלט וואָרשיינ-
לעך נישט געווען בעסער ווי די באַוווּנדערונג פונם המון, וואָס
ליגט אויפן בויך פאַרן טעפער, נעראָנס מאַלפּע, ווייל דערדאָזי-
קער טעפער האָט געבראַכט אַ לעכערלעכע פאַרפלייצונג אויף אַ
לעכערלעכער שטאָט, כּדי צו רעציטירן די דילעטאַנטישע פערזן
פונם עכטן נעראָן".

דער אַנדערער האָט פרייער אָפגעאָטעמט. „אַנטשולדיקט", האָט ער געזאָגט, „אויב איך וועל אייך נישט פאָלגן אינגאַנצן. איך הער בלויז, אַז איר האָט זיך אַנטשלאָסן צו לעבן און די פרייד צוליב דעם פאַרטרייבט פון מיר יעדן אַנדערן געדאַנק. איר באַפרייט מיך פון אַ גרויסער לאַסט".

ער האָט זיך געוואַקלט. דאַן האָט ער ווידער אָנגעהויבן: „דערלויבט מיר אַ בקשה. דאָס, וואָס איך טו פאַר אייך, איז נישט אָן געפאַר. דאָס, וואָס איך וויל פון אייך בעטן, איז פאַר מיר זייער אַ סך, און אייך וועט עס נישט זיין שווער".

„רעדט", האָט יאָהאַנעס געזאָגט.

„איר וועט אַ צייט-לאַנג מוזן לעבן ווייט פון מענטשן", האָט דער אומבאַקאַנטער געזאָגט. „ווער ווייסט, ווען מיר וועלן ווי-דער קאָנען הערן די נשמהדיקסטע שטים פון דער גריכישער בי-נע. איז עס אפשר צו פיל, ווען איך בעט אייך, צו רעציטירן פאַר מיר נאָכאַמאָל די גרויסע רעדע פון „עדיפּוס"?"

און דאָ איז דער שוישפּילער יאָהאַנעס באַגאַנגען די גרעס-טע זינד פון זיין לעבן און ער האָט זיך געלאָזט באַוועגן צו דער נישטיקסטער פון זיינע נישטיקייטן. ער האָט נעמלעך נישט רעצי-טירט די פערזן פונם „עדיפּוס", נאָר די ווידזיעס פון דערדאָזיקער נאַכט, די ווידזיעס פון זיין פיין, פון זיין צווייפל, פון זיין צע-בראָכנקייט און פון זיין תשובה-טון, — און אַזוי אַרום האָט ער געמאַכט ווערטלאָז פאַר גאָט זיינע ווידזיעס, זיין פּיין, דעם טויט פון זיין זון און זיינע אייגענע ליידן.

דאַן איז ער פאַרשוווּנדן אין דער נאַכט, אין דער וויסטע, אין נייעם קאַמף.

## 22.

# צווישנבילאנס

קנאָפּס איז אַרויס פון די כּלים. ווען יאָהאַנעס איז פאַרשווונדן, ער האָט געאַנט, אַז וואַראָ אָדער קעניג פיליפּ האָבן אַ חלק אין דעם, אָבער פאַר דידאָזיקע ביידע האָט ער געהאַט צו קורצע הענט. דערפאַר האָט ער מיט מער הנאה גענומען נקמה פאַר יאָהאַנעסעס אַנטלויפן אין די איבעריקע קריסטן. כּדי דורכצופירן זיין פּלאַן פון אַ גרויסער קינסטלעכער פאַרפלייצונג, אין וועלכער דידאָזיקע מענטשן זאָלן אומקומען, האָט ער פאַרווענדט די בעסטע טעכניקער און די קונציקסטע מאַשינען. די צושויער פון די צירק-שפּילן, וועלכע האָבן געפייערט דעם זיג פון נעראָנס גערעכטער זאַך איבער די פאַרברעכערישע פּלענער פון אוזורפּאַטאָר טיטוס, האָבן זיך נישט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן; און מיט דער זעלבער שפּאַנונג, מיט וועלכער קינדער קוקן זיך צו ווי מען דערטרינקט יונגע הינטלעך, האָבן זיי זיך צוגעקוקט, ווי די קריסטן ווערן דערטרונקען. די פאָרשטעלונג האָט געדויערט ביז טיף אין דער נאַכט, און כּדי צו באַלויכטן די אַרענע, האָט מען באַנוצט אַ געוויסע צאָל פאַרברעכער, באַשמירטע מיט סמאָלע און איינגעוויקלט אין פאַקולעס, אַלס „לעבעדיקע פאַקעלן". דערדאָזיקער לעצטער, אָריגינעלער פּרט פון דער פאָרשטעלונג האָט שיִער נישט געווירקט שטאַרקער פון דער פאָרשטעלונג גופא. די „לעבעדיקע פאַקעלן" האָבן געמאַכט אַן איינדרוק נישט נאָר אויפן צווישנשטראָמלאַנד, נאָר אויך אויף דער גאַנצער רוימישער אימפּעריע און זענען לאַנג געבליבן אין זכרון פון דער מענטשהייט, וועלכע האָט אַ סך שנעלער פאַרגעסן אַ סך וויכטיקערע געשעענישן אַרום דעם עכטן און דעם פאַלשן נעראָן.

ביי דידאָזיקע צירק-שפּילן זענען אומגעקומען ביי אַן אַכט הונדערט מענטשן, – נישט גאָר קיין גרויסע צאָל. יעדנפֿאַלס, פֿאַר וואָראָס אידעע, פֿאַר זיין קאַמף וועגן די זעקס טויזנט סעסטער־ציעס, אָדער, אויב מען וויל, פֿאַר זיין אידעע צו פֿאַרשמעלצן דעם מזרח מיטן מערב, זענען שוין געהאַט געשטאָרבן מערערע טויזנטער מענטשן; צוליב זיין שפּיל איז געקומען אַ סך עלנט אויף סיריע און דעם צווישנשטראָמלאַנד, און איידער זיין שפּיל איז פֿאַר־ענדיקט געוואָרן, זענען געשטאָרבן פֿאַר איר נאָך אַ סך מער מענטשן, נאָך אַ סך מער עלנט איז געקומען איבערן לאַנד.

# דאָס דריטע בוך

## באַרג-אַראָפּ

# 1.

## פֿאַרנונפֿט און קריגס־גליק

גובֿערנאַטאָר צעיאָן האָט געלייענט און געהערט די באַ־ריכטן וועגן דעם, וואָס עס קומט פֿאָר בײַ דער פּרת־גרענעץ, און זײַן דערשטוינונג איז נאָך גרעסער געווען פֿאַר זײַן צאָרן. איז דאָס מעגלעך? איז שוין מינערוואַ, די געטין פֿון פֿאַרנונפֿט, לגמרי פֿאַרשוווּנדן פֿון דער וועלט? ווי אַזוי האָט אַזאַ נאַרישער פּאַרס, ווי די פֿאַרפֿלייצונג פֿון אַפּאַמעאַ, געקאָנט צעבונטעווען אַ גאַנצע פּראָווינץ? זענען טאַקע דאָ מענטשן, וואָס גלייבן, אַז ער, צעיאָן, האָט פֿאַרפֿלייצט אַ הייליקטום פֿון דער „געטין סיריע", כּדי זיך „נוקם צו זײַן" אין אַ פּאָר נעבעכדיקע אײַנגעבוירענע? זענען נאָך דאָ מוחות, וועלכע מען קאָן פֿאַרדרייען מיט אַזאַ גראָבן שווינדל, ווי די מעשה מיטן „סיגנאַל"? די דעפּעשן פֿון דער גרענעץ ענט־פֿערן אויף דידאָזיקע פֿראַגן מיט אַ יאָ. די באַריכטן פֿון מעסאָ־פּאָטאַמיע ווײַזן אים: וואַראָ האָט דעם ריכטיקן מעטאָד; וואָס מער איינער בויט אויף דער נאַרישקייט פֿון דער וועלט, אַלץ זי־כערער איז זײַן דערפֿאָלג.

דידאָזיקע דערקענטעניש האָט אים באַזונדערס טיף גע־קרענקט דערפֿאַר, ווײַל ער האָט נישט געזען קיין מעגלעכקייט ווירקזאַם צו באַקעמפֿן דעמדאָזיקן שווינדל. שיקן קיין מעסאָפּאָטאַ־מיע מיליטער קאָן ער נישט — דאָס הייסט ריזיקירן אַ קריג מיט די פּאַרטער. פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט אַרטאַבאַנען וועגן לאָזן פֿאַלן דעם פֿאַלשן נעראָן קאָן ער אויך נישט — ער האָט דאָך נישט אָנערקענט אַרטאַבאַנען. פֿירן אונטערהאַנדלונגען האָט ער געקאָנט בלויז מיט פּאַקאָרן, אָבער דערדאָזיקער האָט געהאַט ווינ־

ציק מאַכט אויף צו צעשמעטערן „נעראָנען". עס איז געווען אַ פאַרכישופטער קרייז.

זיינע קוריערן זענען געפאָרן איבערן ים, זיך געאײַלט קיין רוים. אָבער די אינסטרוקציעס פון פּאַלאַטין זענען געווען גאָרנישט־זאָגנדיק, אָפּשלעפּעריש. כל־זמן דער שווינדלער באַאומרויִקט די גרענעצן פון סיריע, אָבער נישט די הויפּטשטאָט, זאָל זיך צעיאָן באַשרענקען מיט פאַרטיידיקן זיך און פאַר קיין פאַל נישט ריזי־קירן קיין קריג מיט די פּאַרטער. פּאַרטרויליך האָט מען אים מודיע געווען, אַז דער קייזער געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון וואַקסנ־דער לעטאַרגיע; קוים עס איז אַרויסצוקריגן פון אים אַנטשיידונ־גען, אונטערשריפטן. ביי אַזאַ לאַגע קאָן מען נישט ריזיקירן קיין ערנסטע סכסוכים מיט די פּאַרטער, שוין אָפּגערעדט פון אַ קריג.

דידאָזיקע פּאָליטיק איז געווען פאַרנונפטיק, אָבער גלייכצייטיק — אומווירדיק. ער איז אַ באַלעבאָס איבער זיבן אַרמיי־קאָרפּוסן, און דאָך מוז ער צוזען מיט געבונדענע הענט, ווי נעראָנים און שווינדלער רייסן זיך אַריין אין דער שפּיץ פון באַרבאַרן־מחנות אין זיינע שטעט, רויבן זיי אויס, רייסן אַראָפּ די רוימישע אָדלערס און פענער, צעטרעטן זיי און פאַרבייטן זיי מיט די פענער פון שווינדלער.

קריצנדיק מיט די ציין האָט ער געמוזט איינזען, אַז מינערוואַ איז אַ שטרענגע געטין, וועלכע פאָדערט פון אירע אָנהענגער געדולד, געדולד און געדולד. פאַרנונפט איז אומפּאָפּולער. די מאַסן קרוינען מיט דערפאָלג דעם אומפאַרנונפטיקן; דעם פאַרנונפטיקן פאַרשפּעטן זיי אַלס פחדן; דערביי קאָסט דאָס אָנגרייפן גאַנץ ווייניק מוט; דאַקעגן, דאָס אַריבערטראָגן די אַרויספאָדערונג און די זידלעריי, דאָס אָפּוואַרטן ביז די צייט איז רייף פאַרן שפּעטן לוין — דאָס קאָסט מוט און די גרעסטע גבורה: דאָס גובר זיין זיך אַליין. ער מוז איצט לערנען זיך גובר צו זיין, ער מוז גיין אין דער ביטערער שולע פון דער חכמה. ווייל ווי עס שיינט, וועט זיך דער פאַלשער נעראָן נישט אַזוי לייכט לאָזן באַזייטיקן. ער

אָרדנט זיך איין אַלץ פעסטער אויף די סירישע גרענעצן. די קליינע פאָרטן ביים טייך פרת פאַלן איינער נאָכן צווייטן אַריין אין זיין האַנט.

צעיאָנס אָפיצירן זענען געווען אומצופרידן. דער שטענדיקער פאַרטיזאַנען-קאַמף ביי די גרענעצן האָט זיי געקרענקט ביזן ביין. עס איז געווען לעכערלעך צוצוזען מיט פאַרלייגטע הענט, ווי אַ הויפן באַנדיטן שפּילט זיך מיט דער וועלט-אימפּעריע. אַ סך האָבן אָפן געזאָגט, אַז אויב עס וועט ווייטער אַזוי גיין, וועלן זיי ליבערשט אַריבערגיין אויף דער זייט פון פּרעטענדענט נעראָן, ווער ער זאָל נישט זיין.

דער פאַקט, וואָס צעיאָן דערוועגט זיך נישט אַריבערצוגיין דעם טייך פרת, האָט אַלץ דרייסטער געמאַכט נעראָנס פעלד-מאַרשאַל, טרעבאָנען. ענדלעך איז ער צוגעטרעטן צו באַדראָען די פעסטונג זורא, וואָס האָט באַהערשט דעם מיטל-לויף פון טייך פרת. ער האָט קאָנצענטרירט מיליטער אויפן רעכטן ברעג צפון-זייט פון זורא, אויפן לינקן ברעג האָט ער געמאַכט באַפעסטיקונגען, צוגעפירט קאַטאַפולטן און שטויס-באַלקנס, — ער האָט גענומען אָן קאַטאָוועס באַלאַגערן די פעסטונג.

גענעראַל אָופיד, דער קאָמאַנדיר פון דער דרום-טייל, האָט אפילו געהאַט דעם ווילן — אין הסכם מיט דער ביטערער אינסטרוקציע פון אַנטיאָכיע — צו באַגרענעצן זיך אויף דעפענסיווע. אָבער צי קאָן מען דען רויִק צוזען, ווי מען גלייכט אויס אַרום און אַרום די בערגלעך, ווי מען בויט באַפעסטיקונגען, ווי נע פירט צו באַלאַגערונגס-מאַשינען און מאַטעריאַלן פאַר אַ פאַנטאָ-בריק? צי איז דען נישט די פליכט פון אַ געוויסנהאַפטן אָפיציר רעכטצייטיק צו שטערן אַזאַ מין באַלאַגערונגס-אַרבעט, כל-זמן דער אָפּווער פאָדערט נאָך רעלאַטיוו ווייניק כוחות? און אויב ער דערפילט זיין פליכט, מוז דאָס גלייך הייסן אָנגריף און נישט — פאַרטיידיקונג?

גענעראַל אָופיד האָט דאָס גערופן — פאַרטיידיקונג, און ער איז מיט שטאַרקע כוחות בליץ-שנעל אַריבער דעם טייך פרת,

פאַרניכטעט טרעבאָנס באַפעסטיקונגען און מאַשינעס, צוגעגאַנגען ביזן טייך בעליכוס. אויפן צווייטן ברעג פון דאָזיקן טייך זענען געשטאַנען פאַרטישע פאַנצער-רייטער, עליטע-מיליטער, אַ האַלב פולק קאַוואַלעריע. ווי די רוימער — און אויך צוליב די זעלבע מאָטיוון — האָבן זיי אויך געהאַט אַן אינסטרוקציע צו באַשרענקען זיך אויף דעפענסיווע. זיי האָבן נישט אָנגעגריפן, אָבער זענען געשטאַנען אייזן-שטאַרק, געוואַלטיק.

פולקאָוויניק פראָנטאָ איז געטריבן געוואָרן פון פאַכמענישן גייגיר צו באַטראַכטן טרעבאָנס באַלאַגערונגס-צוגרייטונגען. אויס־נוצנדיק די אויסטערלישע נייטראַליטעט, וואָס עדעסאַ האָט נאָך אַלץ אָפּגעהיטן לגבי אים, האָט ער מיט וואָראָס אונטערשטיצונג באַקומען אַ פּאַסירשיין. און יענעם פרימאָרגן, ווען אופּיד האָט געמאַכט זיין אָנגריף, איז פראָנטאָ, אַ נייגיריקער רייזנדער, געריט אויף אַ שפּאַציר אין דער געגנט פון זוראַ, און אויף אַ קליין בערגל אין מערב-זייט פון בעליכוס האָט ער זיך פּאַראייניקט צו טרעבאָנס אַ קליינער אָפּטיילונג, רוימיש מיליטער פון עדעסאַ (אונ־טער דער אָנפירונג פון אַ געוויסן אָפיציר לוציוס), וואָס אופּידס אָנגריף האָט פאַריאָגט אַהער.

פולקאָוויניק פראָנטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן קליינעם בערגל, זיך צוגעקוקט, געזען. דאָס פלאַכלאַנד פאַר אים איז גע־לעגן אין נעפּל, אופּידס אָנגריף, די אַקציעס פון זיין און פון קעגנערס מיליטער האָבן פאַרוואַנדלט די גאַנצע געגנט אין אַ שטויב־וואָלקן, אין וועלכן עס האָבן זיך באַוועגט אומדייטלעכע מאַכן. פראָנטאָ אָבער האָט געהאַט אַ שאַרף אויג און געזען גענוג. ער האָט געזען, אַז אופּידס אָנגריף האָט געשאַפן אַ סיטואַציע, ווי ער האָט זי באַשריבן אין זיין „לערנבוך פון דער קריגס-קונסט", — אַ געוויסע טאַקטישע סיטואַציע, וואָס מאַכט מעגלעך דער אַרמיי ב., אין דאָזיקן פאַל טרעבאָנען, אָפּצושניידן פון זיין באַזיס, אין דאָ־זיקן פאַל די פעסטונג זוראַ, דעם קעגנער א., אין דאָזיקן פאַל אופּידן. אויב דאָס גליק שפּילט צו, איז די פעסטונג, אָפּגעשניטן פון אירע בעסטע כוחות, רייף צום שטורעמען. דער אומפעיִקער

טרעבאָן האָט נאַטירלעך נישט שטודירט דאָס „לערנבוך", במילא האָט ער נישט געזען די גרויסאַרטיקע מעגלעכקייט און זי נישט געקאָנט אויסנוצן.

פראַנטאָס האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. דאָ איז געווען אַ געלעגנהייט פּאַקטיש צו באַווייזן די ריכטיקייט פון איינער פון זיינע דרייסטע טעאָריעס פון זיין לערנבוך, — אַ טעאָריע, וועלכע די קעגנער זיינע האָבן באַצייכנט אַלס פרעך. דאָס מיליטער פון אופיד שטייט נאָך אויף יענער זייט פון טייך בעליכוס. ווייטער וועלן זיי נישט גיין. זיי וועלן נישט אָנגרייפן די פּאַרטער. זיי האָבן דערגרייכט זייער ציועק, זיי האָבן צעשטערט די באַפעסטיקונגען און די מאַשינעס, זיי וועלן זיך צוריקציִען קיין זורא, צופרידן און אין אָרדענונג, מיט אַ ביסעלע קריגס-רויב. איצט וואָלט מען געמוזט ווערן טעטיק, מען וואָלט געמוזט, הגם מען פאַרמאָגט דערצו לעכערלעך-שוואַכע כוחות, זיי אָנגרייפן אין רוקן, און גלייכצייטיק מיט די הויפּט-כוחות מאַכן אַ דרוק אויף ביידע פליגלען. דאָס איז אַ געלעגנהייט, נאָך וועלכער ער האָט אַ לעבן-לאַנג געבענקט, זי וועט זיך שוין קיין צווייט מאָל נישט איבער-חזרן. נאָך צען מינוט וועט מען זי קאָנען אויסנוצן, דידאָזיקע געלעגנהייט, נאָך פינף מינוט; ווייל דאַן, אין צען מינוט אַרום, און אפשר שוין אין פינף מינוט אַרום, וועלן זיי בלאָזן אויף „לאַנגזאַמען צוריקמאַרש", און דאַן וועט שוין זיין צו שפּעט.

פראַנטאָ איז געזעסן אומבאַוועגלעך אויף זיין פערד, מיט אַ רויִק פּנים, הגם דאָס גאַנצע וועזן זיינס איז געווען — שפּאַנונג. „רויִק, פראַנטאַ", האָט ער זיך באַפוילן. „מאַך נישט קיין נאַרישקייטן, פראַנטאָ. ביסט אַלט געוואָרן אַכטאונפערציק יאָר און ביסט געבליבן פאַרנונפטיק: בלייב עס אויך דאָס מאָל. בלייב עס אויך נאָך צען אָדער פינף מינוט. שטעל נישט אין סכנה די שיינע צייט, וואָס וואַרט אויף דיר, און דיין גוטע עלטער".

ווען פראַנטאָ האָט דאָס געטראַכט, איז געווען זיבעצן מינוט פאַר עלף אַ זייגער. פופצן מינוט פאַר עלף האָט ער זיך געווענדט צום יונגן אָפיציר, וואָס האָט קאָמאַנדירט מיט דער אָפּ-

טיילונג: „לייטענאַנט לוציוס, איר האָט גוטע אויגן? צי קאָנט איר זען דורכן שטויב, וואָס דאָ קומט פאָר?" „איך האָב גוטע אויגן, פּאָלקאָווניק פראַנטאָ", האָט ער געענטפערט. „צי זעט איר דאָס", האָט פראַנטאָ געפרעגט, „און דאָס, און דאָס?" און אין גרויס איילעניש, אָבער זייער פרעציז, האָט ער אים דערקלערט די סיטואַציע. ער האָט אָנגעטראָפן נישט אויף קיין נאַר, לייטענאַנט לוציוס האָט פאַרשטאַנען. ער האָט באַגריפן דאָס איינמאָליקע פון דער געלעגנהייט, גליקלעך, אויפגערודערט האָט ער דעם פּאָלקאָווניק געקוקט אין מויל אַריין. „לייטענאַנט לוציוס, צי ווילט איר מיר אָנטרויען אייערע זעלנער?" האָט אים געפרעגט דער פּאָלקאָווניק, און אין זיין פראַגע איז געווען אַזוי פיל באַפעל און סוגעסטיע, אַז לוציוס האָט אָן וואַקלעניש געענטפערט מיט דער דינסט-פאָרמול: „איך געהאָרך". „רייט צו צום גענעראַל טרעבאָן", האָט פראַנטאָ ווייטער באַפוילן. „דערקלערט אים די סיטואַציע. בעט אים, ער זאָל מיט זיין גאַנצער מאַכט מאַכן אַ דרוק אויף ביידע פליגלען. אויב איר וועט אים קאָנען קלאָר מאַכן, וואָס דאָ קומט פאָר, דאַן, לייטענאַנט לוציוס, וועלן מיר, איך און איר, פאַרענדערן די אימפּעריע אויף אייניקע יאָר". „איך געהאָרך, פּאָלקאָווניק פראַנטאָ", האָט ער דערווידערט. „מאַרס און נעראָן", האָט ער אויסגערופן דעם פאַראָל פון טאָג און אַוועקגעגאַלאָפּירט.

אַלץ איז צוגעגאַנגען פונקט אַזוי, ווי פראַנטאָ האָט פרעציזירט אין זיין „לערנבוך". עס איז באמת געווען מער ווי דרייסט מיט אַזעלכע שוואַכע כוחות צו ריזיקירן אַ רוקן-אָנגריף. אָבער אין הסכם מיטן „לערנבוך" זענען זיי גענוג געווען אויפצוהאַלטן דעם קעגנער די צען מינוט, וועלכע זענען נייטיק געווען. לוציוס איז געווען קלוג און ענערגיש, טרעבאָן — אַ מיליטערמאַן מיט גרויס דערפאַרונג און ראַשן אַנטשלוס. אין איין מינוט האָט ער גובר געווען דעם האַס און אומצוטרוי צו פראַנטאָן און האָט אין דער ריכטיקער צייט אַרויסגעגעבן די נייטיקע באַפעלן.

די פאַרלוסטן פון נעראָנס מיליטער זענען געווען זייער

קנאַפּ אין דערדאָזיקער אַנטשיידנדער קאַמף־אַקציע. ערנסטע פֿאַרלוסט האָט געהאַט בלויז יענע קליינע אָפּטיילונג, מיט וועלכער פֿולקאָווניק פֿראָנטאָ האָט אונטערגענומען דעם רוקן־אָנגריף. פֿראָנטאָ אַליין איז ביז דער לעצטער מינוט געבליבן גאַנץ. ערשט ווען דער זיג פֿון נעראָנס מיליטער איז שוין געווען זיכער, האָט אים געטראָפֿן אַ פֿייל.

ער האָט געזיגט. די פֿון אים געפֿונענע לעזונג פֿון אַ באַזונדערס־אינטערעסאַנטן פּראָבלעם האָט זיך באַשטעטיקט, איר ריכטיקייט איז דערוויזן, מען וועט מסתמא אייביק רופֿן זיין מעטאָד — „פֿראָנטאָס טאַקטיק". אָבער וואָס האָט ער באַצאָלט פֿאַרן דאָזיקן „זיג"? זיין רויִקע עלטער איז פֿאַרלוירן, זיין „לערנבוך" וועט שוין קיינמאָל נישט פֿאַרענדיקט ווערן, טויזנט, אָדער לאָמיר בלייבן ביים אמת: צוויי ביז דריי הונדערט אָנגענעמע נעכט מיט מאַרציאַן וועלן נישט זיין, אַ סך אַנדערע זאַכן וועלן נישט זיין. אָבער נעראָן וועט זיך קאָנען האַלטן אַ ביסל לענגער, און אין די קריגס־אַקאַדעמיעס וועט מען רעדן וועגן דער „פֿראָנטאָטאַקטיק".

ער איז געווען אַ נאַר. אַכטאונפֿערציק יאָר: ער וואָלט געקאָנט לעבן נאָך דרייסיק. פֿאַרשאָלטענער מזרח. וואָס גייען אים אָן „נעראָן" און זוראַ? ער האָט זיך נישט באַדאַרפֿט לאָזן אָנשטעקן פֿון דער זינלאָזער אַקטיוויטעט פֿון די אַרומיקע נאַראָנים.

ווען וואַראָ האָט געהערט וועגן זיג ביי זוראַ און וועגן פֿראָנטאָס טויט, איז אים געוואָרן הייס און קאַלט. האָט זיך, הייסט עס, אויך פֿראָנטאָ, דער קילער, אויסגערעכנטער פֿראָנטאָ, געשטעלט אָפּן אויף זיין זייט. צוגעשטאַנען צו אים און געשטאָרבן. דאָס איז געווען אַן אָפּחוזקנדער וויץ פֿון גורל: ער האָט אים געשענקט דעמדאָזיקן פּריינט און די וויכטיקסטע גרענעץ־פֿעסטונג זוראַ, אָבער גלייכצייטיק האָט ער ביי אים אָפּגענומען דעם פֿריינט, דעם איינציקן, וואָס האָט אים פֿאַרשטאַנען. און מיט וואַראָן איז געשען אַ זאַך, וואָס פֿלעגט מיט אים געשען זייער זעלטן: ער

האָט חרטה געהאַט. ער האָט חרטה געהאַט, וואָס ער האָט נישט גענאָסן טיפער דידאָזיקע פריינטשאַפט. אים איז אַ שאָד געווען יעדע שעה, וואָס ער האָט מיטן טויטן געקאָנט פאַרברענגען און ער האָט עס דורכגעלאָזט.

און נישט נאָר פאַר אים אַליין איז געשטאָרבן אַ פריינט. וואָס וועט ווערן איצט מיט מאַרציאַן, ווען פראָנטאָ לעבט נישט מער?

איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו באַזוכן די טאָכטער, איז שוין געקומען צו אים איר קאָמערדינערין, פול שרעק. די קייזע־רין פירט זיך אויף אַזוי אויסטערליש. דאָס, וואָס זי האָט געזען און געהערט, קאָן זי קיינעם, אַ חוץ וואַראָן, נישט אָנטרויען. ווען מאַרציאַ האָט זיך דערוווּסט וועגן פולקאָווניק פראָנטאָס טויט האָט זי באַקומען אַ לאַך־קראַמף. דאַן, אין אַ לאַנגער ווײַלע אַרום, ווען דער לאַך־קראַמף איז אַריבער, האָט זי זיך פאַרשלאָסן אין איר צימער, עסט נישט און ענטפערט נישט. אָבער זי רעדט מיט זיך אַליין. „און וואָס רעדט זי?" האָט וואַראָ דערמוּנטערט דאָס מיידל צו רעדן. „אָט וועגן דעם גייט עס דאָך", האָט דאָס מיידל געענטפערט. „איך דערוועג זיך נישט עמעצן אַרײַנצולאָזן אין בע־בענדיקן צימער. זי רעדט אַזוי אויסטערליש. עס איז אַזוי אומאָנ־שטענדיק. איך פאַרשטיי נישט אַלץ, אָבער מען קאָן זיך גאָר־נישט פאָרשטעלן, אַז די קייזערין זאָל אַזוי אומאָנשטענדיק רעדן".

וואַראָ איז אַריבערגעגאַנגען צו דער טאָכטער. ריכטיק, דורך דער פאַרשלאָסענער טיר זענען געקומען ווערטער. אויסגעע־לאַסענע ווערטער. ציניש ליבע־נעמען. דאָס זענען געווען די ווערטער, וועלכע דער טויטער האָט געגעבן מאַרציאַן אין די ליבע־שעהן. מאַרציאַ האָט זיך געצערטלט מיט איר טויטן גע־ליבטן: דער טויטער האָט צו איר גערעדט אויף זיין אַרט, און זי האָט אים געענטפערט אויף זיין אַרט.

מען האָט געמוזט אויפברעכן די טיר. אָבער ווען וואַראָ

האָט זיך געוואָלט דערנענטערן צו איר, האָט זי באַקומען שריי-קראַמפּן.

וואָרא איז איצט געווען פולשטענדיק איינזאַם.

קומענדיק צוריק פון פראָנטאָס קבורה, האָט ער פון דעם דאָקומענטן-קעסטל אַרויסגענומען יענע קוויטונג אויף די זעקס טויזנט סעסטערציעס. אויף דער היזק-זייט האָט ער אַרויפגעטראָגן: „מאַרציאַ איז משוגע געוואָרן, פראָנטאָ — דערהרגעט". אויף דער ריווח-זייט האָט ער געבוכט: „זורא דעראָבערט".

## 2.

# אַן אומגלויביקע

נאָך דער דעראָבערונג פון זורא האָבן ביידע זייטן פון טייך פּרת און דאָס גאַנצע צווישנשטראָמלאַנד — פון דער אַרמענישער גרענעץ ביז אַרונטער צו דער אַראַבישער — אָפיציעל אָנערקענט וואָראָס נעראָן אַלס דעם רוימישן קייזער.

אינמיטן דער אַלגעמיינער באַגייסטערונג האָבן זיך געפונען בלויז ווייניקע צווייפלער. אָבער צווישן זיי איז געווען איינע, וואָס אפילו דער גרעסטער זיג וואָלט זי נישט געקאָנט מאַכן גלייבן, אַז די געטער וועלן לאַנג האַלטן זייער שיצנדע האַנט איבערן דאָזיקן בלומרשטן קייזער. דאָס איז געווען די פרוי, מיט וועלכער נעראָן האָט געלעבט צוזאַמען כל-זמן ער איז נאָך געווען דער טעפּער טערענץ: קאַיאַ.

דידאָזיקע פרוי קאַיאַ האָט זיך, נאָך יענעם לעצטן שמועס מיט טערענצן, צוריקגעצויגן פון לעבן, פול פאַרצווייפלונג, ווי אַ געשלאָגענע חיה. איצט אָבער האָט זי דער אַלגעמיינער טריאומף, דער בלומרשטער חסד פון די געטער, אַרויסגעיאָגט פון איר ווינקל; ווייל זי איז זיכער געווען, אַז דאָסדאָזיקע בלומרשטע גליק איז דער אָנהייב פון דער קאַטאַסטראָפע.

זי האָט זיך געמאָלדן צום סענאַטאָר וואַראָ, ווען מען דערדאָ-זיקער וויזיט איז געווען צום האַרץ. היות די הערשאַפט פון זיין נעראָן איז געווען געזיכערט לכל הפחות אויף חדשים, האָט ער געהאַט צייט זיך צו פאַרנעמען מיט דער לאַגע אין לאַנד גופא, מיט די אינערלעכע געפאַרן, וואָס קאָנען אַרויספליסן פונם וועזן פון זיין באַשעפעניש. עס איז נישט געווען אויסגעשלאָסן, אַז די שכרות פון זיג וועט אַזוי פאַרדרייען דעם באַשעפענישס קאָפּ, אַז עס וועט זיך נעמען בונטעווען קעגן זיין שעפער. פאַרן דאָזיקן פאַל שאַדט נישט צו האָבן אָנגעגרייט שטריק, מיט וועלכע מען זאָל קאָנען בינדן דאָס באַשעפעניש. וואַראָ האָט אויפגענומען קאַיאַן.

די פרוי איז געווען צעבראָכן, פאַרווילדעט. „וואָס האָט איר זיך אַלע אָנגעזעצט אויף מיין טערענצן?" האָט זי גענומען שרייען אויף וואַראָן. „איז אייך נאָך ווייניק, וואָס איר האָט אים אַמאָל משוגע געמאַכט אין רוים? פאַרוואָס האָט איר אים ווידער גע-מאַכט פאַר אייער שפּילצייג?" וואַראָ האָט זי רויק אויסגעהערט. „וועגן וואָס רעדסטו אייגנטלעך, גוטע פרוי?" האָט ער געפרעגט. „רעדסטו דען וועגן קייזער נעראָן? צי ווייסטו דען נישט, אַז לויטן געזעץ דאַרף איך דיך פאַר אַזעלכע ווערטער לאָזן שמייסן און טויטן?" „טויט מיך", האָט קאַיאַ געשריגן. „בעסער ווי צוצוזען, וואָס פאַר אַ קאַשע איר פאַרקאָכט דאָ".

דער סענאַטאָר האָט זיך פאַרוואונדערט. „דו גלייבסט נישט", האָט ער געפרעגט, „אַז ער איז דער קייזער נעראָן?" קאַיאַ האָט אים אָנגעקוקט מיט האַס: „דרייט מיר נישט קיין קאָפּ מיט אַזעל-כע נאַרישקייטן. מיך וועט איר נישט אָפּנאַרן". „הער נאָר מיט קאָפּ, גוטע קאַיאַ", האָט דער סענאַטאָר געזאָגט מיט ערנסט. „איך קען דאָך דיך און דיין טערענץ פון אָנהייב אָן, און דעם קייזער נעראָן האָב איך געקענט בעסער ווי יעדער אַנדערער. שטעלט זיך אַרויס, אַז דיין טערענץ ווייסט זאַכן, וואָס אַ חוץ דעם קיי-זער נעראָן און מיר קאָן דאָס קיינער נישט וויסן". „אויב אַזוי,

האט זיי פארט א דריטער געוווסט", האט קאיא איינגעשפארט דערווידערט, „און מיין טערענץ האט זיי הינטנארום דערשנאפט. רעדט נישט מיט מיר, ווי מיט אן אידיאטקע. עס איז אוממעג־לעך, אז א מאן ווי איר זאלט זיך ערנסט לאזן פירן פאר דער נאז פון מיין טערענץ". ווארא האט ווייטער געדולדיק גערעדט: „אפשר איז דאן פון פאלאטין צוריקגעקומען צו דיר דער קיי־זער. „דאס גלייבט איר דאך אליין נישט", האט קאיא העפטיק דערווידערט. „ער איז דאך פאר דעם מיט מיר געשלאפן און נאכדעם, און דאס איז געווען דער זעלבער מאן. פונוואנען וואלט דער קייזער נעראן געקאנט וויסן, ווי אזוי מיין טערענץ פלעגט עס מאכן? אדרבה, דערקלערט מיר דאס".

„דאס לייגט זיך אויפן שכל", האט ווארא מודה געווען. „מען מוז א טראכט טון וועגן דעם. דערווייל, יעדנפאלס, בלייב ביי מיר אין הויז. איך מוז נאך מיט דיר רעדן וועגן דעם".

קאיא האט געזאגט: „גיט מיר אייערווארט, אז עס וועט אים קיין שום שלעכטס נישט געשען, ווען עס וועט נעמען א סוף דערצו. איר האט אים שוין איינמאל באשיצט, און דאס וועל איך אייך קיינמאל נישט פארגעסן. אויב איר וועט מיר דאס צוזאגן, וועל איך פארבלייבן ביי אייך אין הויז און טון, וואס איר וועט געפינען פאר נייטיק". ווארא האט צוגעזאגט. ער איז צופרידן געווען, וואס ער האט אין זיין הויז די פרוי, וואס קאן זיין א באגלייבטער עדות, ווען דאס באשעפעניש זאם אמאל חשק האבן זיך צו בונטעווען.

## 3.

## צוויי מענער פון פאָלק

נאָך אײנער איז געווען, וואָס האָט שטאַרק גענומען צווייפ־לען אין נעראָנס גורל גראָד דאַן, ווען דער אַלגעמיינער יובל האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה; דאָס איז געווען קנאָפּס. ער האָט געקענט די וועלט, ער פלעגט גלייך דערשמעקן ווען מענטשן און זאַכן הייבן אָן אונטערצופוילן. דער זעלבער אינסטינקט, וואָס האָט אים אַזוי לאַנג געהייסן האַבן צוטרוי צום גליק פון האַר, האָט אים איצט געזאָגט, אַז דער שפּיץ איז דערגרייכט, אַז טערענץ איז היפּער־רייף צום פוילן.

אייגנטלעך איז שוין געווען גענוג פאַנטאַסטיש און קעגן דעם שכל הישר דאָס, וואָס דער טעפּער טערענץ גילט שוין זינט חדשים פאַרן גאַנצן לאַנד אַלס קייזער נעראָן און פאַרשפּרייט זיין שרעק ביז טיטוסעס רעזידענץ. ער, קנאָפּס, האָט זיך געמעגט אַ קניפּ טון אין בעקל דערפאַר, וואָס ער האָט אין דער ריכטיקער צייט געהאַלטן דאָס אוממעגלעכע פאַר מעגלעך און געשטעלט אויפן דאָזיקן גלויבן זיין לעבן. איצט אָבער געפינט זיך שוין דער וואָגן אויפן סאַמע שפּיץ, און עס איז דאָ די מורא, אַז ביים שנעלן באַרג־אַראָפּ זאָל ער זיך נישט אומדרייען. אַ קלוגער מאַן שטייגט אויס באַצייטנס און ראַטעוועט זיך צוזאַמען מיטן רויב.

אָבער קנאָפּס האָט שוין געהאַט דערשפּירט דעם זיסן טעם פון מאַכט; עס איז שווער זיך אָפּצוזאָגן פון איר. ער האָט גע־שפּירט די געפאַר, ער האָט אָבער קיין קראַפט נישט געהאַט מוותר צו זיין אויף דער מאַכט. מען קאָן נאָך איינשטעלן און אָפּוואַרטן אַ קליין ביסעלע. ער האָט זיך געשטעלט אַ ציל. ווי נאָר נעראָן

וועט איינגעמען סיריעס הויפּט־שטאָט, אַנטיאָכיע, וועט ער, קנאָפּס אויסרייסן.

דערווייל איז קודם־כּל נייטיק צו פֿאַרזיכערן אַ וואָס גרע־סערע טייל פֿון דערוואָרבענעם. ער האָט דורך פֿאַרמיטלער אַרי־בערגעשיקט אין אַ זיכער אָרט געלט און ווערט־זאַכן. דאַן האָט ער דערלײדיקט דעם ענין מיטן מיידל יאַלטאַ. ער האָט יאַלטאַן גענומען צו זיך, געשלאָפן מיט איר. זי איז אים געפעלן געוואָרן. ער האָט געקלאַפּט דעם אַלטן גאָריאָן איבערן אַקסל און געזאָגט מיט גנאָד: „נו, מיין אַלטער, איצט ווערסטו זען, וואָס פֿאַר אַ מאַן קנאָפּס איז: איך האָב חתונה מיט דיין יאַלטאַ.

דער טעפּער גאָריאָן איז דערשראָקן געוואָרן. געוויס האָט אים פֿאַרדראָסן, וואָס קנאָפּס האָט געהאַלטן וואָרט און איז גע־שלאָפן מיט זיין טאָכטער. אָבער פֿאַרן עגמת־נפש איז ער כּפּל־כּפּלים באַלוינט געוואָרן דורך דעם מאַטעריעלן נוצן און דעם כּבוד, וואָס קנאָפּס׳ און יאַלטאַס באַציִונגען האָבן אים פֿאַרשאַפֿט. איצט, אַז קנאָפּס האָט באַשלאָסן חתונה צו האָבן מיט זיין טאָכ־טער, איז גאָריאָן געווען אויפֿן זיבעטן הימל.

בלויז איינעם איז דערדאָזיקער מעזאַליאַנס נישט געפעלן געוואָרן. קאַפּיטאַן טרעבאָן האָט אפילו רעספּעקטירט קנאָפּס׳ כיט־רעקייט און האָט זיך געפילט איינס מיט אים, באַזונדערס ווען ער האָט געטראַכט וועגן די פיינע הערן, — דאָך איז ער געווען איי־פערזיכטיק אויף זיין פיינער וויציקייט. דאָס, וואָס קנאָפּס האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ פּראָסט מיידל, האָט דער גאַוווהדי־קער מאַן געשפּירט אַלס פֿאַרוווּרף קעגן זיך און אַלס שאַנדע פֿאַרן גאַנצן הויף פֿון נעראָנען. ער האָט באַשלאָסן צו זאָגן קנאָפּסן זיין מיינונג.

זיי זענען געזעסן אין זייער ליבלינגס־שענק „צום גרויסן באָטשאַן״. דער פּראָסטער טיש איז פֿול באַזעצט געווען מיט קליינ־בירגער און לייבאייגענע, דער האַלב־נאַקעטער ווירט האָט אַרומ־געהאַוועט הין און צוריק. קנאָפּס איז געווען פּשוט אָנגעטון.

טרעבאָן האָט אויך דאָ געטראָגן אַ ביסל פורפור און אַ ביסל מעטאַל. קנאָפס האָט געשיכורט און טרעבאָן האָט געשיכורט.

ער פאַרשטייט נישט, האָט טרעבאָן געזאָגט מיט כעס, ווי אַזוי אַ מאַן ווי קנאָפס קאָן זיך אַזוי אַראָפלאָזן. עס איז שוין נישט ווייט די צייט, ווען מען וועט אַריינמאַרשירן קיין רוים, און דאַן וועט מען קאָנען אויסוויילן צווישן די טעכטער פון דער הויך־אַריסטאָקראַטיע. עס זענען דאָ צווישן זיי אַ סך אַפעטיטלעכע. ווען צו ווייסע, דינע גלידער, וואָס זענען געפלעגט געוואָרן פאַר דריי זיבעט יאָרהונדערטער, קומט נאָך צו געלט און אַ גרויסער נאָמען, קאָן דאָס אַ מאַן אין בעט באַזונדערס הייס מאַכן און אים אַנטשעדיקן פאַר די מיען פון לעבן. קנאָפס מאַכט זיך אַליין קאַליע אַ פאַרלאָקנדיקן שאַנס. מיט איין וואָרט: קנאָפס' חתונה וועט זיין אַ ווייטיק, נאָכמער: אַ באַליידיקונג פאַר זיינע פריינט.

קנאָפס האָט טרעבאָנען צוגעוואָרפן אַ שנעלן, בייזן בליק. ווען אַ פרוי, האָט ער דערווידערט, דערפילט אין בעט די באַדינגונגען, וועלכע ער, אַלס דערפאַרענער יונג, שטעלט צו איר, דאַרף די פרוי נישט האָבן נישט קיין געלט און נישט קיין גרויסן נאָמען. ער וויל נישט, מען זאָל זיך מישן אין זיינע פרויען־ענינים. ער וועט זיך נישט לאָזן פאַרדאַרבן זיין געשמאַק. ער האָט חתונה מיט וועמען ער וויל.

קנאָפס האָט געשיכורט, און קאַ:יטאַן טרעבאָן האָט געשיכורט, און זיי האָבן ביידע זיך אָנגעקוקט אַרויספאָדערנדיק, פיינטלעך.

אָבער אינגיכן האָבן זייערע בליקן פאַרלוירן זייער שאַרפקייט, צופיל זאַכן האָבן זיי פאַרבונדן: זייער געמיינקייט, זייער צוגעבונדנקייט צו נעראָנען. טרעבאָן האָט געשיכורט, קנאָפס האָט געשיכורט. זיי האָבן זיך געהאַלזט, געשלאָפן מיט די זעלבע פרויען, זענען געווען זייער חבריש און זיך פיינט געהאַט — צום טויט.

## 4.

# וואָס פאַר אַ קינסטלער

„וואָס פאַר אַ קינסטלער עס קומט אין מיר אום", דאָס זאָלן האָבן געווען די לעצטע ווערטער פון שטאַרבנדיקן נעראָ. „וואָס פאַר אַ קינסטלער עס לעבט אין מיר", האָט נעראָ-טערענץ געזאָגט צו זיינע מקורבים און האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַן אומגעטריבט גליקלעכן — גליקלעך מיט זיין מאַיעסטעט און גליקלעך מיט זיין טאַלאַנט. אָבער נישט געקוקט אויף אַלע זיינע דערפאָלגן, איז ער נישט געווען אומגעטריבט גליקלעך. נאָר דאַן, ווען ער פלעגט אַרויסטרעטן פאַר די מאַסן און האַלטן רעדעס, — נאָר דאַן פלעגט ער זיך פילן מיטן גאַנצן וועזן אַלס קייזער. אָבער פאַר איינצלנע, פאַר מאַרציאַן, פאַר וואַראָן, פאַרן קעניג פיליפ פלעגט ער אָפטמאָל דערפילן זיין נידעריקע אָפּשטאַמונג.

צום מערסטן האָט ער זיך געשראָקן פאַר אַ באַגעגעניש, וואָס איז נאָך פאָרגעשטאַנען, — די באַגעגעניש מיט זיין פאַרבינדעטן, מיט אַרטאַבאַנען, דעם גרויס-קעניג פון די פאַרטער. ער האָט אפילו געהאַלטן אין איין אויסדריקן די פרייד מיט דערדאָזיקער פאָרשטייענדער באַגעגעניש, און אויך זיין באַדויערן, וואָס זי מוז כסדר אָפּגעלייגט ווערן צוליב דעם, וואָס אַרטאַבאַן איז פאַרוויקלט אין שווערע קאַמפן מיט זיין ריוואַל פאַקאָר אויף די וויט-מזרחדיקע גרענעצן פון זיין אימפּעריע. אָבער נעראָן-טערענץ איז געווען צופרידן, וואָס די באַגעגעניש ווערט אָפּגעלייגט. טיף אין זיך האָט ער זיך געשראָקן פאַרן „פראַן", דער מאַיעסטעט, וואָס איז איינגעבוירן דעם גרויס-קעניג, דעם קעניג פון די קעניגן, — פאַר דער ליכט, וואָס שטראַלט אויס פון אים. טערענץ-נעראָן האָט מורא געהאַט, זיין אייגענע נידעריקייט און טונקל-

קייט זאָל נישט בולט אַרויסטרעטן אין שיין פון דערדאָזיקער ליכט.

איינמאָל האָט ער אָפּגערופן אין אַ זייט זיין געפערלעכסטן פריינט, וואַראַן, און אים פאַרטרויט אַ סוד: „איר ווייסט, מיין וואַראַ, איך בין פאַר קורצן געווען אין לאַבירינט, כּדי זיך צו באַקלערן ווי אַזוי אויסצובויען מיין פאַמיליען־קבר. איך האָב געוואָלט זיין אַליין און האָב אַוועקגעשיקט די פאַקל־טרעגער. עס איז געווען זייער פינסטער און — מיטאַמאָל איז געשען עפּעס אויסטערלישס. די הייל", האָט ער גענומען פליסטערן, „איז געוואָרן העל. די ליכט איז געקומען פון מיין קאָפּ, דאָס איז געווען מיין „פראַן". ביים פאַרטרויען דעמדאָזיקן סוד האָט ער זיך נישט דערוועגט אָנצוקוקן וואַראַן. וואָרים וואָס זאָל ער טון, אויב וואַראַ וועט שמייכלען? דאַן וואָלט ער געהאַט בלויז איין אויסוועג: טויטן אים אָדער זיך. אָבער וואַראַ האָט נישט געשמייכלט. וואַראַ האָט זיך דערשראָקן.

קייזער נעראָן איז געווען זאַט און גליקלעך. זיין אויסערלעך גליק איז שוין פון לאַנג געוואָרן ביי אים אַ געוווינהייט און אים גענומען לאַנגווײַלן. אָבער איצט, ווען וואַראַ האָט נישט געשמייכלט ביי דער געשיכטע מיטן „פראַן", איז זיין גליק אים אַריינגעדרונגען אין דער נשמה.

יאָ, נעראָן האָט גענאָסן דעם חסד פון די געטער. אַפּאָלאָ האָט אים באַגאַבט מער ווי יעדן אַנדערן שטערבלעכן, מאַרס האָט אים געשיקט זיג אין דער שלאַכט און זיין פריינט טרעבאָן, מינערוואַ האָט אים געגעבן גוטע עצות און זיין פריינט וואַראַ, הערמעס האָט אים געשיקט כיטרעקייט און זיין פריינט קנאָפּס.

אמת, אַמאָל פלעגן אים זיינע יועצים דערציילן נישט אַזעלכע גינסטיקע נייעסן. זיי פלעגן אים דערציילן, אַז פון מדבר, ווו דער פאַרשאָלטענער באַהאַלט זיך אויס, דערגיין טונקעלע רייד פון יאָהאַן פון פאַטמאָס, דרינגען אין פאָלק און העצן די מאַסן קעגן קייזער. דאָס פאָלק בענקט נאָך יאָהאַנעסן, עס רופט אים „דער היילקער שוישפּילער", און נישט מיט חוזק; ווייל דער קייזער,

דער הייליקער און דער שוישפּילער זענען געווען די דריי העכסטע פֿאָרמען, אין וועלכע דאָס פֿאָלק פֿלעגט זיך פֿאָרשטעלן זייַנע ליבלינגס. יאָהאַנעסעס אויסטערלישע נביאות וועגן דעם אַנטי־קריסט און וועגן דער חיה, וואָס וועט קומען אָדער איז שוין דאָ, כּדי צו פֿאַרשלינגען די וועלט, רייצן אויף די באַפעלקערונג און מאַכן זי אומרויִק. נעראָן אָבער האָט געלאַכט פֿון דעם, און ער האָט אויך געלאַכט פֿון יאָהאַנעס פֿון פּאַטמאָס, וואָס האָט געהאַלטן דידאָזיקע רעדעס, און איבער זיין קריסטן־גאָט.

אויך פֿון דעם האָט ער געלאַכט, וואָס עס האַלטן זיך אין איין פֿאַרמערן די אָפּשריפֿטן פֿון יענער טראַגעדיע „אָקטאַוויאַ", וואָס דערציילט אין אַזעלכע פּאַטעטישע פֿערזן די גרויל־מעשׂים פֿון נעראָנען, און וואָס איז געווען די סיבה פֿון דער ערשטער מאַניפֿעסטאַציע לכּבוד אים. אים האָט דאָס קיין שאָדן נישט געקאָנט ברענגען; זינט וואַרראָ האָט זיך נישט דערוועגט צו שמייכלען, האָט ער זיך געפֿילט זיכער אין באַזיץ פֿון זיין „פּראַן". ווען קנאָפּס האָט עפֿנטלעך געלאָזט פֿאַרברענען די עקזעמפּליאַרן פֿון דער „אָקטאַוויאַ", וועלכע ער האָט צונויפֿגענומען, האָט נעראָן געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ צו גרויסער כּבֿוד פֿאַר די נעבעכדיקע אָנשטרענגונגען פֿון זיינע קעגנער, און זיכער אין זיין „פּראַן", האָט ער זיך פֿאַרגונען אַ קייערלעכן שפּאַס.

ער האָט פֿייערלעך איינגעלאַדן זיינע פֿריינט און זיין הויף צו אַ רעציטאַציע־אָוונט און אַליין, בכּבֿודו ובעצמו, פֿאָרגעלייענט פֿאַר זיי די „אָקטאַוויאַ", די שונד־פּיעסע פֿון זיינע קעגנער.

ער האָט זיך אַנטשלאָסן נישט צו שאַרזשירן די „אָקטאַוויאַ", — דאָס וואָלט געווען צו ביליק. ער האָט אָבער בדעה געהאַט צו ווירצן זיי רעציטאַציע מיט קוים־מערקבאַרער איראָניע. אָבער אין אים האָט געשטעקט אַ צו־גוטער שוישפּילער, ער זאָל לאַנג קאָנען איינהאַלטן דעמדאָזיקן טאָן. אינגיכן, קעגן זיין ווילן, האָט ער גענומען אַריינלייגן אין די פֿערזן פֿון דער „אָקטאַוויאַ" זיין גאַנץ וועזן. און פּונקט ווי טערענץ האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין דעם מאַיעסטעטיש־געלאַנגווייַלטן נעראָן, אַזוי האָט זיך איצט דער

שטראַלנדער, מילד־הערשנדער נעראָן־טערענץ פאַרוואַנדלט אין דעם פינסטערן, געוואַלט־טעטיקן פאַרברעכער, וועלכער ליידט אַליין פון זיינע אייגענע בייזע ליידנשאַפטן, און אַלס אייגענער עדות פון זיינע מעשים־תעתועים, האָט זיך נעראָן־טערענץ — אַלס כאָר — מיט איבערצייגונג פאַרויסגעזאָגט אַ שלעכטן סוף.

נעראָן האָט געשפּירט, אַז די געוואונטשענע ווירקונג איז נישטאָ. דעריבער האָט ער זיך נאָך דער רעציטאַציע באַמיט צו פאַרבעסערן די שטימונג דורך פּיל רייד. ער האָט גערעדט וועגן דעם, אַז נאָך היי־יאָר וועט ער אָנהייבן אַ ניי ווערק, נאָך גע־וואַלטיקער פאַר זיין עפּאָס וועגן די „פיר יאָר־תקופות". די גאַנצע רוימישע געשיכטע וועט ער געשטאַלטיקן אין צווייהונדערט גרוי־סע געזאַנגען. כדי צו פאַרטרייבן די פּראָסטיקע שטימונג האָט זיך קנאָפּס דערלויבט אַ קליינעם וויץ. ווען דאָס רוימישע פאָלק, האָט ער געזאָגט, וועט באַזיצן די צווייהונדערט געזאַנגען פון זיין מאַ־יעסטעט, וועט עס מער נישט קאָנען אַרבעטן צוליבן פסדרדיקן לייענען, עס וועט נישט דעראָבערן די רעשט פון דער וועלט, און די רוימישע געשיכטע וועט גראָד צוליב איר געשטאַלטונג דורכן קייזער איבערגעריסן ווערן אינמיטן. מען האָט זיך אָבער נישט געטרויט צו לאַכן; ווייל נעראָן גופא האָט נישט געלאַכט. ער האָט נישט געדונערט, ער האָט אפילו קיין פינסטער פנים נישט גע־מאַכט, ער האָט פשוט נישט געלייגט קיין אַכט אויף קנאָפּס' רייד. אָבער קנאָפּס האָט געזען, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פעלער.

ווי שווער דער פעלער איז געווען וועט זיך אַרויסווייזן ערשט אַ סך שפּעטער; ווייל טערענץ — און דאָס האָט קנאָפּס געמעגט וויסן — האָט געפירט אַ גענויעם חשבון און געהאַט אַ גוטן זכרון.

נעראָן האָט געזעגנט די געזעלשאַפט. ער איז געבליבן אַליין אין פּרעכטיקן רעציטאַציע־זאַל, די דינער, נישט ווויסנדיק, אַז דער קייזער איז נאָך דאָ, זענען געקומען אויסלעשן די ליכט. זיי זענען אַנטלאָפן פאַר זיין פינסטער פנים. ער האָט זיי אָבער צוריקגע־

רופֿן און באַפֿוילן צו טון זייער אַרבעט. זיי האָבן אויסגעלאָשן די ליכט.

און קייזער נעראָן איז געזעסן אויפֿן פּאַדיום, אַליין, אין דער טונקלקייט, אין ווייסן געוואַנד פֿון רעציטאַטאָר, מיטן קראַנץ אויפֿן קאָפּ — און זיך געפֿילט נישט־פֿאַרשטאַנען און זייער איינזאַם. וואָס האָט ער דערפֿון, וואָס ער באַזיצט דעם פֿראַן, וואָס ער שטראַלט אויס אַ גרויסע ליכטיקייט? די נאַרישע וועלט האָט טאָקע דערקענט, אַז ער איז אַ גרויסער קייזער; אָבער אַז ער איז אַ סך מער ווי דאָס, נעמלעך: אַ גרויסער קינסטלער, דאָס האָט זי נישט דערקענט.

5.

# קלאַודיאַ אַקטע

אין יענער צייט האָט זיך גענומען פֿאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז קלאַודיאַ אַקטע, נעראָנס פֿריינדין, וועט באַזוכן איר סיריש היימלאַנד נאָך אַזוי פֿיל יאָרן פֿון אָפּוועזנהייט. ביי דערדאָזיקער ידיעה האָבן אויפֿגעשפּיצט די אויערן גאַנץ סיריע און דאָס צווישנשטראָמלאַנד; ווייל קלאַודיאַ אַקטע איז געווען איינע פֿון יענע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן צום מערסטן געהאַלטן אין אָטעם די אימפּעריע.

זי איז געבוירן געוואָרן אַלס לייבאייגענע און האָט געהאַט הינטער זיך אַ שלעכטע קינדהייט. איר האַר האָט זי געלאָזט אויסבילדן אַלס אַקראָבאַטין; זי האָט דורכגעמאַכט אַ האַרטע שולע, פֿול קללות, קלעפּ, הונגער. דאַן, ווען זי איז אַלט געווען ניין יאָר, האָט דער קייזערלעכער הויף געקויפֿט דאָס שיינע, עלאַסטישע מיידעלע. נעראָן, אַליין נאָך זייער יונג, האָט אַקטען דערזען, ווען זי איז אַלט געווען פֿופֿצן יאָר, און די ליידנשאַפֿט, וואָס האָט

דידאָזיקע צוויי פאַרבונדן פון ערשטן בליק, האָט איבערגעלעבט אַלע שטורעמס פון זיין לעבן און פון זיין רעגירן.

אָפטמאָל פלעגט זי אין קרייז פון נעראָנס פריינט ווייזן די קונסט, וואָס זי האָט אויסגעלערנט. דאָס איז געווען אַ געמיש פון אַקראָבאַטיק, פאַנטאָמינע און טאַנץ. אויף איר פנים איז אָפט געלעגן — אַ ירושה פון איר שלעכטער קינדהייט — מעלאַנכאָליע; אָבער ביים טאַנץ, פון קיינעם מער נישט באַדראָט, פלעגט דערדאָזיקער טרויער פאַרשווינדן. זי פלעגט דאַן ווערן אַ קינד, — אַ זאַך, וואָס אין איר יוגנט איז דאָס איר פאַרווערט געווען, און אַ דאַנק איר קינדישער נאַאיוויטעט פלעגט מען פאַרגעסן איר מיט אַזוי פיל מי און פיין דערוואָרבענע טעכניק.

אַקטע איז געווען דער ליבלינג פון דער שטאָט רוים, דער ליבלינג פון דער אימפעריע. ווען די מאַסן פלעגן זען דעם קייזער ביי דער זייט פונם איידעלן, ערנסטן און פריילעכן מיידל, וועלכע ער האָט קענטלעך פונקט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, ווי זי אים, פלעגן זיי אים אויפנעמען מיט יובל און נישט וועלן גלייבן די עקלדיקייטן, וואָס נעראָנס קעגנער פלעגן אים פאָרוואַרפן. זי איז געווען די ערשטע, וואָס האָט דעם קייזער גערופן לויטן אַלטן שטאָם-נאָמען, „רויט-בערדל", און די מאַסן האָבן איבערגענומען דאָסדאָזיקע צערטלעכקייטס-וואָרט. קלאַודיאַ אַקטע איז דורכגעגאַנגען דורכן בלוט און שמוץ, מיט וועלכע די וועלט-הערשאַפט האָט איבערגעפולט דעם פּאַלאַטין, יונג, לייכט, און די פינסטערניש פון די געשעענישן איז געוואָרן ווי נישטווירקלעך צוליב איר ליכטיקייט. אַלדאָס גוטע, וואָס מען האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען נעראָנען, האָט מען פאַרבונדן מיט איר איינפלוס, און אַלדאָס שלעכטע, וואָס איז געשען אונטער נעראָנס הערשאַפט, איז געשען — קעגן איר ווילן.

זי איז געווען מוטיק, און זי איז געווען טריי איר ליידנשאַפט. ווען נעראָן איז אומגעקומען, פאַרפאָלגט דורכן סענאַט, האָט זי אומדערשראָקן געפאָדערט פון די נייע הערשער, זיי זאָלן איר אַרויסגעבן דעם טויטנס קערפּער. נישט געקוקט אויף דער

בולטער לעבנס־געפאַר, האָט זי זיך נישט אָפּגעשטעלט אַרויסצו־
רופן, צוליבן דאָזיקן צוועק, כמעט אַן אויפשטאַנד. מען האָט זיך
נישט דערוועגט אָפּצוזאָגן איר פאָדערונג. גרויסאַרטיק, עפנטלעך,
האָט זי צוגעגרייט פאַר איר קייזערלעכן געליבטן אין איר גוט
דעם שייטערהויפן. זיבן שטאָק הויך איז ער געווען, ווי דאָס
קומט אַ קייזער, און פון הע֞כסטן שטאָק־האָט זי געלאָזט אַרויס־
פליִען דעם אָדלער, וועלכער זאָל ברענגען דעם טויטן, דעם אומ־
שטערבלעכן, צו זיינע קרובים, די געטער. פאַר דער אורנע מיטן
אַש האָט זי אין איר פּאַרק אויסגעבויט אַ מאַוזאָלעאום.

אַ האַלב יאָר האָט זי געטרויערט. דאַן האָט זי ווידער אָנ־
געהויבן פירן איר פריִערדיק לעבן, שטיל, קינדיש, פרייליך. אירע
פריינט האָבן זי גערימט, אַז איר קונסט איז נאָך געוואָרן באַ־
פליגלטער. עפנטלעך איז זי מער קיינמאָל נישט אויפגעטרעטן,
אָבער די קענער האָבן פאַרזיכערט, אַז נאָך היינט, אַלס צוויי־
אונדרייסיקיעריקע, דרייצן יאָר נאָך נעראָנס טויט, איז זי די
ערשטע פּאַנטאָמיניסטין אין דער אימפעריע. דאָס פאָלק האָט איר
נאָך אַלץ צוגעיובלט, ווו זי פלעגט נאָר דערשיינען, און די פלאַ־
ווישע קיסרים האָבן זיך נישט דערוועגט אָנצורירן אירע פריווי־
לעגיעס און אויסצייכענונגען.

איצט איז קלאַודיאַ אַקטע געקומען קיין סיריע, כדי צו באַ־
זוכן איר היימלאַנד. וועלכעס זי האָט, זינט אירע שלעכטע קינ־
דער־יאָרן, נישט געזען.

# 6.

# צעיאָן און דאָס אומבארעכנבאַרע

איר באַזוך איז צעיאָנען נישט געווען צום האַרץ. שוין אין
רוים האָט ער קלאַודיאַ אַקטע געשפּירט אַלס עפּעס שטערנדיקס,
אַ פיינטלעכער פּרינציפּ, אַ וועזן, וואָס איז אים אַבסאָלוט קעגנ־

זעצלעך. די מילאָזיקייט, מיט וועלכער זי פלעגט דערגרייכן דאָס געוואָלטע, האָט ווי געחוזקט מיט געבענטשטער לייכטקייט פון זיין שטרענגער מי.

צום ליבסטן וואָלט אים געווען, ער זאָל זיך בכלל נישט קימערן וועגן איר. דאָס איז אָבער נישט מעגלעך געווען. פון פּאַלאַטין האָט מען אים אַ ווונק געטון, ער זאָל אויסנוצן אַקטען, ביי איר באַזוך אין אַנטיאָכיע, אַלס הויפּט־עדות קעגן דעם שווינדלער טערענץ. ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? עס איז מעגלעך, אַז די פרוי, וואָס האָט ליב געהאַט דעם עכטן נעראָן, וועט מיטהעלפן אויפצודעקן דעם שווינדל.

אַקטע האָט גלייך אָנגענומען זיין איינלאַדונג אים צו באַזוכן. אויפגענומען מיט גרויס כבוד׳ איז זי געשטאַנען אין זיין אַרבעטס־צימער, האָט באַטראַכט מיט איר שנעלע, נייגיריקע אויגן דעם רוים און זיין אַ ביסל שטייפע פּראַכט, האָט געלאַכט מיט איר באַ־רימט, אומזשענירט, פריילעך געלעכטער. צעיאָן האָט איר העפ־לעך געשטעלט פראַגן, וואָס זענען פּאַסיק אין דאָזיקן פאַל: ווי לאַנג זי האָט שוין נישט געזען איר היימלאַנד, ווי עס געפעלט איר איצט אַנטיאָכיע, ווי לאַנג זי רעכנט דאָ צו פאַרבלייבן. זי האָט פריינטלעך געענטפערט, אים געקוקט אין פּנים אַריין מיט אַ שמייכל, און לסוף געזאָגט: „און איצט, מיין צעיאָן, פרעגט מיך שוין דאָס, וואָס עס ליגט אייך די גאַנצע צייט אויפן האַרץ, זינט איר ווייסט, אַז איך קום".

דער גובערנאַטאָר האָט צווערשט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער פאַרשטייט נישט, וואָס זי מיינט. דאַן האָט ער מודה געווען, אַז עס אינטערעסירט אים צו וויסן, צי זי וועט אַריבערגיין די גרענעץ אָנצוקוקן דעם אַזויגערופענעם נעראָן; מען האָט זי דאָך וואָרשיינלעך איינגעלאַדן. „יאָ, ריכטיק", האָט זי ערנסט געזאָגט, „אָבער איך ווייס נאָך נישט אויף זיכער, צי איך וועל די איינ־לאַדונג אָננעמען. נייגיריק בין איך, דאָס מוז איך מודה זיין, און מעגלעך, אַז איך וועל אים פאָרן אָנקוקן".

„איך מוז, מיין אַקטע", האָט צעיאָן געזאָגט, כמעט אָפיציעל,

„אייך אָפּרעדן פון דער רייזע אין צווישנשטראָמלאַנד. דער בלויזער פאַקט, וואָס איר באַזוכט דעמדאָזיקן מאַן, וועט דורך אונזערע קעגנער אויסגעטייטשט ווערן אין דעם זין, אַז איר גלייבט אין דער מעגלעכקייט, דאָס נעראָן לעבט, און אַז איר האַלט דעמדאָזיקן מאַן פאַר נעראָנען. וואָלט עס דען נישט געווען אומלאָיאַל לגבי דעם קייזער טיטוס, ווען איר וואָלט אונטערשטיצט דידאָזיקע הנחה? ווייל קיינער ווייסט דאָך נישט בעסער פאַר אייך, אַז נעראָן לעבט שוין נישט”. קעגן זיין ווילן האָט ער זיך אויסגעצויגן, אַ טרוקענער, עלטערער מיליטערמאַן, און אַקטע האָט באַגריפן פאַרוואָס מען רופט אים צי-מענטשל. זי האָט זיך אויפגעהויבן, זיך אָנגעשפאַרט אָן איר אָריענטאַלישער האַלב-סאָפע, און ווען דער שטייף-זיצנדער צעיאָן האָט זיך געוואָלט אויפהייבן, — עס פּאַסט דאָך נישט צו זיצן אין דער קעגנוואַרט פון אַ דאַמע, — האָט זי אים לייכט און ענערגיש צוריקגעשטופּט אין זיין פאָטעל, אַרייגעקוקט דעם קליינעם, צעקנייטשטן מאַן גלייך אין די אויגן, און געזאָגט מיט אַ שמייכל: „איר פאַרגעסט, מיין צעיאָן, אַז איך בין אַ נייגיריקע פרוי. אויב פינף מיליאָן מענטשן גלייבן, אַז אַ געוויסער מאַן איז דער קייזער נעראָן, האָט דען נעראָנס פריינדין נישט קיין רעכט אָנצוקוקן דעמדאָזיקן מאַן?”

„ניין”, האָט צעיאָן אַרויסגעסקריפּעט. „איך האַלט, אַז ניין”, האָט ער צוגעגעבן העפלעכער. „פאַר די געטער, פאַרן קייזער, פאַרן סענאַט און פאַרן פאָלק פון רוים האָט זי נישט דאָסדאָזיקע רעכט”.

אַקטע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף איר האַלב-סאָפע, זי האָט זיך, אָבער נישט געזעצט — זי האָט נישט ליב געהאַט צו זיצן, — זי האָט אַרויפגעצויגן די פיס אַזוי, אַז זי איז כמעט ווי געלעגן. „פאַרן קייזער און פאַרן סענאַט”, האָט זי דערווידערט, „האָב איך מיך קיינמאָל נישט געשראָקן. דאָס פאָלק האָט גאָרנישט דאַקעגן, איך זאָל אָנקוקן דעם אַזויגערופענעם נעראָן, גיכער איז עס זיין ווונטש, און די געטער האָבן אויך גאָרנישט קעגן דעם. בלייבט העכסטנס די פראַגע: ווי באַציט זיך גובערנאַטאָר צעיאָן

צו אַזאַ באַזוך? וואָס וועט איר טאַקע טון, מיין צעיאָן, ווען איך זאָל מיך אַנטשליסן דערויף?"

„איך ווייס דאָך נאָך נישט אויף זיכער", האָט דער גובערנאַטאָר שטייף געזאָגט. „עס איז מעגלעך, אַז איך וועל אייך דאָס נישט דערלויבן". „מיט געוואַלט?" האָט אַקטע געפרעגט פאַראינטערעסירט, שמייכלענדיק איבערן גאַנצן פּנים. „אויב איך וועל מיך אַנטשליסן אָפּצוהאַלטן אייער נסיעה, איז דאַן אויך מיט געוואַלט, אויב דאָס וועט נייטיק זיין". איצט האָט אַקטע אַרויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. „איר זענט אַ מוטיקער מאַן", האָט זי געזאָגט. „איר וועט אָבער דערלויבן, מיר זאָלן אַן אַנדערש מאָל פאַרענדיקן דעם שמועס. איצט מוז איך מיך אויסרוען צוויי שעה. די קייזערין פּאָפּעאַ פלעגט אויף אירע רייזעס מיטפירן אַ גאַנצע סטאַדע אייזלטעס, כדי צו באָדן דאָס פּנים אַ גאַנצע נאַכט אין זייער מילך. פאַר מיר זענען גענוג מיינע צוויי שעה מיטאָג-שלאָף. אָבער דאָס מוז איך האָבן. איך בין שוין פאָרט צווייאונדרייסיק. נו, אויף שפּעטער, מיין צעיאָן".

נאָך דעם זעלבן טאָג אינאָוונט האָט זי צעיאָן רעוויזיטירט. יונג, זיכער איז זי געזעסן קעגנאיבער דעם אָפּגענוצטן, געשלאָגענעם מאַן, וועלכער האָט שוין דערשפּירט אַ ביסל דעם צויבער, וואָס עס פליסט פון איר. ער האָט זיך אַנטשלאָסן, אָנשטאָט צו קומען צו דערדאָזיקער פרוי מיט זינלאָזע דראָונגען, איר אָנצוטרויען אָפּהאַרציק די שווערע זאָרג, וואָס דריקט אים.

מיט פאָרזיכטיקע ווערטער, כדי נישט צו קרענקען נישט זי און נישט דעם אָנדענק פון איר קייזער, האָט ער איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז נעראָנס פּאָליטיק איז געווען גרויסאַרטיק, אָבער אומפאַרנונפטיק. רוים קאַן נישט פאַרדייען פון מזרח מער, ווי זי האָט שוין אַראָפּגעשלונגען. און ווען מען זאָל אפילו פאַראורטיילן די מערב-פּאָליטיק פון די פלאַוויער, איז דען דאָ דער מינדסטער אויסזיכט דורכצופירן היינט-צו-טאָג נעראָנישע אידעען? אויב דער פרווו פון אַן ענערגישער, עקספּאַנסיווער מזרח-פּאָליטיק איז שוין דורכגעפאַלן דאַן, ווען מען האָט אים אונטערגענומען פון צענטר

פון דער אימפעריע און מען האָט געשטעלט אין זיין רשות דעם גאַנצן מלוכה־אַפּאַראַט, — טאָ ווי אַזוי וועט מען אים איצט קאָנען פאַרענדיקן פון דער פעריפעריע, און בלויז מיט אַ קליינער טייל פון יענע מיטלען? ניין, דאָס איז האָפענונגסלאָז, ווען הינטערן דאָזיקן פראָיעקט זאָל אפילו שטיין נישט קיין נעבעכדיקער לייבאייגענער, נאָר אַ גרויסער מאַן. בלויז אומגליק קאָן פון דעם אַרויסקומען. „איך אַפּעליר צו אייער פאַרשטאַנד, מיין אַקטע", האָט דער גובערנאַטאָר געזאָגט אומגעוויינלעך־אויפגעלעבט, „צו אייער באַרימטן געזונטן פאַרשטאַנד. אין רויש־צושטאַנד קאָן מען מאַכן בלענדענדיקע פּאָליטיק, אָבער נאָר אַ קורצע צייט. נעראָן איז זיכער געווען אַ גרעסערער מאַן, ווי דער אַלטער, פויערישאויסגערעכנטער וועספּאַסיאַן. אָבער נעראָן האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך פערציק מיליאַרד חובות און וועספּאַסיאַן — אַן אַקטיוו פון זיבעצן מיליאַרד. איצט, ווען מען האָט ענדלעך — נאָך לאַנגע יאָרן מיפולע אַרבעט — באַרויִקט אַ ביסל דעם מזרח, — זאָל מען איצט ווידער אָנהייבן פירן די נעראָנישע פּאָליטיק? דאָס קאָן אויף אייניקע חדשים שאָדענען נעראָנס קעגנער, אָבער יעדער איינער, וואָס פירט היינט אַ נעראָנישע פּאָליטיק, מוז סוף־כּל־סוף פאַרשפּילן. איך אַליין האָב אין איין קליינינקן פונקט נאָכגעגעבן מיין פערזענלעכער ליידנשאַפט, אָנשטאָט דער פאַרנונפט, און ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דאָסדאָזיקע אָפּווייכן פון דער גלייכער ליניע טראָגט אַ שטיקל שולד פאַר דער זינלעכער אונטערנעמונג אין מעסאָפּאָטאַמיע. הערט מיין וואָרנונג, מיין אַקטע, און הערט מיין בקשה. אונזער עפּאָכע האָט אַ נייגונג צום רויש־צושטאַנד, דאָס איז אַ גרויסער נסיון. אָבער אויב מיר ווילן נישט, אַז די רוימישע ציוויליזאַציע זאָל אונטערגיין, דאַן מוזן זיך אַלע אומקערן צום פאַרשטאַנד, ענדגילטיק, און דעם רויש־צושטאַנד פאַרטרייבן אין פּריוואַט־לעבן, אין דער קונסט. אין פּאָליטיק איז פאַר אים קיין אָרט נישטאָ".

אַקטע האָט זיך שטיל און ערנסט צוגעהערט. דערדאָזיקער מאַן איז אפשר גערעכט. אָבער גייט עס איר אָן? צי וויל זי

דען מאַכן פּאָליטיק? זי ווייל פּשוט זען דעמדאָזיקן אויסטערלישן נעראָן; נאָכדעם, ווי זי וועט אים זען, וועט זי אַנטשיידן וואָס צו טון. צי דען טאָר זי נישט האָבן קיין פּריוואַט־לעבן? פּאָלי־טיק, געזונטער מענטשן־פאַרשטאַנד, — זייער פיין און גוט. אָבער ווען מען קאָן זיך נישט פאַרגינען פון צייט־צו־צייט אַ שעה שיכּרות, — האָט דאָן דער גאַנצער געזונטער מענטשן־פאַרשטאַנד קיין זין נישט. פרעגט מען זיך, וואָס איז אייגנטלעך ווערטפול גע־ווען אין גאַנצן לעבן, — זעט מען זיך אַרום, אַז אייניקע שעה רויש־צושטאַנד. עס האָט אָבער נישט קיין זין דאָס אויפצוקלערן דעמדאָזיקן אָרימען מענטש, וואָס זיצט פאַר איר; ער וועט עס קיינמאָל נישט פאַרשטיין.

זי האָט נעראָנען ליב געהאַט. אַ סך זאָגן, אַז וואָס ער האָט געטון און ווי אַזוי ער האָט געלעבט, איז געווען משוגעת, און די מיינונג פון דידאָזיקע פאַרנונפטיקע איז אויף אַ שווידערלעכן אופן באַשטעטיקט געוואָרן דורך די געשעענישן. אָבער גראָד זיין משוגעת, די ראָמאַנטיק פון קייזערטום, פון גאָט־ענלעכקייט, פון מאַכט, פון גלאַנץ האָט געוווּנען פאַר אים אַלע הערצער. צו דער פאַרנונפט קאָן מען האָבן אַכטונג, אָבער ליב האָבן קאָן מען בלויז נאָר דאָס אַנדערע, דאָס שטראַלנדע, דעם „רויש", ווי דערדאָזי־קער נעבעכדיקער צעיאָן האָט עס אָנגערופן. אַ דאַנק דעמדאָזיקן „רויש" האָט זי נעראָנען ליב געהאַט און זי האָט אים נאָך אויך איצט ליב. צי זיין פּאָליטיק, צי זיין גאַנץ לעבן איז געווען פאַלש אָדער ריכטיק, — גרויס איז עס זיכער געווען, ווערט געליבט צו ווערן. אַלץ אין אים איז ווערט געווען געליבט צו ווערן, זיין גאָט־ענלעכקייט, זיין גאווה, זיין גרויזאַמקייט, זיין גלאַנץ, זיין שמייכל. ווי ליב זי האָט אים געהאַט פאַר זיין תּאווה, וואָס פלעגט אים באַוועגן איצט, אין דאָזיקן אויגנבליק, איבערצורייסן אַ באַנקעט אָדער אַ סענאַט־זיצונג, ווייל איצט, גראָד איצט, אין דאָזיקן אויגנבליק, האָט ער געמוזט שלאָפן מיט איר. און די ריזידיקייט פון זיינע פּלענער, זייער גרויסקייט, די גאוודיקע פאַראַכטונג פון אַלע שוועריקייטן, די אומפאַרנונפטיקייט פון זיי־

נע פּראָיעקטן, — ווי ליב זי האָט אים געהאַט דערפאַר.

און איצט, הגם זי האָט כּמעט ווי רחמנות געהאַט אויפן דאָזיקן נעבעכדיקן אַדוואָקאַט פון דער פאַרנונפט, האָט גראָד זיין רעדע קעגן דעם רויש-צושטאַנד אַרויסגערופן אין איר מיט גע-וואַלטיקער קראַפט די דערינערונג וועגן טויטן. ווי אַ גרויסע פאַר-לאָקונג, שוין מער ווי נייגיריקייט, איז אויפגעקומען אין איר דער פאַרלאַנג נאָך יענעם מאַן, וועלכן אַזוי פיל מענטשן האָבן באַ-טראַכט אַלס נעראָן. אויב ער וועט האָבן פון אים בלויז עפּעס, זיין שטים, זיינע הענט, זיין גאַנג, בלויז איין גראַן פון יענער אומבאַשרייבלעכער מישונג פון גרויסקייט, נאַרישקייט, מאַיעסטעט און יינגלישקייט, — ווי גליקלעך וועט זי זיין.

„אפשר איז ער נעראָן", האָט זי געזאָגט. זי האָט גערעדט ווי פאַר זיך, טרוימעריש. „שרעקט זיך נישט, מיין צעיאַן", האָט זי ווייטער גערעדט, זעענדיק ווי דער אַנדערער איז דערשראָקן און בלייך געוואָרן פנים-אל-פנים מיט אַזוי פיל אומפאַרנונפט און בייזן ווילן. „איך וויל אין קיינעם קיין נקמה נישט נעמען, נישט אין אייער טיטוס און נישט אין קיינעם פון די סע-נאַטאָרן, וועלכע האָבן פאַרהעצט צום טויט מיין געליבטן און קיי-זער. איך ווייס אויך, אַז נעראָן איז טויט, איך האָב געזען זיין טויטן קערפּער און דאָס שוואַרצע לאָך אין זיין קעל, פון וועלכן עס זענען אַרויסגערונען זיין בלוט און זיין לעבן, און איך האָב אים פאַרברענט, און זיין אַש שטייט אין מיין פאַרק לעבן אַפּישן וועג. אָבער — אפשר וועל איך דעמדאָזיקן אַנדערן ליב האָבן, און דאַן איז ער נעראָן".

זי האָט דעמדאָזיקן אומזין אַרויסגערעדט מיט אַ קלאָרער, געלאַסענער שטים, זי האָט אים אָנגעקוקט מיט קלאָרע, אומגע-טריבטע בליקן. צעיאַנען אָבער האָט אַרומגעכאַפּט אַ שוידער, אַ פּאַנישע שרעק פאַר דערדאָזיקער וועלט, ווו אומעטום טריאומפירט דאָס משוגעת, ווו עס איז מער קיין אָרט נישטאָ פאַר פאַרנונפט. ער איז נאָך אַלץ געווען האַר איבער זיבן רוימישע לעגיאָנען, אָבער מיט שוידער האָט ער איינגעזען, אַז פונדעסטוועגן האָט ער

קיין שום מאַכט נישט. וואָס קאָנען זיינע זעלנער מאַכן קעגן דעם שמייכל, קעגן די משוגענע קאַפּריזן פון דאָזיקן מיידל? אויף וואָכנלאַגג, אויף חדשים גאַנצע ליגט דער גורל פון זיין פּראָווינץ אין די הענט פון דערדאָזיקער זונה, פון דאָזיקן קינד.

ער האָט קעגן איר גאָרנישט געקאָנט טון. זי איז געווען ווי דער טייך פּרת, גלייכגילטיק און אומבאַרעכנבאַר; קיינער האָט נישט געקאָנט פּאָראויסזען, וואָס זי וועט ברענגען — ברכה אָדער קללה. עס איז זינלאָז געווען צו בונטעווען קעגן איר. ער האָט בלויז געקאָנט זיצן שטיל און אָפּוואַרטן, וואָס זי וועט טון.

און ער האָט קוים געשפּירט אין זיך אַ כעס צו קלאַודיאַ אַקטע, ווען זי איז, אין צוויי טעג אַרום, אָפּגעפאָרן קיין צווישנשטראָמלאַנד.

## 7.

## דריי זיך, דריידל

זיי זענען געשטאַנען איינער אַקעגן צווייטן, אַקטע און וואַראָ. זיי האָבן זיך נישט געזען כמעט דרייצן יאָר. ער האָט באַטראַכט איר צאַרט, באַחנט פּנים, עס איז געוואָרן דערפאַרענער, אַ האַרעלע רעזיגנירטער. זי פלעגט אָפּט זיין אייפערזיכטיק לגבי אים, דעם אינטימסטן פריינט פון איר געליבטן; ער האָט אַ סך צוגענומען ביי איר פון איר געליבטנס געפיל און צייט. אָבער ווי נאָר זי האָט דערזען זיינע גוט-באַקאַנטע שטריכן, דאָס שטאַרקע, פליישיקע פּנים, די קלוגע אויגן, דעם גוט-געבויטן שטערן, איז איר קלאָר געוואָרן, וואָס פאַר אַ סך געמיינזאַמס עס פאַרקניפּט זיי. קיינער האָט נישט געקענט דעם קייזער אַזוי ווי זיי ביידע, קיינער האָט אים נישט ליב געהאַט מער פאַר זיי. זי האָט זיך אַזוי געוואָלטיק-שאַרף דערמאַנט אין נעראָנען, זיין בילד איז געוואָרן אַזוי קערפּערלעך-נאָענט, אַז זי איז בלאַס געוואָרן. גלייכ-

צײַטיק איז זי דערשראָקן געוואָרן, ווי אַלט וואַראָ איז געוואָרן. אינדערצווישן איז ער געווען דערשטוינלעך יונג פאַר זײַנע פופ־ציק יאָר; זי האָט אָבער געטראָגן אין זיך זײַן בילד אומפאַר־ענדערט און זי האָט שאַרפער פאַר אַנדערע געזען די נײַע ליניעס.

„אָט זעען מיר זיך ווידער, מײַן וואַראָ", האָט זי געזאָגט, און אויף איר לעבעדיק פּנים, וואָס פלעגט איבערגעבן יעדע קלענ־סטע באַוועגטקייט פון געפיל, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט פרייד, שרעק און רעזיגנאַציע. וואַראָ אָבער האָט געטראַכט: „פאַרוואָס האָב איך דידאָזיקע נישט ליב געהאַט? האָבן דען מײַנע אויגן נישט געזען, ווי שיין זי איז? דאָס איז געשען פון קלוגשאַפט, — איך האָב זיך פאַרבאָטן זי ליב צו האָבן. צי האָב איך זי איצט ליב? נאָך מיט עטלעכע חדשים פריִער וואָלט איך געווען אויפגעגעבן פאַר איר מײַן לעכערלעכע שפּיל, וואָלט זיך געווען באַמיט זי צו געווינען און מיט איר געלעבט איין, צוויי אָדער אפילו פינף יאָר. איצט האָב איך אין מײַן נאַרישער שפּיל פאַרלוירן די קראַפט. איך בין אויסגעליידיקט, אויסגעשעפּט, כ'בין אַן אַלטער מאַן".

אָבער אויף זײַן פּנים און אין זײַנע ווערטער האָט מען קיין סימן נישט באַמערקט פון זײַנע געדאַנקען. „לאָמיך אײַך נאָר אָנ־קוקן, מײַן אַקטע", האָט ער געזאָגט אין שפּאַס. „אײַערע צײַן זע־נען, באמנות, געוואָרן גרעסער און קליגער". „צי מײַנע צײַן זענען גרעסער געוואָרן, ווייס איך נישט", האָט אַקטע געזאָגט. „אָבער קליגער בין איך געוואָרן. דאָס איז זיכער. איז דאָס מיט אײַך אויך געשען, מײַן וואַראָ?"

זי איז אין כעס געווען אויף איר סענטימענטאַלקייט. „דער־ציילט מיר נאָר", האָט זי שנעל געבעטן, „וואָס האָט איר דאָ אייגנטלעך פאַרקאָכט? צוליב וואָס האָט איר אָנגעהויבן די געשיכטע מיט אײַער נעראָן? וואָס דערוואַרט איר פון דעם? איר מוזט מיר אַלץ גענוי דערציילן. איר ווייסט דאָך, איך בין שרעקלעך נײַגי־

ריק". זי איז האַלב־ליגנדיק געזעסן אויף איר סאָפע, איין נאַקע־טער אָרעם אַרונטערגעלייגט אונטערן קאָפּ.

וואַראַ האָט דערציילט. ער האָט נישט פאַרבאָרגן, אַז די אוממיטלבאַרע סיבה פון זיין אונטערנעמונג איז געווען זיין אַנטי־פּאַטיע צו צעיאָנען. ער האָט דערציילט קאַלט, פונדעסטוועגן האָט אין זיינע ווערטער אָפּגעקלונגען די אינטענסיווקייט, מיט וועלכער ער האָט געפירט זיין זאַך, און דער גלויבן אין דער אידעע, וואָס איז געווען אין הינטערגרונט. ער האָט גערעדט וועגן די קרבנות, וואָס ער האָט פאַר דעם געבראַכט, וועגן זיין טאָכטער מאַרציאַ, וועגן זיין פּריינט פּראָנטאָ, וועגן שטעלן אין קאָן זיין געלט, צייט, נערוון, לעבן, און אַז ער האָט אויף קיין שום זאַך קיין חרטה נישט.

אַקטע האָט פאַרטראַכט זיך צוגעהערט. „אַ סך מאָטיוון", האָט זי ענדלעך געזאָגט, „אָבער ליידער בלויז מאָטיוון פון ליידנ־שאַפט". „ליידער?" האָט וואַראַ אַ פרעג געטון. „באמת ליידער?"

„מען האָט מיר אין אַנטיאָכיע באַוויזן מיט גוטע אַרגו־מענטן", האָט אַקטע געזאָגט, „אַז אייער אונטערנעמונג איז נאַריש און אויסזיכטלאָז. די מענטשן, וואָס האָבן מיר דאָס דערקלערט, זענען אומבאַדייטנד און עקלדיק. אָבער די פאַרנונפט איז אויף זייער זייט". „די פאַרנונפט", האָט וואַראַ אַ הייב געטון מיט די אַקסלען, און אויף זיין געזיכט האָט זיך באַוויזן יענער זיגערישער לייכטזין, וואָס פלעגט פון תמיד אָן צוציִען צו אים די הערצער. „דריי זיך, דריידל", האָט ער ציטירט אירס אַ לידל, מיט גע־לעכטער. „וואָס איז פאַרנונפט? יעדער איינער האַלט פאַר פאַר־נונפטיק דאָס, וואָס דינט צו באַשטעטיקן זיין אייגן וועזן, און דאָס, וואָס איז קעגן דעם, וואַרפט ער אָפּ. איך האָב געשאַפן דעמדאָזיקן נעראָן, ווייל אָן נעראָנען און זיין ווערק קאָן איך נישט לעבן. איר, אַקטע, האָט נעראָנען ליב געהאַט אויף אייער פּרוויאישן שטייגער, און איר האָט אים נאָך ליב: איר האָט אים מקבר געווען און איר האַלט אין כבוד זיין אָנדענק. איך האָב אים ליב אויף מיין שטייגער: איך פיר וויטער זיין אַרבעט. צי

איז דאָס אומפאַרגונפטיק?" "איך, וואַראָ", האָט אַקטע געזאָגט, "איך האָב אייך אַפּט פּיינט געהאַט. איך ווייס אָבער, ווי שטאַרק איר האָט ליב געהאַט רויט־בערדלען, און ווי שטאַרק ער אייך". "איך האָב אים נאָך ליב, אַקטע", האָט וואַראָ געזאָגט. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט, פריילעך, ערנסט.

## 8.

## כימערע

וואַראָ האָט מיט פריידיקער דערשטוינטקייט פעסטגעשטעלט, אַז אַקטעס קומען האָט גליקלעך פאַרענדערט זיין טאָכטער מאַרציאַ. זי, וואָס זינט פראָנטאָס טויט איז זי געווען אומצופרידנלעך, פאַרשטייפט, האָט אים פּלוצלינג אויפגעוואַכט און גערעדט מיט אים. זי האָט תיכּף אַרויסגעפירט דעם שמועס אויף קלאַודיאַ אַקטע. און מערקווירדיק, זי האָט מער נישט אָפּגעלאָזט דידאַקטיקע טעמע. זי האָט זיך נישט געקאָנט גענוג אָנהערן וועגן אַקטען, האָט געוואָלט וויסן טויזנט איינצלהייטן. דער דערשטוינטער וואַראָ האָט נישט געקאָנט באַגרייפן, וואָס אַזוינס האָט מאַרציאַן צוגעצויגן צו אַקטען.

דערקלערט האָט זיך דאָס אָבער אָט מיט וואָס: אין אַקטען און אין איר גורל האָט זיך אָפּגעשפּיגלט איר, מאַרציאַס, לעבן. קלאַודיאַ אַקטען איז געשטאָרבן דער עכטער נעראָן, און זי איז איצט געקומען אַהער, אין מזרח, רעזיגנירט, גרייט זיך צו באַנוּגענען מיט אַ פאַלשן. און אויך זי, מאַרציאַ, האָט פאַרלוירן דעם עכטן נעראָן; ווייל דערדאָזיקער און פראָנטאָ האָבן זיך ביי איר פאַרשמאָלצן אין איינס, אַזוי, אַז מיט פראָנטאָן איז פאַרשוווּנדן פאַר איר דער עכטער נעראָן. זיי ביידע, אַקטען און איר, איז איבערגעבליבן בלויז נעראָנס אויסערלעכקייט.

אַקטע ווידער האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט מאַרציאַן,

אין רוים און אין אַנטיאָכיע האָט מען געהאַלטן אין די צינגער מאַרציאַן, די אַריסטאָקראַטקע, וואָס אַ מערקווירדיקער גורל האָט זי געצווונגען צו ווערן די פרוי פון אַ לייבאייגענעם, וואָס שפּילט דעם קייזער. אפילו וועגן דער אימפּאָטענץ פון דאָזיקן מאַן זענען דערגאַנגען קלאַנגען איבערן ים, אויך וועגן מאַרציאַס באַציִונגען מיטן פּולקאָווניק פּראָנטאָ. אַקטע איז געווען נייגיריק צו זען מאַרציאַן.

מיט ביידע פרויען פונם עכטן נעראָן האָט זי געלעבט בשלום; צוערשט מיט אָקטאַוויאַן, שפּעטער מיט פּאָפּעאַן. די גרויס־אַרטיקע אומפאַרשעמטקייט, מיט וועלכער אַקטע האָט אויסגעהאַלטן ביי נעראָנס זייט, דולדנדיק פריינטלעך זיינע געזעצלעכע פרויען און זיי איבערלעבנדיק, — האָט איר זייער אַ סך מיטגעהאָלפן צו גע־ווינען די סימפּאַטיעס פון די מאַסן. דאָס פאָלק האָט זי ליב גע־האַט פאַר דער דרייסטקייט פון איר ליידנשאַפט און פאַר איר פאַראַכטונג צו דער אויסערלעכער חשיבות; עס האָט זיך געפרייט מיט דער געלאַסנקייט, מיט וועלכער זי האָט ליבערשט געוואָלט הייסן און בלייבן נעראָנס פריינדין, איידער צו זיין רוימישע קיי־זערין. איצט איז אַקטע געקומען אָנקוקן די פרוי פון דאָזיקן נייעם נעראָן, — אַנטשלאָסן צו לעבן מיט איר אין פריינטשאַפט, ווי מיט יענע.

זי האָט תיכף איינגעזען, אַז עס וועט נישט זיין אַזוי לייכט צו געווינען די פריינטשאַפט פון דערדאָזיקער מאַרציאַ, אָבער די־דאָזיקע אויפגאַבע האָט זי גערייצט, און זי האָט מאַרציאַן אַרויס־געוויזן טאָפּלטע וואַרימקייט. זי האָט איר געשטעלט פריילעכע, אינטימע פראַגן, פון מיידל צו מיידל, פון פרוי צו פרוי, נישט צודרינגלעך. מאַרציאַ האָט אפילו אויף אַקטען געקוקט פון אויבן אַראָפּ, ווי אויף אַ געבוירענער לייבאייגענער. צי דען אָבער איז איר מאַן פון אַ לייבאייגענעם נישט געוואָרן קיין קייזער, און אויב אין קייזער גופא שטעקט אַ לייבאייגענער, פאַרוואָס־זשע נישט אין זיין פריינדין אַ לייב־אייגענע? חוצדעם האָט זי אין אַקטען געזען אַ נאַטירלעכע פאַרבינדעטע; צי דען זאָל אַקטע, פונקט ווי זי,

נישט פארלייקענען דעם עכטן נארא̈ן צוליבן דא̈זיקן טרויעריקן טעבער? מארציא האט זיך געפילט גוט ביים שמועסן מיט אק־טען. און אינגיכן זענען זיי געווארן אינטים אזוי, אז אקטע האט געמעגט רעדן וועגן נעראנען, וועגן זייער ביידנס נארא̈ן, מיט א גאנץ קליינער, באחנטער, באפליגלטער איראניע, אזוי, אז עס איז נישט קלאר געווען, צי רעדט זי דאס וועגן עכטן נארא̈ן אדער וועגן פאלשן.

ביז איצט האט מארציא ארויסגעשטעלט נאקעט איר נארא̈ן בלויז פאר זיך אליין און פאר פראנטאן. איצט האבן אקטעס פאר־זיכטיקע, קליינע שפאסן זי אלץ מער און מער אויפגעלאקערט, ביז זי האט זיך שוין נישט געשעמט צו רעדן פאר דערדאזיקער פריינדין וועגן איר שאנדע, צוערשט שטארק צוריקגעהאלטן, דער־נאך אלץ דייטלעכער. מיט א נידעריקער שטים, מיט אן אויסטער־לישן שמייכל ארום די שטאלצע, פון פיין־פארצערטע ליפן, האט זי אקטען דערציילט וועגן נעראנס אייגנטימלעכקייטן, — וועגן די אייגנטימלעכקייטן פון עכטן נארא̈ן, וועגן וועלכע זי האט געהערט דערציילן, און וועגן די אייגנטימלעכקייטן פונם נארא̈ן־טערענץ, — מיט וועלכע זי האט זיך אליין באקאנט.

אקטע איז אינגאנצן געווען געהער. זי האט נישט אויסגע־טיילט, וואס עס האט געקאנט זיין אמת און וואס — פאנטאזיע. בעת דער אנדערערס רעדן האט זי זייער שטארק געטראכט וועגן עכטן נארא̈ן, איר געליבטן און קייזער, און עס איז געווען מאד־נע, וואס א דאנק די רייד פון דערדאזיקער האלב־משוגענער האט זיך זיין בילד פארענדערט אין איר דערינערונג. זי האט זיך גע־שטעלט די פראגע, צי האט זי נישט אמאל צו נעראנס בילד, ווי זי טראגט אים אין איר נשמה, צוגעמישט שטריכן פון אנדערע מענער, ווי דאס איז געשען מיטן נארא̈־בילד פון דערדאזיקער נארישעוואטער? צי האט זי נישט אמאל אלץ, וואס קומט איר פאר שיין און ליב ביי אנדערע מענער, אריבערגעטראגן אויף איר טויטן געליבטן, און געבליבן בלינד פאר יענע פון זיינע אייגנשאפטן, וואס זענען פאר איר ביי אנדערע העסלעך און אפשטויסנדיק? זי

האָט איצט איר טויטן נעראָן נישט ליב געהאַט ווייניקער, אָבער זי האָט אים שאַרפער, דײַטלעכער דערקענט.

מאַרציאַ ווידער האָט אַלץ מער געטראַכט וועגן פראָנטאָ, וואָס מער זי האָט מיט קלאַודיאַ אַקטען גערעדט וועגן נעראָנען. די דערינערונג וועגן טויטן נעראָן און וועגן טויטן פראָנטאָ האָבן זיך בײַ איר אַלץ מער און מער פאַרמישט מיט דער דערשיינונג פון לעבעדיקן טערענץ; עס איז איר מער נישט געלונגען פונאַנ־דערצוטיילן די־דאָזיקע דרײַ בילדער. צוטרוילעך, תאווהדיק און געהיימנישפול האָט זי דער דערשטוינטער אַקטע דערציילט וועגן נעראָנס ליידנשאַפט צו באַנוצן אין בעט מיאוסע, אויסגעלאַסענע ווערטער. זי האָט געזאָגט „נעראָן", אָבער געמיינט האָט זי „פראָנ־טאָ". דאָס, וואָס נעראָן, אַלס געבוירענער לײַבאייגענער, האָט געהאַט דאָס רעכט, נאָכמער: די פליכט צו באַנוצן אין מאָמענטן פון גרויסן געפיל מיאוסע רייד, — האָט איר פראָנטאָ געמאַכט ליבנסווערטער. דאָס, וואָס נעראָן־טערענץ איז געווען קייזער, האָט פראָנטאָ פאַרוואַנדלט אין אַ קייזער, סײַ דער לעבעדיקער און דער טויטער זענען געוואָרן איינס.

סײַ אין מאַרציאַן, סײַ אין אַקטען איז אויפגעקומען דאָס בילד פון אַ ליבנכווערטן מאַן, זיי האָבן אים אויסגעצירט מיט אַלע ליבנסווערטע שטריכן פון אַ סך מענער, און ביידע האָבן גערופן זייער דאָזיק בילד — „נעראָן".

אַ דאַנק דעמדאָזיקן בילד האָבן זיך ביידע פרויען טיף איינגעלעבט איינע אין דער צווייטער. און מאַרציאַ האָט פלוצלינג געזאָגט, ווי זי זאָל אָפּפילן געניי, וואָס די אַנדערע פילט און טראַכט: „עס איז נישט אמת, דאָס נעראָן איז געשטאָרבן. ער לעבט. איך ווייס אַן אָרט, וווּ איר קאָנט געפינען דעם ווירקלעכן נעראָן, זיין שאָטן, מיין איך, זיין „אידעע", — און אַקטע האָט גלייך באַגריפן, אַז זי רעדט וועגן נעראָנס אומצעשטערבאַרן אידעאַל־בילד, וועלכעס זיי טראָגן ביידע אין זייער נשמה.

„און ווּ, מיין מאַרציאַ", האָט זי געפרעגט, טיף באַרירט

פון די אויסטערלישע ווערטער פון דער צווייטער, „קאָן איך אים געפינען, דעמדאָזיקן עכטן נעראָן ?“

מאַרציאַ האָט געהיימניספול אַרויפגעלייגט דעם פינגער אויף די ליפן און איר צוגעפליסטערט: „אין לאַבירינט, מיין ליבע, אין לאַבירינט באַהאַלט ער זיך אויס. וועט איר אפשר, מיין ליבע שוועסטער, אמאָל אַראָפּשטייגן מיט מיר אין לאַבירינט און אים הערן און זען ?“

און אַקטע, באַהערשט פון דער צווייטערס באַזעסנקייט, האָט געענטפערט אויך מיט אַן אַראָפּגעדריקטער שטים: „יאָ, מיין ליבע, פירט מיך אַהין“.

## 9.

## צוויי אַנטוישטע

מלוכה־סעקרעטאַר קנאָפּס אין זיין עדעסאַ און גענעראַל טרעבאָן אין זיין סאַמאָסאַטאַ האָבן אין אָנגענעמער דערוואַרטונג אויסגעקוקט אויף אַקטעס קומען. ביידע האָבן געוווּסט ווי אַזוי מען דאַרף זיך באַגיין מיט פרויען, זיי האָבן געוווּסט דעם ווערט פון זייער מענלעכקייט, און דערפאַרוּנגען האָבן זיי זיכער געמאַכט אין זייער דערפאָלג. צו שלאָפן מיט אַ פרוי, וועמעס רייץ עס איז געווען וועלט־באַקאַנט, איז פאַר ביידע געווען אַ ציל, וואָס איז ווערט די גרעסטע מי.

קנאָפּס, וועלכער איז אין עדעסאַ געווען דעם קייזערס פאַרטרעטער, האָט זי דער ערשטער באַזוכט. ער האָט גלייך געפּרוּווט גליק מיט דער פרעכער, וויציקער מאַניער, מיט וועלכער ער האָט אַזוי אָפט, אפילו אַלס לייבאייגענער, דעראָבערט פרויען. אַקטע אָבער איז געבליבן פריינטלעך, אָבער קאַלט. זי האָט באַטראַכט דידאָזיקע מאָדנע חיה קנאָפּס מיט נייגיר, אָבער אָן וואַרימקייט. קנאָפּס, גערייצט דורך איר דיסטאַנצירטקייט, האָט גענו־

מען אַרויסשטעלן אין ריכטיקן ליכט זיינע פאַרדינסטן. ער האָט אַנטוויקלט פאַר איר זיין מלוכה־מענישן זשעני. ציניש האָט ער מרמז געווען, אַז דאָס איז אין זיין קאָפּ אויסגעוואַקסן דער איינ־פאַל וועגן דער אַפּאַמעאַ־פאַרפלייצונג, — יענער איינפאַל, וואָס האָט אַנטשידן נעראָנס זיג. אָבער דאָס דערמאָנען דידאָזיקע גע־שעניש האָט אַקטען בלויז טרויעריק געמאַכט. נעראָן האָט זיך בשעתו גאַנץ ווייניק געמאַכט דערפון, וואָס נישט געקוקט אויף זיין אומשולד האָט מען אים באַטראַכט אַלס שולדיקן אין רוימס שרפה ; איר אָבער, אַקטען, האָט דידאָזיקע נאַרישע, פון נעראָנס פיינט פאַרשפּרייטע אינסינואַציע, שווער געמאַכט דאָס האַרץ, און עס איז איר נישט געווען צום האַרץ, וואָס די פאַרפלייצונג פון אַפּאַמעאַ, צוגעטראַכט פון דאָזיקן כיטראַק, וועט פונסניי באַלעבן יענעם קלאַנג. מיט אַ ניואַנס פון אומבאַטייליקטער פריינטלעכקייט האָט אַקטע געזאָגט : „עס איז נייטיק צו פאַרמאָגן אַ נישקשהדי־קע פּאָרציע דרייסטקייט, כדי אַרויסצורופן אַזעלכע געשעענישן. ווער עס באַזירט זיינע אויסרעכענונגען אויף דער נאַרישקייט פון המון, קאָן זיין זיכער מיטן אויגנבליק־דערפאָלג. איך בין אָבער ניי־גיריק צו וויסן, ווי לאַנג דאָס פאָלק וועט זיך לאָזן גענאַרן, און צי איר וועט אויסקומען מיט דעם ביזן סוף. איצט אָבער דאַנק איך אייך פאַר אייערע אינטערעסאַנטע געדאַנקען", האָט זי פאַרענדיקט. „עס איז איצט די שעה, וועלכע איך ווידמע מיין אָפּרו", און זי האָט אים פריינטלעך און אַנטשלאָסן געזעגנט. קנאָפּס איז געשטאַנען פאַר דער טיר מיט זיין אַנטוישטער מענ־לעכקייט, און עס האָט אים קנאַפּ וואָס געהאָלפן, וואָס ער האָט זיך געזאָגט, אַז אין תּוך איז דידאָזיקע אַקטע מער נישט ווי אַ פּרעטענציעזע נישט קיין יונגע אָריענטאַלין.

טרעבאָן האָט נישט געזשאַלעוועט די רייזע פון סאַמאָסאַ־טאַ קיין עדעסאַ, כדי צו באַגריסן קלאַודיאַ אַקטע. ער איז נאַ־טירלעך דערשינען מיטן געקלאַפּער פון אַלע זיינע אויסצייכענונ־גען און איז פון אָנהייב אָן אויפגעטרעטן זיגרייכער פאַר קנאָפּסן. ער האָט געקרייט, האָט באַוווּנדערט אין איינדייטיקע ווערטער

אַקטעס שיינקייט, האָט געלאַכט מיט זיין פּאַרימט, העל, פעט גע־לעכטער, האָט זיך פּרעזענטירט מיט זיינע ווירקזאַמסטע וויצן. אַקטע האָט מיט אינטערעס באַטראַכט דעם ליאַרמענדיקן פּענאַ־מען, — זי האָט נאָך עפּעס ענלעכס נישט געהאַט געזען. זי האָט באַטאַפּט זיינע אויסצייכענונגען, האָט פאַרבראַכט מיט אים אַן אָנ־גענעמע האַלבע שעה. אָבער דאַן, ווען ער איז שוין, לויט זיין מיינונג, געווען ביים ציל און זי פּלוצלינג קרעפטיק אַרומגעכאַפּט ביי די אַקסלען מיט זיין רויטלעך־באַהאָרטער האַנט: „נו, וועלן מיר אפשר צוזאַמען פאַרברענגען, קליינע פרוי?", האָט זי אויס־געוויכן, אפילו נישט אויפגעבראַכט, נאָר אַזוי אומענדלעך פאַר־וווּנדערט, אַז אויך ער האָט געמוזט פאַרצווייפלען אין זיין דערפאָלג.

אינאָווענט, אין זייער שענק, האָבן זיך קנאַפּס און טרעבאָן דערציילט זייערע איבערלעבונגען מיט קלאַודיאַ אַקטע. אָבער אינצווישן האָבן זיך זייערע איבערלעבונגען שטאַרק געענדערט. ביידע האָבן געהאַלטן, אַז אַקטע האָט זיך געהנדלט צו זיי; אָבער פאַר אַן אָפּגעפּאָרענער דאַמע האָט זי צו פיל פּרעטענזיעס, וועלכע שטייען נישט אין קיין שום פּראָפּאָרץ צום דערוואַרטן גע־נוס. באַשעפטיקטע מענער, ווי זיי, האָבן קיין צייט נישט פאַר אַזאַ אָנגעבלאָזענער ציג.

זיי האָבן דאָס קאָנסטאַטירט מיט געטרייע־הויכע שטימעס. די מענטשן אַרום האָבן מיט יראת־הכבוד צוגעהערט די רייד פון ביידע גרויסע און פּאָפּולערע מענער און האָבן זיי פלייסיק פונאַנדערגעטראָגן.

10.

# דער אויפגעשטאַנענער פון קבר

ווען טערענץ האָט דערהערט, אַז קלאַודיאַ אַקטע איז גע־קומען קיין מעסאָפּאָטאַמיע, כדי אים צו באַזוכן, האָט ער לגמרי נישט פאַרשנעלערט זיין רייזע איבער די נײַ־דעראָבערטע שטעט. ער האָט זיך געשראָקן פאַר „ווידערזען זיך״ מיט אַקטען. אמת, דאָס, וואָס אַקטע באַזוכט אים, איז געווען אַ געצוגנדער באַווייז פאַר איר גוטן ווילן. פונדעסטוועגן האָט ער דערוואַרט דאָסדאָזי־קע „ווידערזען״ מיט ענגלעכע געפילן, ווי בשעתו די חתונה־נאַכט מיט מאַרציאַן. אַקטע האָט, געקענט נעראָנען בעסער ווי יעדער איינער אין דער וועלט. נעראָן האָט געהייסן „דער מאַן, דער מענלעכער״. און אַקטע האָט געוווסט, אַז ער האָט מיט רעכט גע־טראָגן דעמדאָזיקן נאָמען.

אָבער צי דען — האָט ער זיך געטרייסט — איז ער נישט נעראָן? צי איז ער דען נישט נעראָן ביז די טיפסטע טיפענישן פון זיין וועזן, אויף אַזוי ווייט, אַז טערענצעס געפילן זענען במילא נעראָנס געפילן? אויב טערענצעס מענלעכקייט ווערט נישט באַ־לעבט דורך אַקטען, דאַן באַווייזט עס העכסטנס, אַז זי געפעלט מער נישט נעראָנען. דידאָזיקע פאָרשטעלונג האָט איב ווידער צו־געגעבן מוט.

ער האָט געהאַלטן פאַר פּאַסיקער נישט צו פאָרן אַליין קיין עדעסאַ, נאָר איינצולאַדן אַקטען צו זיך קיין סאַמאָסאַטאַ. אַקטע איז געווען איבעררא̈שט. צי דען וואָלט דער עכטער נעראָן אַזוי געווען געהאַנדלט? וואָרשיינלעך נישט. ער איז אָבער געווען אימ־פולסיוו. מען האָט נישט געקאָנט זאָגן מיט זיכערקייט, אַז דאָס וואָלט ער געווען געטון און דאָס נישט. איין אויגנבליק האָט זי

זיך געוואַקלט, צי זי זאָל פֿאָרן קיין סאַמאָסאַטאַ. זי האָט מאַרציאַן דערציילט וועגן דעם קייזערס איינלאַדונג, נישט אויסבאַהאַלטנדיק אירע ספקות. מאַרציאַ האָט געזאָגט צו איר: „זאָל איך מיטפֿאָרן, ליבע שוועסטער?“ היות אַקטע האָט געשוויגן, איז זי נישט צוגעשטאַנען, נאָר הייס געבעטן: „קום שנעל צוריק, וועל איך דיר ווייזן דעם לאַבירינט“. זי האָט אָבער וועגן לאַבירינט נישט מער געהאַט גערעדט זינט יענעם ערשטן שמועס.

אַקטע איז געפֿאָרן אַליין קיין סאַמאָסאַטאַ. זי האָט געוואַרט אויף דער באַגעגעניש מיטן דאָזיקן מאַן מיט אַ שפּאַנונג, וואָס איז פֿול געווען מיט אַזאַ פֿיינלעכקייט און באַגליקטקייט, ווי זי האָט דאָס שוין זינט לאַנגע יאָרן נישט געשפּירט. יענעם מאָרגן, אין וועלכן דער קייזער האָט זי געדאַרפֿט באַזוכן, איז זי אַרומגעגאַנגען איבער אירע צימערן, אויסגעפּוצט ווי פֿאַרן עכטן נעראָן, געיאָגט פֿון דערוואַרטונג. צום הונדערטסטן מאָל האָט זי זיך פֿאָרגעשטעלט, וואָס וואָלט געווען געטון דער עכטער נעראָן, ווען ער וואָלט זי געווען באַגעגנט נאָך אַזאַ לאַנגער צעשיידונג ביי אַזעלכע באַדינגונגען. ער וואָלט געווען געלאַכט, שטיל, גוטמוטיק, יונגטלעך, ער וואָלט געווען צוגעגאַנגען גאַנץ נאָענט צו איר, געצויגן מיט דער נאָז, זי אַרומגעשמעקט, צוגערוקט זיינע גרויע, קורצזיכטיקע אויגן האַרט צו איר פּנים, און דאַן ערשט וואָלט ער זי געווען אַרומגעכאַפּט, העפֿטיק, מיט זיינע פֿליישיקע, ליבע הענט, וואָלט געווען געלאַכט, וואָלט אָנגעהויבן צו שטראַלן: „גוטן טאָג, אַקטע. גוטן טאָג, קליינע אַקטע“. יאָ, אַזוי וואָלט ער געווען גערעדט, הגם ער איז נישט גרעסער געווען פֿאַר איר.

געשרייען פֿאַרן הויז, קאָמאַנדאָ-רופֿן, וואָפֿן-געקלאַנג. מען גייט אויף די טרעפּ, נישט קיין אומבאַקאַנטע טריט. די טיר ווערט אויפֿגעמאַכט, די קאָטאַרע ווערט אַוועקגעשאַרט. דער פֿרעמדער מאַן קומט. ניין, נישט דער פֿרעמדער: נעראָן קומט אַריין אין צימער. דאָס איז זיין פּנים, זיין ברייטער שטערן, זיינע רויטלעך-בלאָנדע האָר, זיינע גרויע, פֿאַרזשמורעטע, קורצזיכטיקע אויגן, זיין געוואַלטיקע, קינדישע, אָנגעבלאָזענע אונטערשטע ליפּ.

ער קומט צו צו איר, ער לאַכט, גוטמוטיק, יוגנטלעך, ער קומט צו גאַנץ האַרט צו איר, גלאָצט זי אָן, כאַפּט זי אַרום מיט זיינע ווייסע, פליישיקע הענט, הייבט אָן צו שטראַלן. און איצט, איצט רעדט נעראָנס שטים. צי דען איז דאָס זיין שטים? ניין, נישט זוכן קיין פעלערן, נישט קרימען מיט דער נאָז. זי וויל, דאָס זאָל זיין זיין שטים. דאָס איז זיין שטים. און איצט זאָגט דידאָזיקע שטים: „גוטן טאָג, אַקטע, גוטן טאָג, מיין ליבע אַקטע“.

אַקטעס שיין, לענגלעך פּנים איז ווייס געוואָרן, ווי זי וואָלט געווען איינע פון אירע סטאַטועס. ווילנלאָז, כמעט אין אָנמאַכט, האָט זי, די תמיד באַהערשטע, אָנגענומען די יוגנטלעך שטורמישע קושן פון פרעמדן. צי איז דאָס מעגלעך? זי האָט געזען דאָס לאָך אין נעראָנס קעל, פון וועלכער עס זענען אויסגערונען זיין בלוט און זיין לעבן, זי האָט געהאָלפן וואַשן דעם טויטן קערפּער, זי האָט אים געקושט, זי איז געשטאַנען דערלעבן, ווען מען האָט אים אַרויפגעלייגט אויפן שייטער-הויפן און פאַרברענט, דאָס אַש איז פייערלעך באַגראָבן געוואָרן אין מאַאוזאָלעאום פון איר פּאַרק אין רוים. און איצט — אָט איז ער, דער מאַן, אָט זענען זיינע קורצזיכטיקע אויגן, זיינע פרעכע, יוגנטלעכע, תאווהדיקע, קייזערלעכע ליפּן. אַלץ איז געווען פולער, מאַסיווער, געוואַקסן אויף דרייצן יאָר. אָבער דאָס איז געווען זיין געזיכט, זיין געשטאַלט. זי האָט נאַטירלעך געוווּסט וועגן יענעם שפּאַס, וואָס נעראָן האָט זיך בשעתו געמאַכט מיטן טעפּער טערענץ, און איר איבערוואַכטע געשפּאַנטקייט האָט רעגיסטרירט די קלענסטע אָפּווייכונג. פונדעסטוועגן איז זי אויפגעציטערט געוואָרן ביז אין אירע טיפסטע טיפענישן, באַגליקט און פאַרצווייפלט. דער רוים איז פול געווען מיט נעראָנען, מיט איר געליבטן. אָט פונקט אַזוי פלעגן זי באַרירן זיינע הענט, אָט פונקט אַזוי פלעגט זי שפּירן אויף זיך זיין אָטעם. אָבער אויב דאָס איז ריכטיק, צי געהערט איר נאָך דער טויטער? שרעק און גליק האָבן זי אַריינגעכאַפּט אין זייער שטורמישן פלאָנטער אַזוי, אַז זי האָט נישט געוווּסט אויף וואָסער וועלט זי איז.

זי האָט זיך באַפוילן אויפצוּוואַכן. זי האָט זיך געזאָגט, אַז אַ לייב, אַ פּנים, אַ מאַסקע קאָנען זיך אפשר איבערחזרן, — אָבער ווען זי וועט זיך גענוי צוקוקן, וועט זי באַמערקן, אַז די באַוועגונגען, דער גאַנג פון דאָזיקן מאַן זענען אַנדערש, אַז זיין ווערן איז אַנדערש פון טויטנס. אָבער זי האָט דאָס — דערווייל יעדנ־פאַלס — נישט געוואָלט הערן. פּאַרזיכטיק האָט זי זיך באַפרייט פון דעם מאַנס אומאַרעמונג. מיט אַ צערטלעכער שטים, וואָס איז נאָך הייס געווען פון אויפרעגונג, האָט זי געפרעגט : „און ווו ביסטו געווען דידאָזיקע גאַנצע צייט ? פאַרוואָס האָסטו מיך נישט געלאָזט רופן ?“

טערענץ האָט זיך געהאַט געריכט אויף אַזעלכע פראַגעס און אָנגעגרייט ענטפערס אין נעראָס סטיל. אָבער דערדאָזיקער, אין זיין טיפסטן וועזן שוישפּילערישער מענטש, האָט זיין גאַנצע נעראָנישקייט אַריינגעפּרעסט אין דער באַגריסונג, ער האָט זיך אין דערדאָזיקער מינוט אַזוי פאַרשוואונדעט, אַז ער איצט געווען אינ־גאַנצן אויסגעליידיקט. ער האָט נאָך, אמת, באַזעסן גענוג טעכ־ניק, כּדי אַרייסצובריינגען די ריכטיקע ענטפערס אין ריכטיקן טאָן. אָבער דאָס נשמהדיקע איז פאַרשוואונדן געוואָרן. אַקטע איז געקו־מען צו זיך, אַקטע האָט געזען אַ לעכערלעכן קליינעם קאָמעדיאַנט. די מאַגיע איז פאַרשוואונדן. זי האָט זיך געשעמט פאַר איר גרוי־סער, גליקלעכער און פאַרצווייפלטער מינוט. פונדעסטוועגן איז זי דאַנקבאַר געווען דעם מאַן פאַר דערדאָזיקער מינוט און האָט אים נישט געלאָזט באַמערקן איר אומגעהייערע אַנטוישונג.

אין אַלגעמיין איז דערדאָזיקער ערשטער שמועס געפירט געוואָרן אַזוי, אַז אפילו אַ קענער וואָלט אים אָנערקענט אַלס ווי־דערזען צווישן דעם עכטן נעראָן און זיין געליבטער. אַקטע אָבער איז צופרידן געווען, וואָס איר צוזאַמענזיין מיטן דאָזיקן מאַן האָט לאַנג נישט געדויערט. דערנאָך איז זי געווען אויסגעשעפּט און האָט זיך צוגעלייגט רוען, ווי איר געוווינהייט איז געווען. זי האָט זיך געאיבט צו רוען דידאָזיקע צוויי שעה אפילו נאָך אויפ־רעגונגען ; זי איז אויך היינט געשלאָפן. דורך איר חלום אָבער

איז אַדורך אַ פאַרצערטער נעראָן, און זי האָט זיך אויפגעכאַפּט מידער, ווי זי האָט זיך צוגעלייגט.

אין דאָזיקן טאָג האָט זיך אָקטע צום ערשטן מאָל געפילט אַלט.

זי האָט ווידער געעפירט נעראָנס הענט אַרום איר קאָפּ, איר הויט האָט זיך געקילט אונטער זיין אָטעם, איר אויער, איר האַרץ זענען פול געווען מיט זיין שטים. מיט וועמעס שטים? פון עכטן אָדער פון פאַלשן נעראָן? צי איז דען נישט אַלץ איינס, וועמעס נאָמען דער מאַן טראָגט? איז דען נישט גענוג, וואָס ער עקזיסטירט אויף דער וועלט? איז דאָס דען נישט געווען אַן אומדערוואַרטער, אומגעטרוימט-גרויסער חסד פון די געטער? זי איז ווילִיק געווען צו באַטראַכטן דעמדאָזיקן מאַן, ווער ער זאָל נישט זיין, פאַר נעראָנען. און אויב איר האַרץ פלעגט זיך אפילו אָפּקערן פון אים, ווייל דער מאַן איז געווען גרעבער, ווי דער פון איר דערינערונג, און אויב איר פאַרשטאַנד פלעגט אפילו אָפּלאַכן פון איר, וואָס זי האָט זיך געלאָזט אָפּנאַרן, — פונדעסטוועגן פלעגט אפילו אין דידאָזיקע מינוטן איר שויס בענקען נאָך אים.

אינאָוונט פון זעלבן טאָג, ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל ווידער באַגעגנט, האָט נעראָן איינגעאָרדנט אַ באַנקעט פאַר איר. אַ צייט לאַנג איז ער געווען מאַט; דאַן, מיטאַמאָל, האָט אים ווידער פאַרכאַפּט די חסד-מינוט פון אַ גרויסן שוישפּילער. באַגליקט דורך דערדאָזיקער מינוט, האָט זי געוואַרט, דאָס ער, דער עכטער נעראָן, וועט אומגעריכט גראָב אַרויסבעטן די אַנדערע און וועט זיך תאוותדיק וואַרפן אויף איר. ער האָט זי אָבער אַנטוישט. נאָך אַ געהעריקער צייט האָט ער זיך מאַנירלעך געזעגנט און איז אַוועק.

און דאָס זעלבע איז געשען אויפן צווייטן און אויפן דריטן טאָג. דאַן האָט זי אַליין געזאָגט צו אים מיט דער נאַטירלעכער אומפאַרשעמטקייט פון דער ליבנדער: „רויט-בערדעלע, ווען וועסטו שלאָפן מיט מיר?" ער האָט זיך אָבער געהאַט געגרייט אויך צו דערדאָזיקער פראַגע און געענטפערט מיט געלעכטער: „מען טאָר

פון די גשעטער נישט פֿאָדערן צו פיל גליק. איך האָב אַ גדר געטון, אַז איך וועל שלאָפן מיט דיר ערשט דאַן, ווען איך וועל דעראָבערן אַנטיאָכיע". דאַן האָט זי מיט ווייטיק געשפּירט, ווי פרעמד ער איז און ווי פאַרשידן פון נעראָנען.

זי האָט באַשלאָסן זיך אומצוקערן קיין עדעסאַ און באַלד דערנאָך קיין אַנטיאָכיע און קיין רוים. עס איז איר אָבער, אומגעריכטערהייט, שווער געוועזן זיך צו שיידן פון דאָזיקן מאַן. זי איז געבליבן נאָך אַ טאָג, און נאָך איינעם, און נאָך אַ וואָך.

## 11.

# דער לאַבירינט

ביי זיין גאַנצער פּרימיטיווקייט און אין־זיך־איינגעשלאָסנקייט האָט נעראָן זייער גוט פאַרשטאַנען אַרויסצושפּירן די געפילן פון די אַרומיקע, אויף וויפיל דאָס איז נוגע געווען זיין פּערזאָן. ער האָט זייער גוט באַמערקט ווי אַזוי אַקטע קוקט אויף אים. עס האָט אים געהייצט גראָד פאַר איר עפּעס צו באַדייטן. עס איז נישט געבליבן פאַרבאָרגן פאַר אים, אַז אַקטע, די כלומרשט אויסגערעכנטע און קלאָר־פאַרשטאַנדיקע, רעאַגירט אויף אים דער עיקר דאַן, ווען ער וויקלט פונאַנדער פאַר איר זיינע ראָמאַנטישע טרוימערייען. איינמאָל האָט ער זי אויפגעפאָדערט צו באַזוכן מיט אים יענץ אָרט אין צווישנשטראָמלאַנד, וואָס איז אים געווען צום ליבסטן — דעם לאַבירינט פון עדעסאַ.

אַקטע איז געווען טיף געפּלעפּט. ווען מאַרציאַ האָט איר גערעדט וועגן לאַבירינט, האָט זי נישט גערעכנט, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן איבערלעבענישן מיטן דאָזיקן צווייטן נעראָן, — זי האָט מאַרציאַס רייד געהאַלטן פאַר די פאַנטאַזיעס פון אַ האַלבמשוגענער; פונדעסטוועגן האָבן זי מאַרציאַס ווערטער אָנגעפילט מיט נייגיריקער שרעק. ווען נעראָן־טערענץ האָט איצט אַרויסגע־

רעדט דאָס וואָרט לאַבירינט, האָט זי פונסניי דערשפירט יענע אויפרודערונג, און דאָס וואָרט לאַבירינט, אַרויסגערעדט דורך נעראָנס מויל גרויסאַרטיק און געהיימנישפול, האָט אַ ווייע געטון אויף איר מיט אויסטערלישקייט און ציטער.

זי איז צוריקגעפאָרן צוזאַמען מיט נעראָנען קיין עדעסאַ. זי האָט נישט געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון מאַרציאַן, אַז נעראָן האָט זי אויפגעפאָדערט צו באַזוכן מיט אים דעם לאַבירינט. אָבער מאַרציאַן האָט לגמרי נישט פאַרדראָסן, וואָס נישט זי, נאָר דער קייזער וועט ווייזן דער פריינדין דעם לאַבירינט, און דער קייזער האָט גאָרנישט געהאַט דאַקעגן, מאַרציאַ זאָל מיטגיין.

זאַלבעדריט האָבן זיי פאַרלאָזט די שטאָט, זענען אַריבערגעשווומען דעם טייך סקירטאָס און האָבן זיך געלאָזט צום לאַבירינט. זיי זענען געווען פשוט געקליידט און האָבן נישט געהאַט קיין באַגלייטערס ; נעראָן האָט נישט געוואָלט דאָס פאָלק זאָל זען, אַז זיי גייען אַריין אין לאַבירינט. מיט איין-איינציקן פאַקל-טרעגער זענען זיי אַריינגעדרונגען אינם פינסטערן פלאָנטער פון דער ריזיקער הייל. נעראָן האָט זי געקענט, ווי זיינע פינף פינגער. ער איז געגאַנגען פאָראויס, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויפן פאַקל-טרעגער, זייער שנעל, אַזוי, אַז מאַרציאַן און אַקטען האָט עס פאַרשאַפט מי אים נאָכצופאָלגן אויף די געקרייצטע אומגלייכע וועגן. צולעצט האָט נאָך נעראָן געהייסן דעם פאַקל-טרעגער אָפּשטיין. „האָט נישט קיין מורא”, האָט ער געזאָגט צו די פרויען, האָט מאַרציאַן געהייסן אָננעמען זיין האַנט און אַקטען — מאַרציאַס האַנט, און אַזוי איז ער ווייטער אַריינגעגאַנגען אין אַ פינסטערן קאָרידאָר.

אַקטע איז געווען דרייסט, זי האָט דאָס אָפּט באַוויזן ; אָבער איצט איז איר געוואָרן אומהיימלעך, גייענדיק שווער און אומזיכער מיט דידאָזיקע צוויי האַלב-משוגענע דורך דער טונקלקייט, דורך די ענגע, נידעריקע, פאַרשימלטע קאָרידאָרן, כסדר זיך איינבייגנדיק, כדי נישט אָנצוקלאַפּן דעם קאָפּ. זי האָט גאָרנישט געזען, בלויז פון צייט-צו-צייט האָט זי געהערט קליינע,

העפלעכע, צוויטשערנדע געשרייען. „דאָס זענען פלעדערמייז", האָט נעראָן דערקלערט. „איך האָב עטלעכע פאַרהיימישט; זיי האָבן אינטערעסאַנטע פּנימער. יעדנפאַלס, האָט נישט קיין מורא, מיין אַקטע, זיי וועלן זיך נישט איינטשעפּען אין די האָר. דאָס איז אַ נאַרישער אַבערגלויבן. די וועלט איז לײַדער פול מיט נאַרישע אַבערגלויבנס", האָט ער לײַכט אָפּגעזיפצט.

„איצט קומען מיר צו מיין ליבלינגס-פּלאַץ", האָט ער געזאָגט מיט באַפרידיקונג. „מען גייט אַראָפּ מיט אַ פּאָר טרעפּלעך, כמעט ווי אויף אַ לייטער". מאַרציאַ און אַקטע זענען מיט מי אַראָפּגעקראָכן אונטן, געפירט בלויז דורך זיין שטימע. די פּאַרשימלטע לופט און די כמעט-אָנצוטאַפּנדיקע שוואַרצקייט האָבן אַלץ פיינלעכער געווירקט אויף אַקטען. „איצט זענען מיר אָנגעקומען", איז נעראָנס שטים דערגאַנגען פון דער פינסטערניש. „זעצט זיך, ביטע", האָט ער העפלעך געזאָגט, ווי מען וואָלט זיך געווען געפונען אין זיין אויפנאַם-צימער. מאַרציאַ האָט אָפּגעלאָזט אַקטעס האַנט, אַקטע האָט געוואָלט בלייבן לעבן איר, שפּירן איר נאָענטקייט, די וואַרעמקייט פון איר קערפּער, זי האָט אָבער מאַרציאַן אָנגעוווירן. און רופן זי האָט זי זיך געשעמט אין נעראָנס קעגנוואַרט. האָט זי זיך אַראָפּגעזעצט צו דער ערד.

„צי זעט איר מיך, מיין אַקטע?" האָט נעראָן אין אַ ווײַלע אַרום אַ פרעג געטון, זיין שטימע איז געקומען פון גאַנץ ווייטלעך; די הײַל-קאַמער, וווּהין ער האָט זיי אַריינגעפירט, איז געווען גאַנץ גערוים. „ניין", האָט אַקטע געענטפערט פאַרוווּנדערט, „ווי אַזוי קאָן איך אייך זען? עס איז דאָך דאָ טונקל". „איז דאָ כאָקע טונקל?" האָט נעראָן צוריקגעפרעגט. „אויב אַזוי וועל איך נעמען לײַכטן. און איצט זעט איר מיך שוין?" האָט ער ווידער אַ פרעג געטון, מיט בייזן טריאומף און אַ קליינער דראָאונג. היות זי האָט געשוויגן, האָט מאַרציאַ פאַר איר געענטפערט: „נאַטירלעך זעט זי דיך". „זי דאַרף אַליין זאָגן", איז נעראָן נישט אָפּגעשטאַנען. „יאָ, געוויס זע איך דיך", האָט אַקטע געזאָגט אַן איבערראַשטע. „צי זעט איר, ווי איך הייב אויף די האַנט?" האָט

נעראָן געפרעגט. „איך זע דאָס", האָט אַקטע דערווידערט: „איר זענט אין אַ גוטער שטימונג", האָט נעראָן געלאַכט. „איך האָב גאָרנישט געהויבן די האַנט. אָבער דאָס איז אַן אָרט, וואָס פאָדערט כמעט אויף צו טרייבן שפּאַס. אויך איך פיל זיך דאָ זייער געמיטלעך. יאָ, איך פיל זיך דאָ גוט, און דאָ וויל איך בלייבן אויף אייביק. דאָ איז דאָס אָרט, וואָס איז פאַר מיר צום פּאַסיקסטן. דאָ געפינען זיך די שאָטנס פון די גרויסע, אַלטע מזרחדיקע קעניגן, דאָ האָט מען זיי באַגראָבן, דאָ האָבן זיי געוואָלט באַגראָבן ווערן, און ווען איך וויל קומען אין קאָנטאַקט מיט מיינסגלייכן, דאַן גיי איך אַהער און שמועס זיך דורך מיט די אַלטע קעניגן און מיט די געטער".

אַקטע האָט גאָרנישט געענטפערט. איר אומהיימלעכקייט איז געוואַקסן. דער מענטש איז בולט משוגע, און צי דען איז אויסגעשלאָסן, ער זאָל איר אין זיין משוגעת טון שלעכטס, זי מקריב זיין צו אַ גאָט, צו זיין געניוס אָדער ווער ווייסט צו וועמען — צום אָקס-גאָט לאַביר, למשל, צום גאָט פונם לאַבירינט? פונדעסטוועגן האָט זי זיין שטימע צוגעצויגן, און אפילו דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, ווייל דער עכטער נעראָן וואָלט אויך געוועזן געקאָנט רעדן אַזוי.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט נעראָן ווידער געזאָגט: „איצט וועלן מיר צוריקגיין", און אַקטע האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. אָבער אויף צוריקוועגס וועל איך אייך נישט פירן פאַר די הענט", האָט ער פריילעך צוגעגעבן. „איך וועל ליבערשט לייכטן". אַקטע איז דערשראָקן געוואָרן. זי איז אויפגעשטאַנען, גענומען טאַפּן לענגאויס די נישט-גלייכע ווענט. אָט הערט זי שוין נעראָנס שטים פון גאַנץ וויט און פון אויבן; ער האָט שוין פאַרלאָזט די טיפע קאַמער. מונטער פלוידערנדיק, גאַנץ שנעל איז ער געגאַנגען ווייטער, זיין שטים איז פאַרזונקען געוואָרן. איצט אָבער, לכל הפּחות, איז מאַרציאַ געוועזן לעבן איר. „לאָמיר דאָ בלייבן צוזאַמען", האָט מאַרציאַ פאָרגעשלאָגן. „איז דען דאָ נישט שיין?" „יאָ, יאָ", האָט אַקטע געאײַלט צוצושטימען און שנעל אָנגעכאַפּט די האַנט פון

דער פרוי. טונקל האָט זי זיך דערמאַנט געשיכטעס וועגן מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרבלאָנזשעט אין לאַבירינט און זענען דאָרט אומגעקומען פון הונגער. זי האָט פעסטער צוגעדריקט מאַרציאַס האַנט. אָבער באַלד האָט זי נייטיק געהאַט אירע ביידע הענט, כּדי זיך דורכצוטאַפּן פאָראויס, און אין עטלעכע רגעס אַרום האָט אַקטע אויך זי פאַרלוירן. זי האָט גערופן, מאַרציאַ האָט געענטפערט, אָבער אינגיכן האָט זי פאַרלוירן אויך מאַרציאַס שטים.

אַקטע איז איצט געווען אַליין אין לאַבירינט. זי האָט זיך דורכגעטאַפּט פאָראויס, צוריק. זי איז אַריינגעפאַלן אין אַ לאַנגן, לפי־ערך גלייכן קאָרידאָר. זי האָט זיך מיט זיכערקייט דערמאַנט, אַז זי איז דורכגעגאַנגען דעמדאָזיקן קאָרידאָר גלייך נאָכדעם, ווי נעראָן־טערענץ האָט געהייסן דעם פאַקל־טרעגער אָפּשטעלן זיך. זי האָט זיך צוגעגעבן מוט: אָט־באַלד, אָט שוין וועט זי דערזען דעם פאַקל. אָבער קיין פונק ליכט איז נישט געווען צו זען, און אויך די שטימען פון מאַרציאַ און נעראָן זענען ענדגילטיק פאַרלוירן געוואָרן.

עס האָט קיין זין נישט צו גיין ווייטער. איר דערינערונג האָט זי געטוישט, זי האָט זיך ענדגילטיק פאַרבלאָנזשעט. עס בלייבט איר נאָר איבער צו וואַרטן, ביז די אַנדערע וועלן זי אַרויסנעמען.

זי האָט זיך אין דער פינסטער צונויפגעדרייט אויפן דיל. זי וועט זיך דאָ מוזן באַוואָפענען מיט אַ ביסל געדולד. מען וועט זי לאָזן וואַרטן איין שעה, אפשר צוויי אָדער דריי. אפשר וויל רויטבערדל נקמה נעמען אין איר, ווייל ער האָט לגבי איר נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. אַקטע האָט געקענט די וועלט און די מענטשן, זי האָט געוווסט, אַז צום מערסטן האָט מען דעם פּײַנט, לגבי וועמען מיר האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר שוואַך. דער לאַבירינט זאָל פאַרמאָגן דריי טויזנט קאַמערן. צוואָס איז זי אײַנגעגאַנגען אויף דעמדאָזיקן משוגעת, אַראָפּצוגיין אַהער מיט די צוויי משוגעים? געווייגלעך איז זי דאָך פאַרנונפטיק. צוואָס איז זי בכלל אַהערגעקומען? נאַטירלעך, אין דעם, וואָס זי איז אַהערגע־

קומען, איז געווען אַ זין, אָבער איצט זעט זי אים נישט איין. נישט נאָר אין דאָזיקן פאַרשאָלטענעם לאַבירינט, אין זיך גופא האָט זי זיך אויך פאַרבלאָנזשעט.

אַ ביסל פאַרנונפט, כ׳בעט דיך, אַקטע. פאַל נישט אַריין אין אַ פּאַניק־שטימונג! וואָסער אינטערעס קאָן דעראָזיקער מענטש האָבן דיך אומצוברענגען אין דעראָזיקער נאַכט? און אויב ער זאָל אפילו האָבן אַזאַ משוגענעם איינפאַל, וועלן אים דען וואַראַ און די אַנדערע נישט אַרויסשלאָגן דאָס פון קאָפּ? עס וואָלט דאָך געווען זייער שעדלעך פאַר נעראָנס זאַך, ווען אַקטע, וועלכע איז געקומען אים באַזוכן, זאָל ביים דאָזיקן באַזוך פאַרשווינדן.

מיט פּלוצלינגדיקער שרעק האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון ביי אירע האָר. האָט זיך דען נישט איינגעפלאָנטערט אין זיי אַ פלעדערמויז? נאַרישקייטן! אין דער לעצטער אינטערשטער קאַמער ווױנט דער גאָט פון לאַבירינט, דער אָקס־גאָט לאַביר. ער פלעגט צווינגען דאָס פאָלק פון עדעסאַ צו שיקן אים אין לאַבירינט יונגע מענטשן, פון וועמענס בלוט ער נערט זיך. ווי לאַנג איז שוין, ווי זי זיצט דאָ. „רויט־בע־דל“, האָט זי פּלוצלינג אַ געשריי געטון, און אין איר שטים איז געווען אַ גרויסע שרעק. „וו ביסטו? העלף מיר!“

מיטאַמאָל האָט זיך ווידער געהערט נעראָנס שטים. „איר זענט נאָך אַלץ דאַ, אַקטע?“ האָט ער געפרעגט העפלעך און פאַרוואונדערט. ער האָט אין דער פינסטערניש גערעדט אַזוי גלייכגילטיק, ווי ער וואָלט געווען געהאַלטן דעם שמאַראַגד פאַרן אויג און זי באַטראַכט. „פאַרוואָס גייט איר מיר נישט נאָך? אָבער איר זענט אפשר גערעכט. דאָס ליכט פון דער מאַיעסטעט איז צו גוט, כדי עס צו באַנוצן פאַר פּשוטע לייכט־צוועקן. איך וועל אייך צושיקן דעם פאַקל־טרעגער“.

דער פאַקל איז געקומען, ליכט איז געקומען, און ענדלעך איז מען ווידער געווען אויף דער ליכטיקער שיין. די שרעק, וועלכע אַקטע האָט געשפּירט אין לאַבירינט, איז נישט געבליבן אין איר דערינערונג. אינגיכן האָט זי שוין בלויז געדענקט דאָס, וואָס

האָט זי געררייצט אין דער גאַנצער געשעעניש. דער נעראָן פון לאַבירינט, וואָס האָט זי געשראָקן, אינטערעסירט, אויסגעלייזט, איז געווען דער טויטער, עכטער נעראָן. דער טויטער, עכטער נעראָן איז אין לאַבירינט געווען אינדערהיים נישט ווייניקער, ווי אין זיין מאַאוזאָלעאום אין איר רוימישן פּאַרק. און אַקטע האָט שוין אויף זיכער געוווסט, אַז זי האָט גוט געטון, וואָס זי איז געפאָרן אין צווישנשטראָמלאַנד.

## 12.

# דער באַנראָבענער

זי האָט זיך שוין געפונען אין עדעסאַ כמעט אַ חודש צייט. נעראָנס פריינט האָבן איינגעפונען, אַז עס איז שיין און גוט פון איר זייט, וואָס זי איז געקומען; אָבער אויב זי וועט איצט נישט באַשטעטיקן נעראָנס אידענטישקייט דורך אַן אַנטשידענער דע־מאָנסטראַציע, וועט איר באַזוך ברענגען מער שאָדן, ווי נוצן. זיי זענען אַלע אייניק געווען, אַז עס איז בלויז איין מיטל, דורך וועלכן אַקטע קאָן ווירקזאַם דעמאָנסטרירן איר גלויבן אין לעבע־דיקן נעראָן.

נאַטירלעך, די אויפגאַבע צו פועלן ביי אַקטען, זי זאָל אָנ־ווענדן דאָסדאָזיקע מיטל, האָט באַקומען וואַראַ. „איך זע מיט פרייד, מיין אַקטע", האָט ער געזאָגט, „אַז איר פאַרברענגט אַ סך מיט אונזער נעראָן. צי הייבט איר שוין אָן צו פאַרשטיין, ווי איך האָב געקאָנט פאַלן אויפן אומזיניקן פלאַן מחיה מתים צו זיין נעראָנען?" אַקטע האָט זיך צוגעהערט מיטן אויסדרוק פון אַן אויפמערקזאַם קינד און געשאָקלט צושטימענדיק מיטן קאָפּ. „אויב אונזער נעראָן", האָט וואַראַ ווייטער גערעדט, „באַווייזט די קונץ צוריקצוברענגען אויף מינוטן צו דער פאַרגאַנגענהייט אפילו אייך, מיין אַקטע, צי דען וועט אים דאָס נישט געלינגען לגבי רוים,

וואָס איז אַ סך ווייניקער פיינפילזיק, ווי איר?" „די צייט", האָט אַקטע דערווידערט, „איז געוואָרן האַרטער, רויער. זי נייטיקט זיך אין זייער שאַרפע מיטלען, כדי זיך צו באַגייסטערן. די פאַרביקע בלינדקייט, אין וועלכער אונזער נעראָן ברענגט אונז אַריין, האָבן מיר אפשר צו פאַרדאַנקען נישט אים, — זי ליגט אין אונז גופא. און אייב אַזוי — איז אונזער אונטערנעמונג דאָך אומזיניק און האָפנונגסלאָז".

פאַר וואַראָן איז געווען אַ גרויסער טריאומף, וואָס זי האָט געזאָגט „אונזער אונטערנעמונג". „צי געדענקט איר, אַקטע", האָט ער געפרעגט, און עס איז געווען מער אַ ביטע, ווי אַ פראַגע, — „צי געדענקט איר ווי דער גלויבן אין נעראָנען האָט אונז דאַן לייכטער געמאַכט דאָס לעבן? צי געדענקט איר די געליימטקייט, די באַטויבונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע וועלט, ווען נעראָן איז געשטאָרבן? איז אונז דען נישט פאָרגעקומען, ווי די וועלט וואָלט מיט איינמאָל געוואָרן וויסט, בלאַס, פאַרבלאָזן? די מענער אויפן פּאַלאַטין האָבן געוואָלט צוגנבענען ביי אונז, ביי אייך מיט מיר, אונזער נעראָן. איז דען נישט הערלעך זיי צו ווייזן, אַז זיי האָבן דאָס נישט געקאָנט אויספירן? זיי האָבן צעהאַקט אויף שטיקער זיינע סטאַטועס, זיי האָבן אויסגעקראַצט זיין נאָמען פון אַלע אויפשריפטן, אפילו אויף זיין ריזן-פיגור האָבן זיי אַנשטאָט זיין גוטן קאָפּ אַרויפגעזעצט דעם פויעריש-ניכטערנעם פון אַלטן וועספּאַסיאַן. צי איז דען נישט גרויסאַרטיק זיי צו ווייזן, אַז אַלץ איז געווען אומזיסט? כ׳בין מודה, אין פאַרלויף פון אייניקע יאָר האָבן זיי דאָס באַוויזן. אויף אַ משך פון אייניקע יאָר האָבן זיי אויף אַן אמת אָפּגעמעקט פון דער וועלט אַלדאָס פאַנטאַסטישע, — אַלץ, וואָס גיט צו אַ ווערט דעם לעבן. איצט אָבער, מיט נעראָנען, איז דאָס אַלץ ווידער דאָ. צי דען פאַרכאַפּט אייך דאָס נישט, אַקטע? די געטער האָבן אונז געהאָלפן דאָס שווערסטע שטיק וועג גובר צו זיין. קומט מיט אונז, אַקטע. מיר וועלן דעראָבערן אַנטיאָכיע, אַלעקסאַנדריע, קאָרינט, דעם פּאַלאַטין". „איר טרוימט", האָט אַקטע געזאָגט; זי האָט דאָס אָבער נישט געזאָגט

מיט קיין פאַרוווּרף — זי האָט אַליין מיטגעטרוימט, איר שטים איז געקומען פאַרשלייערט, ווי פון שלאָף. „עס וואָלט געווען שיין", האָט זי ווייטער גערעדט, נאָך אַלץ מיט דער זעלבער פאַרטרוימ־טער שטים, „ווידער צו וווינען מיט נעראָנען אויפן פּאַלאַטין. דאָס וועט אָבער נישט געשען. עס איז נישט גוט, זיך איבערצוגעבן אינגאַנצן דעם צויבער, ווי איר טוט דאָס, מיין וואַרראָ. ווען דער צויבער צערינט", — זי איז שטיל געוואָרן, האָט זיך פאַרטראַכט. „ווען דער צויבער צערינט?" האָט וואַרראָ געפרעגט, קוקנדיק אויף איר, אַליין כמעט ווי פאַרכאַפּט פון דער וויסנדער מעלאַנ־כאָליע, וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט פון איר. „ווען דער צויבער צערינט", — האָט זי איבערגעחזרט, און זי האָט נאָך אַלץ נישט פאַרענדיקט דעם זאַץ. „איז וואָס, איז וואָס?" האָט זי וואַרראָ גע־איילט און נישט געקאָנט אָפּווענדן די אויגן פון איר. „דאַן בלייבט אַן אַלטע פרוי", האָט אַקטע פאַרענדיקט מיט איר קלאָרער שטים, רויִק צעשמייכלט.

און מיט דער לאָגיק, וואָס איז איר אייגן געווען, האָט זי אים ניכטער און האַרט דערקלערט, ווי זי קוקט אויף זיין נעראָן. „איר האָט זיכער אויסגעוויילט דעם ריכטיקן מאַן", האָט זי גע־זאָגט. „ער קאָן פאַרפירן. ער האָט מיך אפילו אָפּגענאַרט. אָבער אייער נעראָן קאָן אָפּנאַרן בלויז אויף אַ מינוט, און אויך דאַן דאַרף מען אַרויסווייזן אַ גוטן ווילן דערצו. ער איז דורכאויס קינסטלעך, די געטער האָבן זיך פאַרגינען דעם שפּאַס צו שאַפן עפּעס ענלעכס אויף אַ וואַקס־פיגור, וואָס קאָן רעדן און זיך באַ־וועגן, אָבער ער בלייבט אַ שאָטן, ער האָט נישט קיין עכטע מענטשלעכע נשמה. ער קאָן אפילו נישט שלאָפן מיט אַ פרוי, ער איז נישט קיין „נעראָן", ער איז נישט קיין מאַן, עס פעלט אים די שאַפונגס־קראַפט. צום לעבעדיקסטן איז ער אין זיין לאַבירינט. ער איז אַ געשפּענסט, אַזוי שטעל איך מיר פאָר די טויטע אין האַדעס — ער איז גאָרנישט. וואַרראָ, איר האָט מיר פאַרשאַפט אַ ביטערע דערפאַרונג. עס צעשמעטערט, ווען מען זעט, ווי אייגער קאָן זיך אַזוי מענלעך און קייזערלעך און גרויס און פאַנטאַסטיש

האַלטן און אין זיין אינערלעכקייט איז ער פוסט, אַ גאָרנישט. איך ווער דערשראָקן פאַר זיך אַליין, פאַר מיינע אייגענע באַוועגונגען, פאַר מיין גאַנג, פאַר מיין שטים, ווען איך זע פאַר זיך דעמדאָזיקן שאָטן־נעראָן".

וואַראָ האָט זי פאַרשטאַנען, און איידער נאָך ער האָט איר פאָרגעלייגט זיין פאָדערונג, האָט ער ביי זיך אין האַרץ געוווּסט, אַז זי וועט זי אָפּוואַרפן. „ווען איך זע אייער לעבעדיק פנים, אַקטע", האָט ער אָנגעהויבן ווי פונדאָסניי, „קאָן איך זיך נישט פאָרשטעלן, איר זאָלט טאַקע זיין אַזוי ניכטער, ווי איר שטעלט זיך אַרויס. אויב איך האָב מיך געלאָזט מיטרייסן, טאָ לאָזט איר זיך אויך מיטרייסן. זייט נישט אַזוי פאַרנונפטיק. בלייבט אויף אונזער שיפל, אַקטע. און אויב עס וועט אפילו אונטערגיין — דאָס פאָרן איז דאָך גרויסאַרטיק! און אויב איר וועט זיין מיט אונז — וועלן מיר נישט ליידן קיין קאַטאַסטראָפע".

„איך וועל זיך פאַר אייך אָנטרויען, וואַראָ", האָט אַקטע דערווידערט. „איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב נעראָנען ליב געהאַט. אַזוי שטאַרק, אַז יעדער אַנדערער ווערט בלאַס פאַר זיין שאָטן. אייער נעראָן איז געווען דער ערשטער מאַן, וואָס האָט ווידער פונאַנדערגעפלאַקערט אַלץ, וואָס איז אין מיר געווען אויסגעלאָשן זינט רויט־בערדלס טויט. איך קאָן אייער נעראָן נישט אַריבערטראָגן. איך ווער משוגע, ווען איך מוז כסדר איבערלעבן, ווי פון דאָזיקן פליישענעם געשפענסט אַנטלויפט דער גייסט, ווי נאָר מען רירט עס אָן. איך קאָן דאָס נישט פאַרטראָגן. איך האָב נישט ליב דעם שיכּרות־צושטאַנד; איר האָט אַ טעות. יעדנפאַלס האָב איך נישט ליב קיין שיכּרות־צושטאַנד, אַרויסגערופן דורך אַזעלכע מיטלען. איך וועל דאָ נישט בלייבן". און היות זי האָט געזען זיין טיפע אַנטוישונג, האָט זי ווייטער גערעדט, ענדערנדיק דעם טאָן, אויסגערעכנט, שפּאַסיק און ערנסט אינאיינעם: „איך וועל אייך נישט לאָזן אָן הילף, וואַראָ. איר ווייסט דאָך, איך בין אַ רייכע פרוי, איך האָב ליב רייכטום, און אויב איך וועל עפּעס טון פאַר אייער נעראָן, וועט דער איינציקער פּראַקטישער רעזול־

טאָט דערפֿון זײַן, װאָס טיטוס װעט קאָנפֿיסקירן אין איטאַליע מײַנע שײנע גיטער און די ציגל-פֿאַבריקן. פֿונדעסטװעגן: אויב איך קאָן עפּעס טון פֿאַר אײער זאַך, אויב איך קאָן עפּעס טון פֿאַר דעם נאָמען נעראָן, — זאָגט דאָס מיר. איך װעל עס טון״.

אײ׳ ׳ האָט װאַראָ געקאָנט אַרויס מיט דעם, װאָס נעראָנס אָנהענגער פֿאָדערן פֿון איר; זי אַלײן האָט אים דערצו אויפֿגעפּאָדערט. אָבער דערדאָזיקער װאַראָ, װאָס האָט אָן שום װאַקלעניש געשיקט טויזנטער מענטשן אין טויט אַרײַן, װאָס האָט מקריב געװען זײַן טאָכטער מאַרציאַ פֿאַר זײַן שפּיל, װאָס האָט מיט באַדויערן, אָבער אָן חרטה געזען שטאַרבן זײַן פֿרײַנט פֿראָנטאָ, װאָס האָט אָפּט ריזיקירט מיטן אײגענעם לעבן פֿאַר אַ קלײניקײט, — דערדאָזיקער װאַראָ האָט קײן מוט נישט געהאַט צו זאָגן אָפֿן קלאַודיאַ אַקטע, װאָס ער װיל פֿון איר. זי האָט אָנגעצונדן אין אים אַ לײדנשאַפֿט. ער האָט נישט געקאָנט באַגרײַפֿן, פֿאַרװאָס ער האָט זיך פֿאַרװערט, כּל-זמן ער איז יונג געװען, צו זען איר אײנקײט, צו געניסן איר אײנציקאַרטיקײט, — און דאָס אַלץ בלויז צוליב אויסגערעכנטקײט, נישט קאַליע צו מאַכן די באַציִונגען מיטן קײזער. איצט אָבער, געעלטערט, האָט ער דאָס אײַנגעזען מיטאַמאָל, און ער האָט חרטה געהאַט. דערדאָזיקער מענטש, װאָס האָט אַזוי לאַנג געזאָגט „יאָ״ צו זײַן גאַנץ לעבן, װאָס האָט קײן חרטה נישט געהאַט נישט אויף דעם געטוענעם און נישט אויף דעם נישט-געטוענעם, — איצט האָט ער שוין, אין אַזאַ קורצער צײַט, באַדויערט צום צװײטן מאָל. איצט האָט ער חרטה געהאַט, װאָס ער האָט דעמאָלט נישט געטון אַלץ, נישט לײגנדיק קײן אַכט אויף נעראָנען, כּדי צו געװינען פֿאַר זיך דידאָזיקע פֿרוי אַקטע. עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַן אומגעהײערע לוסט אָפּצולײגן אין אַ זײַט אויף אַ קורצער צײַט זײַן לעכערלעכע און גרויסאַרטיקע זאַך, זײַן נישט מער װי דער פֿריערדיקער װאַראָ און געניסן פֿרײד פֿון פּרעכטיקן מענטש, װאָס דער גורל האָט אים געשיקט אויף זײַן װעג.

און אָנשטאָט אויסצונוצן די געלעגנהײט און איר מיטצו-

טיילן, וואָס ער וויל פון איר, האָט ער געזאָגט צו איר אָן שום צוזאַמענהאַנג: „איר געדענקט נאָך, אַקטע, ווי מיר האָבן אין דעם נייעם טייך פון גאָלדענעם הויז אַריינגעגעבן פאַרביקע, כּי־נעזישע פיש?" און ער האָט זיך געפילט יונג, ווי אין זיין בעס־טער צייט, לייכטזיניק און טיף, בייז־צונגיק און זיכער אין זיין צוציִונגס־קראַפט, גרייט צו צאָלן פאַר זיין גענוס זייער אַ הויכן פּרייז, וויסנדיק, אַז דאָס לעבן קאָן מען געניסן פול ערשט דאַן, ווען מען זאָגט זיך אָפּ פון חשבון. ער האָט זיך געפילט אינטים פאַרבונדן מיט אַקטען, ווי נאָך קיינמאָל נישט. ער האָט געשפּירט: אייגנטלעך, זענען זיי געווען זאַלבעדריט אין צימער; דער טוי־טער, דערווירקלעכער נעראָן איז געווען מיט זיי, אין זיין בעסטן געשטאַלט, נישט שטערנדיק, און עס האָט זיך אויסגעוועבט צווישן זיי דריי אַ טיפע, מער נאָך ווי פריינטשאַפטלעכע פאַר־בונדנקייט.

אַקטע אָבער איז נישט איינגעגאַנגען אויף זיין שפּיל. זי האָט איבערגעחזרט, — איבעררייסנדיק פלוצלינג און מיט בכּיוונ־דיקער ניכטערקייט זיינע פאַנטאַזיעס: „זאָגט מיר, וואָס קאָן איך טון פאַר אייער נעראָן?"

און וואַרראָ האָט זיך גענומען אין די הענט און איר מיט־געטיילט, וואָס ער און זיינע פריינט באַטראַכטן אַלס איינציקע ווירקזאַמע הילף, וואָס אַקטע קאָן געבן זייער זאַך.

די זאַך איז געווען די: אויב נעראָן לעבט, דאַן ליגט אין דער אורנע, וועלכע אַקטע היט אויף אין מאַאוזאָלעאום אין איר פּאַרק אין רוים, דאָס אַש פון סתּם־עמעצן. אויב אַקטע איז אי־בערצייגט, אַז נעראָן לעבט, דאַן איז דידאָזיקע אורנע און דער דענקמאָל בלויז אַ לעכערלעכע זאַך. אויב אַקטע וויל ווייזן דער וועלט, אַז זי גלייבט אין לעבעדיקן נעראָן, דאַן מוז זי צעשטערן דעם דענקמאָל, צעשיטן אויפן ווינט דאָס אַש פונם טויטן סתּם־עמעצן.

די דורכזיכטיקע הויט פון אַקטעס פּנים איז לויכטנדיק ווייס געוואָרן בעת וואַרראָ האָט איר דאָס דערקלערט אין בכּיוונדיק

טרוקענע זאַצן. איר שטים אָבער האָט געקלונגען ריין און רויִק, ווי תּמיד, ווען זי האָט, פונקט אַזוי טרוקן ווי ער, פעסטגעשטעלט: „איר פאָדערט, איך זאָל אַוועקלאָזן מיטן ווינט אַלץ, וואָס ס׳איז נאָך פאַרבליבן פון אמתן נעראָן, כּדי צו באַווייזן מיין גלויבן אין אייער פאַלשן?"

„יאָ", האָט וואַראָ זאַכלעך געזאָגט. אָבער נאָך איידער דערדאָזיקער „יאָ" האָט אָפּגעקלונגען אין דער לופט, האָט ער זיך פאַרשעמט פאַר זיין פאָדערונג, און ער האָט צוגעגעבן, אַ סך אומגעשיקטער, ווי געוויינלעך: „עס האַנדלט זיך וועגן נעראָנס ווערק. דאָס איז ווערט אַ הויפן אַש".

אַקטעס גרין-ברוינע אויגן האָבן לאַנג אָנגעקוקט דעם סענאַטאָר, נעראָנס פריינט, אירע אַקסלען זענען געווען אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט, איר מויל האָט לייכט געצוקט. „דאָס, וואָס איר זאָגט", האָט זי געענטפערט מיט אַ קוים-מערקלעכן חוזק, „איז זיכער זייער פאַרנונפטיק. פונדעסטוועגן האָט איר עס אפשר נישט געדאַרפט זאָגן". אַן אומהיימלעך שווייגן האָט זיך איינגעשטעלט צווישן ביידע מענטשן; מיטאַמאָל איז אין רוים געווען אַלץ, וואָס האָט זיי פונאַנדערגעטיילט.

אַקטעס גאַנץ וועזן האָט אויסגעדריקט עמפּערונג קעגן וואַראָן און זיין פאָדערונג. אומזיסט האָט זי זיך געזאָגט מיט איר גוטן פאַרשטאַנד: „אויב ער וויל ממשיך זיין נעראָנס ווערק און רעגירן מיט דער וועלט אין זיין זין — זאָל ער זיך אָפּשטעלן פאַר דער אורנע? פאַר אים איז דאָרט ווירקלעך נישטאָ עפּעס מער, ווי אַ הויפן אַש". אָבער טיפער אין איר אינערלעכקייט האָט זי געוווּסט, אַז דאָס אַנטשולדיקט אים נישט און אַז ער איז אומגערעכט לגבי איר און נעראָנען. זיין געדאַנקענגאַנג איז אפשר ריכטיק פאַר אים, אָבער נישט פאַר איר, פאַר אַקטען. איר פאַרנונפט איז פון אַן אַנדערן מין, ווי זיינער. דאָס, וואָס זי האָט דעמאָלט אָן שום וואַקלעניש ריזיקירט מיט איר לעבן, כּדי צו ראַטעווען נעראָנס טויטן קערפּער פון שענדונג און אים קיינערלעך מקבר צו זיין, — דאָס איז געווען די גרעסטע, די פאַרנונפטיקסטע טאַט פון

איר לעבן. וואָס הייסט דען „האַנדלען פאַרנונפטיק״? פאַרנונפטיק האַנדלען הייסט האַנדלען אין הסכם מיטן אייגענעם מהות. פּיע־טעט איז פאַר וואַראָן געווען אַ פוסט וואָרט, אָבער נישט פאַר איר. צעווייען נעראַנס אַש מיטן ווינט — דאָס באַדייט פאַר איר אויסגיסן אין דער פוסטקייט איר בלוט. יענע גריכישע פרוי, וועל־כע האָט געשטעלט דאָס לעבן אין קאָן, כּדי מקבר צו זיין איר ברודערס קערפער, איז נישט געווען סתם אַ טעאַטער־פיגור, זי האָט געלעבט נישט נאָר פון דיכטערס חסד. זי וועט קיינמאָל נישט דערלאָזן, עס זאָל צעשטערט ווערן דאָס הויז, דאָס טויטן־הויז אין איר פּאַרק, ווו נעראָן לעבט, — זי זאָל אפילו וויסן, אַז דורכדעם וועט זי אויף זיכער פאַרטרייבן פון רוים די פלאַוויער. די רעשטלעך פון איר געליבטן, פון איר קייזער, זענען געווען איר גרעסט פאַרמעגן, זי האָט אָן זיי נישט געקאָנט לעבן. „איך וועל דאָס אַש נישט אָפּגעבן״, האָט זי געזאָגט שטיל, האַרט, בייז. „איך קלער גאָרנישט וועגן דעם״.

וואַראָ האָט געשוויגן. ער האָט דערקענט, אַז אַקטעס אי־נערלעכן ווידערשטאַנד וועט נישט ברעכן קיין שום קראַפט אין דער וועלט. ער האָט זיך געזעגנט, איז אַוועק.

אַקטע האָט אינצווישן אייליק צוגעגרייט איר אָפּפאָר. אויב זי איז פריִער פאַרכאַפּט געווען — דורך און דורך — פון ליידנ־שאַפטלעכן פאַרלאַנג צו שלאָפן מיט נעראָן־טערענץ, — האָט זי איצט מער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן די לופט אַרום אים. שוין די דערינערונג פון זיין הויט, פון זיין גערוך האָט זי גערייצט צום ברעכן.

13.

# דאָס באַשעפעניש רעבעלירט קעגן שעפער

קלאַודיאַ אַקטעס כּוונה זיך אומצוקערן קיין אַנטיאָכיע און רוים האָט צווישן גְעראַנס פריינט פאַרשפרייט אַ פּאַניק־שטימונג. טרעבאָן און קנאָפּס האָבן געפּאָדערט זי צו באַזייטיקן, זי זאָל פאַרשווינדן נאָך איידער זי קערט זיך אום קיין רוים און וועט דאָרט קאָנען פאַרשפרייטן די לעגענדע, אַז נעראָן איז גאָרנישט נעראָן. אפילו פאַר זיך גופא האָבן זיי זיך נישט מודה געווען, אַז זיי זענען צופרידן געווען צו געפינען אַן אויסרייד, זיך נוקם צו זיין אין דער פרוי פאַר זייער דערנידעריקטן זכר־שטאָלץ.

טערענץ האָט געהערט די פאָרשלאָגן פון זיינע נאָענטע מיט צופרידנקייט. עס האָט אים געערגערט, וואָס אַקטע האָט דורך איר בלויזן דערשיינען געוויזן די מאָסן פון מעסאָפּאָטאַמיע, ער איז געווען אייפערזיכטיק אויף איר פּאָפּולאַריטעט. ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז עס זענען געווען מאָמענטן, ווען זי האָט אים געהאַלטן פאַרן אמתן נעראָן. אפשר, — האָט ער זיך געזאָגט, — וואָלט ער זי געקאָנט געווינען, ווען ער וואָלט זיך געוועזן אַרויס־געוויזן אַלס מאַן. ער האָט געהאַט אַ שנאה צו איר דערפאַר, וואָס זיין קראַפט אַלס מאַן און אַלס שוישפּילער איז נישט געווען גע־נוג גרויס, און ער האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן, וואָס זי איז בלינד געווען לגבי דעם „פּראַן”, דער שיין פון דער מאַיעסטעט, וואָס ער האָט אויסגעשטראַלט פון זיך אין לאַבירינט. עס וואָלט גוט געווען, דידאָזיקע זונה זאָל פאַרשווינדן פון דער וועלט, און עס איז אויסגעצייכנט, וואָס אויך מלוכה־פּאָליטישע מאָטיוון רעדן דערפאַר. דאָס איינפאַכסטע, נאַטירלעך, וואָלט געווען צו דער־מאָרדן אַקטען דורך געדונגענע מערדער. דאָס איז אָבער געווען

צו פשוט און צו גראָב. זיין נקמה דאַרף זיין פיינער, עלעגאַנטער. ער האָט זיך דערמאָנט וועגן דער קוּנציק־איינגעאָרדנטער שיף־קאַטאַסטראָפע, דורך וועלכער נעראָן האָט געוואָלט באַזייטיקן פון וועג זיין מוטער. ער האָט געטרוימט וועגן איינאָרדענען אַ קאַ־טאַסטראָפע, בעת וועלכער אַקטע זאָל ווערן אַ קאַליקע; איר פּנים זאָל, למשל, אויף תּמיד מיאוס ווערן, אָדער זי זאָל פאַרלירן איר שיינעם גאַנג. דאָס אומגליק מוז, נאַטירלעך, אַזוי ראַפינירט צו־געגרייט ווערן, אַז זי גופא זאָל גלייבן אין אַ בייזן צופאַל.

אַקטע האָט אינצווישן פאַרענדיקט די צוגרייטונגען צו איר אָפּפאָר. אָבער היות זי האָט געהאַט אַ העפלעך הארץ, האָט זי נישט געוואָלט פאַרלאָזן עדעסאַ, נישט געזעגענענדיק זיך מיטן מאַן, וועלכער האָט איר, נאָך לאַנגע יאָרן טרוקעניש, ווידער גע־לאָזט איבערלעבן אַ גרויס געפיל. זי האָט באַזוכט נעראָנען.

נעראָן איז גראָד באַשעפטיקט געווען מיט זיינע פאַרהיימיש־טע פלעדערמייז, אין דעם גראָט, וואָס ער האָט געלאָזט איינריכטן ספּעציעל פאַר זיי. דאָס, וואָס אַקטע איז געקומען זיך געזעגענען, איז געווען פאַר אים אַן אומאָנגענעמע איבערראַשונג. פאַר זיינע פלענער וואָלט פּאַסיקער געווען, זי זאָל פרוּוון אין דער שטיל זיך אַרויסגנבענען. ער האָט אָנגענומען אַלע מיטלען, און זי וואָלט שוין נישט פאַרלאָזט זיין מאַכט־געביט מיט גאַנצע גלידער. דאָס, וואָס זי איז דערשינען פאַר אים אַזוי ריין און פריילעך, האָט זיך נישט געגראַמט מיט זיין וועלט־בילד, דאָס האָט אים אַרויסגעבראַכט פון גלייכגעוויכט, און ער האָט זי נאָך מער געהאַסט דערפאַר, וואָס איר ווירקלעכקייט דעקט זיך נישט מיטן בילד, וואָס ער האָט זיך געשאַפן וועגן איר.

ער האָט זי אַ ווײַלע געלאָזט וואַרטן, דאַן איז ער נישט אַוועק אין פּאַלאַץ, נאָר זי אויפגענומען אין דער גראָט אין האַלבּ־טונקל. זיינע פלעדערמייז האָבן געשפענסטיש געפלאַטערט, אָדער זיך געקלאַמערט אין סופיט. זיי זענען העסלעך געהאָנגען מיט זייערע מענטשן־הענט, מיט זייערע געוואַלטיקע אויערן, מיט זייערע עקלדיקע הונט־און מאַלפּע־פּנימער, מיט זייערע פאַרשידנפאַרביקע

פעלצלעך. נעראָן האָט דעריוואָרט, אַז אַקטע וועט זיך אין דער־דאָזיקער אומהיימלעכער סביבה פאַרלירן. זי איז אָבער גיכער גע־וואָרן פאַרוואונדערט. היות זיין האָפענונג איז נישט מקוים געוואָרן, איז אים נישט געלונגען צו זיין נעראָן בעת דער־דאָזיקער געזעג־גענונגס־אוידיענץ. ער האָט אפילו געפונען אַ סך ווערטער פון טרויער, — וואָס זי פאַרלאָזט אים אַזוי שנעל, — האַלב־איראָנישע, אויך ציטאַטן פון די קלאַסיקער, וואָס דער עכטער נעראָן וואָלט קיין בעסערע נישט געוואָלט געקאָנט געפינען. אָבער אין אַלגעמיין האָט ער אַליין געפילט, אַז ער הינקט אַלס נעראָן, און אין אַק־טעס אויגן איז ער געווען נאָך ערגער, — נאָכמער: זי האָט נישט געקאָנט האַרייפן, ווי אַזוי דער־דאָזיקער מענטש האָט איר גע־קאָנט פאַרמיטלען גרויסע געפילן.

זי האָט שוין בדעה געהאַט אַוועקצוגיין, ווען נעראָן האָט ענדלעך דערפילט אין זיך די קראַפט זיך צוזאַמענצונעמען. יאָ, דער גייסט פון עכטן נעראָן איז געקומען איבער אים. ער האָט זיך דערשפירט אַלס קייזער, וועלכער געזעגנט זיך מיט אַ מענטש, וואָס איז מיט אים ענג פאַרבונדן געווען און איז עס נאָך אויך איצט; און ער, דער קייזער, וויל זיך שיידן פון אים מיט אַ טויט, וועגן וועלכן דער צווייטער האָט נאָך קיין אַנונג נישט. טונקל און אומהיימלעך האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן וועגן זיינע פלעדערמייז. ער האָט גערעדט וועגן דעם, אַז די נשמות פון די חתנים, וואָס אָדיסייאוס האָט געטויט, גייען נאָך דעם טויטן־פירער הערמעס אין דער אונטערוועלט, ווי פלעדערמייז, טונקל און באַ־דייטיק האָט ער געשפּאַסט, ווער פון זייערע געמיינזאַמע טויטע באַקאַנטע איז פאַרבאָרגן אַט אין דער־דאָזיקער גרימאַסירנדיקער חיה, און וועלכער אין יענער. דערביי האָט ער אַקטען אָנגעקוקט מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן בייז און גלייכצייטיק טרויעריק און צערטלעך. ער האָט געשפּילט נעראָנען, וועלכער ווייסט, אַז זיין מוטער אַגריפּינע, אַז זיין פרוי אָקטאַוויאַ גרייטן זיך צו אַ רייזע, פון וועלכער זיי וועלן נישט צוריקקומען. ער האָט ליב געהאַט די־דאָזיקע אַגריפּינע, דידאָזיקע אָקטאַוויאַ, דידאָזיקע אַקטע, ווייל

זיי זענען שוין פאַר אים געווען טויט, ווייל ער האָט געגאָסן די סענסאַציע צו רעדן מיט אַ טויטער, וועלכע האָט נאָך געגלייבט, אַז זי לעבט.

אַקטע האָט זיך דערשראָקן. דער מאַן, וועלכער שפּילט זיך מיט די פּאַרהיימישטע פלעדערמייז און לאָזט זיי עסן פון זיין האַנט, איז איר צוערשט פאָרגעקומען נאַריש. איצט איז ער איר געוואָרן אומהיימלעך. זי האָט געקענט דעמדאָזיקן נעראָן. זי האָט געקענט זיין אומהיימלעכע, אָפּגרונט־טיפע שלעכטקייט. זי האָט גוט געקענט נעראָנס ליידנשאַפט פאַר אַזאַ סובלים־גאָטלאָזער שפּיל. יאָ, איצט האָט זי באַגריפן, פאַרוואָס דערדאָזיקער מאַן האָט זי אַזוי טיף געקאָנט אויפרודערן. זי האָט געזען דעם קליינעם, פאַר־אַכטנדיקן, ליבנדיקן, טיף־שלעכטן שטריך אַרום זיינע ליפּן. אין טערענצן, וועלכער האָט זיך געשפּילט מיט זיינע פלעדערמייז, האָט זי דערקענט נעראָנען, וועלכער שפּילט זיך מיט די טויטע, וועלכע ער האָט געשיקט אין דער אונטערוועלט. זי האָט דער־קענט נעראָנען, זי האָט דערקענט, אַז ער האָט זי פאַראורטיילט, די אונטערוועלט האָט אַ ווייע געטון אויף איר מיט קעלט, און זי איז אַוועק מיט אַ שרעק אין האַרץ.

נישט נעראָן, אויך נישט טרעבאָן אָדער קנאָפּס האָבן גאָר־נישט מיטגעטיילט וואַראָן אָדער דעם קעניג פיליפּ וועגן זייערע כוונות לגבי אַקטען. נעראָן האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דידאָזיקע צוויי וועלן טון אַלץ, כּדי צו שטערן זיין פּלאַן. פונדעסטוועגן האָבןביידע, קעגן נעראָנס ווילן, זיך דערוווּסט וועגן דעם, און קורץ נאָך אַקטעס געזעגענונג מיטן קייזער, האָט וואַראָ דרינגענדיק־אייליק זיך גילאָזט מעלדן ביי אים.

„איך הער, צו מיין באַדויערן", האָט וואַראָ געזאָגט, „אַז קלאַודיאַ אַקטע וויל אונז פאַרלאָזן".

„יאָ, מיין וואַראָ", האָט נעראָן פריינטלעך געזאָגט, „מיר האָבן זי נישט געקאָנט פאַרהאַלטן, נישט איך, נישט איר".

„אויב מען קאָן זי נישט פאַרהאַלטן", האָט וואַראָ געהאַלטן,

„דאַרף מען אַזאַ שיינער און ליבנסווירדיקער פרוי, וואָס מער פאַרלייכטערן די צוריק־רייזע".

„יאָ", האָט נעראָן געענטפערט, „דאָס דאַרף מען טאַקע טון".

„איך וויל שטעלן צו איר רשות איינע פון מיינע אייגענע רייזע־קאַטשן", האָט וואַראָ דרך־אגבדיק געזאָגט, „און אַן ערן־וואַך פון הונדערט מאַן".

„לײדער קומט איר צו שפּעט, מיין וואַראָ", האָט דער קייזער באַדויערט. „איך אַליין האָב איר געגעבן אַ רייזע־וואָגן און אַ וואַך". דער סענאַטאָר איז געוואָרן בלייכער.

„איך וואָלט געווען זייער דאַנקבאַר אייער מאַיעסטעט", האָט ער געזאָגט, „ווען איך וואָלט באַקומען די מעגלעכקייט צו טון אונזער קלאַודיאַ אַקטע דידאַקטיקע קליינע געפעליקייט. איך דאַרף זיך ביי איר רעוואַנזשירן נאָך פון אַמאָל, און אייער מאַיעסטעט", האָט ער צוגעגעבן מיט גוטברודערישער פאַרטרויטקייט, „האָט געהאַט אונזער אַקטע די גאַנצע אַלע וואָכן אין דער נאָענטסטער נאָענט". טערענצן האָט פאַרדראָסן די אַנצוהערעניש, ער האָט אָבער נישט געלאָזט מערקן זיין כעס. „ניין, מיין וואַראָ", האָט ער געשמייכלט און אים געקלאַפּט אויפן אַקסל, — אַ זאַך, וואָס ביז איצט האָט ער זיך דאָס נישט דערלויבט. „עס וועט גאָרנישט זיין דערפון. מיר וועלן שוין אַליין טון אַקטען די לעצטע געפעליקייט". זיינע ווערטער האָבן, ביי זייער גאַנצער ליבנסווירדיקייט, געקלונגען מיט אַזאַ דראָונג, אַז וואַראָ האָט זיך נישט דערוועגט, כדי אים נישט צו רייצן, צו ווערן זיך קעגן זיין עקלדיקער אינטימיטעט. „זייט נישט איינגעשפּאַרט", האָט ער זיך געבעטן, „עס וועט זיך אפשר שלעכט ענדיקן", האָט ער צוגעגעבן, „אויב אַקטע וועט נישט באַגלייט ווערן פון מיינע זיכערע מענטשן ביז צו דער גרענעץ. דער וועג איז לעצטנס נישט אינגאַנצן זיכער". „צי דען האַלט איר, וואַראָ, אַז מיינע מענטשן זענען נישט זיכער?" האָט וואַראָ געפרעגט.

„איך האַלט מיינע מענטשן פאַר זיכערער", האָט וואַראָ דערווידערט.

„איר זענט זייער דרייסט, מיין פריינט", האָט נעראָן געזאָגט און אַ קליינער, פינסטערער וואָלקן האָט באַדעקט זיין קייזערלעך פנים, „צי דען גלייבט איר, אַז גראָד אַזעלכע אַרגומענטן זענען בכוח צו עפענען מיין אויער פאַר אייער בקשה ?" וואַראָ האָט זיך באַהערשט. „גיט נאָר אַ טראַכט", האָט ער נאָכאַמאָל געבעטן, „וואָס פאַר אַן אומפאָראויסגעזעענע רעזולטאַטן עס וועט ברענגען אַ מעגלעכע קאַטאַסטראָפע מיט אַקטען ביי איר אָפּפאָר. די גאַנצע וועלט וועט זאָגן, אַז אַקטע האָט אין אונזער נעראָנען נישט דערקענט די מאַיעסטעט, נאָר דעם געוויסן טעפער טערענץ. דאָס וואָלט געווען אַן אומגעהייערער טריאומף פאַר צעיאָנען און די לייט אויפן פּאַלאַטין. אונזער אַקטען טאָר קיין שום שלעכטס נישט געשען", האָט ער זיך געבעטן רחמים ביים קייזער.

„דעריבער טאַקע האָב איך איר געגעבן אַלס וואַך מיינע מענטשן", האָט נעראָן דערקלערט מיט אַ פריינטלעכן שמייכל.

איצט האָט זיך שוין וואַראָ מער נישט געקאָנט באַהערשן. ער איז צוגעגאַנגען האַרט צו טערענצן און אים געזאָגט גלייך אין פנים אַריין:

„עס וועט זיך שלעכט ענדיקן, ווען אַקטע וועט פאָרן מיט דיינע מענטשן, אויך פאַר דיר וועט עס זיך שלעכט ענדיקן, און דאָס וועט נישט געשען". ער האָט גערעדט שטיל, אָבער זיין טאָן איז געווען אַזוי דעצידירט, אפילו ווילד, אַז טערענץ האָט זיך דערשראָקן. אָבער טערענץ האָט זיך פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט מודה זיין אין דעם, אַז ער איז איצט פאַר וואַראָן געווען נישט מער ווי טערענץ און נישט נעראָן, און האָט דערווידערט: „ווי אַזוי וועסטו דאָס נישט דערלאָזן ?" „איידער דערלאָזן", האָט וואַראָ געזאָגט, „אַז אַקטע זאָל איבערגעענטפערט ווערן אין די הענט פון דיין כנופיה וועל איך זי בעסער באַוועגן צו זאָגן, ווער דו ביסט. נאָכמער, אַ געוויסע קאַיאַ וועט זאָגן ווער דו ביסט, און וואַראָ אַליין וועט דאָס אויך זאָגן". טערענץ איז בלייך גע-

וואָרן. ער איז אָבער אויך ווייטער געבליבן נעראָן און האָט איינגעהאַלטן זיין לייכטן טאָן, דעם טאָן פון קייזער, וועלכער קריגט זיך מיט זיין פריינט. „וואַראָ רעגט זיך שטאַרק אויף", האָט ער געשמייכלט, „צוליב אַ קליין מיידל. איך האָב אים נאָך קיינמאָל נישט געזען אין אַזאַ אויפרעגונג. ווער וואָלט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אונזער וואַראָ קאָן זיך נאָך אַזוי פאַרליבן. איך בין מוחל דעם פאַרליבטן די באַליידיקונג. אָבער ליידער קאָן איך איצט נישט דערפילן דיין בקשה", האָט ער געענדיקט אַ ביסל מיט חיזק, אַ ביסל מיט באַדויערן, ביינזוויליק. „נישט דו, איך וועל אַקטען געבן די רייזע־באַגלייטונג".

טערענץ האָט דערוואַרט, אַז וואַראָ וועט שטורעמען, זיך קאָכן, עס וועט קומען צו אַן אויסברוך. דערויף האָט ער זיך צוגעגרייט, דערדאָזיקער קאַמף האָט איינמאָל דאָך געמוזט אויסגעקעמפט ווערן. ער האָט זיך געשראָקן דערפאַר, אָבער ער איז אַנטשלאָסן געווען זיך צו פאַרמעסטן מיט די כוחות. ער האָט שטאַרק פיינט געהאַט אַקטען, און ער האָט שטאַרק פיינט געהאַט וואַראָן, און ער איז זיכער געווען, אַז דערדאָזיקער האַס וועט אים געבן די קראַפט אַרויסצוווייזן זיך אַלס נעראָן אין זיין שטרייט מיט וואַראָן.

וואַראָ אָבער איז נישט אַריינגעפאַלן אין צאָרן; פאַרקערט, פון זיין געזיכט זענען פולקאָם פאַרשוווּנדן די שפּורן פון צאָרן. זיין מויל האָט זיך פאַרצויגן אין אַן אומגעהייער־גאַווהדיקן, פאַראַכטנדיקן שמייכל, און ער האָט אַ וואָרף געטון צום באַשעפעניש, נישט הויך, אָבער זיכער אין דער ווירקונג: „צ׳ץ, טערענץ", און איז אַוועק.

טערענץ האָט נאָכגעקוקט דעם מאַן, געפלעפט אין זיין טיפסטן וועזן, אומבאַוועגלעך, בלייך, מיט אַ פאַרצערט געזיכט. דאַן, אין אַ קורצער ווײַלע אַרום, האָט ער אַנטשלאָסן אָפּגעמעקט פון זיין דערינערונג דאָסדאָזיקע אומדערהערטע. דאָס דאַרף נישט האָבן געשען, דאַס האָט ער נישט געטאָרט הערן. וואָלט עס אמת געווען, וואָלט ער דאָס האָבן געהערט, וואָלט ער זיך געדאַרפט

נוקס זיין פאַר דעם אויף אַ שרעקלעכן, אומגעהייערן אופן, ער וואָלט עפנטלעך געדאַרפט פייניקן און אומברענגען וואַראַן, אַקטען, קאַיאַן אויף אַ נאָך נישט געוועזענעם אופן. דאָס האָט ער נישט געקאָנט. נאָך נישט. אויב אַזוי האָט ער דאָס נישט געהערט, דאָס איז נישט געשען.

קלאַודיאַ אַקטע איז געפאָרן מיט דער שמירה, וואָס וואַראַ האָט איר צוגעשטעלט, און איז אָנגעקומען בשלום צוריק קיין אַנ-טיאָכיע, קיין רוים.

## 14.

## „פּראַן"

ווי עס האָט געשיינט, איז דעם קייזער נישט אָנגעגאַנגען איר אָפּפאָר. ער האָט זיך אַלץ אומדורכדרינגלעכער איינגעהילט אין זיין „פּראַן", אינם גלויבן אין זיין מאַיעסטעט.

ער האָט פּרעכטיק רעפּרעזענטירט, ווי נעראָן בשעתו. געלט האָט נישט געפעלט. די דעראָבערטע סירישע שטעט האָבן גע-צאָלט צינז. דאָס פאַרמעגן פון געמיינדעס און יחידים, וועלכע זענען קאָמפּראָמיטירט געוועז אַלס אָנהענגער פון טיטוסן און קעג-נער פון נעראָנען, איז קאָנפיסקירט געוואָרן. אַרטאַבאַן, קעניג פיליפּ, אַנדערע פירשטן, אויבער-פּריסטער, שייכן פון צווישנ-שטראָמלאַנד און אַראַביע האָבן געגעבן געלט מיט אַ ברייטער האַנט. נעראָן האָט געקאָנט באַפרידיקן זיין ליבע צו קאָלאָסאַלע בנינים. גרויסאַרטיק האָט ער אָפּגעבויט די פאַרטרונקענע אַפּאַ-מעאַ און זי אָנגערופן — נעראָניאַ. ער האָט דאָרט אויפגעבויט אַ סטאַדיאָן, אַ טעאַטער, אַ טעמפּל פון זיין געניוס; אויך פאַר דער געטין כּוּבּראַטע האָט ער אויפגעבויט אַ ניי, פּרעכטיק הויז.

גלייכצייטיק איז ער צוגעטרעטן צו פאַרווירקלעכן זיין ליבלינגס-טרוים. דער פעלז, וואָס האָט דאָמינירט איבער עדעסאַ,

האָט געזאָלט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אומגעהייערן רעליעף, וואָס זאָל, — אויפן שטייגער פון די אַלטע מזרח־דענקמעלער, — אויפהיטן אויף אייביק די שטריכן פון קייזער. די פאַרגעטלעכטע קיסרים פלעגן פאַרגעשטעלט ווערן, ווי זיי רייטן צום הימל אויף אַן אָדלער. ער, נעראָן, האָט פאַרגעלייגט דעם סקולפּטאָר אַ דרייסטערן מאָטיוו. ער האָט געוואָלט רייטן אויף אַ פלעדערמויז, און די אויספירונג זאָל זיין רעאַליסטיש; זיינע אייגענע שטריכן זאָלן נישט פאַרשענערט ווערן און דאָס העסלעכע געזיכט פון דער רייט־חיה, ווי אויך אירע מאַלפּישע נעגל, זאָלן קאָפּירט ווערן אין זייער גאַנצער, נאַקעטער העסלעכקייט, — אַלץ ריזיק פאַרגרעסערט.

די יועצים פון קייזער האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף דער דרייסטקייט, מיט וועלכער ער האָט אויסגעוויילט דעמדאָזיקן סימבאָל. אמת, אַ גרויסע טייל פון דער באַפעלקערונג האָט געזען אין דער פלעדערמויז אַ גליק־ברענגענדיקן צייכן, אָבער נישט וויייניק האָבן פאַרבונדן מיט איר דעם באַגריף פון דער אונטערוועלט און פון טויט.

נעראָן האָט זיך אויסגעלאַכט פון דידאָזיקע חששים. טויט, אונטערוועלט? אָבערגלויבנס, אומזין! וואָס ער טראַכט, וואָס ער פילט זענען קייזערלעכע, געטלעכע געדאַנקען, און אויב זיין דאַימאָניאָן האָט אים געהייסן אויסוויילן דעם מאָטיוו מיט דער פלעדערמויז, האָבן קיין ווערט נישט לגבי דעררדאָזיקער אינערלעכער שטים זיינער אַלע איינווענדונגען.

ער איז דרייסט געווען בין משוגעת, ווי נעראָן אין זיין בלי־פעריאָד. ער האָט זיך דערוועגט צו טון דאָס, וואָס קיין איין רוימישער קייזער האָט ביז איצט זיך נישט דערוועגט צו טון: לויטן מוסטער פון די פּאַרטישע גרויס־קעניגן האָט ער געלאָזט טראָגן פאַר זיך דאָס ליכט, — דעם צייכן פון „פראַן". חוצדעם האָט ער געלאָזט אויסמינצן אַ גאָלד־מטבע, וואָס האָט געוויזן זיין געזיכט אין אַ טאָפּל־ליניע, אַלס דרייסטן רמז, אַז ער איז צוויי מאָל נעראָן — טויט און אויפגעשטאַנען תחית־המתים, ווי דער

גאָט אָזיריז. מיט מי האָבן די מיניסטאָרן געפועלט ביים קייזער, ער זאָל זיך אָפּהאַלטן מיטן פאַרשפּרייטן דידאָזיקע מטבע; זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דער טאָפּלטער נעראָן פון דערדאָזיקער מטבע זאָל נישט אַרויסרופן דעם בייזן וויץ פון די שפּאַט-לוסטיקע סיריער. נעראָן גופא אָבער האָט ליב געהאַט זיין דאָזיקע מטבע מיטן טאָפּל-קאָפּ און פלעגט זי אָפט באַטראַכטן.

פּונקט ווי דער פריערדיקער נעראָן אין די גריכישע שטעט, אַזוי איז דער נייער אויפגעטרעטן עפנטלעך אין די טעאַטערן פון סאַמאָסאַטאַ, לאַריסאַ, עדעסאַ און פלעגט שטראַלן, ווען דער זשו-רי פלעגט אים אָנערקענען דעם קראַנץ. די מאַסן האָבן געיובלט, זיי זענען געווען איבערגליקלעך, וואָס זיי זען זייער קייזער אויף דער בינע, און ער, באַפליגלט דורך זייער באַגייסטערונג און דורכן געפיל פון זיין מאַיעסטעט, איז זיך גופא אַריבערגעוואַקסן.

ער האָט איצט כמעט ווי געזוכט די געזעלשאַפט פון זיין געפערלעכן פריינט-פיינט, וואַראָן. דערדאָזיקער מענטש האָט נישט געשמייכלט, ווען ער האָט אים פאַרטרויט זיין סוד וועגן דער הייל. דערדאָזיקער האָט געוווסט, אַז אין אים, אין נעראָנען, געפינט זיך דער „פראָן”. נעראָן האָט זיך געשפּילט מיט אים, ער האָט אָן אויכהער געוואָלט יענער זאָל אים באַשטעטיקן, אַז ער גלייבט אין אים. ער האָט אים גערייצט, כדי פון זיינע ווערטער, פון זיין האַלטונג עפּעס אַרויסצושפּירן, וואָס שמעקט מיט בונט, מיט וויסן פון דער פאַרגאַנגענהייט. וואַראָ אָבער איז געבליבן הכנעהדיק, אַ הויף-מענטש, וואָס איז באַגליקט, וואָס די מאַיעסטעט ווייזט אים אַ פריילעך פנים; יענץ „ציץ, טערענץ” איז נישט געווען. נעראָן האָט נייטיק געהאַט, ער זאָל אים געבן אָנווייזונגען, רמזים, ווי אַזוי ער דאַרף זיך דאָ און דאָרט אויפפירן. וואַראָ האָט אים גע-געבן דיסקרעטע עצות. נעראָן האָט זיי געפאָלגט; אָבער גראָד אין וואַראָס קעגנוואָרט האָט ער זיי נישט געפאָלגט.

נעראָן איז אין זיינע רמזים געוואָרן אַלץ דרייסטער. איינ-מאָל האָט אים דער סענאַטאָר געטראָפן פאַרטיפט אין באַטראַכטן יענע גאָלד-מטבע מיטן טאָפּל-קאָפּ. „זאָגט אָפן”, האָט אים נעראָן

אויפגעפּאָדערט, „צי געפינט איר נישט דידאָזיקע צייכענונג אַלס צו גאווהדיק ?“ „דאָס איז אַ שטאָלצער, דרייסטער סימבאָל“, האָט וואַראָ אומדורכדרינגלעך געענטפערט, און זיינע אויגן זענען אומגעלאָפן פונם קאָפּ פון פלייש און בלוט צו די צוויי גאָלדענע קעפּ. נעראָן־טערענץ אָבער האָט דערווידערט טרוימעריש און זעלבסטצופרידן: „יאָ, מיין וואַראָ, מען מוז האָבן אַרונטערגעשטיגן צו די פלעדערמייז, כדי זיך צו דערוועגן אַזוי פיל ווילנדע דרייסטקייט“.

סוף פון צווייטן בוך.

ליאָן פויכטוואַנגער

# דער פאַלשער נעראָן

פון דייטש: י. ראַפּאַפּאָרט

## דאָס דריטע בוך

יידישע אוניווערסאַל־ביבליאָטעק

1937 וואַרשע

15.

# דער גאָט אויף דער פּלעדערמויז

הגם נעראָנס הערשאַפט האָט אויסגעזען צו זיין זייער פעסט, האָבן זיך דאָך געמערט די אינערלעכע ווידערשטאַנדן. דעם געביט, וועלכן נעראָן האָט באַהערשט, איז נישט גוט געגאַנגען. עס האָט אין לאַנד אפילו געהערשט אָרדענונג, אָבער געשאַפן דירך דרוק ז'ון מאַנגל.

אויף די הויפט-פּלעצער פון די שטעט זענען אַרויסגעשטעלט געוואַרן טאָוולען, פון שטיין און מעטאַל, אויף וועלכע עס זענען אויסגעקריצט געווען גרויסאַרטיק-קלינגענדע פּריווילעגיעס, וועלכע נעראָן האָט געשאָנקען די לענדער און שטעט פון זיין נייער הערשאַפט. אָבער דערווייל זענען דאָס געווען בלויז שיינע הבטחות. דערווייל האָט דעם קייזערס אָנוועזנהייט אַרויפגעלייגט אויף די קליינע רעגירונגען פון צווישנשטראָמלאַנד אַזעלכע לאַסטן, וואָס זענען גרעסער געווען פאַר די פריערדיקע שטייערן. די פירשטן האָבן זיך באַמיט אַריבערצוּוואַרפן דידאָזיקע לאַסטן אויף די פּעכטער און אונטערנעמער, דידאָזיקע ווידער — אויף די פויערים און האַנטווערקער, און די לעצטע — אויף די לייבאייגענע; אַלע האָבן אַזוי אַרום פאַרזוכט דעם טעם פון די נייע לאַסטן.

אויך דעם מסחר איז קיין געזונט נישט צוגעקומען. רוים האָט שיקאַנירט אויף דער סירישער גרענעץ. די קאַראַוואַנען, וועלכע האָבן געפירט אין דער רוימישער אימפּעריע דאָס זיידנס פון כינע, די געווירצן פון אַראַביע, די פּערלען פון רויטן ים, די פּראָדוקטן פון אינדיע, און אויסגעטוישט דערויף די פּראָ-

דוקטן פון דער אימפעריע, — האָבן געזוכט נייע וועגן. די עיקר־דיקע הכנסה־קוואַלן פון מעסאָפּאָטאַמיע האָבן גענומען אויס־טרוקענען.

מען האָט געהאָפט צו באַקומען פון נעראָנען נחת און שפע; מען האָט געגלייבט, אַז פטור געוואָרן פון רוימישן צאָל און שטייערן, וועט יעדער איינער עסן אָנשטאָט ברויט — לעקעך, און טרינקען אָנשטאָט וואַסער — וויין. אָבער מען האָט נישט געגעבן קיין לעקעך אונטער נעראָנס הערשאַפט, אדרבה: דאָס ברויט אפילו איז געוואָרן קנאַפּלעך, און מען האָט צום וויין געמוזט צוגיסן אַלץ מער וואַסער. יאָ, ווער עס איז געשטאַנען נאָענט צו נעראָ־נען און זיינע לייט, דער איז פעט געוואָרן און געשאַרט הויפּנ־וויז געלט און כבוד. און נישט ווייניקע האָבן געהאַט צו טון מיט נעראָנען. דאָס זענען געווען זיינע באַאַמטע און זיינע ליפע־ראַנטן, זיינע זעלנער און זיין פּאָליציי, דאָס זענען געווען די יעניקע, וועלכע האָבן פאַר אים און זיינע לייט געבויט פּאַלאַצן און הייזער און שאָסייען, די יעניקע, וועלכע האָבן גענייט אוני־פאָרמען פאַר זיין אַרמיי און געשמידט וואָפן פאַר איר. אַזעלכע זענען געווען נישט ווייניק, פון יעדע צען — איינער. אָבער דער לעקעך און דער בראָטן, וואָס דידאָזיקע נישט ווייניקע האָבן גע־געסן, וואָס דערדאָזיקער צענטער האָט געגעסן, איז אָפּגענומען געוואָרן ביי די ניין פון מויל.

די געפערלעכע רייד פון די אומצופרידענע האָבן נישט געוואָלט אויפהערן, די פינסטערע נביאות פון יאָהאַנעס פון פּאַט־מאָס, פון הייליקן שוישפּילער, וועלכער איז נאָך אַלץ געבליבן פאַרשטעקט אין זיין מדבר, האָבן אַלץ מער באַאומרויִקט די מאַסן. קיינער האָט מער נישט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס האָבן טאַקע קריסטן פאַרטרונקען די שטאָט אַפּאַמעאַ. אויך דאָס, וואָס קלאַודיאַ אַקטע, דעם פאָלקס ליבלינג, איז ווידער אַוועק, האָט געוועקט ספקות אין נעראָנס עכטקייט. די־יעניקע, ביי וועלכע קנאָפּס און טרעבאָן האָבן צוגערויבט דאָס פאַרמעגן אָדער סתם דורך זיי דער־נידעריקטע און געשעדיקטע, האָבן געהאַסט און געהעצט, די

דערמאָרדעטע האָבן געהאַט פריינט און אָנהענגער, וועלכע האָבן נישט פאַרגעסן און נישט גערוט.

דערצו זענען נאָך צוגעקומען די שטענדיקע רייבונגען און ריוואַליטעטן צווישן טרעבאָנס אָפיצירן און באַאַמטע און די איינהיימישע מלוכה-מענער און מיליטער-לייט. די רוימישע אָפיצירן האָבן פון תמיד אָן געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די אָריענטאַלישע חברים, די אָריענטאַלישע זעלנער זענען געווען „הילפס-מיליטער", און אויך איצט האָבן זיי די איינגעבוירענע גענעראַלן באַהאַנדלט מיט גרינגשעצונג. פיליפּ און מאַלוק זענען אויפגעבראַכט געווען קעגן נעראָנס גאווה, קעגן דעם ווילקיר און דער העזה פון זיינע נאָענטע. סוף-כל-סוף האָבן זיי דאָך אַוועקגעזעצט דעם רוימישן קייזער אויפן טראָן און אים דאָרט אונטערגעהאַלטן. מיט צאָרן האָבן זיי איינגעזען, אַז די שווינדלער, אידיאָטן און רויבער, וועלכע זיי האָבן גערופן צו הילף, כדי איינצוהיטן זייער סוווערעניטעט און זייער אַלטן באַזיץ, האָבן זיי גענומען קריכן אויפן קאָפּ. הגם כלפּי חוץ האָבן זיי אים נאָך אַלץ אונטערגעשטיצט, האָבן זיי אָבער כלפּי פנים אָנגעהויבן קעגן נעראָנען אַ לאַנגזאַמען, אונטערערדישן, אָריענטאַלישן פּאַרטיזאַנען-קריג. וואַראָ האָט אָנגעווענדט אַלע זיינע כוחות, כדי אויסצוגלייכן די קעגנזאַצן. עס איז אים אָבער נישט געלונגען, דער האַס צווישן די מערב- און מזרח-אָפיצירן און באַאַמטע איז געוואַקסן.

נעראָן-טערענץ האָט פון דידאָזיקע אַלע שוועריקייטן נישט געוואָלט הערן און געדענקען. ער האָט זיך באַרוישט מיטן גרויסן קלאַנג פון די ווערטער „מלוכה, מאַכט, אַרמיי, פאָלק, מזרח"; אָבער אין תוך גענומען זענען אים פּאָליטיק און ווירטשאַפט געווען גלייכגילטיק און האָבן אים צוגעצויגן בלויז אויף אַזוי ווייט, אויף וויפיל זיי האָבן אים געגעבן שטאָף פאַר קלינגענדער רעטאָריק. קייזערטום, פירערשאַפט האָט פאַר אים באַדייט רעפּרעזענטאַציע, פאָלקס-פאַרזאַמלונג, פּאַראַדן, בויען, גלענצנדע יום-טובים, מאַכט, נימבוס און דער עיקר רעדן, רעדן. פון די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען האָט ער זיך מאַיעסטעטיש צו-

ריקגעצויגן אין זיין „פּראָן", איבערצייגט, אַז ווען עס וועלן דראָען ערנסטע געפאַרן, וועט אים שוין זיין אינערלעכע שטים ווייזן דעם ריכטיקן וועג.

מיט ערנסט האָט ער זיך באַצויגן בלויז צו איין זאַך : אָפּהיטן זיין מאַיעסטעט. ער האָט באַנייט און פאַרשאַרפט די געזעצן קעגן מאַיעסטעט־באַליידיקונג, וועלכע די פלאַווישע קיסרים האָבן געהאַט אָפּגעשאַפט. זיין סענאַט האָט די פּראָצעסן פאַר אַזעלכע פאַרברעכנס געמוזט פירן מיט דער זעלבער שטרענגקייט, ווי אין די צייטן פון טיבער און קאַליגולאַ. ער האָט אַרויסגעגעבן שווערע געזעצן. קיינער, אַ חוץ דעם קייזער, האָט זיך נישט געטאָרט באַדינען מיט אַ שמאַראַגד, כדי שאַרפער צו זען. אין קעגנוואַרט פון אַ קייזער־בילד איז פאַרבאָטן געווען צו שעלטן און צו גרעפּצן. דאָס קלענסטע עובר זיין אויף דיזאָזיקע געזעצן, אפילו אַ נישט־בכיוונדיקס, פלעגט ווערן באַשטראָפט. די אָנגעבעריי האָט געבליט.

און עס איז טאַקע געווען אַ מאַיעסטעט־פאַרברעכן, וואָס האָט אומגליקלעך געמאַכט דעם טעפּיך־הענדלער ניטאַי. ער האָט געגעבן אויף ספּאָרטלעכע צוועקן אַ סך געלט, און זיין ווילע האָט ער איינגעאָרדנט יענעם שיינעם שפּיל־פּלאַץ, וווּ וואַראָ מיטן פּאָלקאָווניק פּראָנטאָ האָבן זיך אייניקע מזל געטראָפן. ער האָט אויך געשטיצט די קונסט. אָבער בלויז איינמאָל איז ער שפּאַרעוודיק געווען, און גראָד דאַן, ווען מען האָט דאָס נישט געטאָרט זיין : דאַן, ווען ער האָט נישט געוואָלט אויסקויפן ביי דער פאַבריק אין דער רויטער גאַס די באַשטעלטע מיטראַ־סטאַטוע צוליב אַ איבעריקע סומע. איצט האָט מען קעגן אים פאַרפירט אַ פּראָצעס : ביים טון זיינע מענטשלעכע באַדערפענישן האָט ער געטראָגן אויפן פינגער אַ רינג מיט אַ געמע, אין וועלכער עס איז אויסגעשניטן געווען נעראָנס קאָפּ. דער סענאַט האָט אים פאַרמשפט פאַרשיקט צו ווערן. דער קייזער האָט זיך באַנוגנט מיט קאָנפיסקירן זיין פאַרמעגן. ער און קנאָפּס האָבן געשמייכלט. איצט

וועט שוין דער טעפּיך-הענדלער ניטאָ מער נישט קאָנען שיקאַנירן קיין אָרנטלעכע טעפּער.

אויך די קלאַנגען וועגן זיין אימפּאָטענץ האָט נעראָן אויפּגענומען אַלס פאַרברעכן קעגן זיין „פּראַן". היות דורך פאַרבאָטן איז נישט מעגלעך געווען צו באַזייטיקן די קלאַנגען, האָט ער זיך באַמיט זיי צו דערשטיקן מיט אַנדערע מיטלען. ער האָט געהייסן ברענגען אין זיין שלאָפצימער, אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַרנעמע און פּשוטע פרויען; און דאַן, אין עטלעכע טעג אַרום, פלעגן די פרויען פאַרשווינדן. מען האָט געפּליטערט, פאַרשפּרייט אומעכום קלאַנגען, אַז די געטער, פון קנאה צו נעראָנס גליק, פאַרגינען אים נישט דעם גענוס פון דער ליבע און זיי טויטן יענעס ווייב, וואָס ער האָט באַרירט. ווען דער הימל האָט אים ווידער אַרויפגעזעצט אויפן טראָן, האָט דער קייזער געהאָפט, אַז די דאָזיקע קללה איז שוין אָפּגעטון געוואָרן פון אים. שטעלט זיך אָבער איצט אַרויס, אַז זי איז נאָך אין קראַפט, ווי אַמאָל. דעריבער האָט דער קייזער זיך אַנטשלאָסן ענדגילטיק מוותּר צו זיין אויף פרויען. און טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געוואָלט, אַז די קללה זאָל אויף איר מקוים ווערן, האָט ער זיין פריינדין קלאַודיאַ אַקטע פאַרטריבן פון זיך (נישט געקוקט אויף זיין ליבע), זי פאַריאָגט פון זיין מלוכה. עס האָבן נישט געפעלט אַזעלכע, וואָס האָבן דאָס געגלייבט.

נעראָן האָט זיך געפילט זיכער און גליקלעך, און זיין מאַכט, האָט זיך אים געדאַכט, איז פאַרפעסטיקט לעולם ועד. ער האָט אָפּגענומען פאַראַדן, די זעלנער האָבן אים צוגעיובלט. ביים טייך פרת איז געוואַקסן פון דער ערד די שטאָט נעראָניאַ. אין אַלע שטעט פון זיין געביט זענען געוואַקסן זיינע ווייס-גאָלדענע געביידעס. דער „פּראַן" איז געווען אַרום אים, מען האָט פאַר אים פאַראויסגעטראָגן דאָס ליכט. עס איז מער קיינער נישט געווען, ווער עס זאָל צווייפלען, אַז דער לאַבירינט לייכט זיך, ווען ער געפינט זיך דאָרט. ער פלעגט גיין אין זיין קינסטלעכער גראָט, פיטערן זיינע פלעדערמייז, די נשמות פון יענע, וועלכע ער האָט

געשיקט אין דער אונטערוועלט, פּלעגט זיך דורכשמועסן מיט זיי. ער פּלעגט באַטראַכטן, זאָט און גליקלעך, די גאָלדענע מטבע מיט זיין טאָפּלט-פּנים. ער האָט זיך אַלץ מער פאַרפלאָנטערט אין דעם שפּינגעוועב פון זיין מאַיעסטעט.

ביים טײַך סקירטאָס, איבער דער שטאָט עדעסאַ, איז פון טאָג-צו-טאָג אַלץ דײַטלעכער אַרויסגעוואַקסן אויפן פעלז זיין בילד, ווי ער רייט אויף דער פּלעדערמויז. צושויער זענען געשטאַנען פאַרן בילד, גאַנצע מחנות, און האָבן געשטאַרט אויף די אַרבעטער און אויפן גיגאַנטישן רעליעף. אין דעם קייזערס אויגן איז דאָס געווען שענער, ווי די סטאַטוע פונם רייטנדן מיטראַס. ביים פאָלק האָט אפשר דאָס בילד אַרויסגערופן אַ שרעק-געפיל, און אפשר אויך — געלעכטער. דאָס האָט קיינער נישט געוווסט: ווייל פאַרן בילד האָט קיינער נישט דערוועגט צו רעדן, צוליב מורא פאַר קנאָפּס' און טרעבאָנס שפּיאָנען.

דאָס בילד אָבער איז געוואַקסן. מען האָט שוין געקאָנט באַשטימען דעם טאָג, ווען מען וועט עס אָפּדעקן און הייליקן: דעם איינאונצוואַנציקסטן מאַי.

## 16.

# אַ ראַדיקאַלע לעזונג

קנאָפּס פּלעגט איצט אָפט זיצן צוזאַמען מיט זיין שווער, דעם טעפּער גאַריאַן, כדי אַרויסצובאַקומען ביי אים, וואָס די מאַסן טראַכטן וועגן נעראָנען. שוין גאַריאַנס גראָבע אינטימיטעט איז פאַר קנאָפּסן געווען אַ מעסטער, לויטן וועלכן ער האָט פעסטגעשטעלט די וואַקסנדע אומצופרידנקייט פון פאָלק לגבי דעם קייזער.

ניין, קנאָפּס האָט נישט פאַרמאַכט די אויגן און די אויערן פאַר די טעגלעך אָנוואַקסנדע שוועריקייטן. צי איז זיין באַשלוס,

אָפּצוּוואַרטן די דעראָבערונג פֿון אַנטיאָכיע, נישט אַמאָל צו דרייסט ? איז אפשר פּאָרט קליגער, נאָך פֿריִער, שוין איצט, אַראָפּ־צושפּרינגען פֿון נעראָנס וואָגן ?

אָבער איין זאַך האָט אים דאָ אָפּגעהאַלטן. זיין מיידל, זיין פֿרוי, זיין קליינע, פֿעסטע יאַלטאַ איז שוואַנגער געווען. דער געדאַנק, אַז ער וועט האָבן אַ געזעצלעכן, פֿריי־געבוירענעם, רייכן זון, אַ כיטרען, פֿעסטן, מיט די בעסטע שאַנסן באַזאָרגטן קלאַוּ־דיוס קנאָפּס, האָט אים אָנגעפֿילט מיט משוגענער פֿרייד. ער האָט רוי געצערטלט זיין יאַלטאַ, די מוטער פֿון דאָזיקן צוקונפֿטיקן קלאַוּדיוס קנאָפּס ; האָט זי אַרומגערינגלט מיט לייב־דאָקטוירים, באָד־באַדינערינס, קאַמערדינערינס ; פֿלעגט שוידערלעך שעלטן, ווען זי פֿלעגט פֿאָדערן אוגערקעס אָדער אַנדערע זויערע זאַכן און נישט וועלן עסן דעם זיסן מאַנדל־לעקעך, וואָס דאַרף איר ווערנדן זון פֿאַרשאַפֿן חן אין די אויגן פֿון די מענטשן. ניין, ער טאָר נישט אויסרייסן. ער מוז אויסוואַרטן, ער איז דאָס שולדיק זיין דאָזיקן קליינעם קלאַוּדיוס קנאָפּס. ער מוז נאָך מאַכן אַ לעצטן גאַנג, כּדי צו שיצן זיין זון פֿאַר די געפֿאַרן פֿון דער וועלט דורך אַ מויער פֿון גאָלד. פֿון קאָנפֿיסקירטן פֿאַרמעגן פֿונם טעפּיך־הענדלער ניטאַי האָט ער באַקומען אַ פֿעט חלק, און עס זענען דאָ נאָך פֿעטערע פּיש פֿאַר זיין ווענדקע. קודם־כּל איז דאָ אַ געוויסער הירקאַן, אַ שטייער־פּאַכטער, אַ קאַרגאָל, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן פֿאַרן טעמפּל לכּבוד נעראָנס געניוס דעם דערוואַרטעטן סכום. האָט דען דערדאָזיקער אָפּזאָג נישט באַוויזן, אַז די געלטער פֿון זייער רייכן הירקאַן זענען נישט אויפֿן ריכטיקן אָרט ? זיין, קנאַפּס', אויפֿגאַבע באַשטייט אין דעם, זיי אַריבערצופֿירן אין בעסערע הענט, אין די קליינע, געליבטע הענטעלעך פֿון זיין צוקונפֿטיקן זון קלאַוּדיוס קנאָפּס.

ניין, איידער דאָס וועט נישט זיין דערליידיקט, טאָר ער נעראָנען נישט פֿאַרלאָזן. אָבער אויב ער זאָל אויסוואַרטן ביי נע־ראָנען, דאַן מוז עפּעס געשען — דאָס איז די דרינגענדסטע אויפֿ־גאַבע — קעגן דער אַלץ וואַקסנדער בונטאַרישער שטימונג. די

אַנדערע זענען הילפלאָז. די אַנדערע האָבן נישט קיין פאַנטאַזיע, נישט זיי זעען אין איר גאַנצער גרויס די אָנקומענדיקע געפאַר און נישט זיי זעען די מיטלען קעגן איר. אויף אים, אויף קנאָפס, ליגט דער חוב צו געפינען דאָס ריכטיקע מיטל. אין זיין קאָפ שפּראָצן אויף פּראָיעקטן, אַ סך, פאַרשידענע. צולעצט איינער, וואָס מאַכט גלייכצייטיק מעגלעך ביידע: ראַטעווען זיין נעראָן און פאַרזאָרגן זיין קלאַודיוס קנאָפּס.

ער האָט זיין פּראָיעקט באַטראַכט פון אַלע זייטן. ער איז גוט, דרייסט, ראַדיקאַל. אמת, עס איז אים געוואָרן אומהיימלעך, ווען ער האָט אַ טראַכט געטון וועגן וואַראָן און דעם קעניג פיליפּ. דידאָזיקע וועלן ווידער האָבן צענטויזנט באַוואָרענישן. מיט וואַרצן האָט ער סיי־ווי־סיי כסדר רייבונגען. דערפאַר וועט טרעבאָן מיט פרייד צושטימען צו זיין פּלאַן. עס איז אפילו אַ שאָד, וואָס ער מוז צוציִען טרעבאָנען און אים אויסגעבן דעם פּלאַן. ער איז געווען איינפערזיכטיק אויף נעראָנס צוגעבונדנקייט צום קאַפּיטאַן און אויף דער פּאָפּולאַריטעט, וועלכע דערדאָזיקער לעצטער האָט גענאָסן ביי די מאַסן; אויך האָט ער געליטן פון זיין אייגענער קנעכטישקייט און האָט מקנא געווען טרעבאָנען צוליב דער זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט, מיט וועלכער דערדאָזיקער האָט געקאָנט באַפעלן. אָבער אינגאַנצן זיכער אז ער נישט געווען, צי אים אַליין וועט געלינגען צו געווינען נעראָנען פאַר זיין פּראָיעקט, און דער עיקר איז אים נייטיק געווען פאַר דער אויספירונג פונם פּלאַן אַ מיליטעריש־געשולטער, פעסטער מאַן, וועלכער קאָן אויטאָראַטיוו באַפעלן, איינהאַלטן דיסציפּלין און זען בלוט.

מיט טרעבאָנען איז לייכט געווען צו קומען צו אַ טאָלק. ער האָט שוין פון לאַנג געחלומט וועגן אַן איבערחזרונג פון דער וואָך פון מעסער און קינזשאַלן. ביידע צוזאַמען זענען זיי אַראָפּגעקומען צו נעראָנען.

קנאָפּס האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אין תוך האָט דאָס פאָלק היינט פונקט אַזוי ליב נעראָנען, ווי אין דער צייט פון זיין

ווידער־דערשיינען. די שולד פֿאַר דער פֿלומרשטער אומצופֿרידנקייט טראָגט אַ קליין הייפֿל פֿון בעלי־קנאה און פֿאַרקלענערער. דאָס זענען אַזעלכע לייט, וועלכע זענען אָפּגערוקט געוואָרן אין אַ זייט דורך נעראָנס אויפֿשטייג, אָדער אַזעלכע, וועלכע האָבן אים צוערשט באַגייסטערט אויפֿגענומען, אָבער וועמעס מאָסלאָזע גיריקייט עס איז דערנאָך נישט באַפֿרידיקט געוואָרן. דידאָזיקע העצער זענען נישט קיין סך, אָבער זיי האָבן די אַמטן, דעם איינפֿלוס, די שטימען, דאָס געלט. וועט מען זיי באַזייטיקן, וועט די לופֿט ריין ווערן. נאָך די שלעכטע דערפֿאַרונגען, וואָס מען האָט געמאַכט מיטן פּראָצעס קעגן די קריסטן, איז ראַטזאַמער צו געבן אַ קלאַפּ, ווי אַ דונער, און אָן אַ געריכט, אין אַ באַשטימטער נאַכט, פּטרן די קעגנער און פֿאַרקלענערער. די יוריסטישע דערלאָזבאַרקייט פֿון אַזאַ אַלגעמיינער געריכטס־פּראָצעדור, איז אויסער יעדן ספֿק. דער קייזער איז דער אייבערשטער ריכטער און אַלס אַזאַ האָט ער דאָס רעכט, — אויב ער האָט זיך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פֿון אַן אָנקלאַגע, — די באַשולדיקטע צו פֿאַראורטיילן און פֿאַראָרדענען זיי צו עקזעקוטירן. אויב ער וועט זיך געפֿינען אין אַ חסד־שטימונג, וועט ער קאָנען דערנאָך פֿאַרלייגן זיין סענאַט די מאָטיוון. אויב מען וועט אויפֿשטעכן דעם בלאָטער אָן וואַקלעניש, דאַן וועט איבער נאַכט, ממש איבער נאַכט, פֿאַרשווינדן אין לאַנד די אומצופֿרידנקייט. די שרעק איבער דערדאָזיקער נאַכט וועט נאָך לאַנג בלייבן שטעקן אין די גלידער פֿון די לעבן־געבליבענע אומצופֿרידענע און זיי וועלן זיך נאָך גוט באַקלערן, צי זיי זאָלן פֿאַרשפּרייטן נאַרישע, רכילותדיקע רייד קעגן רעזשים.

אין פֿלינקע, פּרעציזע זאַצן האָט קנאָפּס אַנטוויקלט זיין פּראָיעקט. מיט זיינע בלאַנקע, שנעלע, ברוינע אויגן האָט ער דערביי געקוקט פֿריינטלעך און כיטרע פֿון נעראָנען צו טרעבאָנען. ער האָט קענטלעך הנאה געהאַט פֿון זיין פֿאָרשלאַג און דערוואַרט, אַז אויך די אַנדערע זאָלן הנאה האָבן דערפֿון. פּונקט אַזוי פֿלעגט ער, בעת זיין אַרבעט אין דער רויטער גאַס, אַנטוויקלען פּלענער,

ווי אַזוי מען זאָל אַ געשעפט-שותף אויסמאַכן אַן אויער ; געוויינ-לעך פלעגן דאָס זיין דערפאָלגרייכע פלענער.

די דריי האָבן זיך אָנגעקוקט — טערענץ, טרעבאָן, קנאָפּס. און נאָך איידער קנאָפּס האָט געהאַט פאַרענדיקט זיין רעדע, איז זיי שוין קלאָר געווען, אַז זיין פּראָיעקט איז אויסגעצייכנט, ווירדיק פאַרן דערפינדער פון דער אַפּאַמעער פאַרפלייצונג. זיי זענען געזעסן זייער רויִק, אפילו דער ליאַרעמדיקער טרעבאָן איז געזעסן שטיל, ער האָט בלויז אַ ביסל געוווּנקען מיט אַן אויג צו טערענצן, און אַלע דריי האָבן טיף-באַפרידיקט געטראַכט וועגן דעם זעלבן : „דערטרינקען אין בלוט די גאַנצע כּנופיה". נעראָן אָבער האָט עס געטראַכט נאָך פרעזיצער : „צעקוועטשן אויף טויט, אַלעמען צעקוועטשן אויף טויט, ווי פליגן".

אויפן קול האָט ער געזאָגט : „איך דאַנק דיר, מיין קנאָפּס. איך וועל דיין ראַט פאָרלייגן די געטער און וועל זיך צוהערן צו מיין אינערלעכער שטים". אָבער ביידע, סיי קנאָפּס, סיי טרעבאָן, האָבן געוווּסט, אַז דידאָזיקע אינערלעכע שטים האָט שוין דאָס איריקע געזאָגט, און טאַקע פונקט דאָס זעלבע, ווי זייער אינערלעכע שטימע, און אין געדאַנק האָט שוין יעדער פון זיי אויסגעאַרבעט זיין ליסטע.

## 17.

## דריי הענט

און באמת : נאָך אין דער זעלבער נאַכט האָט די שטים פון די געטער גערעדט צו נעראָנען, און צומאָרגנס זענען שוין די דריי געזעסן צוזאַמען, כּדי דורכצוטראַכטן די איינצלהייטן פון פּלאַן. זינט זיי האָבן איבערגענומען די מאַכט, האָט נישט קיין קליינע צאָל פיינט זייערע געמוזט שטאַרבן. אָבער די דריי זענען צוזאַמען אַלט געווען הונדערט פיראונדרייסיק יאָר, עס איז מיט

זיי געשען אַ סך שלעכטס, זיי האָבן געהאַט אַ גוטן זכּרון, אין זייערע הונדערט פּיראַונדרייסיק יאָר האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ סך פּיינט. מען האָט נאָך געדאַרפט צונויפנעמען אַ רייכן שניט.

אמת, צו די צום שטאַרקסטן געהאַסטע האָבן זיי נישט גע־קאָנט צוקומען אָדער זיי האָבן דערצו קיין מוט נישט געהאַט. עס וואָלט, למשל, געווען זייער פיין, ווען מען קאָן צושטיקן יאָהאַ־נעס פון פּאַטמאָס קעל, פון וועלכער ער שיקט אַרויס אין דער וועלט זיינע פרעכע ווערטער. עס וואָלט אויך געווען אַ נחת־רוח צוצודריקן די פינגער אַרום דעם שמאָלן, שטאָלצן האַלז פון קלאַוּ־דיאַ אַקטע, פון דער זונה דער פּאַרשאָלטענער, און גרויסאַרטיק וואָלט געווען צוצוזען, ווי עס גוססט וואַראָ, דער גאַווהדיקער, דער אַריסטאָקראַטישער, וועלכער איז געווען אַזוי העפלעך און האָט זיי אַזוי שטאַרק פאַראַכטעט. אַ גענוס וואָלט אויך געווען צו געבן איבערן קאַרק דעם חשובן מאַלוק, און עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט פעסטצושטעלן, צי דער פיינער פּיליפּ, דער שפּראַך פון אוראַלטע קעניגן, וואָלט געבליבן ביי זיינע גוטע מאַניערן, ווען ער וואָלט אויסגעשטרעקט זיינע פיר קאָפּיטעס און אַרויסגע־לאָזט דעם לעצטן זיפץ. אָבער די געטער זענען בעלי־קנאה, דאָס בעסטע פאַרגינען זיי נישט.

הגם אַ סך איז זיי פאַרגונען געוואָרן. זיי זענען געזעסן צוזאַמען, די דריי, ביי זייער שיין־געפּאַרמטן טיש פון איידעלן האָלץ. יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט אַ גריפּעל און וואַקס־טאָוועלעך; קנאָפּס האָט נאָך חוצדעם געהאַט טינט און פּאַפּיר. זיי האָבן נאָטירט, אויסגעגלעט, זיך פאַרטראַכט, מיטאַמאָל פלעגט איינער אַריינוואַרפן אַ נאָמען, די אַנדערע פלעגן שמייכלען, — זיי האָבן פאַרצייכנט דעם זעלבן נאָמען, און קנאָפּס טראָגט אַריין דעם נאָמען אין זיין פּאַפּיר, די ענדגילטיקע רשימה. אַמאָל פלעגט איינער האָבן דאָקעגן, דאָן פלעגט מען דעם נאָמען איבערלאָזן אין אַ זייט, כּדי צו אַנטשיידן שפּעטער; אָבער דאָס פלעגט גע־שען זעלטן — קנאָפּס' פּאַפּיר איז פול געוואָרן. זיי האָבן זיך

נישט געאײַלט, די דרײַ ; לאַנגזאַם, מיט הפסקות, זעגען געפאַלן די נעמען.

די לעצטע, אמתע, פערזענלעכע סיבות, וואָס פלעגן אַ נאָמען רײַף מאַכן פאַר דער רשימה, זענען זעלטן דערמאָנט געוואָרן ; ליבער פלעגט מען ברענגען וועלכע-נישט-איז פּאָליטישע אַרגומענטן. טרעבאָן, למשל, האָט פאָרגעשלאָגן דעם לייטענאַנט לוציוס. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם יונגן הער, וועלכער האָט אין דער שלאַכט בײַ זורא אַרויסגעוויזן אַזאַ שנעלע אַנטשלאָסנקייט, ווײַל ער איז געווען זייער עלעגאַנט און האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער פאַמיליע, און ווײַל ער האָט געטרויערט נאָך פראַנטאָן, און ווײַל די פרויען האָבן אים צוגעוואָרפן אייגלעך. אָך, ווען פראַנטאָ גופא וואָלט נאָך געווען צווישן די לעבעדיקע, — אים וואָלט טרעבאָן מיט אַ סך מער הנאה דענונצירט און אָנגערופן פאַר דער רשימה. עס איז געווען אַ סקאַנדאַל, וואָס דערדאָזיקער גאַוװהדיקער פראַנטאָ איז געווען טויט, — דערדאָזיקער באַרימער, וועלכער האָט זיך, אַ מינוט פאַרן טויט, נאָך געהאַלטן פאַרן זיגער פון זורא, בעת דער זיגער איז דאָך גאָר געווען ער, טרעבאָן. אָבער היות פראַנטאָ איז טויט — מוז זיך טרעבאָן באַנוגענען מיט לוציוס. צוליב דעם, וואָס ער האָט געמוזט פאַרשווייגן די אמתע מאָטיוון, האָט ער זײַן פאָרשלאַג מאָטיווירט זייער קלאָגעדיק. לוציוס, האָט ער געזאָגט, פאַרשפּרייט געפערלעכע קלאַנגען, ער דערקלערט, אַז נעראָן, אַלס פרײַנט פון המון, פאַרפאָלגט מיט האַס יעדן אַריסטאָקראַט. קנאָפּס האָט נישט אײַנגעזען פאַרוואָס מען זאָל אומברענגען דעם יונגן, גלענצנדן, באַליבטן אָפיציר ; ער האָט געהאַט אַן אומהיימלעך געפיל. אָבער אויב ער וועט טרעבאָנען נישט נאָכגעבן בײַ לוציוסן, דאַן וועט טרעבאָן מאַכן שוועריקייטן קעגן זײַנע, קנאָפּס', קאַנדידאַטן. האָט ער לוציוסן אַרויפגעטראָגן אויף דער רשימה, און נעראָן האָט ציטירט : „דער טויט ברענגט דעם זיכערן סוף פון אַלע קאַמפן".

קנאָפּס פון זײַן זײַט האָט נישט געהאַט קיין שוועריקייטן

אַרויפצוטראָגן אויף זיין רשימה דעם שטייער־פּאַכטער הירקאַן. נאַטירלעך האָט ער גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם, אַז לויט זיין מיינונג וועט הירקאַנס געלט זיין בעסער לאָקירט אין די הענט פון זיין קליינעם צוקונפטיקן קלאַודיוס קנאָפּס. ער האָט בלויז דער־מאָנט דעם שטייער־פּאַכטערס אָפּזאָג מנדב צו זיין פאַר דעם טעמפּל פון קייזערס געניוס אַ גרעסערע סומע, און בכלל — הירקאַן סאַבאָ־טירט די פינאַנס־פּאָליטיק פון רעזשים. דאָס איז אָבער געווען אי־בערגענוג. נעראָן און טרעבאָן האָבן בלויז צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, און שוין האָט זיך הירקאַן געפונען אויף דער רשימה, אַריינ־געטראָגן מיט קנאָפּס׳ פלינקער, זויבערער האַנטשריפט, און קנאָפּס׳ האַרץ האָט אָנגעקוואָלן פון פרייד.

זיי האָבן אויפגעשריבן אַ סך נעמען. מערסטנטיילס אַראַ־מעאישע, אָבער אויך רוימישע, גריכישע, אַראַבישע, פּאַרטישע, העברעאישע — נעמען פון מענער און פרויען, פון זייער יונגע און פון זייער אַלטע מענטשן. די רשימה האָט שוין געציילט ביי דרייהונדערט נעמען.

דאָס איז געווען אַ לאַנגע זיצונג, אַן אָנגעשטרענגטע, אָבער אַ גענוס־רייכע. מען האָט געמוזט אַדורכנישטערן אַלע ווינקלען פון זכרון, כדי קיינעם נישט צו פאַרגעסן; ווייל איצט האָט מען יעדן איינעם געקאָנט באַקומען פאַר שפּאָט־ביליק, שפּעטער וועט עס קאָסטן אַ סך מער מי. האָט מען טאַקע אויסגענוצט דעם מאָמענט, מען האָט צעאַקערט דעם זכרון, געזוכט, געניששטערט און געפו־נען. ענדלעך איז געפאַלן דער לעצטער נאָמען.

„פּאַרטיק ?" האָט קנאָפּס געפרעגט. „פּאַרטיק", האָט געענט־פערט טרעבאָן, און „פּאַרטיק" האָט פעסטגעשטעלט נעראָן; אין אַלע דריי שטימען האָט מיטגעקלונגען אַ טאָן פון באַדויערן. קנאָפּס האָט געציילט. „דרייהונדערט מיט זיבעצן", האָט ער דער־קלערט.

נעראָן האָט זיך אויפגעהויבן צו שליסן די זיצונג. „דריי־הונדערט מיט זיבעצן פאַלשע פריינט", האָט ער טרויעריק קאָנ־סטאַטירט און מיט אַ זיפץ גענומען די רשימה צו זיך.

ווען קנאָפּס און טרעבאָן זענען שוין געווען אַוועקגעגאַנגען, האָט ער גענומען שטודירן די רשימה. נעראָן האָט געטראַכט וועגן יענער פײַנלעכער נאַכט אינם טעמפּל פון דער טאַראַטע, ווען ער האָט פאַרטריבן די שווערע מינוטן מיט דעם, וואָס ער האָט נאָ־טירט די קעגנער אין גייסט, כּדי זיי צו צעשמעטערן. מיט צערט־לעכע הענט האָט ער געגלעט דעם פאָרמעט פון דער רשימה. דאַן האָט ער גענומען די רשימה, אויסגעזוכט אַ שטיקל פּרייען פּלאַץ און אויפגעשריבן: „געלעזן, געוווּיגן, פאַראורטיילט צום טויט". דאַן האָט ער אונטערגעשריבן: „נעראָן קלאַודיוס צעזאַר אַוגוסטוס". דאַן האָט ער די רשימה צונויפגעוויקלט און זי אַרײַנ־געשטעקט אין אַרבל פון זײַן קלייד.

יענעם טאָג האָט ער געגעסן מיטאָג זאַלבעצווייט מיט וואַ־ראָן. נאָכן עסן האָט וואַראָ גערעדט וועגן די פּאָליטישע אוןווירט־שאַפטלעכע שוועריקייטן. אויף צו באַזייטיקן דידאָזיקע שוועריקייטן האָט ער אויסגעאַרבעט אַ גענויען פּראָגראַם. קודם־כּל האָט ער פאָרגעשלאָגן צו העכערן די שכירות פון די באַאַמטע און דער־קלערן אַ מאָראַטאָריום פאַר די עקספּאָרטערן. דער קייזער האָט אים אויסגעהערט מיט מער אויפמערקזאַמקייט, ווי געוויינלעך, ער איז קענטיק געווען אין אַ גוטער שטימונג. „איר גיט זיך מי, מײַן וואַראָ", האָט ער געזאָגט, „און צווישן מײַנע מלוכה־מענער זענט איר זיכער דער קלוגסטער. אָבער סוף־כּל־סוף קרוינט די פּאָליטיק מיט דערפאָלג נישט דער פאַרשטאַנד, נאָר די אינטואַ־ציע, און די לעצטע, ריינסטע וויזיע גיבן די געטער בלויז זייערע אויסדערוויילטע, די טרעגער פון דער מאַיעסטעט, פון „פראַן".

וואַראָ האָט גענומען צו קענטעניש דעם קייזערס געדאַנק מיט טיפער, צערעמאָניעלער פאַרנייגונג. „פונדעסטוועגן", האָט ער טרוקן און זייער העפלעך דערווידערט, „האַלט איך פאַר ריכ־טיק קודם־כּל צו העכערן די שכירות פון די באַאַמטע און דער־קלערן אַ מאָראַטאָריום פאַר די עקספּאָרטערן". „יאָ, יאָ", האָט נעראָן געענטפערט אַ ביסל געלאַנגווײַלט. „איר האָט דאָס אַלץ זייער פײַן צוגעטראַכט. אָבער גלייבט מיר, מײַן וואַראָ, אין דער

שעה פון אַנטשיידונג נוצן נאָר אַנטשלוסן און מעשים, וואָס שטאַ־
מען פון טרעגער פון „פראַן”. צוערשט”, האָט ער פאַרענדיקט
טונקל, „מעגן די זאַכפאַרשטענדיקע זיין אויסער זיך איבער דער
אכזריות און גראָדליניקייט פון אַזעלכע מעשים און אַנטשלוסן,
אָבער צולעצט זעט דאָס גאַנצע פאָלק איין זייער גרויסקייט, די
מענטשן נעמען עס אָן אַלס באַשטימונג פון די געטער, און דאָס
איז טאַקע ריכטיק”. וואַראָ האָט אויסגעהערט מיט יראת־הכבוד.
„קאָן איך, הייסט עס”, האָט ער, אָנשטאָט צו ענטפערן, זאַכלעך
געפרעגט, „אַריינטראָגן די דאָקומענטן בנוגע דעם מאָראַטאָריום
און די געהעכערטע באַאַמטן־שכירות?” נערצאָן האָט זיך נישט גע־
מאַכט וויסנדיק, וואָס וואַראָ איז אַזוי דרייסט אַריבער צום
סדר־היום איבער זיין סענטענץ. „ווארט נאָר, מיין ליבער”, האָט
ער אויפגערוימט געטראַכט. „נישט איינער וועט שוין מער נישט
דאַרפן נישט דיין מאָראַטאָריום און נישט דיינע געהעכערטע
שכירות”. און מיט פאַרגעניגן האָט ער דורכן שטאָף פון קלייד
געשפּירט די טייערע רשימה.

שפּעטער איז ער געגאַנגען אין דער קינסטלערכער גראָט צו
זיינע פלעדערמייז — ער האָט געלאָזט באַפּעסטיקן אַ פאַקל צו
דער וואַנט, אָפּגעשיקט דעם פאַקל־טרעגער און איז געבליבן אַליין
מיט זיינע חיות. זיי זענען געקומען צו פליִען פול האָפענונג אויף
שפּייז, אָבער ער האָט בלויז אַרויסגעצויגן זיין רשימה און האָט
פאַרגעלייענט די נעמען פאַר די באַפעלצטע, העסלעכע ברואים.
די צופעליקע צוזאַמענשטעלונג פון די נעמען האָט געשאַפן אַמאָל
אויסטערלישע קלאַנג־ווירקונגען. דאָס האָט נערצאָנען געפרייט. ער
האָט איבערגעחזרט איינצלנע נעמען, זיך געשפּילט מיט זיי געני־
סעריש. „איר וועט געמערט ווערן אין צאָל”, האָט ער מבטיח
געווען זיינע חיות. און דערביי האָט ער געטראַכט: „די טובה
פון דער מלוכה — גאָטלאָזע, נידעריקע פאַרשווערער — העכסטער
ריכטער”. באַזונדערס האָט אים באַגייסטערט דער קלאַנג פון די־
דאָזיקע לעצטע ווערטער „העכסטער ריכטער”, און עס האָט זיך
אים געדאַכט, אַז ער הערט שוין, ווי ער זאָגט פאַר זיין סענאַט

דידאַקטישע ווערטער, בעת ער קלערט אויף אין אַ גרויסער רעדע די נויטווענדיקייט פון זיין בלוטיקער נאַכט.

## 18.

# דער קייזער און זיין פריינט

אויף קנאַפּס האָט אָן אויפהער געטראַכט וועגן דער רשימה. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די נאַכט פון דער רייניקונג, און אין זיין טיפער באַפרידיקונג האָט זיך אריינגעמישט אַ טראָפּן אומצופרידנקייט. ער האָט נישט ליב געהאַט קיין בלוט. אָבער הנאה האָט ער פאָרט געהאַט, ווען ער פלעגט אַ טראַכט טון וועגן די איבערראַשטע פּנימער פון די מענטשן פון דער רשימה, ווען מען וועט זיי אַרויסרייסן פון שלאָף.

ער האָט נישט געקאָנט אויפהערן צו טראַכטן וועגן זיין רשימה. ער איז געלעגן לעבן זיין פרוי יאַלטאַ, באַטאַפּט מיט הנאה איר רונדיק לייב. עס איז זיכער, ווען עס וועט שוין זיין צו שפּעט וועלן אים איינפאַלן נאָך אַ פּאָר נעמען, וועלכע מען וואָלט געדאַרפט אַרויפטראָגן אויף דער רשימה. אַ שאָד, וואָס מען האָט אין איר נישט געקאָנט אַריינטראָגן וואַראָן און פיליפּן. אויף די היפטן פון זיין יאַלטאַ האָט ער געשריבן די נעמען „וואַראָ" און „פיליפּ". ער האָט געלאַכט, ווען זי האָט מיט כּעס אים פאַרבאָטן זי צו קיצלען.

צומאָרגנס, גאָר פרי, איז ער געקומען אין נעראָנס פּאַלאַץ. דער קייזער האָט זיך נאָך געפונען אין בעט, אָבער ער האָט אים גלייך אַריינגעלאָזט. „די רשימה איז געווען אַן אויסגעצייכנטע אידעע", האָט ער געזאָגט, און ער האָט אַרויסגענומען דעם טייערן דאָקומענט פון אונטערן קאָפּ און אים אויפגעוויקלט. „דרייהונדערט מיט זיבעצן", האָט ער באַרעכנט, צוזאַמענציִענדיק די

ברעמען פון די קורצזיכטיקע אויגן. „ווייניק און אַ סך". ער איז דורכגעלאָפן די רשימה מיט די אויגן.

אָבער מיטאַמאָל, ווי ער זיך אַזוי געלעגן און געלייענט די רשימה, איז ער געוואָרן אויס נעראָן. זיין פּנים האָט באַקומען אַ רעכנעריש, באַלעבאַטיש אויסזען; מיט אַזאַ פּנים פלעגט ער אין די צייטן פון דער רויטער גאַס קאָנטראָלירן חשבונות, וועלכע קנאָפּס פלעגט אים פאָרלייגן. יאָ, אויף אַ משך פון אַ קליינער רגע איז נעראָן פלוצלינג ווידער געווען דער חשדישער טעפּער טע־רענץ, וועלכער קאָנטראָלירט, צי זיין לייבאייגענער באַשווינדלט אים נישט.

ער האָט דערשפּירט, אַז ער האָט פאַרלוירן זיין „פּראַן", און האָט זיך דערשראָקן. ער האָט געוואָרפן צו קנאָפּסן אַ שנעלן בליק פון דער זייט, צי ער האָט גאָרנישט באַמערקט. קנאָפּס איז געשטאַנען מיט יראת־הכבוד ווי תמיד, זיין פּנים האָט נישט אַרויס־געוויזן די מינדסטע פאַרווונדערונג. אָבער ביי אים אין האַרץ, האָט זיך נעראָן אַ פרעג געטון, ווי זעט עס אויס אין האַרץ ביי קנאָפּסן? קנאָפּס האָט וועגן אים געוווסט זייער אַ סך, צו פיל. עס איז נישט גוט, ווען עמעץ ווייסט וועגן דיר צו פיל, צי דען האָט קנאָפּס נישט געמאַכט יענעם פּרעכן וויץ, אַז דאָס רוימישע פאָלק וועט נישט קאָנען אַרבעטן, אויב עס וועט זיך פאַרנעמען מיט לייענען די דיכטונגען פון זיין קייזער? בלויז איינער, וואָס ווייסט צו פיל, דערלויבט זיך אַזאַ וויץ. נעראָנס אויפגעבראַכט־קייט איבער זיין מאַנגלהאַפטן „פּראַן" האָט זיך פלוצלינג פאַר־וואַנדלט אין אויפרעגונג קעגן דעם נישט פאַרלאָזלעכן קנאָפּס.

נאַטירלעך, אויף נעראָנס פּנים איז גאָרנישט געשטאַנען אָנ־געשריבן וועגן דידאָזיקע געדאַנקען. דער „פּראַן" האָט זיך שוין געהאַט צו אים צוריקגעקערט, זיין פּנים איז ווידער געווען דאָס זאַטע פּנים פון גוט־געשטימטן נעראָן פון פריער. „דרייהונדערט מיט זיבעצן", האָט ער איבערגעחזרט, פאַרטיפט אין דער רשימה, צופרידן. „אַ גוטע רשימה, אָבער דעם און יענעם האָבן מיר דאָך פאַרגעסן. מען קאָן נישט זאָגן", האָט ער געשפּאַסט און אָנגעוויזן

אויף די געדיכט-באַשריבענע בלעטער, „מיר האָבן נישקשהדיק אויסגענוצט דאָס פּאַפּיר. קיין סך פּלאַץ איז נישט געבליבן. לאָמיר אַ קוק טון. מיר וואָלטן קוים געקאָנט אַריינשרייבן בלויז איין נאָמען. דאָ איז פריי אַ פּיצל פּלאַץ, און אויך דאָ. צוויי נעמען קאָנען זיך נאָך אַריינפּאַסן. און זיי מוזן זיין קורץ; אַז נישט וועט מען זיי נישט קאָנען איבערלייענען. דאַן וועט שוין די רשימה אויף אַן אמת זיין פול. לאָמיר נאָר אַ טראַכט טון". און ער האָט די אונטערשטע ליפּ פאַרקלעמט צווישן די ציין. „איך האָב זיי", האָט ער דאַן געזאָגט, מונטער. „מיין אינערלעכע שטימע האָט מיר זיי צוגעפליסטערט, די צוויי קורצע נעמען. זי רעדט זעלטן אין קעגנוואַרט פון אַ צווייטן, אָבער דאַסמאָל האָט זי גערעדט. איצט וואָלסטו זיכער געוואָלט וויסן", האָט ער צוגעגעבן, ווי רייצנדיק זיך, און דאָס האָט געוועקט ביי קנאָפּסן אומרו, „וואָס פאַר אַ נעמען דאָס זענען. איך וועל זיי דיר אָבער נישט זאָגן, און אַליין וועסטו זיי זיכער נישט טרעפן". די פּאַפּירן זענען געלעגן פאַר אים אויף דער קאָלדרע, ער האָט זיך אָנגענעם געצויגן, צופרידן. קנאָפּסן איז געוואָרן אומהיימלעך.

„גיב מיר טינט און פעדער", האָט דער קייזער באַפוילן. פלייסיק האָט קנאָפּס דערלאַנגט דאָס פאַרלאַנגטע. נעראָן האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט, האָט צונויפגעצויגן אינדערהייך די קני אונטער דער קאָלדרע, כדי צו באַנוצן זיי אַלס אָנשפּאַר, און ווייטער באַפוילן: „נעם דאַרטן דאָס ברעטל און האַלט עס, איך זאָל קאָנען שרייבן".

און ער האָט צוגעשריבן דיביידע נעמען.

ער האָט אָבער ביים שרייבן אַזוי געהאַלטן דאָס פּאַפּיר און די פעדער, אַז קנאָפּס האָט נישט געקאָנט זען, וואָס ער האָט געשריבן, אָבער ער האָט געקאָנט באַאָבאַכטן די באַוועגונגען פון זיין האַנט און פון זיינע פינגער. דאָס זענען באמת געווען צוויי קורצע נעמען. וועגן ערשטן האָט קנאָפּס בלויז באַמערקט, אַז דער קייזער האָט אים געשריבן מיט גריכישע בוכשטאַבן. אָבער דער צווייטער, דער לאַטייניש-געשריבענער, האָט זיך אָנגעהויבן (דאָס

האָט ער דײַטלעך באַמערקט) מיט אַ „ק״. און נאָך איידער דער קייזער האָט געענדיקט שרײַבן, האָט קנאָפּס שוין געהאַט די זיכערקייט, אַז דערדאָזיקער צווייטער נאָמען איז געווען „קאַיאַ״.

נעראָן האָט ווידער צונויפגעוויקלט די פּאַפּירן און זיי אַרונטערגעלייגט אונטער זײַן קישן. ער האָט זיך ווידער אויסגעצויגן און גענומען מיט פאַרגעניגן פלוידערן וועגן דעם, וואָס פאַר אַ שווערע קרבנות דער „פראַן״ פאָדערט פון זײַנע טרעגער.

קנאָפּס האָט אויסגעהערט מיט יראת־הכבוד. אָבער אין דער צייט, וואָס ער איז הכנעהדיק געשטאַנען און זיך צוגעהערט, זענען אין אים אויפגעקומען און ווידער פאַרשוווּנדן אין אומגעהייערער שפע און שנעלקייט טויזנטער בילדער און געדאַנקען. „נאַטירלעך איז עס קאַיאַ״, האָט ער געטראַכט. „זײַנע רייד וועגן קרבנות קאָנען זיך באַציִען בלויז אויף קאַיאַן. עס איז זיכער, אַז ער האָט פאַרשריבן דעם נאָמען קאַיאַ. דאָס איז דאָך אָבער אַן אומזין, וואָס ער לאָזט טויטן קאַיאַן. ביי דער איצטיקער לאַגע קאָן וואַראָ גאָרנישט טראַכטן וועגן אויפהעצן זי קעגן אים. דאָס איז די גרעסטע נאַרישקייט, וואָס ער לאָזט זי אומברענגען. דאָס וועט אים נאָר ברענגען שאָדן. דערביי איז זי וואָרשײַנלעך די איינציקע, וואָס האָט אים ליב, אַ חוץ מיר, דעם משוגענעם, וואָס נישט געקוקט אויף אַלץ, בין איך נאָך צוגעבונדן צו אים״. אַזוי האָט ער געטראַכט; אָבער הינטער און דורך דידאָזיקע געדאַנקען האָט אים געקוועלט די פראַגע: וואָסער נאָמען איז געווען דער ערשטער?

אינצווישן האָט נעראָן ווייטער גערעדט: „עס איז דאָס גרעסטע געשאַנק, ווען די געטער באַגנאָדן אַ שטערבלעכן מיטן „פראַן״. דאָס איז אָבער אויך די שווערסטע לאַסט. קרבנות, קרבנות. „פראַן״ פאָדערט קרבנות״.

„דאָס האָט נאָך אַלץ אַ שייכות צו קאַיאַן״, האָט קנאָפּס אַ טראַכט געטון. „וויפיל אידיאָטיזם ער האָט אין זײַן דיקן קאָפּ. אָבער וועמעס איז דער צווייטער נאָמען, דער גריכישער? און הגם ער האָט דאָס שוין אין געהיים געוווּסט, האָט ער נאָך אין

גייסט פּרובירט צו רעקאָנסטרואירן די ווייסע, פליישיקע האַנט פון קייזער און אַלע אירע באַוועגונגען, בעת זי האָט געשריבן. און ער האָט געזען דידאַזיקע באַוועגונגען פון דער האַנט. און מאָדנע: ער איז נישט דערשראָקן געוואָרן, ווען ער האָט אין גייסט דער-זען אויפגעשריבן זיין נאָמען. „עס איז דאָך אוממעגלעך עס זאָל האָבן געווען קנאַפּס", האָט ער טראַכט געטון. „עס איז אומפאַר-שטענדלעך פאַרוואָס ער זאָל מיך האָבן אַרויפגעטראָגן אויף דער רשימה. וואָס ער איז, האָט ער דאָך מיר צו פאַרדאַנקען, און אויב עס איז דאָ איינער, וועלכער קאָן אים אויפהאַלטן, בין איך דאָך דאָס". גלייכצייטיק אָבער האָט ער זיך דערמאָנט יענעם קליינעם שפּאַס, וואָס ער האָט זיך דערלויבט דאַן, נאָך דער רע-ציטאַציע פון „אָקטאַוויאַ", כדי צו פאַרטרייבן די פּראָסטיקע שטי-מונג; ער האָט זיך דערמאָנט, אַז שוין דאַן האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פעלער, אָבער ערשט איצט האָט ער דערקענט וואָס פאַר אַ שווערן: שמערצלעך-ווירקלעך האָט ער געזען זיין נאָמען, געשריבן מיט נעראָנס האַנטש־יפט.

נעראָן, פון זיין זייט, האָט טאַקע געטראַכט וועגן קאַיאַן, ווען ער האָט גערעדט וועגן קרבנות, וואָס פאַר אַ שאָד עס איז, וואָס זי מוז גיין פון דער וועלט. „אַז זי האָט מיך ליב", האָט ער געטראַכט, „אין דעם איז קיין ספק נישטאָ. און פאַר דעם, וואָס זי איז בלינד און נאַריש און קאָן נישט אַריבערשפּרייזן איבער איר שאָטן, איז זי נישט פאַראַנטוואָרטלעך. אָבער אויך איך בין נישט שולדיק אין דעם. ס'קאָן זיין, אַז עס איז נאַריש, וואָס איך ברענג זי אום. ס'קאָן זיין, אַז איך וועל נאָך אַמאָל חרטה האָבן דערויף. אָבער ניין, דאָס איז נישט נאַריש. זי זעט נישט, אַז איך בין נעראָן. זי פאַרשטייט עס נישט. זי באַליידיקט מיין „פּראַן". זי איז נישט שולדיק דערין, אָבער אויך איך נישט. ווייל איך מוז זי, ליידער, אומברענגען. צווישן אַזאַ, וואָס באַליידיקט מיין „פּראַן", און מיר, טאָר נישט זיין קיין שום פאַרבינדונג. ווער עס באַליידיקט מיין „פּראַן", דער טאָר נישט לעבן אויף דער וועלט. און אויב די פאַרשאָלטענע אַקטע האָט זיך פאָרלויפיק אַרויסגע-

דרייט פֿון מיינע הענט, איז קאַיאַ לכל־הפּחות דאָ. צעקוועטשן, אַלעמען צעקוועטשן ווי די פֿליגן. דערבײַ האָב איך רחמנות אויך אויף דער פֿליג קנאָפּס. ער איז טריי און קאָמיש. ווי אַרטיק ער שטייט זיך דאָ. הינטיש געטרײַ און גלייכצייטיק — כיטרע. ער האָט אָבער געמאַכט דעם נידערטרעכטיקן וויץ, און די געטער ווילן נישט, אַז אַ מענטש, וואָס האָט זיך דערלויבט אַזאַ וויץ, זאָל לעבן אויף דער וועלט. חוץדעם ווייסט ער זייער אַ סך. ער ווייסט וועגן דעם נערן פֿון היינט, וואָס דער נערן פֿון היינט ווייסט וועגן דעם נערן אויפֿן פֿאַלאַטין. דאָס איז צופֿיל. אָבער אַ רחמנות אויף אים איז פֿאַרט. איך מוז אים גוט אָנקוקן. אינגיכן וועל איך אים שוין זען בלויז אַלס פֿלעדערמויז. צעקוועטשן, ווי די פֿליגן אַלעמען צעקוועטשן".

קנאָפּס אינצווישן איז אַלץ זיכערער געוווען: „עס איז געשטאַנען „קנאָפּס". פֿאַרוואָס אָבער האָט ער דאָס אויפֿגעשריבן? עס איז שוידערלעך, וואָס איך געפֿין זיך איצט אויף דער רשימה, וועלכע איך אַליין האָב צוגעטראַכט. צוזוואָס? נאַרישקייטן! די מאָטיוון גייען מיך אָן ווי דער פֿאַריעריקער ווינט. איצט איז דאָס איינציקע פּראָבלעם, ווי אַזוי פֿאַרלאָזט מען ווידער די רשימה.

דאָס איינפֿאַכסטע וואָלט געווען זיך גאָרנישט וויסנדיק צו מאַכן, און גלייך ווי איך גיי אַוועק פֿונדאַנען — פֿאַרשווינדן. אַרויס פֿון דער טיר און — אַ גוטן טאָג, און נאָך איידער ער וועט מודיע זיין טרעבאָנען, בין איך שוין כ׳ווייס ווו. ווי נאָר איך וועל זיין אויסער די גרענעצן פֿון עדעסאַ, שיק איך יאַלטאָן אַ ידיעה, זי זאָל מיר נאָכפֿאָרן מיטן קליינעם קלאַודיוס קנאָפּס. זאָל איך אויך גאָריאָנען הייסן מיטפֿאָרן? עס איז אַ צו שווערע לאַסט. אָבער אויב אַלץ זאָל גיין מיט דער פּוטער אַראָפּ, וואָלט נישט געשאַדט דער קליינער קלאַודיוס קנאָפּס זאָל לכל הפּחות האָבן לעבן זיך גאָריאָנען. עס וועט נאַטירלעך נישט גיין מיט דער פּוטער אַראָפּ, אָבער פֿאַרזאָרגן זיך דאַרף מען. אָבער וואָס איז דאָס פֿאַר אַ געמיינהייט, וואָס גאָריאָן וויל מיר גאָרנישט אַרויס פֿון זינען?

נאַרישקייטן. עס איז אויסגעשלאָסן, ער זאָל מיך לאָזן אומ־ברענגען. נעראָן וועט זיין קנאָפּס נישט לאָזן אומברענגען. ער האָט אים צו פיל ליב. עס וואָלט געווען אידיאָטיש, איך זאָל נאָכגעבן מיין פּאַניק־שטימונג און אַנטלויפן. חוצדעם איז נאָך דאָ די פראַגע פונם געלט. איך קאָן דאָך נישט לאָזן אויף הפקר דאָס געלט פון קליינעם קלאַודיוס קנאָפּס. דאָס וואָלט פשוט געווען אַ פאַרברעכן. איך טאָר נישט פאַרלירן די נערוון. ווער האָט דען וועמען אין דער האַנט? נעראָן קנאָכסן אָדער קנאָפּס נעראָנען? מערקווירדיק, וואָס אפילו אין געדאַנק רוף איך אים תמיד נעראָן. ער איז אַ גרויסער מאַן, אפילו ווען ער מאַכט בייזע וויצן. צי דען מאַך איך נישט אַליין אויך בייזע וויצן? וואָלט ער נישט גע־ווען קיין גרויסער מאַן, וואָלט איך אים איצט זיכער נישט געווען גערופן „נעראָן". איך האָב אים ליב. היות איך האָב אים ליב, קאָן איך אים אויך פירן ביי דער נאָז. און כ'וועל אים אַרומפירן".

„האָב איך דיר שוין געזאָגט", האָט דער פליישיקער קאָפּ אויפן קישן גערעדט, „אַז איך האָב זיך אַנטשלאָסן וועלכע נאַכט דאָס זאָל זיין? דאָס וועט זיין די נאַכט אויפן פופצענטן מאַי".

„די נאַכט אויפן פופצענטן מאַי", האָט קנאָפּס אַ טראַכט געטון. „נאָך פיר טעג, הייסט עס. אָבער איך האָב נישט קיין פיר טעג צייט. איצט מוז איך זיך אַנטשליסן, אין אָט־דער מינוט, וואָס איך זאָל טון.

דאָס קליגסטע וועט זיין, איך זאָל בלייבן ביים אמת. צמאָל מאַכט מען מיטן אמת די בעסטע געשעפטן. איך מוז אים ווייזן, אַז איך האָב אים באמת ליב. איך מוז אים געבן צו פאַרשטיין, אַז ער האָט נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר מיר, אויב ער וועט מיך לאָזן ביים לעבן, אָבער זייער אַ סך — אויב ער וועט מיך פאַרלירן. איך וועל רעדן מיט אים גאַנץ אויפריכטיק".

כיטרע און גלייכצייטיק סערוויל איז ער געשטאַנען פאַר נעראָנען. אין דער נאַכט אויפן פופצענטן מאַי, האָט ער פאַר־טראַכט אָנגעהויבן, וועט זיך אָנהייבן די גרויסע ריניקונג. עס איז נאַטירלעך, אַז ביי אַזאַ ריניקונג פרווט דער קייזער די

מענטשן ביז אין די טיפסטע ווינקעלעך פון זייער האַרץ, און אפילו די נאָענטסטע, ווי טרעבאָנען, למשל, אָדער אים, קנאַפּס, גופא. שטעלט ער, אַזוי צו זאָגן, פאַרן געריכט. ער, קנאַפּס, האָט פון אייגענער איניציאַטיוו אויסגעפאָרשט זיין געוויסן, צי איז ווען אין זיין טיפסטער אינערלעכקייט אויפגעקומען אַ געדאַנק, וואָס האָט עובר געווען אויפן יראת־הכבוד לגבי דעם „פּראַן". און ער האָט גאָרנישט געקאָנט אַנטדעקן אַזוינס. אָבער ער איז דאָך נישט מער ווי אַ פשוטער בשר־ודם, זיינע געדאַנקען זענען אומגעשיקט, זיין בליק אין זיין אייגענער אינערלעכקייט טעמפּ און אָן דער פיינקייט, וואָס עס פאַרמאָגט דער בליק פון קייזער, דעם גע־בענטשטן דורך די געטער. ער בעט דעריבער נעראָנען, ער זאָל אים זאָגן, צי האָט ער אַמאָל נישט אַנטדעקט אין אים עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן נישט אויסהאַלטן די לעצטע פּרוווּנג.

אַרום טערענצעס פּולע ליפּן איז געווען אַ מילדער, כיטרע שמייכעלע. פליישיק און צופרידן איז זיין קאָפּ געלעגן אויפן קישן און אויף דער טייערער רשימה. מיט די ווייסע פינגער האָט ער נחת־רוהדיק געגלעט די קאָלדרע, האָט נאָך שטאַרקער געפינטלט מיט די קורצזיכטיקע אויגן, ווי תמיד. און פּלוצלינג האָט ער אַנטשפּאַנט די ווײַעס און די ברעמען, האָט אַריינגעקוקט קנאַפּסן גלייך אין פּנים אַריין און געזאָגט מיט אַ שטילער, געפערלעכער שטים: „דו ווייסט זייער אַ סך, מיין קנאַפּס. אייגנטלעך דאַרף אַזוי פיל וויסן בלויז דער קייזער".

הגם קנאַפּס איז די גאַנצע צייט זיכער געווען, אַז דער קיי־זער האָט אַרויפגעטראָגן אויף דער רשימה זיין נאָמען, דאָך האָט אים ווי אַ דונער געטראָפן, ווען דער קייזער האָט עס אָן שום קונצן צוגעגעבן. ער האָט זיך פונדעסטוועגן באַמיט נישט בלאַס צו ווערן און ווייטער לאָגיש דענקען. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס די סיבה, וועלכע נעראָן האָט אָנגערופן, איז נישט אָפּהענ־גיק געווען פון קנאַפּס ווילן אָדער פון זיין ווּעזן, נאָר איז געווען אַ רעזולטאַט פון זייערע באַציִונגען, אַ זאַך, וואָס איז פון אים אומאָפּהענגיק און — נישט צום ענדערן. פונדעסטוועגן האָט ער

געפונען אַן ענטפער, דעם איינציקן אפשר, וואָס איז פעיִק געווען צו אַנטמאַכטן נעראָנס סיבה. „צי קאָן מען נישט", האָט ער גע־פרעגט מיט הכנעה, „אויסלעשן וויסן דורך ליבע ?"

דערדאָזיקער ענטפער האָט, ווי עס ווייזט אויס, אָנגערירט דעם קייזער : דאָס מאַסיווע געזיכט אופן קישן האָט זיך פאַר־טראַכט. „אפשר קאָן מען דאָס", האָט געזאָגט דאָס פולע מויל. „עס בלייבט בלויז די פראַגע, צי לוינט זיך דעם קייזער די מי צו באַשעפטיקן זיך מיטן פּראָבלעם, וואָס עס איז גרעסער : די ליבע פונם וויסנדן אָדער זיין וויסן. פאַרן קייזער וואָלט געווען איינפאַכער אויסצולעשן דעם מאַן, וועלכער ווייסט צו פיל". ער האָט געהאַט גרויס הנאה פון דער שפּיל מיטן חברה־מאַן, וועלכער האָט זיך דערלויבט דעם וויץ. אָבער זיין אַרגומענט — האָט קנאָפּס געזען — האָט אים דאָך געגומען. „צי דען דאַרף דער קייזער נישט האָבן קיין פריינט ?" האָט ער ווייטער שטורמיש אָנגעגריפן. „צי דען איז אַ פריינט, — וועלכער האָט טריי געדינט דעם קיי־זער אין דער צייט פון זיין מאַסקירן זיך, — נישט ווערטפולער פאַר אַ נייעם ?" „פרעג נישט צו פיל", האָט נעראָן אָפּגעווערט און זיך געקוויקט מיט קנאָפּס' אייפערזיכטיקער אָנדייטונג אויף טרעבאָנען.

„הער נאַר", האָט ער פלוצלינג געזאָגט און זיך האַלב־אויפ־געזעצט אין בעט. „מיר איז עפּעס איינגעפאַלן. איך וועל דיך עפּעס פרעגן. קאָנסט געבן דערויף דריי ענטפערס. אויב דו וועסט דאָס דריטע מאָל נישט ענטפערן ווי געהעריק, האָסטו דעם עקזאַמען נישט אויסגעהאַלטן און ביסט נישט ווערט מער ווי אַ פלעדער־מויז".

„פרעג מיך, מיין הער און קייזער", האָט קנאָפּס הכנעהדיק געבעטן.

נעראָן האָט זיך ווידער אָוועקגעלייגט, האָט קונציק אַ גע־נעץ געטון. דאַן האָט ער געפרעגט : „ווער בין איך ?"

קנאָפּס האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט. „דו ביסט מיין פריינט און פירער", האָט ער דאַן שטאַרק, איבערצייגט געענטפערט.

אַ שלעכטער ענטפער", האָט נעראָן געגענעצט, „דער ענטפער פון אַ סך. פון דיר וויל איך אַ בעסערן".

„דו ביסט דער קייזער נעראָן קלאַודיוס צעזאַר אויגוסטוס", האָט קנאָפּס געגעבן, דאָס מאָל אומזיכער, דעם צווייטן ענטפער.

„נאָך אַן ערגערער ענטפער", האָט נעראָן געזאָגט מיט פאַראַכטונג, „דער ענטפער פון יעדן איינעם. ביליק ווי אַ קופער־נער גראָשן". דערמיט האָט ער, אפשר מיט אומבאַוווסטער כוונה, אַרויפגעפירט קנאָפּסן אויפן ריכטיקן שפּור. קנאָפּס האָט זיך דער־מאַנט די גאָלדענע מטבע מיטן טאָפּל־בילד, און דאָס מאָל אָן וואַקלעניש, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, געגעבן דעם דריטן ענטפער, זיכער אין זיין זיג: „דו ביסט מיין קייזער נעראָן קלאַודיוס טע־רענץ". נאָך אינמיטן רעדן איז ער דערציטערט געוואָרן איבער דער פרעכקייט פון דערדאָזיקער באַצייכענונג. אָבער דער קאָפּ אויפן קישן האָט געשמייכלט, און לויטן דאָזיקן שמייכל האָט קנאָפּס פאַרשטאַנען, אַז זיין ענטפער איז געווען דער, וועלכן נע־ראָן־טערענץ האָט דערוואַרט פון אים.

און אַזוי איז געווען. נעראָן האָט אפילו געשוויגן, אָבער זיין באַפרידיקט שמייכלען האָט זיך פאַרטיפט. „דערדאָזיקער קנאָפּס ווייסט באמת זייער אַ סך", האָט ער מודה געווען. „ער האָט באַגריפן, אַז עס נישט קיין קלייניקייט געבוירן צו ווערן אַלס נע־ראָן, אָבער עס איז נאָך אַ סך מער אַרויפצושטייגן פון אַ טערענץ צו אַ נעראָן". ער האָט זיך אויסגעצויגן, געזאָגט: „קום נענטער, קנאָפּס. ביכט דער ריכטיקער".

אין קנאָפּסן האָט געהערשט אַן אומגעהייער יובל־געפיל. דאָס איז געווען די שווערסטע אויפגאַבע, פאַר וועלכער דער גורל האָט אים ווען געהאַט געשטעלט, און ער האָט זי ערשטקלאַסיק געלייזט. איצט וועט ער באַשטימט ברענגען אין זיכערן האַפן דעם רויב פון גרויסן פיש־פאַנג: דאָס געלט פון אַלטן, קאַרגן שטייער־פאַכטער הירקאַן געפינט זיך שוין אַזוי גוט ווי אין די הענט פון זיין קליינעם קלאַודיוס קנאָפּס.

ער איז נענטער צוגעקומען צו נעראָנס בעט, מיט אַ האַרץ

פול הכנעה פאַרן קייזער און האַר. „צי האָסטו מיך מער ליב ווי טרעבאָנען?" האָט ער אומגעדולדיק געפאָדערט אַן ענטפער. „אים האָסטו נישט אַרויפגעטראָגן אויף דער רשימה", האָט ער שטאָלץ געזאָגט. „ער איז דאָס נישט ווערט געווען, זאָג, האָסטו מיך מער ליב?"

אָנשטאָט אַן ענטפער האָט אים נעראָן אַ גלעט געטון אי־בער דער האַנט. דאַן האָט ער אַ קלאַפּ געטון אין די הענט. „זאָל עמעץ גיין און ברענגען טרעבאָנען". פויל האָט ער אַרויסגעצויגן די רשימה פון אונטער דעם קישן און אויסגעשטראָכן קנאָפּס' נאָ־מען, אָבער אַזוי, אַז יעדער זאָל דאָס זען. דערנאָך האָט ער, נאָך אַלץ אין קנאָפּס' קעגנוואַרט, גענומען אַ וואַנע, זיך געלאָזט מאַסאַזשירן, געפּלוידערט גוט געשטימט וועגן גלייכגילטיקע זאַכן.

ווען טרעבאָן איז געקומען, האָט ער אַלעמען אַרויסגעשיקט, אַ חוץ קנאָפּסן. „אָט האָט איר די רשימה, מיין טרעבאָן", האָט ער געזאָגט. „דאָ זענען דאָ דרייהונדערט מיט ניינצן נעמען, אָבער איינער איז אויסגעמעקט. דער אויסגעמעקטער קומט נישט אין חשבון. בלייבן אַלזאָ דרייהונדערט מיט אַכצן. איצט — נישט צוגעבן און נישט אַראָפּנעמען. מיט די, וואָס געפינען זיך אויף דער רשימה, טוט, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט. די צייט איז די נאַכט אויפן פופצענטן מאַי".

ער האָט אַ׳ גענעץ געטון, זיך אויסגעדרייט פון זיי און ביידע האָבן זיך דערווייטערט שטיל, כדי אים נישט צו שטערן.

## 19.

# די נאכט אויפן פופצענטן מאי

די נאכט אויפן פופצענטן מאי איז געווען װאַרעם, כמעט הייס, און „נעראַנס נקמה־נעמער", וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרטיליקן די אַרויפגעטראָגענע אויף דער רשימה, האָבן נישקשהדיק געשוויצט. אָבער דאָך האָבן זיי זייער אַרבעט געטון מיט מיליטערישער גרינדלעכקייט.

קאַיאַ האָט נישט באַגריפן, ווען די מענער האָבן זי געכאַפּט, וואָס דאַ קומט פאָר. זי האָט געגלייבט, אַז איצט איז געקומען דער טאָג, פאַר וועלכן זי האָט די גאַנצע צייט מורא געהאַט, דער טאָג, ווען צום שווינדל האָט גענומען אַ סוף און מען רעכנט זיך אָפּ מיט איר טערענץ און זיינע פריינט, און במילא אויך מיט איר. זי האָט געקלאָגט, וואָס אין דערדאָזיקער גורלשעה איז איר נישט באַשערט צו זיין צוזאַמען מיט איר טערענץ. „טוט נישט קיין שלעכטס מיין טערענץ, טוט נישט קיין שלעכטס מיין גוטן, נאַרישן טערענץ", האָט זי געשריגן, ווען מען האָט זי דערמאָרדעט.

אין דער נאַכט אויפן פופצענטן מאַי איז כמעט אַלץ פאָרגעקומען לויטן פּלאַן. פון די דרייהונדערט אַכצן פאַרצייכנטע אויף דער רשימה זענען אַנטקומען בלויז פערצן און עס איז געשען בלויז איין טעות. מען האָט פאַרטוישט דעם טעפער אַלקאַס, וועלכער האָט זיך געפונען אויף דער רשימה פאַר קריטיקירן אַמאָל די פאַראָרדענונגען פון טערענצן ביי אַ יום־טוב־פאָרשטעלונג פון טעפער־צעך, מיט אַ מוזיקער, וועלכער האָט געטראָגן דעם זעלבן נאָמען. דער טעות איז פאַרן מוזיקער געווען פונקט אין אַזאַ מאָס פאַטאַל, ווי ער איז געווען גליקלעך פאַרן טעפער. ווייל דעם

פּאַלשן אַלקאַס האָט קיין שום זאַך נישט געהאָלפן — טרעבאָנס לייט האָבן געהאַנדלט לויטן אויפטראַג און אים דערמאָרדעט. נע־ראָן האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון הילכיקן געלעכטער, ווען מען האָט אים ראַפּאָרטירט וועגן טעות. ער האָט זיך דער־מאָנט וועגן פּאָעט צינאַ, וועלכן מען האָט אומגעבראַכט נאָך דעם מאָרד איבער צעזאַרן אָנשטאָט קאָרנעליוס צינאַ. אָבער דערדאָזי־קער פּאָעט צינאַ איז געווען אַ באַרימטער שלימזל; צען יאָר האָט ער געאַרבעט צו פּאַרענדיקן זיין קליינע פּערזון־נאָיעלע „סמירנאַ" און דאַן איז ער, צוליבי טעות, דערמאָרדעט געוואָרן פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיין ווערק געמאַכט ענד־גילטיק אומפּאַרשטענדלעך. טראַכטנדיק וועגן אים, לאַכנדיק, גוט געשטימט, האָט נעראָן דעם ערשטן אַלקאַס געשענקט דאָס לעבן.

ווען „נעראָנס נלמה־נעמער" זענען געקומען טויטן קאַיאַן, האָט וואַראָ אומזיסט געפּרווט זיך אַנטקעגנצושטעלן, אָבער אָן דערפאָלג. אויפגעוועקט פון שלאָף, נישט ווי געהעריק אָנגעטון, איז ער גלייך אַוועק צו טערענצן. עס איז אים אָבער נישט גע־לונגען צוצוקומען צו אים. העפלעך אָבער אַנטשידן האָבן די קאַ־מערדינער כסדר דערקלערט, אַז דער קייזער אַרבעט איבער דער רעדע, וועלכע ער וועט מאָרגן האַלטן פאַר זיין סענאַט, און ער האָט שטרענג אָנגעזאָגט קיינעם, ווער עס זאָל נישט זיין, נישט צוצולאָזן. וואַראָ האָט געמוזט רעזיגנירן.

צוערשט איז ער אין כעס געוואָרן אויף זיך אַליין, פאַרוואָס ער האָט אויפן באַשעפעניש אַזוי שלעכט אַכטונג געגעבן, אַז ער האָט עס געלאָזט אַריינפאַלן אין די הענט פון קנאָפּס און טרעבאָן. ערשט דערנאָך איז ער געוואָרן מלא חמה קעגן טערענצן. זיין גאַנץ אינערלעך וועזן האָט זיך געריסן אַ סוף צו מאַכן פון באַ־שעפעניש. עס איז אָבער געווען אַ סיטואַציע פון גראָטעסקער אי־ראָניע; אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, איז פאַרקנופּט געווען מיטן באַשעפעניש, און פּטרנדיק דאָס באַשעפעניש, וואָלט ער געפּטרט זיך אַליין.

ער איז אַ סך שעהן געזעסן אַליין, געטראַכט, געגריבלט, זיך געקריגט מיט זיך גופא. אָבער זיין צאָרן איז אַלץ שוואַכער געוואָרן, און צולעצט איז געבליבן בלויז אַ געפיל פון פוסטקייט און אָנמאַכט. פון קעסטעלע האָט ער אַרויסגענומען די קוויטאַנציע אויף די זעקס טויזנט סעסטערציעס און געשטאַרט אויף דער רובריק „היזק”. ער האָט זייער אַ סך פאַרלוירן: זיין חשיבות, די אָנגעהעריקייט צו דער מערב־ציוויליזאַציע, זיין פריינט פראָנטאָ און אויך זיין טאָכטער, די גרעסטע טייל פון זיין פאַרמעגן, אומגעפער אַלע זיינע אילוזיעס. אייגנטלעך איז אים געבליבן צו פאַרלירן בלויז איינס — זיך גופא.

ווען קעניג מאַלוק האָט געהערט וועגן דער שחיטה, האָט ער זיך אויפגעהויבן, זיך געלאָזט אָנטון, איז אַוועק אין צימער מיטן פאָנטאַן. דאָרט האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט צווישן די טעפיכער, פול רו, פול חשיבות. אָבער אין זיין גייסט האָט ער געהערט דאָס געשריי פון די געקוילעטע, די טעפּיכער און דאָס פּליעכקען פון פאָנטאַן האָבן עס נישט פאַרשטיקט. נאָך די זעלבע נאַכט איז געקומען צו אים דער אויבער־פּריסטער שאַרביל און האָט זיך צוגעזעצט לעבן אים, שווייגעוודיק. פרימאָרגנס האָט שאַרביל פאָרזיכטיק געזאָגט, אַז דער, וואָס כאַפּט זיך פאַר אַזעלכע מיטלען ווי אַזאַ בלוטיקע נאַכט, מוז פאַרלוירן האָבן דעם גלויבן אין זיך. ער האָט פאַרשוויגן, וואָס ער האָט אייגנטלעך געוואָלט זאָגן, נעמלעך, אַז עס וואָלט גוט געווען לאָזן פאַלן דעם מאַן, וועלכער פאַרצווייפלט אין זיך גופא. מאַלוק האָט זייער גוט אַרויסגעהערט פון שאַרבילס ווערטער, וואָס יענער האָט נישט אַרויסגערעדט. ער האָט אָבער געהיטן זיין ווירדע; אפילו אין געדאַנק האָט ער נישט געוואָלט באַטראַכטן, וואָס דער אויבער־פּריסטער האָט אים געגעבן אָנצוהערן. אַזוי זענען ביידע מענער געזעסן צוזאַמען, שווייגעוודיק, ביז עס איז געקומען דער פרימאָרגן. ווען שאַרביל איז אַוועק, אָן שום רעזולטאַט, איז מאַלוקס האַרץ נאָך שווערער געוואָרן. ער האָט געהאַט אַ רייכע פאַנטאַזיע; דאָס מעשהלע, וואָס ער האָט אין אַזיס דער־

ציילט דעם אומבאַקאַנטן, דאָס מעשהלע וועגן טעפער, וואָס איז געוואָרן קייזער, איז פול געווען מיט אויסטערלישע עפּיזאָדן: אָבער אַזאַ פינסטערן, בלוטיקן עפּיזאָד האָט ער נישט פאָראויסגע־זען. לאַנג איז ער געזעסן, פאַרזונקען אין דריקנדע טרוימען. ער האָט געבענקט נאָך זיין מדבר, ער האָט אָבער איצט נישט גע־קאָנט פאַרלאָזן זיין לאַנד. ער האָט געהאַט גרויס חשק צו רייטן, אָבער ער האָט מורא געהאַט צו ווייזן אין דאָזיקן פרימאָרגן די מענטשן פון עדעסאַ זיין פנים. אָפּזיפצנדיק, איז ער ענדלעך אַוועק אין זיין הארעם.

ווען קעניג פיליפ האָט געהערט וועגן דער שחיטה, האָט אים אָנגעכאַפּט אַן עקל ביז צום ברעכן. ער איז אַנטלאָפן צו די ביכער פון זיין ביבליאָטעק. אין די ווערק פון די דיכטער און פילאָזאָפן האָבן זיך געפונען שיינע פערזן, דערהויבענע זאַצן, טיף־קלינגענדיקע ווערטער: „מזרח, טיף, פאַרב, הומאַניטעט. חכמה, פאַנטאַזיע, פרייהייט". אָבער די זאַצן און פערזן האָבן אים קיין טרייסט נישט געגעבן. אין דער ווירקלעכקייט זענען דידאָ־זיקע אַלע באַגריפן פאַרקנופּט געווען מיט שמוץ און בלוט. די שטאָלצע, טרייסטנדיקע ווערטער פון די דיכטער זענען בלויז גע־ווען אַ שלייער, כדי הינטער אים צו פאַרשטעקן דאָס בלוט, דעם שמוץ, דעם עלנט. אַ צו דינער שלייער: דער וויסנדער האָט גע־זען, וואָס הינטער אים טוט זיך.

## 20.

## רעפלעקסיעס איבער דער געוואַלט

נעראָן האָט צונויפגערופן זיין סענאַט, און ס'קאָן זיין, אַז בעת ער האָט באַגרינדעט אין אַ גרויסער רעדע פאַר זיין דאָזיקן סענאַט די נויטווענדיקייט פון די שחיטות, האָט ער געפילט נאָך אַ גרעסער געפיל פון גליק, ווי דאַן, בעת ער האָט באַטראַכט און

באַזונגען די אונטערגייענדיקע אַפּאָמעאַ פון זיין טורעם, אָדער בעת ער האָט פּאָרגעלייענט צום ערשטן מאָל פאַרן סענאַט אין רוים דעם קייזערלעכן מאַניפעסט.

ער האָט אָבער גערעדט וועגן די שווערע פּאַרפליכטונגען, וואָס די געוואַלט לייגט אַרויף אויף איר טרעגער. „ווי שווער מיר איז געווען", האָט ער אויסגערופן, „צו טויטן אַזוי פיל מענטשן, צווישן זיי אַזעלכע, וועלכע זענען געווען מיינע פריינט און מער אַלס פריינט. איך האָב אָבער געטראַכט וועגן דער גרויסקייט פון דער אימפּעריע, איך האָב האַרט געמאַכט מיין האַרץ, כ'האָב געבראַכט דעם קרבן און פאַרטיליקט די פאַרשווערער". ער האָט זיך באַרוישט מיט זיינע זאַצן, געגלייבט אין דעם, וואָס ער האָט גערעדט, געגלייבט אין זיין שמערץ און אין דער גרויס פון זיין קרבן, האָט געשליידערט דונערן קעגן די פאַרברעכער, קעגן די פאָרשטייער פון אוזורפּאַטאָר טיטוס, קעגן דער באַנדיטן-קאַסטע פון די קריסטן. ער האָט געשוימט, געטריפט מיט גיפט, געדונערט, געשטורעמט, געבעטן רחמים, פאַרגאָסן טרערן, זיך געשלאָגן אין דער ברוסט, באַשווירן די געטער. ער האָט פאַרענדיקט: „איך בין פאַר קיינעם נישט פאַראַנטוואָרטלעך, אַ חוץ פאַרן הימל און פאַר מיין אינערלעכער שטים. אָבער איך האָב פאַר אייך צופיל דרך-ארץ, איך זאָל וועלן אויסמיידן אייער געריכט. איר ווייסט, וואָס עס איז געשען. איר האָט געהערט, פאַרוואָס דאָס איז געשען. משפּט. און אויב איך בין אומגערעכט, הייסט מיך שטאַרבן".

נאַטירלעך האָט מען אים נישט געהייסן שטאַרבן, נאָר מען האָט פאַראָרדנט דאַנק-פייערלעכקייטן פאַר די געטער, ווייל זיי האָבן געראַטעוועט דעם קייזער און די אימפּעריע פון דער אומגעהייערער געפאַר.

די בלוטיקע נאַכט האָט געווירקט אויפן סענאַט און אויפן פאָלק פונקט אַזוי, ווי קנאַפּס. נעראָן און טרעהאָן האָבן אויסגערעכנט. נעראָנס טאַט האָט אַרויסגערופן עקל, יראת-הכבוד, באַוווּנדערונג. נאָך דער ערשטער שרעק האָבן די מאַסן נאָך מער גענומען ליב האָבן זייער נעראָן צוליב זיין ענערגיע און דער

פינצטערער פראַכט, און זיי האָבן פאַרגעסן זייער וואַקסנדן הונגער, באַרוישט דורך דער גרויס פון זייער קייזער. ערשט איצט האָבן זיי געשפּירט, וואָס נעראָן האָט געוואָלט אויסדריקן דורכן פינסטערן סימבאָל פונם רייטער אויף דער פלעדערמויז. פלעדערמויז דאָס איז געווען דאָס נאַכטיקע, עקלדיקע, דער איינציקער רייטוואָגן, אויף וועלכן די געוואַלט קאָן פאָרן צום הימל. זיי האָבן דאָס געשפּירט און געזאָגט דערצו „יאָ". און ווען דעם איינאונצוואָנציקסטן מאַי איז אַנטפּלעקט געוואָרן דער רעליעף אין פעלז ביי עדעסאַ, האָבן זיי געיובלט אין יראת־הכבודיקן שוידער פאַרן מאַן, וואָס זיינע שטריכן קוקן אַרויס ריזנהאַפט פון דעם פעלז אויף דור־דורות.

אומעטום, אין דער גאַנצער וועלט, האָט די בלוטיקע נאַכט אַרויסגערופן אויפרעגונג. אָבער דאָסדאָזיקע עקל־געפיל האָט נישט געדויערט לאַנג; ווייל דאַן, ווען הינטער דעם עקלדיקן שטייט מאַכט, פאַראורטיילן טאַקע די מענטשן דאָס עקלדיקע, אָבער זיי פאַרגעסן עס שנעל.

קייזער טיטוס, אין זיין פאַלאַץ אויפן פאַלאַטין, האָט צו־ערשט נישט געטראַכט וועגן דעם צו פאַראורטיילן. אמת, מען האָט אים גערופן און ער גופא האָט זיך אויך גערופן „דאָס גליק פון דער מענטשהייט", אָבער ער האָט געוווסט, אַז עס איז אוממעגלעך צו ברענגען מענטשן גליק אָן געוואַלט. ער אַליין האָט אַלס מיליטער־קאָמאַנדיר אָנטיילגענומען אין צוויי מלחמות. האָט צוגעגרייט די מלוכה־פאַרשווערונג, אַ דאַנק וועלכער זיין פאָטער איז געקומען צו דער מאַכט, האָט געפירט צום טויט אַ סך מענטשן, און אַ מענטשלעך לעבן האָט פאַר אים ווייניק־וואָס באַדייט. פונדעסטוועגן איז זיין געזיכט פאַרקרימט געוואָרן פון עקל, ווען ער האָט שטודירט די רשימה פון די געטויטע. ער האָט געפונען דעם נאָמען קאַיאַ, געפונען די נעמען פון אַנדערע, וועלכע זענען געטויט געוואָרן בלויז צוליב מאָטיוון פון פערזענלעכער גאווה און נקמה־דורשט. וואָס דער קליינער לומפּ אין צווישנשטראָמלאַנד און זיין כנופיה האָבן אָפּגעטון, איז בלויז אין אַ קליינער

טייל געווען פּאָליטיק, צו דער גרעסטער טייל איז עס געווען אַן אויסברוך פון בייזוויליקער טפשות. פאַר זיך, פול מיט עקל, האָט קייזער טיטוס געזאָגט: „ווי אַזוי קאָן אַ קליינער פיש אַזוי שטינקען".

טיטוסעס סעקרעטאַר האָט פאַרשפּרייט דעמדאָזיקן זאָג. און זינט דאַן, ווען אַ מענטש פון קליינעם פאָרמאַט באַקומט די הערשאַפט איבער גרויסע מאַסן און מאַכט אָן צרות, זאָגט מען: „ווי אַזוי קאָן אַ קליינער פיש אַזוי שטינקען".

# דאָס פערטע בוך

## די מפּלה

## 1.

# דאָס אומפאַרשעמטע ליד

אָבער נישט די נאַכט פון מאָרד האָבן די מיטצייטלער פון נעראָן־טערענץ באַטראַכט אַלס דעם אָנהייב פון זיין מפּלה, נאָר אַ סך אַ קלענערע זאַך, אַ קוים ממשותדיקע, — די געבורט פון אַ קליין ליד. „די געטער‟, האָט קאָנסטאַטירט אַ היסטאָריקער, „האָבן געשלאָגן דעם מאַן מאַקסימוס טערענציוס, וועלכער האָט זיך אָנגערופן נעראָן, מיט זיינע אייגענע וואָפן. דורך זיין קונסט, וואָס איז באַשטאַנען אין זיין רעציטירן און אין זיין געזאַנג, איז ער אויפגעשטיגן, און איצט איז ער געפאַלן צוליב אַ קליין ליד‟.

ווער עס האָט דאָסדאָזיקע ליד געשאַפן און עס געזונגען צום ערשטן מאָל, האָט מען נישט געוווּסט. עס איז פּלוצלינג געווען אויפן פּלאַץ, אַ פרעך ליד, ווי דער מזרח קען זיי טויזנטער, אַ מעלאַנכאָלישער, חוזקדיקער קופּלעט, געזונגען מיט אַ מעלאָדיע, וואָס האָט מיט זיין פון מדבר שטאַמענדער מאָנאָטאָנישקייט געווירקט טאָפּלט אומפאַרשעמט און איראָניש. די ווערטער זענען געווען פאָלגנדע:

„אַ טעפּער האָט אָנגעדרייט אַ זאַך,
„אַ זייער גרויסע זאַך געדרייט,
„די זאַך דרייט זיך.
„די קליינע אַקטע איז אין לאַנד געקומען,
„און האָט גוט באַטראַכט זיין זאַך —
„זיי; זאַך דרייט זיך נישט.
„אַ טעפּערס אָרט איז די רויטע גאַס,
„ביי זיין געברענטן ליים,

„ניִשט בּיים הערשנדן קלאַס.
„און ווען אַ טעפּער ווייסט ניִשט וווּ זיין אָרט איז,
„גיט מען אים אַ לעקציע,
„דער קייזער גיט אים אַ לעקציע, אַ געהעריקע לעקציע,
„ביז ער ווייסט, וואָס מען מיינט,
„ווער איז קליין און ווער גרויס.
„דערפאַר, געוויסער טעפּער, מאַך זיך קליין,
„צי איין דעם עק,
„אַניִשט וועט קומען דער קייזער
„און פאַנגט דיך.
„און דאַן וועט שוין זיין צו שפּעט,
„דיין זאַך וועט שוין זיין אויסגעדרייט,
„ער וועט דיך הענגען".

צום שטאַרקסטן האָט דאָס ליד געווירקט אין דער באַגלייטונג פון דער ציטער און דער האַנט-פּויק, אָבער אויך אָן מוזיק-באַגלייטונג האָט עס שטאַרק געווירקט. די מעלאָדיע איז געווען ראַפינירט און דאָך איינפאַך, אַ מאָנאָטאָנע מעלאָדיע אויפן אַראַבישן שטייגער, אָבער מיט קליינע, אומפאַרשעמטע, אויסגעלאַסענע פויזעס, למשל, פאַר „זאַך", און דער סוף, ווי ער בלייבט מעלאַנכאָליש און אומפאַרשעמט הענגען אין דער לופט, האָט אַ סך נענטער געמאַכט צום געפיל דאָס טרויעריקע, נעבעכדיקע, צום אונטערגאַנג באַשטימטע פון דער געבאָרגטער קייזער-פּראַכט, ווי דאָס וואָלטן געקאָנט טון די איבערצייגנדסטע אַרגומענטן.

טרעבאָן האָט געקאָנט פאַרווערן מען זאָל רעדן וועגן די געשעעניש פון פופצעטן מאַי. ער האָט געקאָנט בלויז פאַרפאָלגן פאַר רעד קעגן קייזער, ער האָט אָבער ניִשט געקאָנט פאַרווערן די קליינע, פרעכע פויזע פאַרן וואָרט „זאַך", און ער האָט ניִשט געקאָנט שטערן, דאָס די מעלאָדיע זאָל אין משך פון קנאַפּע צוויי וואָכן דעראָבערן דאָס לאַנד. יעדער איינער, צי ער האָט גערעדט אַראַמעאיש, צי ניִשט, האָט געקענט די ווערטער פון ליד.

די סיבה פאַרוואָס דאָס ליד האָט געקאָנט ווערן פּאָפּולער, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דעם צווישנשטראָמלאַנד און די טיילן פון סיריע, וועלכע נעראָן האָט באַהערשט, איז געגאַנגען אַלץ ערגער. די געשעענישן פון דער נאַכט אויפן פּופּצענטן מאַי האָבן אפילו פאַרשטאַרקט דעם אויטאָריטעט פון רעזשים, אָבער די ווירטשאַפט פון לאַנד איז דערפון נישט בעסער געוואָרן. דאָס ברויט איז געוואָרן קנאַפּער, און דער לעקעך איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. דערצו איז נאָך צוגעקומען די פּרעסנדע ערגערניש איבערן ווילקיר פון נעראָנס כנופיה, איבער די געוואַלטטאַטן פון פּרעבאָנען און קנאָפּסן און זייערע יוצר-משרתים, איבער די פּריווילעגיעס פון אַ קליינער קליקע אויפן חשבון פון אַלע. דאָס „טעפּער-ליד" האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון גאַנצן פאָלק. מען האָט עס געזונגען אין די גאַסן פון די גרויסע שטעט סאַמאָסאַטאַ, עדעסאַ, פּאַלמירא, אַפּאַמעאַ, לאַריסאַ. די שיפער, וואָס שווימען איבערן פּרת און חדקל האָבן, עס געזונגען, די פּויערים און די לייבאייגענע האָבן עס געזונגען ביים זייען, אַקערן און שניידן, די האַנטווערקער האָבן עס געזונגען און אויך די-יעניקע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די מאַנופאַקטורן פון די אונטערנעמער, די וועשינס ביי די ברונעמער און די קינדער ביי די שפּילן אויף דער גאַס, אויך די בעדואינער אין דער וויסטע האָבן עס געזונגען, די-יעניקע, וועלכע האָבן טראַנספּאָרטירט אויף קעמלען סחורה, און די-יעניקע, וועלכע האָבן געלויערט אויף דידאָזיקע קאַראַוואַנען, כדי זיי צו באַרויבן.

אַ קליין ליד איז עס געווען, דאָס טעפּער-ליד, עס האָט אָבער עפּעס געהאַט אין זיך און עס האָט ערנסט געגריזשעט נעראָנס הערשאַפט. אמת, מען האָט נאָך צוגעיובלט דעם קייזער, ווו ער איז נאָר דערשינען, אָבער ווער עס האָט געניער באַאָבאַכטעט, האָט געקאָנט אַרויספילן, אַז דורך די אויסרופן: „אָ, דו זייער גוטער, זייער גרויסער קייזער נעראָן" לאָזן זיך הערן די פּרעבע פערזן:

„אַ טעפּערס אָרט איז די רויטע גאַס,
„ביי זיין געברענטן ליים,
„נישט ביים הערשנדן קלאַס".

און אויך דעם סוף, ווי ער בלייבט הענגען אין דער לופטן טרויעריק, וויציק, נעבעכדיק און בייזוויליק: „ער וועט דיך הענגען".

2.

## דער איינגעהילטער ארון

גובערנאַטאָר צעיאָן איז נישט געווען מוזיקאַליש; פונדעסט-וועגן האָט ער צוגעברומט דאָס טעפּער-ליד, בעת ער האָט גע-וואַרט אויפן קוריער, וועלכער האָט אים געדאַרפט ברענגען פון דער אָקאָרשט אָנגעקומענער שיף די דעפּעשן פון רוים. אָנגעטון אין הויכן שוך און אין שווערן פּורפּור-באַשטרייפטן אויבערראָק, איז ער געזעסן ביים שרייבטיש, שטייף, טרילערנדיק דאָס פּרעכע, נאַרישע ליד.

ער האָט זיך פאַרענדערט. די לעטאַרגיע פון די לעצטע חדשים איז אָפּגעפאַלן פון אים. ווען ער האָט בשעתו באַקומען די ידיעה וועגן דער מאָרד-נאַכט, האָט ער זיך צום ערשטן מאָל זינט אַ לאַנגער צייט אויסגעצויגן. ער איז אָנגעפילט געוואָרן פון קאָפּ ביז די פיס דורך אַן אומהיימלעכער פרייד. אויך ער, ווי די פירשטן פון מזרח, האָט געזען אין דער מאָרד-נאַכט אַן אַקט פון פאַר-צווייפלונג, — אַן אַקט פון איינעם, וואָס גלייבט, אַז ער שטייט פאַר זיין סוף.

אמת, עס איז זינט דאַן אַריבער אַ געוויסע צייט און אין געביט פון נעראָנס הערשאַפט האָט זיך גאָרנישט געהאַט געענ-דערט. אדרבה, נעראָן-טערענץ האָט געהאַט צו פאַרצייכענען אין

סיריע נייע טייל־דערפֿאָלגן. פֿונדעסטוועגן איז צעיאָן זיכער גע־וועזן, אַז טערענצעס באַרג־אַראָפּ האָט זיך אָנגעהויבן, און דער נאַאיווער טעקסט פֿון טעפּער־ליד איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך די באַריכטן פֿון די זאַך־פֿאַרשטענדיקע איבער דער אינערלעכער לאַגע אין צווישנשטראָמלאַנד. נישט ליבע — שרעק האָט פֿאַרבונדן די הערשער און די פֿעלקער פֿון מעסאָפּאָטאַמיע מיטן שווינדלער; זיי האָבן געחלשט פֿטור צו ווערן פֿון אים און צוריקצוקערן זיך מיט אַ פֿרייער געמיט אונטערן פּראָטעקטאָראַט פֿון עכטן רוים.

צעיאָן איז געוואָרן קלוג און האָט זיך געהיטן פֿאַר צו גרויסן אָפּטימיזם. ער האָט נישט געגלייבט, אַז טערענצעס הערשאַפֿט וועט שנעל און פֿון זיך אַליין פֿאַלן. ער האָט געוווסט, אַז טרעבאָן מיט זיין גוט־באַוואָפֿנטער, דיסציפּלינירטער אַרמיי האָט נאָך לאַנג געקאָנט איינהאַלטן די מאַכט אין צווישנשטראָמלאַנד. אָבער דער רעזשים פֿון שווינדלער איז אינערלעך געווען צעטרייסלט, ער איז געווען רייף צו דער מפּלה ביים ערשטן שטויס פֿון דרויסן.

און דערדאָזיקער שטויס וועט קומען. צעיאָן האָט מיט צו־טרוי געוואַרט אויף די דעפּעשן פֿון רוים. די צייט פֿון פּאַסיוו־קייט, פֿון לאָז־מיך־געמאַכיקייט איז פֿאַרביי. ער האָט געריייניקט זיין אַרמיי, ער האָט פֿאַרשטויסן יעדן, אויף וועמען עס איז גע־פֿאַלן אַ חשד, אַז ער סימפּאַטיזירט מיט דער באַוועגונג פֿונם אַזוי־גערופֿענעם נעראָן. מיט אַ האַלב יאָר צוריק האָבן זיינע לעגיאָנען אויסגעזען סקאַנדאַליעז; איצט אָבער איז מער קיין געפֿאַר נישט־טאָ, אַז עס זענען נאָך פֿאַרהאַן אָפֿיצירן, וועלכע זאָלן זיך לאָזן פֿאַנגען פֿון וואַראָס אָדער טרעבאָנס הבטחות.

וואָס זוימט זיך אָבער דער קוריער? ער האָט שוין אייגנט־לעך געדאַרפֿט זיין. צעיאָן האָט אַרויסגענומען אַקטן, עס איז אים אָבער נישט געלונגען צו לייענען. אויב זיי וועלן אין מיליטער־קאַבינעט הערן זיינע עצות, אויב זיי וועלן זיך אַנטשליסן אָפּצו־רופֿן דעם פֿערצענטן לעגיאָן, וועלכער האָט זיך צום מערסטן גע־לאָזט מיטרייסן פֿון דער באַוועגונג, און אים צושיקן דעם ניינטן,

דאַן וועט ער זיין אויפן פערד, דאַן וועט גאָרנישט קאָנען פּאַסירן, אפילו עס זאָל דערגיין צו אַ קריג מיט די פּאַרטער. „און דאַן וועט שוין זיין צו שפּעט, דיין זאַך וועט שוין זיין אויסגעדרייט, ער וועט דיך הענגען". צעיאָן האָט די מעלאָדיע געלאָזט הענגען אין דער לופטן, אפילו גאַנץ פאַלש, אָבער זיינע אויערן און דאָס האַרץ האָבן אַרויסגעהערט דאָס ריכטיקע.

דער קוריער. ענדלעך. ווען צעיאָן האָט געעפנט דעם בריוו פון קייזער האָט זיין האַנט, נישט ווילנדיק, געציטערט. ער איז דורכגעלאָפן מיט די אויגן דעם לאַנגן בריוו. שטייער־פאַראָרדענונגען, פאַרוואַלטונגס־פאַראָרדענונגען, פאַראָרדענונגען וועגן קולט פון גאָט מיטראַס. ווו איז אָבער דער עיקר? אַך, אָט איז עס: „וואָס שייך אייערע פאָרשלאַגן, מיין צעיאָן, וועגן אויסטוישן אונזער פערצענטן אויף דעם ניינטן, האָבן מיר זיי באַטראַכט, אָנגענומען און אין הסכם דערמיט אַרויסגעגעבן פאַראָרדענונגען".

ער האָט דעם בריוו נישט געענדיקט לייענען. דעם ניינטן, ער באַקומט דעם ניינטן. דאָס איז אַן אומגעהייערע באַשטעטיקונג, אַ גרויסע באַלוינונג פאַר זיין אַרבעט. די מיליטערישע פליכטן פון זיין אַמט זענען אים פון תמיד אָן געווען צום ליבסטן. וואָס ער וועט איצט אַלץ קאָנען באַווייזן, האָבנדיק דעם ניינטן, דעם דאָזיקן הערלעכן מאַטעריאַל. זיין קאָפּ איז שוין פול מיט טויזנט פּלענער. ער פילט זיך פריש, ווי אין זיין בעסטער יוגנט. זאָלן זיי אים רופן צי־מענטשל, אין אַנטיאָכיע און אין גאַנצן מזרח. דער נאָמען האָט באַקומען אַ גאַנץ אַנדערן זין אין דידאָזיקע לעצטע חדשים, און דאָס, וואָס ווראָ האָט אים בשעתו איראָניש געווונטשן, אַז אַנטיאָכיע זאָל אָן אַ הויזק־ביי־טעם אַרויסרעדן זיין צונאָמען, מיט סימפּאַטיע, כמעט ווי אַ צערטלעכקייט, — וועט איצט ווערן ווירקלעכקייט.

נאָר נישט פאַרלירן קיין צייט. פרייען וועט ער זיך קאָנען שפּעטער. ער נישטערט ווייטער אין דער פּאָסט. אָט איז אַ בריוו פון זיין פּריוואַט פּאַטעוס, וועלכער אינפאָרמירט אים וועגן די נייעסטע געשעענישן אין רוים. אויב עס האָט אַזוי לאַנג געדויערט,

טיילט אים פּאַעטוס מיט, ביז זיינע פריינט האָבן אויסגעפּויפּט אין קריגס־קאַבינעט, מען זאָל טוישן דעם פּערצענטן אויפן ניינטן, איז קודם־כּל שולדיק אין דעם די שוואַכע אַנטשלוס־פעיִק־יט פונם קייזער. אָבער דידאָזיקע שטערונג וועט אינגיכן באַזייטיקט ווערן. דער קייזער וועט נישט אויסלעבן דאָס יאָר, — דידאָזיקע אינפאָרמאַציע שטאַמט דירעקט פון דאָקטאָר וואַלענס, דעם לייב־דאָקטאָר.

צעיאָן האָט טיף אָפּגעאָטעמט, דאָס פּנים באַדעקט מיט רויטע פלעקן. אַ פּאָר שריפט־צייכנס: „נישט אויסלעבן דאָס יאָר", פּונקט די זעלבע ווי אין די ווערטער: „אַ סך גריסן", און דאָך איז דאָ אין זיי עפּעס אומגעהייערעס, אַ באַטויבנדער, גנאָדפולער שענק פון די געטער. אויב טיטוס שטאַרבט טאַקע, אויב דעם טראָן וועט פאַרנעמען דער יונגער, ענערגישער דאַמיציאַן, דאַן וועט דאָס טעפּער־ליד ווערן ווירקלעכקייט, דאַן וועט די זאַך זיין אויסגעדרייט, דאַן וועט ער, צעיאָן, געדעקט דורכן פּאַלאַטין, אַריבערגיין דעם טייך פּרת, וועט פאַרכאַפּן די חברהלייט, זיי אויפהענגען אויף קרייצן.

אייגנטלעך וואָלט צעיאָן געמוזט זיך אַוועקזעצן ביים שרייבטיש. ער אַרבעט גערן און געוויסנהאַפט, און נאָכן קייזערס בריוו איז דאָ אַ באַרג אַרבעט. אָבער ער קאָן איצט נישט אַרבעטן. ער מוז האָבן באַוועגונג, פאַרדייען זיין גליק. ער וועט אַרויסרייטן.

ער גייט דורך דעם זאַל. דאָ שטייט דער איינגעהילטער אָרון מיטן וואַקס־בילד פון זיין עלטער־זיידן. ניין, היינט כאַפּט ער זיך נישט דורך פאַרביי אים. ער פאַרלאַנגזאַמט אַפילו דעם גאַנג, ציט זיך אויס, ווינקט צו אים, שמייכלט. ער וועט זיגן, ער וועט צעשמעטערן דעם שווינדלער. און נאָך זיין זיג וועט ער פאָדערן זיין לוין: אין קעגנוואַרט פון קייזער און סענאַט וועט ער באַפרייען דעם אָרון פון זיין הילע.

9.

# אַ געווינטהאַפטער פאַטער

כל־זמן טיטוסעס רעגירונג האָט פּאַסיוו זיך צוגעקוקט צו נעראָנס אויפשטייג, זענען די ספקות וועגן זיין אידענטישקייט געווען פאַרבאָרגן. אָבער ווי נאָר עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז דער נייַנטער מאַרשירט קיין סיריע, האָבן די ספקות באַקומען לשון. אויך די־יעניקע, וועלכע האָבן ביז אַהער געגלייבט אין נעראָנען, האָבן פאַרלוירן דעם פולן צוטרוי צו זיין העלדישן קייזער.

היות די רעגירונג האָט עקשנותדיק פאַרשוויגן, וואָס עס טוט זיך אויף יענער זייט גרענעץ, און האָט געשטעדט צו פאַרשפּרייטן זיכערע ידיעות, האָבן זיך גענומען טראָגן קלאַנגען, וואָס זענען פאַנטאַסטיש אויסגעוואַקסן ביי זייער געהיימער פאַרשפּרייטונג. עס האָבן זיך אויסטערליש אויסגעמישט די נביאות פון הייליקן שויספּילער, יאָהאַן פון פּאַטמאָס, מיט די ידיעות וועגן די באַוואָפנעטן אין סיריע און וועגן דער פאַרשטייענדער שטראָף־עקספּעדיציע פון גובערנאַטאָר. יאָהאַנעס האָט באַצייכנט אַלס דרייקעפּיקן גיהנום־הונט דעם טריאומוויראַט טערענץ, טרעבאָן, קנאָפּס, — דער נאָמען איז געוואָרן פּאָלקסטימלעך, און הערקלעס, האָט מען געשמועסט, קלויבט זיך צוצונעמען צו זיך דעמדאָזיקן דרייקעפּיקן. די טעטיקייט פון נעראָנס קעגנער איז אויסגעוואַקסן, די אויפגעבראַכטע, חוזקדיקע אויפשריפטן אויף די ווענט האָבן זיך געמערט, דאָס טעפּער־ליד איז געווען אויף אַלעמענס ליפּן און אין אַלע הערצער.

אין די שטעט אָבער זענען איינקוואַרטירט געווען נעראָנס חיילות. זיי זענען אַרומגעגאַנגען קרעפּטיקע, גוט־דערנערטע, גוט־

באַוויאָפּנטע; עס האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין, אַז די נישט־דיסציפּלינירטע און נישט־אָרגאַניזירטע פּייערים און בירגער, ווי גרויס עס זאָל נישט זיין זייער צאָל, זאָלן קאָנען אויפֿנעמען מיט זיי אַ קאַמף. דאָס לעבן איז דעריבער ווייטער געגאַנגען ווי ביז אַהער. אַ פֿרעמדער, וואָס האָט באַזוכט סאַמאָסאַטאַ אָדער עדעסאַ, האָט קוים געקאָנט עפּעס באַמערקן פֿון דעם לאַנדס אינערלעכער אומרויִקייט; ער האָט געמוזט מיטנעמען דעם איינדרוק, אַז דאָס פֿאָלק איז מסכּים אויף נעראָנס הערשאַפֿט און איז צופֿרידן.

די איינגעבוירענע פֿירשטן און גרויסע שררות האָבן אין זייערע אָפֿיציעלע אַרויסטרעטונגען כּסדר פֿאַרזיכערט וועגן זייער פֿרייד צוליב דער אָנוועזנהייט פֿון זייער געהויבענעם גאַסט. זיי זענען אָבער שלעכט געשלאָפֿן און האָבן געוויזן וואָראָן אומצופֿרידענע פּנימער. זיי האָבן געוווסט וועגן דער אונטערערדישוואַקסנדער אומצופֿרידנקייט פֿון זייערע פֿעלקער. זיי האָבן געזען ווי עס ווערט ווייניקער און ווייניקער ברויט, ווייַן, לעקעך, געלט, און דער דרוק פֿון טערענצן, טרעבאָנען און קנאַפּסן איז שווערער געוואָרן, ווי אַמאָל דער דרוק פֿון גרויסן, אַנאָנימען רוים.

פֿון נעראָנס יועצים האָט צום בעסטן געשפּירט קנאָפּס, אַז די פֿונדאַמענטן פֿון רעזשים האַלטן אין איינפֿאַלן. ער האָט דאָס שוין באַמערקט לויט דער פֿאַרענדערטער באַנעמונג פֿון זיין אומיטלבאַרער סביבה. זיין שוועער גאַריאָן איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אין זיין קעגנוואַרט האָט ער אונטערגעברומט דאָס טעפּערליד, הגם גאַריאָן, — אַלס באַלעבאָס פֿון דער פֿאַבריק אין דער רויטער גאַס און אַלס קנאָפּס' שווער, — האָט געחוזקט דערמיט פֿון זיך אַליין.

קנאָפּס האָט שוויַיגעוודיק איבערגעטראָגן דיראָזיקע אומפֿאַרשעמטקייטן. ער האָט געוווסט, אַז דאָס ראַדיקאַלע מיטל פֿון די שחיטות קאָן ווירקן בלויז אויף אַ קורצער צייט, און ער האָט געהאַט באַשלאָסן גלייך נאָך דער מאָרד־נאַכט צו פֿאַרשווינדן; ער

האָט נאָך בלויז געוואָלט פאַרזיכערן דאָס געלט פון הירקאַנען,
אָדער ריכטיקער, דאָס געלט פון זיין קליינעם, צוקונפטיקן קלאָו־
דיוס קנאָפּס. אָבער דאָסדאָזיקע געלט, וואָס האָט פאַר אים באַדייט
דאָס לעבן און גליק פון זיין זונעלע, דאָס הערלעכע, געלע, רוי־
טע מעטאַל, האָט אים דאָ נאָך געהאַלטן. אמת, דער שטייער־
פאַכטער הירקאַן איז פּראָגראַם־מעסיק באַזייטיקט געוואָרן אין דער
נאַכט אויפן פופצענטן מאַי, אָבער זיינע מיליאָנען, האָט זיך אַרויס־
געוויזן, קאָן מען נישט פּליסיק מאַכן אַזוי שנעל, ווי קנאָפּסן האָט
זיך געדאַכט. זיי זענען געווען אינוועסטירט אין צאָלרייכע, מער
אָדער ווייניקער פאַרצווייגטע אונטערנעמונגען, אין פאַרשידענע
חובות, זענען אַרויסגעפירט געוואָרן, צוליב שטייער־סיבות, קיין
אויסלאַנד. חוצדעם האָט וואַראָ גוט אַכטונג געגעבן אויף קנאָפּסן,
און וואַראָ איז געווען אַן אומאָנגענעמער קעגנער, מיט וועלכן מען
קאָן קיין שותּפות נישט מאַכן. קנאָפּס האָט געמוזט אָנווענדן טויזנט
כיטרעקייטן, כּדי דאָס אויסגעפונענע געלט פון געוועזענעם היר־
קאַן אַריינצובאַקומען אין זיין אייגענער קעשענע. דאָס האָט אָפּ־
געשלעפּט זיין אָפּרייזע. ער האָט גוט געשפּירט די נאָענטע גע־
פאַר און געבענקט נאָך זיכערקייט. ער איז נישט געווען קיין מו־
טיקער מאַן, ער האָט געוווּסט, אַז אויב ער וועט זיך פאַרשפּע־
טיקן, וועט ער שטאַרבן מיט אַ שוידערלעכן, פּיינלעכן טויט; ווען
ער פלעגט הערן די שלוס־ווערטער פונם טעפּער־ליד: „ער וועט
דיך הענגען”, פלעגן אים מוראשקעס אַריבערקריכן איבערן רוקן.
ער איז אָבער געווען אַ גוטער, געוויסנהאַפטער פאָטער, ער האָט
נישט געקאָנט פועלן ביי זיך צו לאָזן אין אומזיכערקייט דאָס
געלט פון זיין זונעלע, — ער האָט פאַרביסן די ליפּן, און איז גע־
בליבן.

4.

# דער טויטער חבר

פעלדמאַרשאַל טרעבאָן איז אַרומגעגאַנגען רוישיק און גוט געשטימט. מיט הונדערט טויזנט מאַן גוט־אָרגאַניזירטע זעלנער, האָט ער געהאַלטן, קאָן מען גאַנץ לייכט בייקומען אַלע „פּסיכאָ־לאָגישע שוועריקייטן", ווי די פיינע הערן רופן עס אָן. אויך די צאָל־איבערוואָג פון צעיאַנס לעגיאָנען האָט אים נישט געשראָקן. געהיימערהייט האָט ער אפילו געשפּירט אַ שרעק פאַרן טעאָרע־טישן וויסן, וואָס צעיאַנס אָפיצירן האָבן געלערנט אין זייערע קריגס־אַקאַדעמיעס. פון דאָזיקן שטאַנדפּונקט איז געווען אַ שאָד, וואָס פּולקאָווניק פּראַנטאָ און לייטענאַנט לוציוס זענען פאַרשוווּנדן, און פעלדמאַרשאַל טרעבאָן האָט נישט איין שטילע שעה פאַר־בראַכט מיט דער שווערער לעקטור פונם „לערנבוך פון דער קריגס־קונסט".

דאָס, וואָס לייטענאַנט לוציוס איז געווען טויט, איז געווען אומבאַקוועם אויך אין אַנדערע הינזיכטן. די דערמאָרדונג פון מו־טיקן און פאַרדינסטפולן לייטענאַנט, וועלכער האָט אַזוי פיל צוגעע־האָלפן צו נעראָנס זיג, האָט שלעכט געווירקט אויף דער אַרמיי. די זעלנער און אָפיצירן האָבן פּשוט נישט געוואָלט גלייבן, אַז זייער חבר לוציוס זאָל האָבן געוואָלט פאַרראַטן די זאַך פון קייזער, נאָכ־דעם ווי ער האָט איר אַזוי פיל געהאָלפן, שטעלנדיק דאָס אייגע־נע לעבן אין קאָן. ווער פון זיי קאָן דען זיין זיכער, אויב מען קאָן טויטן אויף אַזאַ אופן און אָן אַ גערעכט אַ לוציוס? מען האָט געזידלט, אַגיטירט, באַשלאָסן נישט לאָזן זיך שפּייען אין דער קאַשע.

די אַרמיי האָט געשיקט אַ דעפּוטאַציע צו איר פעלדמאַר־

שאָל טרעבאָן, זי זאָל פרעגן, צי ער האָט געוווּסט וועגן דער דערמאָרדונג פון לוציוסן און צי ער האָט געגעבן זיין הסכּמה דער־צו, און אין וואָס איז באַשטאַנען די שולד פון זייער דאָזיקן חבר, און וואָס זענען געווען די באַווייזן; איז אָבער די דערמאָרדונג פאָרגעקומען אָן זיין צושטימונג, טאָ וואָס האָט ער בדעה צו טון, כּדי צו באַשטראָפן די שולדיקע.

איין אויגנבליק האָט טרעבאָן זיך געוואַקלט, צי זאָל ער נישט שטעלן דידאָזיקע מענטשן פאַר אַ קריגס־געריכט. ער האָט אָבער גוט געקענט די נשמה פונם לאַנדסקנעכט און דערקענט, אַז עס איז קליגער נישט צו דעקן דעם מאָרד. מען מוז דעם זעלנער לאָזן פריי אויסאיבן זיין ליבע און זיין האַס. לייטענאַנט לוציוס איז אין דער אַרמיי געווען באַליבט, במילא איז ער געווען אומ־שולדיק און זיין דערמאָרדונג — אַ פאַרברעכן. דאָס, וואָס ער האָט אים אַרויפגעטראָגן אויף דער רשימה, איז געווען אַ פאַלשער טריט, און ער האָט געמוזט אַראָפּשלינגען די אומאָנגענעמע רע־זולטאַטן פון זיין פעלער. ער האָט דעריבער פאַראורטיילט די דער־מאָרדונג פונם לייטענאַנט און צוגעזאָגט צו געבן דער אַרמיי אַ סאַטיספאַקציע.

ער איז געגאַנגען צו נעראָנען. ער איז געלעגן, ווען טרע־באָן איז צו אים געקומען, אויף דער סאָפע, פויל, שלעכט גע־שטימט. עס האָט אויסגעזען, אַז ער הערט קוים און עס אַרן אים נישט די באַריכטן פון זיינע יועצים וועגן צעיאַנס באַוואָפענונגען און וועגן דער וואַקסנדער אומצופרידנקייט אין לאַנד; אָבער ווען ער איז געווען אַליין, פלעגט זיין מאַסיוו פּנים פינסטער ווערן, און די אונטערשטע ליפ פלעגט זיך נאָך מער אויסציִען, ווי גע־ווינלעך.

דאָס טעפּער־ליד האָט אים געערגערט. די יידן, האָט מען אים געזאָגט, גלייבן, אַז זייער גאָט האָט טיטוסן אין מוח אַריינ־געשיקט אַ פליגעלע, — אַלס נקמה פאַר צעשטערן זייער בית־המקדש, — און דאָס פליגעלע הערט נישט אויף אים צו קווענן, און אין דעם באַשטייט זיין קראַנקהייט. דאָס טעפּער־ליד האָט גע־

זשומעט אין נעראָנס מוח ווי דאָס פליגעלע פון טיטוסן, ער האָט נישט געקאָנט פטור ווערן פון דעם, עס האָט אים געפייניקט, גע־פרעסן זיין „פראָן".

טרעבאָנס באַזוך איז פאַר אים געווען אַן אָנגענעמע אָפּ־וועקסלונג. „די געטער רעדן היינט נישט צו מיר", האָט ער גע־זאָגט, „מיין אינערלעכע שטימע שוויגט. אין אַזאַ טריבן טאָג וואָלט מען געמוזט האָבן אַזאַ פאַרשיין, ווי דער אַמאָליקער גו־טער טעפּער טערענץ, ער זאָל מיך פריילעך מאַכן. איצט קומסטו, לכל הפּחות". טרעבאָן האָט נישט געוווּסט גענוי, וואָס ער זאָל מאַכן פון קייזערס דאָזיקער באַגעגעניש, צי זאָל ער עס אויסטייטשן אַלס גוטן סימן אָדער אַלס שלעכטן; ער, דער געוויינלעך דרייס־טער מאַן, האָט זיך דערפילט אומהיימלעך. נעראָן איז נאָך אַלץ געווען פאַר אים דער קייזער, דער גאָט. פאַרלייגן נעראָנען דאָס, וואָס ער האָט בדעה, דאַרף מען האָבן גענוג דרייסטקייט.

„מיינע לייט", האָט ער אָנגעהויבן, „טרעטן איצט שאַרפער אַרויס קעגן דעם געוויסן פרעכן ליד. אין סאַמאָסאַטאַ אַליין — און בלויז אין משך פון איין וואָך, — האָבן מיר פאַרפירט פּראָצעסן פאַר זיגגען דאָס ליד קעגן דרייהונדערט פּיראַונציוואָנציק פּערזאָן. איצט אָבער האָבן זיי געפונען אַ פרישן טריק. זיי זינגען די מע־לאָדיע אָן ווערטער; און ווען מען כאַפּט זיי דערביי, זאָגן זיי, אַז דאָס איז אַן אַנדערע מעלאָדיע און מען קאָן נישט אויפווייזן זייער שולד". „עס איז באמת נישט לייכט", האָט נעראָן געטראַכט אויפן קול, „צו פאַרפאָלגן דאָס ליד. עס זעט אויס ווי טויזנט אַנדערע". „איך וועל, אויב אַזוי, מער נישט פאַרפאָלגן דאָס ליד", האָט טרעבאָן הכנעהדיק געזאָגט. „נאַרישקייטן", איז נעראָן אויפגע־בראַכט געוואָרן. „נאַטירלעך וועסטו עס פאַרפאָלגן. עס מוז אויס־געראָטן ווערן. דו וועסט עס אָבער נישט קאָנען".

טרעבאָן האָט אָן שום ווידערשטאַנד אַראָפּגעשלונגען דעם פאָרוווּרף. „דיין דינער טרעבאָ, מאַיעסטעט", האָט ער געזאָגט, „האָט אַ טרייע האַנט, זי איז אָבער אומגעשיקט. עס שטעלט זיך איצט, צום באַדויערן אַרויס, אַז איך בין בשעתּו געווען אומגע־

רעכט, װען איך האָב פאָרגעלײגט אַרױפצוטראָגן אַ געװיסן מאַן אױף אַ געװיסער רשימה". נעראָן האָט צונױפגעצױגן די ברעמען. „װאָס הײסט אומגערעכט?" האָט ער אָפּגעענטפערט. „איך האָב די רשימה באַשטעטיקט: דערמיט איז זי געװאָרן גערעכט".

טרעבאָן האָט אָפּגעהאַקט, דערשראָקן. ער האָט אָבער צוגעזאָגט זײַנע זעלנער זײ צו געבן אַ סאַטיספאַקציע, און ער האָט געמוזט זײַן פעסט. אין אַ װײַלע אַרום האָט ער װידער זאָנדירט דעם באָדן. „די אַרמײ האָט לוציוסן ליב געהאַט", האָט ער געזאָגט, „זי האָט אים נאָך ליב". „לוציוס?" האָט זיך נעראָן פאַרטראַכט. „װער איז ער, לוציוס?" „דאָס איז דער מאַן, װעמען איך האָב פריִער אין זינען געהאַט", האָט טרעבאָן דערװידערט, און היות דער קײזער האָט נישט אַרױסגעװיזן קײן אומצופרידנקײט, האָט ער זיך געמאַכט האַרץ און שנעל צוגעגעבן: „די אַרמײ איז דעם קײזערס האַנט. װען דעם קײזערס האַנט פילט אַ קלײנע װײטיק, קאָן ער דען נישט אַרױפלײגן קײן שמירעכץ אױף איר?" „אױב נעראָן װעט איצט װערן אומגעדולדיק", האָט ער אַ טראַכט געטון, „אָדער צאָרנדיק, װעל איך זיך אָפּזאָגן פון מײַן כּװנה. עס איז מיר אַ רחמנות אױף די מענטשן, אָבער דאַן װעל איך זײ פאָרט שטעלן פאַר אַ קריגס־געריכט".

נעראָן איז אָבער נישט געװאָרן אומגעדולדיק, נעראָן האָט געלאַכט. טרעבאָן האָט דעריבער װײַטער גערעדט: „דער קײזער האָט שױן לאַנג נישט באַערט זײַנע זעלנער מיט אַ רעדע. די אַרמײ איז דורשטיק נאָך דעם קײזערס אַ װאָרט. אײן פרײַנטלעך װאָרט פון קײזער, און די אַרמײ איז טאָפּלט אַזױ שטאַרק, װי פריִער".

„װאָס־זשע איז דער מער מיט דײַן לוציוס?" האָט נעראָן גנעדיק געפרעגט. איצט האָט זיך טרעבאָן געפונען פאַר דער שװערסטער טײל פון זײַן אױפגאַבע. „עס װאָלט גוט געװען", האָט ער פאָרזיכטיק געמײנט, „װען דער קײזער װאָלט זײַנע זעלנער אױפגעקלערט דעם פאַל מיט זײער חבר לוציוס, װען ער װאָלט קלאָר געמאַכט זײַן אַרמײ, אַז אױך ער באַטראַכט דעמדאָזיקן

לוציוס אַלס גוטן אָפיציר און ער באַדויערט, וואָס ער איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע".

נעראָן האָט באַטראַכט טרעבאָנען דורך זיין שמאַראַגד. „הם", האָט ער אַרויסגעברומט: „איך דאַרף, הייסט עס, באַגראָבן דיין לוציוס. צי ווייסטו כאָטש, טרעבאָן, אַז דו ביסט זייער פרעך?" עס האָט אָבער געקלונגען נישט אומגנעדיק. ער האָט זיך פאַרטראַכט, און טרעבאָן איז זיכער געווען, אַז עס ווערן איצט אָנגענומען באַשלוסן, וואָס קאָנען זייער שטאַרק ענדערן זיין פּאָפּולאַריטעט ביי דער אַרמיי. ער האָט אויפמערקזאַם געקוקט דעם קייזער אין פנים אַריין, געשפּאַנט, וואָס עס וועט קומען פון זיין מויל. איצט עפנט זיך דאָסדאָזיקע מויל, איצט הייבט ער אָן, דער קייזער, צו רעדן, אים ענטפערן. טרעבאָן איז אינגאַנצן געהער, אינגאַנצן דערוואַרטונג. אָבער דאָס, וואָס איז געקומען פון מויל, איז נישט געווען קיין ענטפער, נאָר דאָס קליינע, פאַרשאָלטענע, אומפאַרשעמטע טעפּער־ליד. טרעבאָן איז נישט געווען מוזיקאַליש, און טענער פלעגט ער לייכט פאַרבייטן. דאָס מאָל אָבער איז אוממעגלעך געווען צו פאַרבייטן, עס איז געווען דאָס ליד, און טרעבאָן האָט זיך דערשראָקן ביז אין זיינע טיפסטע טיפענישן.

דער קייזער האָט אומגעריכט איבערגעריסן דאָס געזאַנג, געשמייכלט און געזאָגט: „אייגנטלעך איז דאָס נישט אַזאַ אומדאַנקבאַרע אויפגאַבע צו באַקלאָגן דעם טויט פון אַ מוטיקן זעלנער, און איך גלייב, אַז אַזאַ קלאָג־רעדע וואָלט זיך גאַנץ גוט אויסגענומען צווישן מיינע איבעריקע שריפטן". און טראַכטנדיק שוין וועגן די זאַצן פון זיין רעדע, האָט ער ווידער גענומען מעכאַניש זשומען דאָס ליד. טרעבאָן אָבער האָט זיך דערווייטערט, מער זשענירט, ווי באַגליקט.

נעראָן האָט צונויפגערופן די עליטע פון זיינע אָפיצירן אין זיין קליין פּריוואַט־טעאַטער. צוערשט האָט ער פאַר זיי געגעבן אַ פאָרשטעלונג פון אַ העראָאישער אָפּערע, וואָס באַהאַנדלט דעם טויט פון קליטוסן, — פון יענעם מאַן, וועמען דער גרויסער אַלעקסאַנדער האָט געטויט אין אַ רויש־צושטאַנד, נישט געקוקט דערויף,

וואָס יענער האָט אים געהאַט געראַטעוועט דאָס לעבן; דאַן, נאָך דערדאָזיקער סימבאָלישער פאָרשטעלונג, האָט זיך נעראָן אַנטשולדיקט אין אַ גרויסער, דאָ געריירטער, דאָ פּאַטעטישער רעדע פאַר דער דערמאָרדונג פונם לייטענאַנט לוציוס. ער האָט אין מענלעכע ווערטער גערומט די מוטיקייט און דעם מיליטערישן זשעני פונם אָפיציר. דאַן איז ער אַריבער צו דיסציפּלין, ער האָט דערקלערט, אַז מען געפינט זיך אין קריגס־צושטאַנד, אין אַ שווערן קאַמף קעגן אוזורפּאַטאָר, און אין קריג איז דיסציפּלין די ערשטע פאָדערונג. לוציוס האָט מערערע מאָל, אין קעגנוואַרט פון באַגלייבטע עדות, רוימישע און אָריענטאַלישע, געהאַלטן פאַרשווערערישע רעדעס. ער האָט פאַרשפּרייט נאַרישע ליגנס וועגן דער נידעריקער אָפּשטאַמונג פון קייזער און וועגן זיין פלומרשטער ליבע צו מענטשן פון נידעריקער אָפּשטאַמונג. עס זענען דאָ גבית־עדות, אָפּגענומענע אונטער אַ שבועה. די פּראָטאָקאָלן ליגן אָפן פאַרן פעלדמאַרשאַל טרעבאָן און די איבעריקע גענעראַלן. ס'קאָן זיין, אַז דיזאָזיקע נאַרישע, בונטאַרישע רעדעס פון לייטענאַנט זענען געווען נישט מער, ווי פּלוידעריי, און אין שלום־צייטן וואָלט מען זיי געקאָנט מוחל זיין, אָבער נישט אין קריגס־צייטן. ער האָט געפּרווט, געוויגן, פאַראורטיילט. עס איז אים נישט לייכט געווען אַרויסצוטראָגן דעם אורטייל, ווייל ער האָט דעם יונגן אָפיציר ליב געהאַט, ווי אַ פאָטער זיין זון. אַזוי האָט ער אויך באַפוילן צו טויטן דעם לייטענאַנט, נאָכדעם ווי די שטים פון די געטער האָט דאָס אים געהייסן טון. דאָס איז געווען אַ שווערער קרבן, אפשר איינער פון די שווערסטע צווישן אַלע שווערע קרבנות, וועלכע ער האָט געבראַכט פאַרן ווויל פון דער מלוכה און פון דער אַרמיי. ער האָפט אָבער, אַז די אַרמיי וועט דורך אירע צוקונפטיקע מעשים באַווייזן, אַז ער האָט נישט אומזיסט פאַרגאָסן דאָס בלוט פונם לייטענאַנט, צַז פון דאָזיקן בלוט וועט די זעלנערישע דיסציפּלין זויגן פרישע יניקה.

ער איז געווען אין פולן באַזיץ פון זיין רעדנער־טאַלענט; ער האָט צו דער ריכטיקער צייט געיאָמערט, און ווו עס איז ניי־

טיק געוועזן — האָט ער געדינערט, און ער האָט זיך באַגייסטערט מיט די אייגענע ווערטער. יאָ, דערדאָזיקער אויסטערלישער מענטש נעראָן-טערענץ איז בעתן רעדן געווען ערלעך אומגליקלעך צוליבן טויט פֿון זיין מוטיקן זעלנער. אָבער די אָפֿיצירן, וואָס האָבן אויס-געפילט דאָס טעאַטער, האָבן אים אויסגעהערט אומצופרידן, גי-כער פיינלעך, ווי דערשיטערט. נישט איינער האָט זיך געפרעגט, צי וואָלט נישט געווען קליגער און ערלעכער צו שטיין אויף דער זייט פֿון די חברים פֿון צווייטן ברעג פּרת, — קעגן וועלכע מען וועט איינגיכן דאַרפֿן קעמפֿן, — איידער אונטער די פֿענער פֿון דאָ-זיקן קאָמעדיאַנט. און עס איז געווען די מיינונג פֿון אַ סך, ווען איינער פֿון די אָפֿיצירן האָט, פֿאַרלאָזנדיק דעם פּאַלאַץ, צוזאַמענ-געפּרעסט דעם איינדרוק פֿון דער קייזערלעכער פֿאָרשטעלונג אין פֿאָלגנדן זאַץ: „צוויי מאָל אָפּער איז שוין צופֿיל".

טרעבאָן אַליין, וועלכער האָט זיך צוגעהערט צו דער רע-דע אין דער קייזערלעכער לאָזשע, וואָלט זיך אייגנטלעך געווען באַדאַרפֿט פֿרייען; עס איז אים געלונגען זיין שווערע אויפֿגאַבע, ער האָט באַוויזגן נעראָנען צו אַנטשולדיקן זיך ביי דער אַרמיי. אָבער אויך ער האָט געפֿילט מער פֿאַרלוירנקייט, ווי באַפֿרידיקט-קייט. דורך די גרויסע ווערטער האָט ער געהערט ווי דער קיי-זער ברומט דאָס טעפּער-ליד, דאָס טעפּער-ליד האָט דערשטיקט די גרויסע ווערטער, און ער איז מער נישט געווען נעראָן, נאָר דער טעפּער טערענץ.

5.

## אַרבעטן און נישט פֿאַרצווייפֿלען

ווארראָ איז נישט געקומען צו דער פֿייערלעכקייט. דאָס איז געווען אַן איבעריקע אַרויספֿאָדערונג און במילא נישט קלוג; ער האָט אָבער מער נישט געקאָנט באַהערשן זיין ווידערווילן קעגן

קנאָפּסן און טרעבאָנען. פריער האָט ער דידאָזיקע צוויי צופיל פּאַראַכטעט, כּדי זיי פיינט צו האָבן. איצט איז געוואַקסן אין אים אַלץ אַ צאָרנדיקערע פיינטשאַפט, גענערט דורכן געפיל פון זיין הילפלאָזיקייט.

נישט דערפאַר, ווייל ער האָט דעם איינפאַל פון דער שחיטה-נאַכט געהאַלטן פאַר שלעכט: אָפּגעשטויסן האָט אים דער נאַרישער, וווּלגאַרער אופן פון דער דורכפירונג. וואָרע איז נישט געווען סענטימענטאַל, ער האָט אָבער אָפּגעטיילט פּריוואַטע געפילן פון פּאָליטישע. דאָס פאַרמישן פּאָליטיק מיט פּערזענלעכע נקמה-געפילן איז אין זיינע אויגן געווען נישט ווייניקער דילעטאַנטיש, ווי געשמאַקלאָז. באַזייטיקן ביי אַזאַ געלעגנהייט מענטשן ווי קאַיאַ און ווי לייטענאַנט לוציוס, איז געווען מער נאַריש, ווי פאַרברעכעריש.

ער טאָר נישט דערלאָזן, אַז די חברהלייט זאָלן באַקומען אויבערהאַנט, ער מוז זיי מאַכן אומשעדלעך. דאָס איז אָבער נישט געווען גאַנץ איינפאַך. טרעבאָן איז געווען פּאָפּולער, קנאָפּס — דערפינדעריש-כיטרע. וואָרע האָט באַשטעלט אַגענטן, כּדי צו זאַמלען קעגן זיי מאַטעריאַלן. ער האָט געזאַמלט פאַקטן, וואָס האָבן קלאָר באַוויזן, אַז דידאָזיקע ביידע מיסברויכן זייערע אַמטן, כּדי זיך נוקם צו זיין אין פּערזענלעכע קעגנער און זיך באַרייכערן אויף זייער חשבון. וואָרע, אַליין באַהערשט פון דער געזונטער געלט-גיריקייט פון די רוימער, האָט נישט געוווּסט פון קיין מיטלייד לגבי עקספּלואַטירטע און אונטערדריקטע און ער האָט בשעתו אָן שום סקרופּולן אָפּגעשיימט דאָס פעטס פון אַ גאַנצער פּראָווינץ. אָבער דאָס, וואָס ער האָט געטון אויף אַ פיינעם און ענערגישן אופן, האָבן דידאָזיקע צוויי געטון מיט גראָבע, קלאָציקע פינגער, און ער האָט פאַרוואָרפן זייערע מעטאָדן פון דער ערלעכער איבערצייגונג אַרויס.

עס האָט אים געקאָסט נישט ווייניק צייט און מי, כּדי צוצוגרייטן קנאָפּס׳ און טרעבאָנס מפּלה. ער איז ביז איבערן קאָפּ פאַרטון געווען אין די שווערע, פאַרצווייגטע אַדמיניסטראַטיווע

געשעפטן. ער האָט כסדר געמוזט צוטראַכטן נייע מיטלען, כדי אָפּצוּווערן די וואַקסנדע אומצופרידנקייט פון דער באַפעלקערונג און צו שאַפן דאָס געלט, וואָס עס פאָדערט די נויטווענדיקע פאַרגרעסערונג פון דער אַרמיי; ער האָט געאַרבעט אַ סך, מיט ליידנשאַפט. דורך אומדערמידלעכער, כמעט ווילדער טעטיקייט האָט ער זיך געווערט קעגן דעם טריבן געפיל פון האָפנונגסלאָזיקייט, וואָס איז אָפט אין אים אויפגעקומען.

פלעגט אים די אַרבעט נישט העלפן, האָט ער געהאַט נאָך אַ לעצטן מקום־מקלט. זינט קלאַודיאַ אַקטעס באַזוך אין עדעסאַ, האָט זיך מאַרציאַ מער נישט אָפּגעשלאָסן פון אים, ווי אַמאָל, און די דאָזיקע דערנענטערונג איז נישט קאַליע געוואָרן אויך נאָך אַקטעס אָפּפאָר. מאַרציאַ פלעגט אים צולאָזן צו זיך, ווען ער פלעגט קומען, אַמאָל פלעגט זי אפילו אַליין קומען צו אים. ער פלעגט דאַן זיצן לאַנגע שעהן מיט איר צוזאַמען, פלעגט אַרומגיין הין און צוריק אין איר צימער און זיך אַרויספרעדן פון האַרץ. ער האָט גערעדט וועגן דעם, וואָס פאַר אַ נאַרישע גאווה דאָס איז, ווען דער יחיד גלייבט, אַז ער קאָן ענדערן דעם וועלט־געשעען. צי ווערן דען ניין צענטל אפילו פון מעכטיקסטנס האַנדלונגען נישט דיקטירט דורך די באַדינגונגען? ער אַליין, וואַראָ, איז געווען אַן אָנגעטריבענער, נישט ווייניקער, ווי זיין נעראָן. נישט אַ דאַנק זיין, וואַראָס, מלוכה־מענערישער חכמה איז זיין פלאַן אַזוי גוט געלונגען, נאָר אַ דאַנק דער „קאָניונקטור", אַ דאַנק אַ ריי גליקלעכע צוזאַמענטרעפונגען, וואָס זענען נישט אָפּהענגיק געווען פון אים. און בכלל, ווו ליגן דען די לעצטע סיבות פון פּאָליטישע דערפאָלגן? אין די מיינסטע פאַלן זייער ווייט, אין אַ געביט, וועלכעס דער האַנדלענדיקער, פאַרוויקלט אין פּאָליטישן פּראָצעס, קאָן גאָרנישט דערקענען. טאָ ווי אַזוי־זשע קאָן ער ווירקזאַם באַאיינפלוסן דאָס גרויסע פּאָליטישע געשעען? פון וואָס אייגנטלעך הענגט אָפּ דער צוקונפטיקער גורל פון זיין און זיין נעראָנס אונטערנעמונג? געוויס נישט פון דער פאָלקס־שטימונג פונם צווישנשטראָמלאַנד אָדער פון צעיאָנס באַוואָפענונגען. זאָלן גלייבן דע־

רײן קורצזיכטיקע, — אַזעלכע, וועלכע זען נישט ווייטער פאַר זייער אייגענער נאָז. צי טיטוס וועט שטאַרבן היינט אָדער אין אַ יאָר אַרום, צי אַרטאַבאַן וועט זיגן אָדער נישט אין די שווערע קאַמפן, אין וועלכע ער איז פאַרוויקלט אין ווייטן מזרח, — זיין און זיין נעראָנס גורל זענען אָפּהענגיק פון דידאַזיקע זאַכן. און דאָס זענען זאַכן, וואָס זייער אַנטוויקלונג איז שווער צו שטערן אָדער באַ־גינסטיקן, זאַכן, וואָס קיינער קאָן זיי נישט באַרעכענען און איינ־גלידערן אין זיין חשבון. ער, וואַראַ, האָט געטון אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט, כּדי די געשעענישן זאָלן דינען זיין זאַך, און ער וועט ווייטער טון אַלץ, וואָס ער וועט נאָר קאָנען. אָבער דאָס גע־וויכט, וואָס ער קאָן וואַרפן אויף דער וואָגשאָל, איז פון קליינער וואָג, און ער וואָלט געווען אַ נאַר, ווען ער זאָל גלייבן, אַז דאָס האָט עפּעס צו זאָגן.

אַזוי פלעגט ער רעזאָנירן פאַר דער שטיל־זיצנדער מאַרציאַ. אירע אויגן האָבן אים נאָכגעפאָלגט, ווי ער גייט אַהין און צו־ריק, ער האָט אָבער נישט געוווּסט, צי זי הערט אים, און אויב יאָ – צי זי פאַרשטייט אים. איינמאָל, ווען ער האָט פאַר איר אַנטוויקלט ענלעכע געדאַנקען, האָט זי אָפּגעענטפערט:

„ווילסט אַמאָל געדאַרפט רעדן דערוועגן מיט אונזער פראָנ־טאָ. ער איז זייער קלוג און ווייסט אַ סך וועגן דידאָזיקע זאַכן".

„מיט פראָנטאָן?" האָט וואַראַ געפרעגט זשענירט.

„יאָ, מיט פראָנטאָן", האָט מאַרציאַ געענטפערט מיט גרויס זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט.

„ווו קאָן איך אים דען געפינען?" האָט וואַראַ פאָרזיכטיק געפרעגט.

„מען מוז האָבן די ריכטיקע אויגן, כּדי אים צו זען", האָט זי פאַרטראַכט געענטפערט. „אַ סך דערקענען אים נישט און נעמען אים אָן פאַר וואַראַ. ווען דו וואָלסט מיך געלאָזט ווערן אַ וועס־טאַלקע, ליבער פאָטער, ווי איך האָב דאָס געוואָלט, וואָלט איך אים, גלייב איך, תּמיד געזען". זי האָט דאָס אָבער געזאָגט מיט אַ שמייכל און אָן ביטערקייט אָדער פאָרוווּרף. דער זשענירטער

וואָראָ האָט נישט געוווסט, וואָס צו ענטפערן און איז באַלד אַוועק.

אַ געוויסע צייט האָט ער אויסגעמיטן צו רעדן מיט איר. דאַן אָבער האָט ער דערפילט, אַז דידאָזיקע שמועסן פעלן אים שטאַרק, נישט געקוקט אויף זייער איינזייטיקייט, און ער האָט ווידער גענומען באַזוכן מאַרציאַן, ווי אָפט דאָס איז נאָר מעגלעך געווען. אַלץ אָפטער און אָפטער האָט ער זיך באַמיט צוצוגעבן מוט זיך גופא. „עס איז צו שטוינען", האָט ער, למשל, רעזומירט, „וויפיל מיר האָבן דאָ אויפגעטון אין אַזאַ קורצער צייט. מיר האָבן געשאַפן אַ שטאַרקע, שלאָגפערטיקע אַרמיי און מיר האָבן אונזער בונד מיט אַרטאַבאַנען אויסגעבויט צו אַ זיכערער רוקן-דעקונג. אומעטום אין צווישנשטראָמלאַנד זען די שטעט אַנדערש אויס, אָנשטענדיקער; די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט איז נישט אַזוי צעקראָכן, ווי פריִער, זי איז גוט אָרגאַניזירט. די רוימער און גריכן, וועלכע וווינען דאָ, האָבן מיר אויסגעלערנט אַנדערש צו קוקן אויף די מזרח-מענטשן, זיי בעסער צו באַהאַנדלען. קיינמאָל נאָך זענען אונטערן דאָזיקן הימל די באַציִונגען צווישן מערב און מזרח נישט געווען אַזוי פריינטשאַפטלעך, ווי איצט. עס וואָלט געווען אַן אומגליק, ווען דאָס אַלץ וואָלט ווידער צו נישט געוואָרן, — און עס וועט נישט צו נישט ווערן. די אומצופרידנקייט, וואָס הערשט אין לאַנד, וועט פאַרשווינדן. לאָמיר נאָר קודם-כּל פאַריאָגן די כּנופיה, דידאָזיקע קנאָפּס' און טרעבאָנס, און ווי זיי אַלע הייסן. דאָס, וואָס מיר טוען דאָ, איז גוט און זינפול, און עס וועט האָבן אַ גוטן סוף".

דאָסדאָזיקע מאָל האָט אים מאַרציאַ זיכער אויסגעהערט, איר שיין, ווייס פּנים האָט געשמייכלט, ווי עס האָט אים אויסגעזען, מיט פאַרשטענדעניש און הסכּמה. ווען ער האָט אָבער געענדיקט, האָט זי זיך נישט אָנגערופן. זי האָט בלויז געברומט פאַר זיך עפּעס אַ ליד. אויב ער האָט גוט געהערט — דאָס טעפּער-ליד.

## 6.

# אַ פֿאַטאַלע וואַנע

דעם פֿערטן סעפּטעמבער איז דער קייזער טיטוס אָפּגעפֿאָרן, ווי יעדעס יאָר, אין זיין גוט ביי קאַזאַ. שוין בעת דער קורצער רייזע האָט ער זיך באַקלאָגט אויף אַ דריקנדער איבלדיקייט; אָנגעקומען, האָט ער זיך תּיכּף אַנידערגעלייגט און איז שוין מער נישט אויפֿגעשטאַנען. דעם דרייצענטן סעפּטעמבער, היות דער פֿיבער איז געפֿערלעך געשטיגן, האָט דער לייב-דאָקטאָר וואַלענס געעצהט דעם קייזער צו נעמען אַ שניי-וואַנע. ביי דער דאָזיקער שניי-וואַנע, אין דער אָנוועזנהייט פֿון דאָקטאָר און פֿונם ייד פֿלאַוויוס יאָזעפֿוס, איז קייזער טיטוס געשטאָרבן.

אַ סך האָבן געהאַלטן, אַז דער לייב-דאָקטאָר וואַלענס האָט דעם קייזער געראַטן די פֿאַטאַלע שניי-וואַנע קעגן זיין בעסערן וויסן, — געדונגען פֿון אַ געוויסן הער, וואָס איז פֿאַראינטערעסירט געווען אין דעם קייזערס ירושה. ווי ווייט די דאָזיקע קלאַנגען האָבן געשטימט מיטן אמת, איז אוממעגלעך געווען צו דערגיין. דאָקטאָר וואַלענס האָט געגאָלטן אַלס בעסטער מעדיצינער אין דער אימפּעריע, עס איז זייער שווער געווען צו באַשטימען גאַנץ גענוי, ווי לאַנג אַ פּאַציענט דאַרף פֿאַרבלייבן אין דער שניי-וואַנע, אויך דער בעסטער קענער קאָן דאָ אַ טעות האָבן. ווי די זאַך זאָל נישט זיין — קייזער טיטוס איז געשטאָרבן אין זיין שניי-וואַנע, זינט דעם פֿערצענטן סעפּטעמבער איז ער געווען אַ גאָט, און קייזער איז געווען — זיין ברודער דאָמיציאַן.

די דאָזיקע ידיעה האָט זיך ווי אַ בליץ דורכגעטראָגן איבער דער וועלט. מיט אומגעהייערער אומבאַגרייפֿלעכער שנעלקייט איז זי אַריבערגעשוווּמען דעם ים, קיין סיריע, קיין אַנטיאָכיע.

ווען דער קוריער איז געקומען, מיטן שלעכט-בשורהדיקן צייכן פון דער פעדער אויף זיין שטעקן, האָט צעיאָן באַגריפן, נאָך איידער דער קוריער האָט אַרויסגערעדט אַ וואָרט, וואָס פאַר אַ ידיעה ער ברענגט. אומגעדולדיק, באַפעלעריש האָט ער אַ ווונק געטון צום מאַן, ער זאָל זיך דערווייטערן. דאַן, איינער אַליין, איז ער פאַרבליבן אויג-אויף-אויג מיט זיין אומדערהערט גליק.

אַ ביסל שעמט ער זיך, דער לאָיאַלער באַאַמטער לוציוס צעיאָן, — וועלכער האָט געשווירן טרייקייט טיטוסן, — וואָס ער פילט נישט דעם מינדסטן טרויער צוליבן טויט פון זיין קייזער און האַר. אָבער ער קאָן זיך נישט העלפן, ער שפּירט בלויז אַ יובל-געפיל. טיטוס האָט זיך באַצייכנט אַלס פרידנס-קייזער. פרידן איז אַ גרויסע זאַך; אָבער ווען דער שלום ווערט באַצאָלט מיט אַזוי פיל פּחדנות, מיט אַזוי פיל באַליידיקונג און הכנעה — איצט, ווען דער קייזער איז טויט, קאָן צעיאָן טראַכטן אַזוי, — דאַן פאַרפעסטעט ער די וועלט. איצט וועט עס נעמען אַ סוף. מינערוואַ, די געטין פון פאַרנונפט, נעמט ווידער אַריין דעם ערד-קרייז אין אירע פעסטע, רויִקע הענט; ער, צעיאָן, איז אין דערדאָזיקער טייל פון דער וועלט איר פאַרטרעטער. און ער האָט גוט אויסגעפירט זיין אויפגאַבע. זיין אַרמיי שטייט גרייט, שלאַג-קרעפטיק, און מיט דערדאָזיקער אַרמיי וועט ער איצט, אַלס דערלייזער, איינשטעלן אין זיין טייל פון דער וועלט דעם אמתן פרידן.

ער האָט געשמייכלט. ער האָט געטראַכט וועגן וואַראָס גלאַטן, פליישיקן, איראָנישן פּנים. יאָ, איצט שמייכלט ער, נישט וואַראָ. אין משך פון אַזויפיל חדשים האָט אויסגעזען, אַז דערדאָזיקער פאַרדאָרבענער מענטש איז גערעכט: אָבער סוף-כּל-סוף האָט ער געזיגט און מיט אים — די פליכט, די דיסציפּלין, רוים, די פאַרנונפט.

אין צווישנשטראָמלאַנד האָט די ידיעה וועגן דעם, אַז דאָמיציאַן איז געוואָרן קייזער, אַרויסגערופן די ווילדסטע קלאַנגען. מען האָט גערעדט, אַז צעיאָן וועט אַריבערגיין דעם טייך פּרת מיט צוויי־הונדערט טויזנט גוט-געשולטע זעלנער, כּדי מוראדיק צו

באַשטראָפן די מעסאָפּאָטאַמישע שטעט ; מען האָט אפילו אָנגעגעבן דעם טערמין פון מאַרש, מען האָט גערעדט וועגן אַן אולטימאַטום, וואָס ענדיקט זיך דעם צענטן אָקטאָבער.

פונקט ווי נעראָנס מעשים, — אַפּאַמעאַס פאַרפלייצונג, די פאַרפאָלגונגען פון די קריסטן, די שחיטות, — האָבן אים פריער פאַרשאַפט באַוווּנדערונג, האָבן זיי זיך איצט געווענדט קעגן אים, ווי נאָר זיין מאַכט האָט זיך אַ וואַקל געטון : מען האָט אים גענומען פאַראַכטן און האַסן. נעראָן איז געווען נעראָן, כּל־זמן מען האָט געגלייבט אין אים. אין דעם מאָמענט, ווען מען האָט גענומען צווייפלען אין אים, איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טערענצן. דאָס, וואָס איז געווען דערהויבן, כּל־זמן אַ נעראָן האָט דאָס געטון, איז געוואָרן עקלדיק און געמיין, ווען אַ טערענץ איז דאָס באַגאַנגען. נאָכמער : אויב ביז איצט זענען זיינע מעשים געווען אַ באַווייז דערפאַר, אַז ער איז נעראָן, — בלויז אַ קייזער האָט געקאָנט האַנדלען אַזוי מאַיעסטעטיש־אכזריותדיק, — האָבן איצט די זעלבע מעשים באַוויזן, אַז ער מוז זיין טערענד : בלויז אַ פרייגעלאָזענער קנעכט קאָן באַגיין אַזעלכע וויסטע אכזריותן.

דעמאָנסטרירנדע מאַסן האָבן זיך געצויגן דורך די גאַסן פון סאַמאָסאַטאַ, עדעסאַ, זינגענדיק הויך אין כאָר דאָס טעפּער־ליד. עס זענען אויסגעבראָכן אומרוען. טרעבאָן האָט תּיכּף דערקלערט באַלאַגערונגס־צושטאַנד, ער האָט מיט אייזן און בלוט צוריקגעשטעלט די אויטאָריטעט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט נישט דערלאָזן, אַז אין סירישן רעגירונגס־געביט פון נעראָנען זאָלן אַ סך גאַרניזאָנען איבערגיין צו דאָמיציאַנען. די זעלנער האָבן געטויט די נעראָן־טרייע אָפיצירן, האָבן אַראָפּגעריסן זיינע בילדער פון די פענער און געשיקט דעפּוטאַציעס צו צעיאָנען, אויסדריקנדיק חרטה און געהאָרכזאַמקייט.

## 7.

# דאָס באַשעפעניש ווערט זעלבשטענדיק

די דעפעשע וועגן טיטוסעס טויט האָט מען נעראָנען דערי לאַנגט בעת ער איז געזעסן ביים מיטאָג. הגם עס זענען אָנוועזני דיק געווען זייער אַ סך מענטשן, איז אים דאָסמאָל נישט געלונ גען צו מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ גלייכגילטיק:. ער האָט די דע־ פעשע צעריסן אויף פיץ־פיצלעך, אומגעוואָרפן דעם טיש, צעבראָכן גלעזער, אַרויסגעבעטן זיינע געסט מיט ווילדע ווערטער.

אָבער שוין צומאָרגנס האָט ער ווידער געפונען זיין רוי־ קייט, און ווען מען פלעגט רעדן מיט אים אין די נאָענטסטע טעג וועגן דער פאָליטישער לאַגע, איז ער געווען ווי פריִער גלייכגי ל־ טיק, געלאַנגווײלט. איינמאָל, ווען טרעבאָן האָט אים געמאָלדן, אַז פון אַן אָפטיילונג, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס נישט זי־ כער, האָט ער געלאָזט טויטן יעדן צענטן, האָט ער צוגעבאָמקעט מיטן פליישיקן קאָפּ און געזאָגט מילד, מיט הנאה: „האָסט גוט געטון, מיין טרעבאָן. ווייטער נישט ערגער. טויט־שלאָגן. אַלע טויט־קלאַפּן, ווי די פליגן“.

דאַן איז געקומען די ידיעה, אַז אויך זורא איז ווידער אי־ בערגעגאַנגען צו די פלאַוויער. נעראָן האָט עס גענומען צו קענ־ טעניש גאַנץ רויִק. אָבער שפּעטער אַ ביסל האָט ער געשיקט רופן די פרוי לידע, וואָס האָט געשמט אַלס די בעסטע גיפטמישערין פון סיריע, און פאַרלאַנגט פון איר אַ גיפט, וואָס ווירקט שנעל און אָן שמערצן. זי האָט אים געבראַכט דעם געפאָדערטן פולווער אין אַ גאָלדענער קאַפּסולקע; זי איז פאַר אים געווען צו געמיין, מען האָט לאַנג געמוזט זוכן, ביז מען האָט געפונען אַ פּאַסיק פידעלע.

אַלץ אָפטער פלעגט ער פאַרזינקען אין שלעכטע אַנונגען, ווי נאָר ער פלעגט זיין אַליין. פאַר זיך פלעגט ער ציטירן די האַמער־פערזן, אין וועלכע דער טויטער אַכיל באַקלאָגט אין האַדעס דעם גורל פון די געשטאָרבענע: „כ׳וויל ליבער דינען אַ צווייטן אַלס קנעכט פאַר אַ טאָג־לוין, איידער דאָ אַלס קעניג הערשן איי בער די טויטע". ער האָט גענומען גריבלען: ווען אייגנטלעך האָט זיך אָנגעהויבן זיין אומגליק? ער האָט לאַנג נישט געדאַרפט זוכן. ער אַליין האָט אַרויסגעלאָקט זיין אומגליק, און עס איז אים קלאָר געווען דער אויגנבליק, נאָכמער — דער ברוכטייל פונם אויגנ־בליק, ווען דאָס איז געשען. דאָס איז געווען דאַן, ווען ער איז צוגעטרעטן אַרויפצושרייבן אויף דער רשימה דעם נאָמען קאַיאַ. דאָס איז געווען אַ גוטע רשימה. ער גופא האָט זי קאַליע געמאַכט דורך זיין קאַפּיטאַלן פעלער, ער האָט געריצט די געטער און גע־בראַכט אויף זיך דאָס אומגליק. מיט די קלענסטע פרטים האָט ער זיך דערמאַנט דעם פאַטאַלן מאָמענט: ווי אַזוי ער האָט אויפגע־הויבן די קני, ווי קנאָפּס האָט אים אונטערגעהאַלטן דאָס ברעטל, ווי ער האָט געפירט מיט דער פעדער. נישט די געטער האָבן דאַן אָנגעפירט מיט זיין האַנט. נישט זיין „פראַן" האָט אויפגע־שריבן דער נאָמען, — די נאַרישע, נישט־באַגנאָדיקטע האַנט פון טערענץ האָט אים אויפגעשריבן.

איצט, ווען דאָס שלעכטס ווערט אַרום אים אַלץ געדיכטער, האָט ער מיט שמערץ דערשפירט, ווי איינזאַם ער איז זינט קאַיאַ איז נישטאָ מער אויף דער וועלט. דער בלויזער פאַקט פון איר עקזיסטענץ האָט אים געגעבן דעם באַוווּסטזיין פון אַ לעצטן מקום־מקלט, וווּ ער קאָן זיך ראַטעווען, ווען אַלץ וועט איינפאַלן, און פון דאָזיקן באַוווּסטזיין האָט ער געשעפּט זיין קייזערלעכע זיכער קייט. איצט אָבער, ווען קאַיאַ איז צווישן די שאָטנס, האָט נעראָן מיטאַמאָל זיך פאַרוואַנדלט אין טערענצן; אָבער אין אַ טערענץ אָן קאַיאַן, אין אַן אָרימען, שוצלאָזן לייבאייגענעם, וואָס איז גע־וואָרן איבערמוטיק. „און ווען אַ טעפּער ווייסט נישט זיין אָרט, גיט מען אים אַ לעקציע". קאַיאַ איז געווען ווי אַ וואָלן העמד

אין ווינטער ; עס קראַצט, אָבער עס וואַרעמט. ווי לעכערלעך עס זאָל נישט זיין — די צויבערלעכע זיכערקייט, וואָס האָט אים געלאָזט פירן זיין קייזערלעכע עקזיסטענץ מיט אַזאַ רויִקייט, האָט אויסגעשטראָמט פון דער רויער קאַיאַ. און ער אַליין, דער נאַר, האָט אַריבערגעשיקט קאָיאַן צו די שאָטנס, צעשטערנדיק דעם צויבער.

ער איז געגאַנגען צו זיינע פלעדערמייז. מיט שרעק האָט ער שטודירט זייערע העסלעכע געזיכטער. וועלכע פון זיי קאָן זיין קאַיאַ ? ער האָט געפּרוווט גלעטן די חיות, זיי האָבן אָבער אַוועקגעפלאַטערט מיט אַן עקלהאַפטער צוויטשעריי. זיי האָבן אים פיינט. קאַיאַ האָט זיי דערציילט, וואָס ער האָט אָפּגעטון אין זיין נאַרישקייט, און איצט האָבן זיי אים פיינט. קאַיאַ וועט נישט רוען, ביז זי וועט אים צווינגען איר נאָכצופאָלגן, — קומען צו איר, מיט וועמען ער איז אומליזבאַר פאַרקנופּט.

ער האָט געפילט צו זיך אַליין גרויס רחמנות. פונדעסטוועגן טראָגט פאָרט די שולד קאַיאַ. זי האָט נישט געגלייבט אין אים ווען זי וואָלט אין אים געגלייבט, וואָלט ער קיינמאָל נישט געווען באַגאַנגען דאָס משוגעת און דאָס פאַרברעכן זי אומצובריינגען. פאַרוואָס האָט זי נישט געגלייבט ? וואָרשיינלעך דערפאַר, ווייל ער איז געוואָרן אויס מאַן. און אויס מאַן איז ער געוואָרן דערפאַר, ווייל ער האָט זיין קראַפט געדאַרפט פאַר זיין קונסט און זיין פאָלק. ער איז געווען אַ קרבן פון זיין קונסט און פון זיין מענטשן־ליבע.

אַ קרבן. יאָ, ער איז אַ קרבן, אפילו פון געשיכטלעכן שטאַנדפּונקט. נישט ער האָט באַנקראָטירט, נאָר די אַנדערע. אים האָבן די געטער באַשטימט צו גלאַנצן, צו האַלטן רעדעס, אויסצושטראַלן „פראַן". פאַרטיילן צווישן פאָלק ברויט, ווייַן, געלט איז נישט געווען זיין זאַך, — דאָס האָבן געדאַרפט טון זיינע יועצים. זיי האָבן באַנקראָטירט ; ער האָט געטון און געגעבן, וואָס זיין אַמט האָט אים פאַרפליכטעט צו טון און צו געבן.

בלויז איין פאַלשן טריט האָט ער געמאַכט, און דאָס אין

זיך איצט נוקם אין אים: קאָיאַן האָט ער נישט געטאָרט אַרויפֿ־טראָגן אויף דער רשימה.

אָפטמאָל, באַזונדערס ביינאַכט, ווען ער פֿלעגט ליגן אין בעט, פֿלעגן אים באַזוכן גאָרנישט קיין קיזערלעכע בילדער און געדאַנקען. זיין פֿאָטער, אַ גוטמוטיקער מענטש, האָט אים גיכער צעפּיעשטשעט ווי שטרענג דערצויגן. אָבער בלויז איינס איז אים שטרענג פֿאַרבאָטן געווען: אין פּאַרקויף־צימער, וווּ עס זענען גע־שטאַנען די סטאַטועס, האָט דער קליינער טערענץ נישט געטאָרט אַריינשמעקן, סיידן אונטער דער אויפֿזיכט פֿון דערוואַקסענע. דער פֿאָטער האָט מורא געהאַט, דאָס יינגל זאָל נישט באַשעדיקן איינע פֿון די סטאַטועס. ווי פֿריינטלעך און צערטלעך דער פֿאָטער איז נישט געווען מיט אים, — פֿלעגט ער אים טרעפֿן איינעם אַליין אין צימער פֿון די סטאַטועס, פֿלעגט דאָס באַדייטן זיכערע קלעפּ. דער קליינער טערענץ האָט זיך אָבער נישט געקאָנט באַהערשן, — ער האָט כסדר געמוזט אַריינדרינגען איינער אַליין אין פֿאַרבאָטע־נעם אָרט; די ליימענע בילדער האָבן אים אינטערעסירט, ער האָט זיי געמוזט באַטראַכטן, נישט געשטערט דורך דערוואַקסענע. ער האָט זיי באַטאַפּט, אויסגעקלאַפּט, כדי צו פֿאַרנעמען זייער ווויל־טענענדיק גערויש, זייער שטימע. יעדע האָט איר אייגענע שטי־מע, און די שטים פֿון די מענלעכע סטאַטועס האָט פֿאַר אים גע־קלונגען אַנדערש, ווי די שטים פֿון די ווייבלעכע. ליידער זענען זיי געווען אויפֿגעשטעלט רייענווייז, מיטראַס לעבן מיטראַס און טאַראַטע לעבן טאַראַטע, אַזוי אַז מען האָט נישט געקענט באַ־קלאַפּן און אויסהערן די מענלעכע און ווייבלעכע סטאַטועס איינע גלייך נאָך דער צווייטער. איינמאָל, ווען דער קליינער טערענץ האָט זיך ווידעראַמאָל געהאַט אַריינגעגנבעט אומבאַמערקט אין פּאַרקויף־צימער, האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט, געכאַפּט אַ סטאַטוע פֿון דער טאַראַטע און געפּרוווט צוצושלעפּן לעבן אַ מיט־ראַס־סטאַטוע. די סטאַטועס זענען אָבער געווען גאַנץ שווער, און ער האָט געמוזט שווער אַרבעטן. און ווען ער איז שוין כמעט גע־ווען בייַם ציל, אין לעצטן אויגנבליק, האָט זיך אים זיין טאַראַטע

אַרויסגעגליטשט פון די הענט, איז אומגעפאַלן, און דער הויך־אויפגעהויבענער אָרעם מיטן האַנט־פייקל האָט זיך אָפּגעבראָכן. דער קליינער טערענץ האָט זיך שרעקלעך דערשראָקן. באַלד וועט קומען דער פּאַטער, אים באַשטראָפן, אים טויטן, ווייל ער האָט קאַליע געמאַכט די סטאַטוע. ער האָט איבערגעלעבט אַן אומגעהייערע שרעק, די געדערים זענען אים שלאַף געוואָרן. ער האָט פאָראויסגעפילט די קלעפּ, וואָס ער וועט קריגן, זיי זענען געווען אַ סך שרעקלעכער, ווי דאָס קאָנען זיין ווירקלעכע קלעפּ. און פונקט אַזוי האָט איצט נעראָן־טערענץ פאָראויסגעשפּירט אין די וויזיעס פון זיין האַלב־שלאָף דאָס אומגליק, וואָס וועט קומען, די מאַסן, וואָס רייסן זיך אַריין, וואַרפן זיך אויף אים, שלאָגן אים, צעדעפּטשען אים אויף טויט. און ער האָט זיך געשראָקן פאַר דער נאַכט, דער עיקר פאַר יענעם בייזן פערטל שעה פונם האַלב־שלאָף, וואָס פלעגט פאָראויסגיין זיין שלאָף.

אָפט פלעגט ער מער נישט קאָנען אונטערשיידן, ווער ער איז: צי טערענץ, וועלכער וואַרט דערויף, צו קאָנען אָננעמען זיין עכט נעראָן־געשטאַלט, אָדער נעראָן, וועלכער וואַרט דערויף, כּדי צוריק זיך צו פאַרוואַנדלען אין זיין עכט געשטאַלט, אין טערענצן, וועלכן זיין קאַיאַ היט אַזוי אָפּ. ער האָט געטראָגן צוויי הויטן: וואָסערע איז געווען די עכטע?

אַ קליינע, נאַרישע געשעעניש האָט אים דייטלעך געוויזן, וועלכע הויט איז געווען די עכטע; זי האָט אים געצוווּנגען צו האַנדלען פון אייגענעם איינזען, אָן דער עצה פון אַנדערע, זי האָט געבראַכט צום וואָרט זיין אמתע, אינערלעכע שטים, — און דידאָזיקע שטים איז געווען טערענצעס, און דער, וואָס האָט געהאַנדלט, איז נישט געווען נעראָן.

אָט וואָס עס איז געשען. די פאַרבייגייער האָבן נאָך אַלץ אַרויפגעקוקט צום ריזיקן רעליעף פון קייזער אויף דער פערדער־מויז מיט יראת־הכּבוד און שטילן שוידער. אין איינעם אַ טאָג אָבער האָבן אַ פּאָר יונגע מענטשן גענומען אָפּחוזקן אויפן קול פון דענקמאָל. געזען, אַז מען טשעפּעט זיי נישט און אַז אַ סך

מונטערן זיי אויף דורך שווייגן אָדער דורך באַפרידיקטע מינעס, זענען זיי געוואָרן דרייסטער און איינער האָט אַ וואָרף געטון אַ שטיין אינם בילד. נאָכן ערשטן שטיין איז געפאַלן אַ צווייטער, אַלץ מער שטיינער זענען געפלויגן. זיי האָבן קיין סך נישט גע־קאָנט שאַדענען דעם ריזיקן רעליעף. אָבער אָט קלעטערט שוין איינער אַרויף, מיט אַן אייזן אין דער האַנט. ער האָט אַ זעץ גע־טון אין קייזערס נאָז, אָפּגעהאַקט פון איר אַ שטיק. אַנדערע האָבן נאָכגעקלעטערט, אַלץ מער און מער, מיט צאָרן און פאַרגעניגן, און מיט שטיינער און מיט אייזנס זיך געגרייט צו צעשטערן דאָס בילד. קיין סך איז זיי נישט געלונגען. דער שטיין איז געווען האַרט, און באַלד זענען אָנגעקומען טרעבאָנס זעלנער און אַ סוף געמאַכט צום סקאַנדאַל.

אין אייניקע שטעט זענען געהאַט פאָרגעקומען אַ סך ערנ־סטערע דעמאָנסטראַציעס און דער קייזער האָט זיי גלייכגילטיק אויפגענומען. אָבער פאַר דערדאָזיקער קינדישער שענדונג פון זיין דענקמאָל האָט ער אומגעריכט פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט. ער איז צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן, ער האָט געיאָמערט אין דער קעגנוואַרט פון די פאַרלוירענע סעקרעטאַרן, קאַמערדינערס, לאָקייען.

ענדלעך, נאָך אַלץ יענטשענדיק, האָט ער אַלעמען געהייסן אַוועקגיין, זיך אַוועקגעלייגט, זיך צוגעהערט צו זיין אינערלעכער שכים. זי האָט גערעדט. „מאַרש, אַנטלויף", האָט זי געזאָגט, „מאַך פּיס. פאַרלאָז עדעסאַ. פּאַק זיך איין. מאַך ויברח. דאָס איז דער לעצטער צייכן. מאַרש, אַנטלויף". די שטים האָט אָבער גע־רעדט מיט׳קאַיאַס אינטאָנאַציע, מיט אירע ווערטער, און ער איז געלעגן מיט שטייפע גלידער און געהערט, ווי זי שרייט אויף אים: „מאַרש, אַנטלויף. פּאַק זיך איין. מאַך ויברח". לאַנג איז ער אַזוי געלעגן, פול שרעק. ענדלעך, מיט גרויס מי, האָט ער זיך אויפגעהויבן. ער איז געזעסן און געטראַכט. דאַן האָט ער גע־רופן דינער, באַפוילן גיין נאָך קנאַפּסן.

ביז דערדאָזיקער איז געקומען, האָט ער אַרומגעשפּאַצירט

איבערן צימער, מיט שווערע טריט, מורמלענדיק פֿאַר זיך אַליין, אָפּט זיך איינהערנדיק, זיך אַרומקוקנדיק, ווי זיי וואָלטן שוין דאָ געווען, די פֿיינט, גרייט אָנצופֿאַלן אויף אים. ענדלעך איז געקומען קנאָפּס. און תּיכף־ומיד, אָן אַ הקדמה, אָן אַ באַגרינדונג, האָט אים נעראָן פֿאָרגעלייגט צו אַנטלויפֿן, — געהיים, פֿאַרשטעלט, — נאָך דידאָזיקע נאַכט, קיין קטעסיפֿאָן, צום גרויס־קעניג אַרטאַבאַן.

קנאָפּס איז געשטאַנען שטיל, אויפֿמערקזאַם; אָבער דאָס צימער, די וועלט האָט זיך געדרייט אַרום אים, ווי אַ קאַרוסעל. אין זיך האָט ער, נאַטירלעך, געוווּסט, אַז צוליב פּאָטערלעכער ליבע האָט ער פֿאַרפּאַסט דעם ריכטיקן אייגנבליק, און אַז איצט, נאָכדעם ווי דאָמיציאַן איז אַרויף אויפֿן טראָן, איז שוין פֿאַר אים קיין מעגלעכקייט נישטאָ אַראָפּצושפּרינגען פֿון נעראָנס וואָגן, וואָס קייקלט זיך ווילד באַרג־אַראָפּ. איצט אָבער האָט נעראָן אַליין אויך איינגעזען, אַז דאָס איז דער סוף, און דאָס האָט קנאָפּסן געטראָפֿן, ווי אַ קלאַפּ.

אינצווישן האָט נעראָן מיט אַ סך שרעק־ווערטער אַריינגעטענהט אין אים, ער זאָל אָנטיילנעמען אין אַנטלויפֿן. „מאַרש", האָט ער געזאָגט. „אַנטלויפֿן. מיר מוזן זיך איינפּאַקן. מיר מוזן מאַכן ויברח". קנאָפּס האָט זיך צוגעהערט מיט איין אויער, פֿול פֿאַראַכטונג צום דאָזיקן נאַרישן מענטש. אַנטלויפֿן. וואָס פֿאַר אַן אומזין. דער וועג צו אַרטאַבאַנען איז ווייט, און באַלד ווי נעראָן וועט פֿאַרלאָזן עדעסאַ, וועט אומעטום אויסברעכן דער אויפֿשטאַנד, און ער וועט גאָרנישט דערגרייכן מיט גאַנצע ביינער די דרום־מזרח־גרענעץ. דאָ, אין עדעסאַ, האָט ער, לכל הפּחות, זיין שטאַרקע, זיכערע גוואַרדיע.

בעת נעראָן האָט אין אים אַריינגעטענהט, האָט קנאָפּס' מוח נישט אויפֿגעהערט צו אַרבעטן, אויטאָמאַטיש, פּרעציז. איינער פֿון זיינע פּרינציפּן, אַ דאַנק וועלכן ער האָט געהאַט צו פֿאַרדאַנקען זיין גליק, איז באַשטאַנען אין דעם, אַז פֿון יענעמס נאַרישקייט קאָן מען אַרויסציִען פֿאַר זיך ריווח. ווו איז דער נוצן, וואָס ער קאָן אַרויסשלאָגן פֿאַר זיך פֿון טערענצעס נאַרישקייט? שאַרף,

קלאָר האָט ער נאָכגעטראַכט. און אָט טויכט שוין אויף אַ פּלאַן, און אָט זעט ער שוין דעם וועג.

יאָ, ער וועט אָננעמען טערענצעס פאָרשלאַג, ער וועט מיט אים אַנטלויפן. אָבער נישט צו אַרטאַבאַנען. נישט נאָר דערפאַר, ווייל די לאַנגע רייזע צו די פּאַרטער דורך דעם צעבונטעוועטן צווישנשטראָמלאַנד איז פול סכנות: ווען עס זאָל אים אפילו געלינגען דורכצורייסן זיך ביז קיין קטעסיפאָן, וואָס דערוואַרט אים דאָרטן? דאָס אָרימע לעבן פון אַ געפאַלענעם, געדולדעטן; ווייל די גרעסטע טייל פון זיין פאַרמעגן ליגט אין רוימישן און מעסאָפּאָטאַמישן געביט, און אין די פּאַרטישע גרענעצן וועט ער עס נישט קאָנען האָבן. ניין, ער וועט בעסער דרייסט שטעלן אויף אַ זיכערערער קאָרט. ער וועט זיין נעראָן פירן נישט איבערן טייך חדקל צו אַרטאַבאַנען, ער וועט אים בעסער, אויף אַ סך אַ נענטערן וועג, פירן איבערן טייך פּרת צו די רוימער, ער וועט אים אויסליפערן דער רוימישער מאַכט. דאַן קאָן ער מיט אַ געוויסער זיכערקייט רעכענען אויף באַגנעדיקונג.

דאָס אַלץ האָט ער דורכגעטראַכט אין ווילדער האַסטיקייט, ווען נעראָן האָט גערעדט. ווען ער האָט געענדיקט רעדן, זענען זיינע אויגן מיט שרעק געבליבן הענגען אויף קנאַפּס׳ מויל, און מען האָט געזען, ווי עס איז לייכטער געוואָרן, ווען קנאַפּס האָט, נאָך עטלעכע רגעס וואַקלעניש, געזאָגט יאָ. ער האָט נישט נאָר געזאָגט יאָ; מיט דער שנעלקייט און אַנטשלאָסנקייט פון אַ דערפאַרענעם מאַן האָט ער גלייך גענומען אין דער אייגענער האַנט די אויספירונג פונם פּלאַן. ער וועט, האָט ער דערקלערט, באַזאָרגן אַ ברייט, איינפאַך מאַנטל און אַ קאַפּישאָן, כדי צו קאָנען גוט איינהילן דעם קייזער, ער וועט אים קומען נעמען אַ פערטל שעה פאַר האַלבער נאַכט, און ער וועט שוין זאָרגן דערפאַר, אַז ביים דרום-מזרח-טויער זאָלן וואַרטן אַ פּאָר זיכערע באַגלייטער.

נעראָן האָט זיך געקלאַמערט אין אים און אים, אַ באַגליקטער, געדאַנקט.

## 8.

# טערענץ ווייזט אַרויס זיין אינערלעך וועזן

קורץ פאַר האַלבער נאַכט, ווי זיי האָבן געהאַט אָפּגערעדט, איז קנאָפּס געקומען נאָך טערענצן, און איינגעהילט אין טונקעלע מאַנטלען האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אַריין צום גאַנץ ווייטן דרום-מזרח-טויער. די גאַסן זענען געווען כמעט פּוסט, פון צייט-צו-צייט האָט מען געזען פּאַטרולן, פאַר וועלכע נעראָן פלעגט זיך צופּרעסן צו דער וואַנט.

עס איז געשטאַנען אַ האַלבע לבנה, די הייזער זענען געשטאַנען אין מילכיקן ליכט, אויפן פּוסטן פּלאַץ, וואָס זיי האָבן געמוזט דורכשניידן, זענען געשלאָפן הינט; ביי זייער דערנענטערונג, האָבן זיי זיך געוועקט, געוואָרטשעט. נעראָן האָט זיך געשראָקן; זיין שטערן איז געווען די זון, נישט די לבנה.

הילכנדע שריט, און וואָס טויכט דאָרט אויף ביים סוף פון דער גאַס? צי דען זענען אין דערדאָזיקער שטאָט דאָ בלויז זעלנער? אומזיסט האָט אים קנאָפּס פּרובירט באַרויִקן, אַז אויף דער גוואַרדיע קאָן מען זיך פאַרלאָזן. נעראָן, פאַרכאַפּט פון פּאַניק, האָט נישט געהערט, וואָס ער האָט צו אים גערעדט. עס איז אים באַפאַלן די זעלבע שרעק, ווי דאַן ביים אַנטלויפן פון פּאַלאַטין. אויב די באַוואָפנטע וועלן אים זען, דאַן איז ער פאַרלוירן.

זיי געפינען זיך אין אַן אָרימער גאַס, אין קריסטן-קוואַרטאַל, פאַר אַ קליין, פאַרוואָרלאָזט, וויסט הויז. נעראָן דריקט זיך צו דער טיר, זי עפנט זיך. קנאָפּס וויל אים פאַרהאַלטן. נעראָן רייסט זיך אַרויס, לאָזט איבער דעם מאַנטל אין קנאָפּס' האַנט, כאַפּט זיך אַריין אין שטוב, פאַרקלאַפּט די טיר, שפּאַרט זי אונ-

טער מיט זיין קערפּער ; ער געפינט אַ גרויסן הילצערנעם ריגל, ער פאַררוקט אים.

איצט געפינט ער זיך אין דער טונקלקייט און, לכל הפחות, אויף מינוטן זיכער פאַר די באַוואַפנטע. ער איז צופרידן, וואָס ער איז פטור געוואָרן פון דער פאַרשאָלטענער לבנה־שיין. אויך וואָס ער איז פטור געוואָרן פון קנאָפּסן פרייט אים. ער פאַררוקט זיך אין אַ ווינקל, אין דער באַגערטער פינסטערניש. בלייבט דאָרט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ.

פון דרויסן הערט זיך דער קלאַנג פון וואָפן. וואַרשיינלעך פירן זיי אונטערהאַנדלונגען מיט קנאָפּסן. ענדלעך פאַרלירט זיך אין דער ווייטנס דער קלאַנג פון זייערע טריט.

אַזוי איז גוט. איצט — פריי אָפּאָטעמען. ס'איז שטיל. אָבער ניין, אָט פּאָרעט זיך עמעצער ביי דער טיר. דאָס הויז איז פאַרוואָרלאָזט, קוים וואָס עס האַלט זיך, דער הילצערנער ריגל וועט נישט אויסהאַלטן. דערווייל האַלט ער נאָך אויס, פון דרויסן מאַניפּולירט מען נאָך אַלץ אומזיסט. וואַרשיינלעך איז דאָס קנאָפּס. איצט הערט מען אים שטיל. יאָ, דאָס איז די שטים פון קנאָפּסן. זאָל ער אים אַריינלאָזן? ניין. קנאָפּס איז צו איינשטעלעריש. ער האָט אים שיער נישט געלאָזט זיך אָנשטויסן מיט די באַוואָפנטע, און דאַן וואָלט ער געווען אַ פאַרלוירענער. ער ווילט זיך אויס אַ צייכן. אויב קנאָפּס וועט אויפברעכן די טיר, דאַן וועט ער זיך אים ווידער אָנטרויען; אויב נישט, וועט ער אַליין פאָרן צום גרויס־קעניג. פון דרויסן קומען נאָך אַלץ די שטילע רופן. נאָך לאַנג. ענדלעך פאַרשטומען זיי. עס איז אַ באַשלאָסענע זאַך: נעראָן בלייבט אַליין.

ער ליגט איינגעקוועטשט אין זיין ווינקל. צופרידן. ביס־לעכווייז אָבער האָט ער אָנגעהויבן צו פרירן: ס'איז געווען איינע פון די ערשטע האַרבסט־נעכט. ער איז אויפגעשטאַנען, ער האָט גענומען קלאַפּן אין די הענט, כדי זיך אָנצוואַרעמען, אָבער די פּאָדלאָגע האָט גענומען סקריפּען, איז ער דערשראָקן געוואָרן. אין אַ ווינקל האָט עפּעס גענומען קראַצן; ס'האָט געקאָנט זיין אַ

שטשור. ער האָט זיך ווידער צונויפגעקורטשעט אין זיין ווינקל, האָט זיך געריבן די קאַלטע גלידער, האָט פאַרשאָלטן קנאַפּסן, וואָס ער האָט צוגענומען זיין מאַנטל. קאַיאַ וואָלט קיינמאָל נישט געווען אָפּגענומען דעם מאַנטל. ווען ער וואָלט ווידער געקאָנט האָבן קאַיאַן.

וואָס הייסט קאַיאַ ? צי דאַרף ער דען האָבן קאַיאַן ? ער איז דאָך נעראַן. און אפשר איז ער עס נישט ? ער האָט דאָך דאָן פאַרגעלייענט פאַרן סענאַט די דערקלערונג, האָט באַוונגען אויפן טורעם פון אַפּאַמעאַ די פאַרפלייצונג, האָט באַרעכטיקט אין אַ גרויסער רעדע די שחיטות. צי דען האָט זיך אים דאָס גע־חלומט ?

עס איז זיכער, אַז איינמאָל איז ער געווען נעראָן און איינ־מאָל טערענץ. דאָס איז אָבער אַלץ געווען אַמאָל. איצט האָט עס אַלץ אויפגעהערט. עס איז מער נישטאָ. וואָס איז ער איצט ? נישט טערענץ און נישט נעראָן.

ער ציט זיך אויס אויפן דיל, קרימט אויס די אַקסלען און ציט אַרויף די קני אינדערהייך. איצט וועט ער שלאָפן. ער ציילט ביז הונדערט, ביז פינף־הונדערט. ניין, אין דערדאָזיקער קעלט און אויפן דאָזיקן האַרטן דיל קאָן מען נישט שלאָפן. מען ווערט פאַר־שטאַרט. מען באַקומט רעוומאַטיזם, אַ קאַטאַר, אַ לונגען־אַנטצינ־דונג, אָבער מער נישט, מען שטאַרבט נישט מיט קיין אָנשטענ־דיקן טויט.

ער רייבט זיך ווידער די גלידער. און פּלוצלינג דערשפּירט ער עפּעס האַרטס, קאַנטיקס, דאָס פּידעלע מיטן גיפט. זאָל ער דאָס איינגעמען ? נאַטירלעך מוז ער דאָס איינגעמען. אָבער ווער ווייסט, צי דאָס איז אַ בכבודיקער טויט. ער שמעקט אַרום דעם פּולווער — מען שפּירט גאָרנישט. מען הערט וועגן מענטשן, וואָס ברעכן נאָכן איינגעמען גיפט, און זיי שטאַרבן מיט אַן עקלהאַפטן טויט. זיי דרייען זיך און דרייען, בלוי, אין קרעמפן, אינמיטן פון זייער געברעכעכץ. ער האָט דעם גיפט נישט איינגענומען, זיך

ווידער געקורטשעט אין זיין ווינקל און געוואַרט אויף זיין גורל.

זיין גורל איז געקומען. ווידער האָט אַ האַנט מאַניפּולירט ביי דער טיר, דאָסמאָל אַ דערפאַרענערע האַנט. וואָס קנאַפּסן איז נישט געלונגען אין משך פון אַ לאַנגער צייט, איז איר געלונגען תיכף־ומיד. זי האָט געעפנט די טיר. עס קלינגען טריט.

דער אַריינגעקומענער האָט זיך דאָ געפילט היימיש. ער איז געגאַנגען מיט קרעפטיקע, זיכערע טריט. ער האָט זיך גע־גרייט צו מאַכן פייער. טערענץ האָט זיך אַריינגערוקט אין ווייטסטן ווינקל, האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. כדי נישט צו פאַרראַטן זיין קעגנוואַרט. עס פליען פונקען, דער פלאַם פלאַקערט אויף. טערענץ קוקט, האַלב־טויט פאַר שרעק. ער האָט איצט געזען אַ מאַן אין אַ ברייטן, געבלעך־ווייסן פילץ־מאַנטל, ווי עס טראָגן די בעדואינער. דאַן האָט ער באַמערקט אַ טייל פון פנים, אַ צע־רונצלט פנים זיין הארץ האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט דאָס פנים גלייך דערקענט. דאָס איז געווען דאָס פנים פון יענעם, וועלכן ער האָט צום ווייניקסטן איצט געוואָלט באַגעגענען: דאָס פנים פון יאָהאַנעס פון פּאַטמאָס.

ווייל יאָהאַנעס האָט זיך צוריקגעקערט. לאַנג האָט ער זיך געזוימט באַגעגענען צו לאָזן הערן זיין שטים פון דער וויסטע. איצט אָבער איז די צייט געקומען. די הערשאַפט פונם אַנטי־כריסט ברעכט זיך איין, און ער, יאָהאַנעס, קומט צו געבן איר דעם לעצטן שטויס.

טערענץ שטאַרט פון זיין ווינקל אויפן פינסטערן, אַליוו־קאָליריקן פנים. די באָרד איז נאָך איצט ווילדער, די מאַנדל־אויגן אונטער די גרויסע ברעמען נאָך דראָענדיקער. טערענץ ווערט פול מיט אַ נאָמענלאָזער שרעק, מיט אַן איבערמענטשלע־כער מורא.

און אָט דערזעט אים יאָהאַנעס. אויף אַ טיילכל פון אַן אויגנבליק ווערט ער געפּלעפט, גייט אַריין אין זיך. דאַן זעט ער. ער זעט דעם מאַן, טערענץ, נעראָן, די מאַלפּע פון אַנטיכריסט,

די צווייפיסיקע ליגנט, דאָס פאַרקערפּערטע שלעכטס. ער ציט זיך אויס. זיין האַרט-געדרונצלט פּנים מיט דער באָ־ד זעט דעם מאַן אין ווינקל אויס אומגעהייער גרויס, ריזיק. ער קאָן אָבער פון אים נישט אָפּווענדן דעם בליק, ער מוז קוקן אין דידאָזיקע גליִענדע אויגן אונטער די גרויסע ברעמען, הגם ער שטאַרבט צען מאָל, בעת ער קוקט אַריין אין זיי.

יאָהאַנעס שטייט אויף. ער איז נישט קליין, אבער פאַר קיין פאַל נישט אומגעווייִנלעך-גרויס; אָבער אין טערעמצעס אויגן איז ער אַ גיגאַנט. און ער הייבט דעם פוס, דעם ריזן-פוס, און ער קומט צו צו אים, פּיינלעך-לאַנגזאַם; פון איין שריט ביזן צווייטן איז אַן — אייביקייט.

יאָ, יאָהאַנעס געניסט זיינע שריט. אומגעריכט איז אין זיינע הענט אַריינגעפאַלן אָט דערדאָזיקער, דער אַנטיכריסט, זיין אייגענער פיינט און דער פיינט פון דער מענטשהייט, דער, וואָס האָט אים געטויט דעם זון. יאָהאַנעס שפּירט אַ געוואַלטיקן פאַרלאַנג צו טויטן, צו דערווערגן, נקמה צו נעמען אין דאָזיקן פיינט זיינעם. און לאַנגזאַם שטעלט ער אַ טריט נאָך אַ טריט, כּדי די הנאה זאָל אַזוי שנעל נישט אויסרינען.

אָבער דער לאַנגער, דער קורצער, דער מאכלדיקער וועג איז שוין פאָרט הינטער אים און אָט שטייט ער שוין פאַרן צווייטן. יענער ליגט צוזאַמענגעדרייט אין זיין ווינקל, זיין פליישיק, שווייס-באַגאָסן פּנים שטאַרט אויף אים בלאַס און שטייף פון מורא. יאָהאַנעס הייבט אויף די הענט, גרויסע הענט, ברוינע, געוואַלטיקע. עס וועט זיין הערלעך צו דערשטיקן מיט זיי דעם צווייטן. זיין בליק מעסט דעם פעסטן האַלז. דערשטיקנדיק דעמדאָזיקן האַלז, וועט ער דערשטיקן אַלדאָס בייזע. און ער געניסט שוין פון פאָרויס די באַרירונג פון דאָזיקן האַלז.

אינצווישן, אין דידאָזיקע ענדלאָזע רגעס, שטאַרבט טערענץ צען מאָל פון שרעק. די גלידערים ווערן אים שלאַף, זיי קאָנען מער נישט איינהאַלטן זייער אינהאַלט, ער באַמערקט עס נישט. פונקט ווי יענער שפּירט ער אויך די הענט אַרום זיין האַלז אין

אַ שוידערלעכן געמיש פון שמערץ און לוסט. יאַ, לוסט; ווייל ער ווינטשט זיך שוין די צען מאָל פאַראויסגעשפירטע דערשטיקונג, ער קאָן שוין מער נישט אַריבערטראָגן די פיין פון דער דערוואַרטונג, ער בענקט נאָכן סוף. און אָט איז ער שוין נאָענט. איצט זענען שוין די ברוינע, מעכטיקע הענט בלויז אַן איל ווייט פון זיין האַלז, איצט, אין דער נאָענטסטער ברוכטייל פון אַן אויגנבליק, וועלן זיי אים פאַקן.

און פלוצלינג רייסט זיך עס אַרויס פון זיין קעל. די שטים, וואָס איז פאַרשטאַרט געווען, רייסט זיך אַרויס, רעדט. דאָס איז נישט די שיינע שטימע נעראָנס, דאָס איז אַ שטאַמלענדיקע שטים, און אָן דער הילף פון זיין באַוווסטזיין, קעגן זיין ווילן, בילדעט זי ווערטער: „איך בין דאָך דער טעפּער טערענץ".

יאָהאַנעס הערט די נעבעכדיקע ווערטער און ער בלייבט שטיין. ער דערקענט. אָט־אָ־דער איז דאָס דער אַנטיכריסט? אָט־אָ־דאָס־אָ? דאָס איז נישט מער ווי נעבעכדיק, ציטערנדיק פלייש. ער דאַנקט גאָט, וואָס ער האָט דאָס דערקענט נאָך אין דער ריכטיקער צייט. אָט־אָ־דאָס אַריינוואַרפן אין מיסט איז קיין טאַט נישט. דאָס איז קיין זיג נישט, דאָס איז אַן ענין פאַרן נבלה־שינדער, נישט פאַרן נביא, דעם הייליקן שווישפּילער.

ער האָט איינגעזען דעם אמת. און איצט האָט ער אויך דערשפּירט דעם גערוך. די הענט זיינע זענען אַראָפּגעזונקען, ער האָט זיך אָפּגעקערט פון דאָזיקן מענטש, האָט זיך ווידער איינגעקורטשעט פאַר זיין פייער. ער האָט געקוקט אויפן צווייטן. אָט דעמדאָזיקן גאָרנישט האָט ער אָנגענומען פאַרן גרויסן שלעכטס; אָט דעמדאָזיקן וואָראָבייטשיק האָט די וועלט געהאַלטן פאַר אַן אָדלער. ער האָט געשאָקלט דעם געוואַלטיקן קאָפּ. זיינע ליפּן און דער געדיכטער באָרד האָבן זיך פאַרקרימט. ער האָט געלאַכט ער האָט געלאַכט מיט נישט קיין הויך, טיף געלעכטער, כמעט גוטמוטיק פון פאַראַכטונג.

טערענץ, פול מיט שרעק, האָט גאָרנישט באַגריפן. דאָס געזיכט איז געווען נישט נאָר יאָהאַנעסעס, נאָר דאָס פּנים פון די

אַלע, וואָס האָבן אים אין לעבן פֿאַרשאַפֿט שרעק : דאָס פּנים פֿון זיין פֿאָטער, פֿון קאַיאַן, פֿון נעראָנען, פֿון וואַראָן. ער האָט גע-פֿילט אַן אומענדלעכע פֿאַרוווּנדערונג, ווען דאָסדאָזיקע פּנים האָט גענומען צוריקווייכן, איז קלענער געוואָרן, האָט זיך דערווייטערט. עס איז שוין לאַנג געווען ווייט, אָבער ער האָט נאָך אַלץ גע-שטאַרט דערויף, צעחושט. ער האָט דערפֿון דעם בליק נישט גע-קאָנט אָפּווענדן.

עס האָט געדויערט אַן אייביקייט, ביז ער האָט זיך דער-וועגט אַ ריר צו טון. דאָס געזיכט האָט אים געלאָזט צורו, מער נישט פֿאַרשפּאַרט פֿון איב די וועלט, ער קאָן פֿאַרלאָזן זיין תּפֿיסה. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן, ער האָט געהאַט דאָס געפֿיל, אַז ער דאַרף אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך טויזנט געוויכטער, ער איז געשטאַנען שוואַך אויף די פֿיס, פֿאַרוווּנדערט פֿון דעם, וואָס ער שטייט. ער האָט זיך גענומען גנבענען צו דער טיר, איינגעבויגן, מיט די פֿיס צוגעקלעפּט צום דיל, דעם בליק צוגעקלעפּט צום פּנים פֿונם שרעק-לעכן. דאָס ערגסטע איז געווען : ווי אַזוי גייט מען פֿאַרביי דעמ-דאָזיקן צווייטן ? ס׳איז אים אָבער געלונגען, ער האָט זיך פֿאַר-ביי געדרוקט. דעם קאָפּ איינגעצויגן, אין אויג נאָך אַלץ — די טויט-שרעק. דאַן איז ער האַסטיק דורכגעלאָפֿן דאָס לעצטע שטיקל וועג צו דער טיר, פֿון שרעק, אַז איצט וועט דעם צווייטנס פֿויסט צראָפּהאַמערן אויף זיין שיידל אָדער נאָך ערגער — ער וועט אים כאַפּן פֿאַרן נאַקן, דערווערגן.

ס׳איז אָבער גאָרנישט נישט געשען : נישט קיין פֿויסט, נישט קיין כאַפּ, נישט קיין קלאַפּ, נישט קיין קלאַנג. בלויז אַ געלעכטער איז געווען, אַ טיף, פֿאַראַכטנדיק, נישט הויך געלעכטער פֿון יאָהאַנעסן... און טערענץ איז אומענדלעך דערשטוינט געווען, ווען ער איז געשטאַנען אומגעשטערט אויף יענער זייט טיר, מיט יאָהאַנעסעס געלעכטער אין אויער.

## 9.

# די שטים פון פאָלק

נעראָנס פּאַנישע אַנטלויפן פון עדעסאַ האָט זיין זאַך מער געשעדיקט, ווי דאָס וואָלט געקאָנט טון די ערגסטע מפּלה. זיינע אָנהענגער האָבן זיך געפילט לעכערלעך, פרעך אָפּגענאַרט, זייער ענטוזיאַזם איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צאָרן. מען האָט אַראָפּ־געשליידערט נעראָנס סטאַטועס פון די פּאָסטאַמענטן, מען האָט זיי צעשמעטערט. אַ פּיל־טויזנטקעפּיקער המון האָט אַוועקגעמאַר־שירט צום פעלז ביים טייך סקירטאָס און זיך גענומען צעשטערן דעם רעליעף פונם רייטער אויף דער פלעדערמויז. וויסטע שפּאַסן, געלעכטערס האָבן באַגלייט די פאַרניכטונגס־אַרבעט, און דאָס, וואָס די אַרונטערפאַלנדע פעלז־בלאָקן האָבן געטויט אַ פּאָר מענטשן, האָט געשטייגערט דאָס פאַרגעניגן, אַנשטאָט עס צו שטערן. די צעשטערונג פון רעליעף איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָרגיע. מען האָט איינער דעם צווייטן אַרומגעאָרעמט, מען האָט גע־פייערט די באַפרייאונג פון יאָך פון פרעמדן דעספּאָט, מען האָט געזונגען, געיובלט, געזויפן לכּבוד דער זייער פרייהייט.

דאַן איז מען אַוועק, כּמעט נישט צופרידן, ווי אויף אַ געהיימען באַפעל, צו קנאָפּס' הויז. פונקט אַזוי שנעל ווי זיין פּאָפּולאַריטעט איז אַנטשטאַנען, איז זי איצט פאַרשוואונדן, און דאָס פאָלק האָט געזען אין אים דעם בייזן גייסט פון נעראָנען און פון זיין אונטערנעמונג.

ווען קנאָפּס האָט דערזען פאַר זיין הויז דעם אויפגערעגטן, געפערלעכן המון, האָט ער געשיקט צו זיין פריינט טרעבאָן נאָך הילף. אָבער איידער די הילף איז געקומען, האָט מען שוין גע־

האָט באַוויזן די טיר־וואַך. קנאָפּס האָט געהאַלטן פאַר בעסער אַרויסצוגיין צו די אַריינגעדרונגענע. ער האָט זיי אויפגענומען מיט חברישע שפּאַסערייען, כדי זיי אויסצוניכטערן, זיי איינצוהאַלטן. אין זיך האָט ער געציטערט פאַר שרעק. ער האָט נאָך ביינאַכט געוואָלט אַנטלויפן, גלייך ווי זיין פּלאַן אויסצוליפערן טערענצן איז קאַליע געוואָרן; אָבער יאַלטאַ, וועלכע איז שוין געווען טיף אין ניינטן חודש, האָט זיך שלעכט געפילט, די דאָקטוירים האָבן אָפּגערעדט פון דער רייזע, קנאָפּס האָט זיך געוואַקלט, און איצט, פּונקט דאַן, ווען מען האָט שוין געוואָלט אַרויספאָרן, איז געקומען דער המון און לאָזט אים נישט אַרויסראַטעווען זיך אין דער פאַרדינטער זיכערקייט. ער האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען, גלייכגילטיק צוגעזען ווי זיי נעמען רויבן, ער האָט זיי געגעבן צו טרינקען. זיכער, כמעט מיט הנאה, איז ער צווישן זיי אַרומגעגאַנגען. אָבער אין אים איז געווען טונקל. אַך, אויף זיין פריינט טרעבאָן קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן. ער וועט נאָך אפשר מיט פאַרגעניגן צוזען, ווי דער גוט־געלוינטער המון צערייסט קנאָפּסן אויף שטיקער.

ער איז געווען אומגערעכט לגבי זיין פריינט. אָט הערט מען שוין דעם קלאַנג פון וואָפן: זעלנער, פּאָליציי. אָבער ליידער איז ער לגבי אים נישט געווען אומגערעכט: דאָס איז נישט טרעבאָנס פּאָליציי, דאָס איז צווייפלהאַפטע הילף, דאָס זענען זעלנער פון קעניג מאַלוק. אמת, זיי ראַטעווען אים אַרויס פון המון און שיצן אים, אָבער נאָר כדי אַליין אים צו אַרעסטירן.

קנאָפּס האָט געטראָפן. זיין פריינט טרעבאָן האָט זיך נישט געאיילט אים צו שיקן הילף; עס וואָלט אים נישט געאַרט, ווען די הילף וואָלט געקומען זייער שפּעט אָדער צו שפּעט. אָבער דאָס, וואָס מאַלוקס זעלנער מישן זיך אַריין, האָט געענדערט די סיטואַציע. דאָס איז שוי צופיל. אויב די איינגעבוירענע זעלנער וועלן זיך דע רוועגן אַרויסצוטרעטן קעגן נעראָנס עררות, ווו קאָן דאָס נאָך פירן? אַז דאָס פאָלק וועט נעמען מאַכן שטיק, דערויף האָט מען זיך געקאָנט ריכטן. דאַרף מען עס געבן איבערן קאָפּ,

וועט עס ווידער ווערן רויק. אָבער ווען מאַלוקס זעלנער און באַאַמטע הייבן אָן צו אינטריגירן, דאַן טאָר מען לאַנג נישט וואַרטן, מען מוז תיכף געבן דעם ריכטיקן ענטפער. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער גופא האָט דערלאָזט, עס זאָל דערגיין אַזוי ווייט, — ער האָט זיך געפילט סאָלידאַריש מיט קנאָפסן. צאָרנדיק איז ער אַוועק צום קעניג מאַלוק, פאָדערן פון אים אַ דין־וחשבון.

ביי מאַלוקן האָט ער געטראָפן דעם אויבער־פריסטער שאַרביל. אין די לעצטע וואָכן, ווען נעראָנס הערשאַפט האָט זיך קענטיק אָנגעהויבן וואַקלען, האָט דער אויבער־פריסטער מערערע מאָל אָפן דערקלערט דעם קעניג, אַז עס איז איצט די ריכטיקע צייט פאַרצולייגן צעיאָנען אַרויסצוגעבן דעם פלומרשטן נעראָן און פאָדערן דערפאַר אַ געזיכערטן סטאַטוס־קוואָ. אָבער מאַלוק, דער אַראַבער, האָט געהאַט פעסטע אָנשויאונגען וועגן גאַסטפריינטשאַפט, און ער האָט זיך נישט געמאַכט הערנדיק דעם אויבער־פריסטערס אָפענע ווערטער, פונקט ווי ער האָט אין דער נאַכט פון פופצענטן מאַי זיך געמאַכט נישט פאַרשטיין זיינע רמזים. אגב, אין דערדאָזיקער לעצטער וואָך האָט זיך אויסגעדויכט, אַז זיין אָנשטענדיקייט וועט זיך אויך פּאָליטיש גוט באַצאָלן. עס איז געקומען אַ באַגלויבטע ידיעה פון ווייטן מזרח, אַז אַרטאַבאַן האָט געהאַט אַן אַנטשיידנדיקן מיליטערישן נצחון איבער זיין קעגנער פאַקאָר. אויב דער גרויס־קעניג וועט ווידער קאָנען שיקן גענוג מיליטער צו זיין מערב־גרענעץ, וועלן זיך די רוימישע גענעראַלן, אפילו נאָך דאָמיציאַנס אַרויפגיין אויפן טראָן, נאָך גוט פאַרטראַכטן איידער זיי וועלן אַריבערגיין דעם טייך פרת. עס איז, אַזוי אַרום, געווען גוט, וואָס מען האָט זיך געהאַלטן ביי נעראָנען און נישט געמאַכט קיין איבעראיילטע טריט. איצט אָבער האָט נעראָנס פּאַנישע אַנטלויפן אויף אייביק צעשטערט אַלע האָפענונגען. נאָך אַזאַ עלעמענטאַרן אויסברוך פון פּאָלקס־צאָרן קאָן מען אים אין צווישנשטראָמלאַנד מער נישט אונטערשטיצן.

איין גוטע זאַך האָט אָבער יאָ געבראַכט מיט זיך דערדאָזי־

קער אײַסבריוך פֿון פֿאָלקס־צאָרן.? דורכדעם, וואָס דערדאָזיקער צאָרן האָט זיך קודם־כּל געווענדט קעגן קנאָפּסן, האָבן מאַלוק און שאַרביל באַקומען אַ גוטע געלעגנהייט צו האָבן דעמדאָזיקן מענטש אין דער האַנט. אים האָט מען איצט, און דאָס איז גוט. ווײַל אויב אַרטאַבאַן וועט האָבן אַן אַנטשיידענעם זיג אין מזרח (און דאָס דאַרף מען דערוואַרטן), וועט רוים פֿירן אונטערהאַנדלונגען, אייידער זי וועט שיקן מיליטער, און דאַן קאָן מען, כּדי אַרויסצווייַזן אַ גוטן ווילן, פֿאָרלייגן אויסצוליפֿערן נעראָנס קאַנצלער. היות עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַנטיפּאַטישן לייבאייגענעם קנאַפּס, האָט קעניג מאַלוק אַוועקגעקוקט פֿון זײַנע פּעסטע אָנשויאונגען וועגן גאַסטפֿרײַנטשאַפֿט.

ווען טרעבאָן איז געקומען, האָבן טאַקע מאַלוק און דער אויבער־פּריסטער געהאַט באַטראַכט דעמדאָזיקן ענין. נאָך דעם פּחדנותדיקן אַנטלויפֿן פֿונם שווינדלער האָבן זיי זיך געפֿילט זייער שטאַרק לגבי זײַנע נפֿשות און האָבן אויפֿגענומען דעם ליאַרמענדיקן, צאָרנדיקן קאַפּיטאַן נאָך שטייפֿער און חשיבותדיקער ווי תּמיד.

שאַרביל האָט אויף טרעבאָנס אָנקלאַגע געענטפֿערט, אַז דער אָפּיציר, וואָס האָט אַרעסטירט קנאָפּסן, האָט נישט איבערגעשריטן זײַנע פֿולמאַכטן, נאָר געהאַנדלט מיטן וויסן און אין אויפֿטראָג פֿון דער רעגירונג. עס איז פֿאַרשטענדלעך, וואָס דאָס פֿאָלק פֿון עדעסאַ האָט זיך צעבושטעוועט קעגן דער גיריקייט און די הפֿקר־מעשים פֿון קנאָפּסן און ווילן דאָס מער נישט ליידן, נאָכדעם ווי קייזער נעראָן האָט דורך זײַן אַנטלויפֿן איבערגעלאָזט זײַנע באַאַמטע אויף גאָטס באַראָט.

ערשט איצט איז טרעבאָנען קלאָר געוואָרן, ווי ווײַט נעראָנס אַנטלויפֿן שטעלט אים גופֿא אין סכּנה. ער איז געווען אַ מאַן מיט אַ צאָרנדיקן טעמפּעראַמענט, אָבער גענוג זעלנער, כּדי שנעל אויסצוקאַלקולירן די מיליטערישע שאַנסן. און ער האָט געוווּסט, אַז ער האָט נישט קיין אויסזיכטן צו זיגן אין אַ גאַסןקאַמף קעגן דער עדעסאַער באַפֿעלקערונג און מאַלוקס חיילות.

„אויב איר טראַכט אַזוי, אויבער-פריסטער", האָט ער געזאָגט אַרויספאָדערנדיק, אָבער אין זיך גרייט צו גיין אויף פשרות, „קאָנט איר נאָך אויך מיך לאָזן אַרעסטירן". דער אוראַלטער האָט געשוויגן און צוגערוקט זיין קאָפּ צום קעניג, וועלכער האָט, צום ערשטן מאָל זינט טרעבאָן איז געקומען, אויפגעעפנט דאָס מויל און געזאָגט: „זיי רויק, קאַפּיטאַן", מיר וועלן דיך נישט אַרעסטירן". ער האָט דאָס געזאָגט מיט זיין טיפער שטים, געלאַסן, אָן שפּאָט. טרעבאָן האָט דאָס אָבער דערפילט ווי אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ צום מערסטן האָט אים פאַרוווּנדעט, וואָס דער קעניג האָט אים מער נישט גערופן „מאַרשאַל", נאָר „קאַפּיטאַן". דאָס איז געווען דער פּשוטסטער און ווירקזאַמסטער אופן אויסצושטעלן די זאַכן אויף זייערע ריכטיקע ערטער. אין דעם אויגנבליק, אין וועלכן קעניג מאַלוק האָט אים אָנגערופן „קאַפּיטאַן", האָט זיך טרעבאָן צוריק פאַרוואַנדלט פון אַן אַלמעכטיקן פעלדמאַרשאַל אין אַ פּראָווינץ-אָפיציר, פּונקט ווי קייזער נעראָן האָט זיך צוריק פאַרוואַנדלט, דורן זיין אַנטלויפן, אין אַ לייבאייגענעם, אַלס וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן; מאַלוק אָבער איז געבוירן געוואָרן אַלס קעניג. טרעבאָן האָט זיך נישט דערוועגט אַנטקעגנצושטעלן; עס האָט קיין זאַך נישט געפעלט ער זאָל דאַנקען — ער האָט געשוויגן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט שאַרביל דערקלערט מאַלוקס ווערטער. דער קעניג פון עדעסאַ, האָט ער דערקלערט, לייגט פאָר דעם קאַפּיטאַן טרעבאָן צוריקצוציִען זיך מיט זיינע זעלנער אין דער ציטאַדעל. ער גיט אים דערויף דריי שעה צייט. דער קעניג וויל נישט, אַז דאָס פאָלק זאָל טרעבאָנען צוגרייטן דעם זעלבן גורל, ווי קנאָפּסן. דער קאַפּיטאַן דאַרף דעריבער אויסנוצן די צייט, וועלכע מען שטעלט אין זיין רשות.

געבויגן, איבעראַשט פון דער וועלט-אָרדענונג, שעלטנדיק, זיך אונטערוואַרפנדיק, איז טרעבאָן אַוועק.

## 10.

# אָפּשייד פון עדעסאַ

דער איינציקער מענטש אין עדעסאַ, וועלכער האָט נישט באַטראַכט נעראָנס אַנטלויפן פאַר דער קאַטאַסטראָפע פון זיין רעזשים, איז געווען סענאַטאָר וואַראָ. אַרטאַבאַנס דערפאָלגן אין ווייטן מזרח האָבן פונסניי פונאַנדערגעבלאָזן זיינע כמעט־פאַרלאָשענע האָפענונגען, און ער האָט נישט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז די נאַרישקייט פון דעם באַשעפעניש זאָל האָבן פאַרניכטעט דעם נוצן, וואָס זיין אונטערנעמונג קאָן האָבן פון אַרטאַבאַנס נצחון. פאַרקערט, ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַ מעלה, וואָס נעראָנס פערזאָן איז אויף אַ צייט באַזייטיקט געוואָרן און דורכדעם האָבן קנאָפּס און טרעבאָן אויף אייביק אויסגעשפּילט זייער לידל.

ער האָט אפילו נישט געטראַכט וועגן נעמען ערנסט דעם אויפשטאַנד פון דער עדעסאַער באַפעלקערונג. ווי נאָר אַרטאַבאַנס זיג וועט ווערן אַ זיכערער פאַקט, וועט מען אָן שום מי קאָנען איבערצייגן די מאַסן, אַז נעראָנס אָפּוועזנהייט איז נישט געווען קיין אַנטלויפן, נאָר דער קייזער האָט פּשוט געוואָלט אויפזוכן דעם גרויס־קעניג, כדי זיך צו באַראַטן מיט אים, ווי אַזוי מען קאָן אויסנוצן דעם גרויסן זיג אין מזרח פאַר פונקט אַזאַ אנשיידענעם זיג אין מערב.

טראַכטנדיק אויפן קול, האָט ער אַרומגעשפּאַצירט פאַר מאַרציאַן אַהין און אַהער. ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צו איר, גענומען איר ווייסן קאָפּ אין זיינע פליישיקע הענט. „עס איז נישט געווען זינלאָז“, האָט ער איר פאַרזיכערט, „וואָס דו האָסט זיך

געבראַכט אַלס קרבן פאַרן באַשעפעניש. עס וועט פאָרט געשען, ווי איך האָב דיר צוגעזאָגט: וועסט אַריינפאָרן אויפן פּאַלאַטין". זיך צופּאַסנדיק צו דער פאַרענדערטער לאַגע, האָט ער שוין אין גייסט אַריבערגעטראָגן דעם מיטלפּונקט פון זיין אונטערנעמונג פון עדעסאַ קיין קטעסיפאָן, דער הויפּשטאָט פון אַרטאַבאַן, און פון דאָזיקן קטעסיפאָן האָט ער זיין אונטערנעמונג געזען מיט נייע אויגן, און זי האָט אויסגעזען גרויס און בליִענד.

יאָ, האָט ער געטראַכט אויפן קול פאַר מאַרציאַן, ער וועט איצט פאַרלאָזן דידאָזיקע נעבעכדיקע עדעסאַ און אַריבערטראָגן זיין רעזידענץ קיין קטעסיפאָן. נישט דערפאַר, ווייל ער פילט זיך, חלילה, אין עדעסאַ אין געפאַר, ווי אַ קנאָפּס אָדער אַ טרע־באָן; אָבער איצט מוז ער פערזענלעך צוזאַמענאַרבעטן מיט אַר־טאַבאַנען. אייגנטלעך איז עס אַ פעלער, וואָס ער האָט עס ביז איצט נישט געטון, וואָס ער האָט זיך נישט דורכגעשמועסט מיטן קעניג אונטער פיר אויגן. מען פירט אונטערהאַנדלונגען מיט אַמ־באַסאַדאָרן, מיט מיניסטאָרן, אָבער וועגן דער פערזאָן פונם גרויס־קעניג גופא ווייסט מען צו ווייניק, מען קען נישט זיין פּנים. וואַראָ וויל זען דאָסדאָזיקע פּנים. ער האָפט, אַז ער וועט דעם גרויס־קעניג געבן עטלעכע נוצלעכע ווונקען, אַז ער וועט אים אויף אייניקע זאַכן עפענען די אויגן.

וואָס שייך דעם באַשעפעניש, בלאָנקעט עס, ווייזט אויס, אַרום ערגעץ־ווו אין סטעפּ. גענויעס ווייסט מען נישט, אָבער אַ חברהמאַן ווי טערענץ וועט נישט אומקומען, דערצו איז ער צו נישטיק; און די געטער אינטערעסירן זיך נישט מיט אַזאַ ניש־טיקייט. און וואַראָ איז אַזוי איבערצייגט פון זיין אייגענעם מזל, אַז עס קאָן אים גאָרנישט קומען אויפן געדאַנק דער אונטערגאַנג פונם באַשעפעניש. אונזער טערענץ וועט זיך, נאָך אַ ביסל בלאָנזשען, אָנקומען גאַנץ און געזונט צום הויף פונם גרויס־קע־ניג. מען וועט דאַרפן זען אַ ביסל ערנסטער נעמען אַכטונג געבן אויף אים.

יאָ, נעראָנס אַנטלויפן, וואָס די אַנדערע אָנהענגער זיינע

האָט עס אַריינגעוואָרפן אין אַ פּאַנישער שטימונג, האָט אים, וואַ־
ראַן, בלויז געגעבן פרישן מוט. ער איז גלייך צוגעטרעטן צוצו־
גרייטן זיין אַריבערפאָרן צום הויף פונם גרויס־קעניג. ער האָט אָבער
נישט געוואָלט, אַז זיין אָפּפאָר פון עדעסאַ זאָל אויסגעטייטשט
ווערן אַלס אַנטלויפן. האָט ער זיך געמעלדעט צום קעניג מאַלוק,
כדי אָפן און רויִק זיך דורכצושמועסן מיט אים, איידער ער פאַר־
לאָזט עדעסאַ.

דאָס איז געווען דרייסט. הגם וואַראָ האָט אין אַלגעמיין
באַטראַכט זיין אונטערנעמונג אָפּטימיסטיש, האָט ער דאָך נישט
פאַרלוירן דעם בליק פאַר דעם געפאַר אין די פּרטים. עס איז
נישט געווען אויסגעשלאָסן, אַז קעניג מאַלוק וועט אים וועלן האָבן
אין דער האַנט אַלס טויש־אָביעקט פאַר די אונטערהאַנדלונגען מיט
רוים. אָבער וואַראָ האָט געמוזט נעמען אויף זיך דידאָזיקע ריזי־
קע. ער קאָן נישט קומען צו אַרטאַבאַנס הויף אַלס אַנטלאָפענער.
ער מוז לאָזן אין עדעסאַ אַ קלאָרע סיטואַציע.

און אַט זיצן זיי ווידער זאַלבעדריט, מאַלוק, שאַרביל און
ער, אין רוים מיטן פאָנטאַן. מען האָט גערעדט, ווי עס פּאַסט,
וועגן גלייכגילטיקע זאַכן, און נישט וואַראָ, נישט די מזרח־הערן
האָבן מיט קיין וואָרט נישט דערמאַנט, וואָס עס האָט זיי אַלע
געברענט אויפן האַרץ און אויף דער צונג — נעראָנס אַנטלויפן.
ענדלעך, נאָכדעם ווי ס'איז שוין פאַריבער די געהעריקע צייט,
האָט וואַראָ אָנגעהויבן: „איך בעט ביי מיין קרוב און גרויסן קע־
ניג מיר צו געבן אורלויב. די אָפּוועזנהייט פון קייזער צווינגט
אויך מיך צו פאַרלאָזן אויף אַ געוויסער צייט עדעסאַ“.

ס האָט לאַנג געהערשט שווייגן. שאַרביל האָט אָפּוואַרטנ־
דיק געקוקט אויפן קעניג, ער זאָל רעדן, און ער האָט ענדלעך
געזאָגט, און עס האָט גיכער געקלונגען טרויעריק, איידער איראָ־
ניש: „דו רופסט עס אָפּוועזנהייט, מיין קרוב?“ און שאַרביל האָט
צוגעגעבן: „מיר וואָלטן זייער געוואָלט, אַז דידאָזיקע אָפּוועזנ־
הייט זאָל האָבן געשען נישט אַזוי פלוצלינג, און מיר, וועלכע
האָבן דעם קייזער אַזוי לאַנג געגעבן שוץ און פריינטשאַפט, זאָלן

רעכטצייטיק האָבן געוווסט וועגן דעם. עס וועט נישט שאָדענען, מיר זאָלן אָננעמען מיטלען, אַז אין דער צוקונפֿט זאָלן אונז מער נישט איבעראַשן אַזעלכע פּלוצלינגדיקע באַשלוסן פֿון מערבֿ־מענטשן". און זיין כיטרער, פֿליישלאָזער קאָפּ האָט זיך דראָענד־נאָענט געפֿונען לעבן וואַראָן. דערדאָזיקער האָט זיך נישט אָפּגערוקט. „הייסט עס", האָט ער געפֿרעגט, „אַז איר ווילט מיך דאָ פֿאַרהאַלטן?" לאַנגזאַם האָט ער געווענדט זיין בליק צום קעניג.

אָבער דערדאָזיקער האָט אָפּגעענטפֿערט אומעטיק און מיט קוים־מערקבאַרן חוזק: „האָסט אַ טעות, דו מערבֿ־מענטש און גאַסט". און שאַרבֿיל, וועלכער וואָלט בעסער געוואָלט, עס זאָל זיין אַנדערש, האָט געמוזט דערקלערן די ווערטער פֿון זיין האַר: „דו טייטשסט פֿאַלש אויס דעם גרויסן קעניג. דאָס, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, באַדייט נישט, אַז מיר ווילן דיך פֿאַרהאַלטן. פֿאַרקערט, דאָס דאַרף זיין אַן אַנטשולדיקונג, פֿאַרוואָס מיר שטעלן זיך נישט העפֿטיק אַנטקעגן דעם ווונטש פֿון גאַסט אונז צו פֿאַרלאָזן. ווייל איך באַהאַלט נישט אויס פֿון דיר, מיר זענען אין אַ געוויסער מאָס צופֿרידן, וואָס דו פֿאַרלאָזסט אונז. ווייל נאָכדעם, וואָס דו באַצייכנסט אַלס נעראָנס אָפּוועזנהייט, קומט דעם גרויסן קעניג נישט לייכט אָן ערבֿ צו זיין פֿאַר דער רו פֿון דיין שלאָף. עס פֿאַלט אונז גאָרנישט איין דיך צו פֿאַרגלייכן מיט אַזעלכע טונקעלע שטערנס, ווי אַ קנאָפּס און טרעבאָן. די מאַסע אָבער האָט קורצזיכטיקע אויגן, און איין מערבֿ־פּנים איז ביי איר אַלצאיינס ווי דאָס צווייטע. דער קייזער וואָלט דיך קיינמאָל נישט פֿאַרשיקט פֿון זיין היים; אָבער היות דו אַליין ווילסט עס, האַלט ער דיך נישט אָפּ". און דער קעניג האָט צוגעגעבן שטיל, ערנסט, כמעט טרויעריק מיט זיין טיפֿער שטים: „ניין, איך האַלט דיך נישט אָפּ".

בעת מאַלוק האָט דאָס געזאָגט, איז וואַראָן געוואָרן קלאָר, אַז פֿון שטאַנדפּונקט פֿון די הערן פֿון עדעסאַ האָט די אונטערנע־מונג פֿון זיין נעראָן געליטן אַן ענדגילטיקע מפּלה, און זיי וואָלטן

געהאַט רעכט אים צו פאַרהאַלטן, — אים, וועלכער האָט זיי פאַרפירט אין דערדאָזיקער בלאָטע. זיי אָבער לאָזן אים אפּפאָרן און בעטן אים נאָך איבער פאַר זייער דאָזיקן מאַנגל אין העפלעכקייט. צי קאָן מען ערגעץ־ווּ געפינען אַזאַ גרויסמוטיקייט, אַחוץ אין אומבאַגרייפלעכן מזרח? ווארא איז נישט געווען סענטימענטאַל; אָבער דאָס האָט אים גערירט און ער האָט זיך מיט דאַנק טיף פאַרנייגט, די אָרעמס פאַרלייגט אויף דער ברוסט, אויפן מזרח־שטייגער.

שאַרביל האָט אָנגעהויבן פונסניי נאָך אַ לאַנג שווייגן: „וווהין אָבער, מיין ווארא, וועסטו זיך קערן און ווענדן? נישט קיין סך וועגן זענען אָפן פאַר דיר". „היות מיין קייזער נעראָן געפינט זיך אויפן וועג צום גרויס־קעניג אַרטאַבאַן", האָט ווארא דערווידערט, „האַלט איך אויך פאַר ריכטיק צו גיין קיין מזרח". „צי געפינט ער זיך טאַקע אויפן דאָזיקן וועג?" האָט דער אויבער־פּריסטער געפרעגט מיט שפּאָט; זיין געלער, פערגאַמענט־טרוקענער שטערן האָט זיך נאָך צערונצלט מער ווי געוויינלעך, זיין שוואַרץ־געפאַרבטע, דריי־עקיקע באָרד איז טויט געהאַנגען אַרום די אויסגעטרוקנטע ליפּן און די פאַרגילדטע ציין. קעניג מאַלוק האָט אָבער געזאָגט: „דו טוסט זייער קלוג, וואָס דו גייסט קיין מזרח. עס איז בעסער פאַר דיר און אויך פאַר מיר, ווען קייזער דאָמיציאַן וועט דאַרפן שטעלן די פאָדערונג דיך אויסצוליפערן נישט אונז, נאָר אַרטאַבאַנען; ווייל די רעזידענץ פונם גרויס־קעניג ליגט ווייטער פון אַנטיאָכיע, ווי מיין רעזידענץ, און ער האָט אַ דיקערן פאָרהאַנג, הינטער וועלכן ער קאָן דיך אויסבאַהאַלטן. איך גיב דיר מיט אַ שמירה וואָס וועט דיך ברענגען בשלום צום הויף פון גרויס־קעניג. דיין וועג איז אפשר נישט אַזוי זיכער, ווי דו מיינסט".

הערנדיק דעם קעניג רעדן, האָט ווארא געהאַט אַ געפיל, וואָס ער האָט שוין לאַנג נישט געקענט: אַ געפיל פון פרומקייט. ווי ווירדיק און גרויס מאַכט אים דערדאָזיקער מזרח־קעניג דעם אָפשיד, וועלכן ער, ווארא, האָט באַגערט צוליב אַזעלכע נוצלעכ־

קייט־צוועקן. די מזרח־מענטשן זענען בעסער פאַר די רוימער, מענטשלעכער, קולטיווירטער. וואַראַ איז אַ ביסל צוריקגעטרעטן און האָט שאַרף אָנגעקוקט דעם קעניג און דעם אויבער־פּריסטער, מאַלוקס שטיל פּנים מיט די מילדע, אויסגעקיילעכדיקטע אויגן און דער אויסגעקרימטער, פליישיקער נאָז און שאַרביִלס צע־רונצלטן קאָפּ, וואָס איז ווי פאַרוואַקסן געווען מיטן שפּיציקן פּריסטער־הוט. „איך דאַנק דיר, אָ מיין קרוב און גרויסער קעניג”, האָט ער געזאָגט אויפריכטיק, האַרציק, „און אויך דיר, אויבער־פּריסטער, וואָס איר טראָגט נישט אויף מיר קיין שנאה צוליב מיין עצה אין ענין מיטן דאָזיקן נעראָן”. מאַלוק אָבער האָט אים אויך אָנגעקוקט גלייך אין פּנים אַריין און דערווי־דערט: „איך האָב נישט צו דיר קיין שנאה”. און מיט יראת־הכבוד האָבן זיי באַגריסט, — אויסשטרעקנדיק הויך די הענט מיט די דלאָניעס געווענדט צו אים, — זייער גאַסט, דעם מערב־מאַן, וועלכער פאַרלאָזט זיי אפשר אויף אייביק.

וואַראָ האָט גענומען די שקאַטולקע מיט די דאָקומענטן און זיין טאָכטער מאַרציאַ און איז אָפּגעפאָרן קיין דרום־מזרח, צום הויף פון אַרטאַבאַן.

# 11.

## דער גרויס-קעניג

אין קטעסיפאָן, דער מערב-רעזידענץ פון די פּאַרטער, האָט אים די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט ווייטער נישט געלאָזט פאָרן; זיי האָבן אים געהייסן וואַרטן ביז דער גרויס-קעניג וועט זיך אומקערן נאָכן זיגרייך-פאַרענדיקטן קריג.

וואַראַ האָט געוואַרט. ער איז געזעסן ביי די מיניסטאָרן, גערעדט וועגן זיין נעראָן, האָט געוויזן דעם בריוו פון פאַרשטאָרבענעם פּאַרטישן הערשער, פון גרויסן וואָלאָגעז, אין וועלכן דער דאָזיקער דריקט אויס זיין באַוווּנדערונג און זיין דאַנק פאַר דער קלוגשאַפט, מיט וועלכער וואַראָ האָט צוגעהאָלפן צו פאַרענדיקן דעם קריג צווישן רוים און די פּאַרטער. ביי דער גאַנצער העפלעכקייט אָבער האָבן די מיניסטאָרן גענומען זיין ענין נישט אַזוי ערנסט, ווי ער האָט געהאָפט. עס האָט געדויערט אַ שטיקל צייט, ביז וואַראָ האָט דערקענט, אַז זיין אונטערנעמונג האָט פאַרלוירן אַ טייל פון איר באַדייטונג, ווען מען באַטראַכט עס פון שטאַנדפּונקט פון קטעסיפאָן. ער איז געוווינט געווען צום פעלקער-יריד פון רוים; אָבער אין קטעסיפאָן האָט די וועלט אויסגעזען ברייטער, די פּאַרטער האָבן געהאַט באַציִונגען מיט פעלקער, וועלכע וואַראָ האָט קוים געקענט לויטן נאָמען און וואָס זייערע נעמען וועט ער זיך קיינמאָל נישט אויסלערנען אַרויסצורעדן. סקיפּישע, אַלאַנישע, אפילו כינעזישע שלוחים האָבן געוואַרט אויף אַן אוידיענץ ביים גרויס-קעניג. וואַראָ האָט באַגריפן, אַז אפילו דאָס עכטע רוים איז פאַרן הויף פון קטעסיפאָן נישט דער צענטר פון דער וועלט, שוין אָפּגערעדט פון קינסטלעכן רויב נעראָנס. שעהנ-

ווייז פלעגט ער זיך פאַרקומען קליין, ווי אַ פּראָווינצער, און זיין האָפענונג אויפן דאָזיקן הויף איז אים פאַרגעקומען זינלאָז.

אָבער ווען דער גרויסקעניג האָט זיך צוריקגעקערט, האָט וואַראַ אומגעריכט שנעל באַקומען די געבעטענע אוידיענץ.

דער צערעמאָניאַל איז געווען שטרענג. אַ פאָרהאַנג האָט פאַרדעקט אַ טייל פון ריזיקן טראָן-זאַל. דעם קעניגס וואָך איז געשטאַנען לענגאויס די ווענט. שררות, די פּנימער געווענדט צום פאָרהאַנג, האָבן אויסגעבילדעט אַ גרויסן האַלב-קרייז. דאַן האָט זיך דערהערט אַ שטים: „די מאַיעסטעט פון קעניג פון די קעניגן האָט זיך אַוועקגעזעצט", מען האָט פאַרצויגן דעם פאָרהאַנג און מען האָט דערזען דעם גרויס-קעניג.

ער איז געזעסן אויף אַ גאָלדענעם, פון איידלשטיינער בליצנדן טראָן, אַרומגערינגלט דורך פּריסטער; לעבן זיין זייט האָט געברענט דאָס הייליקע פייער. דער אָרנאַט איז פון אים אַראָפּגעפאַלן שווער און אומבאַוועגלעך. די קרוין האָט געשוועבט איבער זיין קאָפּ, אַראָפּהענגענדיק פון סופיט אויף דיקע שטריק. זיין פּנים איז גרעסטנטיילס פאַרדעקט געווען דורך אַ מעכטיקער, קונציק-געקניפּטער באָרד, באַשאָטן מיט גאָלד-שטויב.

די שררות זענען אומגעפאַלן מיטן שטערן צו דער ערד, ווען מען האָט געמאָלדן, אַז דער קעניג האָט זיך אַנידערגעזעצט. אויך וואַראַ האָט געקניט. ער האָט דערלאַנגט זיין מעמאָראַנדום. אַרטאַבאַן האָט עס געהייסן פאָרלייענען און געלאָזט ענטפערן, אַז ער וועט דעם אינהאַלט גנעדיק באַטראַכטן. דאַן האָט זיך דער פאָרהאַנג ווידער פאַרמאַכט און די גאָלדענע דערשיינונג פון דער מזרח-מאַיעסטעט איז פאַרשוווּנדן. נאָך איידער וואַראַ האָט פאַרנומען איר שמים. די אוידיענץ, האָט זיך געדאַכט, איז פאַרענדיקט.

דאָס איז נישט געווען אַזוי. וואַראַ, וועלכער איז געווען אַנטוישט, וואָס דער גרויס-קעניג האָט אים נישט געזאָגט כאָטש אַ פּאָר פרײַנדלעכע ווערטער, איז צו זיין אָנגענעמער איבער-

ראַשונג אויפגעקלערט געוואָרן, אַז די מאַיעסטעט וועט אים תּיכּף אויפנעמען אין אַ צווייטער, פּריוואַטער אודיענץ.

דער הויף און די שמירה זענען אַוועק. וואַראָ איז געבליבן אַליין אין ריזיקן זאַל.

אומגעריכט איז פֿון אונטערן פֿאָרהאַנג דערשינען אַ קליינער הער. ער האָט געהאַט אַ רונדן קאָפּ; זיין באָרדלאָז פּנים אונטער די טיף-שוואַרצע האָר איז געווען איבעראַשנדיק ווייס. בלויז לויטן אָרנאַט האָט וואַראָ דערקענט דעם גרויס-קעניג.

צוזאַמען מיט דער קרוין און דער באָרד האָט ער אויסגעטון פֿון זיך די מאַיעסטעט און דעם צערעמאָניאַל און האָט אַרויסגעוויזן אָנגענעמע, פֿריינטלעכע מאַניערן. אָן שום קונצן איז ער גלייך צוגעטרעטן צו דער טעמע, צום „עקספּערימענט“, ווי ער האָט באַצייכנט נעראָנס ענין. זיין גריכיש איז געווען שלעכט, אָפּט האָט ער געמוזט זוכן דאָס ריכטיקע וואָרט, פֿונדעסטוועגן האָט ער אַרויסגעבראַכט יעדן ניואַנס. די הויפּט-שולד, האָט ער געהאַלטן, פֿאַרן דורכפֿאַל פֿונם „עקספּערימענט“ טראָגט דער נישט תּמיד זיכערער „פּראַן“ פֿון נעראָנען. „דערדאָזיקער „פּראַן“, האָט ער באַמערקט האַלב-איראָניש, „הערט אויף צייטנווייז צו ווירקן. מיין הויפּט-מאַגיקער דערקלערט אפֿילו, אַז דאָס איז אוממעגלעך. אָבער ער איז נישט גערעכט. דאָס באַווייזט דער ביישפּיל פֿון אייער נעראָן. ווען אייער נעראָן האָט זיך אַנטשלאָסן צו יענער בלוטיקער נאַכט אָדער צום אַנטלויפֿן, האָט זיין „פּראַן“ דאָן געמוזט ווערן אומווירקזאַם. איר, מיין וואַראָ, אַלס קלוגער מלוכה־מאַן, האָט אייגנטלעך געדאַרפֿט זאָרגן דערפֿאַר, אַז נעראָן זאָל אין אַזעלכע צייטן נישט אָננעמען קיין באַשלוסן“.

ביי דידאָזיקע מערקווירדיקע פּאָליטישע און טעאָלאָגישע אויספֿירונגען איז וואַראָן געוואָרן אַ ביסל אומהיימלעך; ער האָט הינטער דעם געשפּירט דעם געהיימען חוזק פֿון אַ מענטש, וואָס האָט אויבער-האַנט. מיט אומצופֿרידנקייט האָט ער איינגעזען, אַז דערדאָזיקער קעניג, הגם ער האָט געלעבט ווייט פֿון די געשעענישן, האָט באַמערקט דעם הויפּט-פֿעלער, וועלכן ער, וואַראָ,

איז באַגאַנגען און וועלכן ער אַליין האָט קיינמאָל נישט געוואָלט צוגעבן. צוליב זיין קליינלעכן פּריוואַטן האַס קעגן קנאַפּסן און טרעבאָנען האָט ער אַרויסגעלאָזט פון אויג דאָס וויכטיקסטע: דאָס באַשעפעניש, זיינע ענדערונגען און געפילן. אין זיין אומבאַגרייפלעכער פאַרבלענדונג האָט ער פאַרגעסן, אַז אַ מענטש, אַפילו אָן זעלבשטענדיקע אידעען און אָן אַן אייגענער פּערזענלעכקייט, באַקומט אַן אינהאַלט און אַ נייַ וועזן אין דעם אויגנבליק, ווען מען לייגט אַריין אין זיינע הענט מאַכט. די פונקציע פון מאַכט-אויסאיבן ענדערט דאָס וועזן פונם מאַכט-טרעגער. מאַכט, קרעדיט, רום שאַפן פּערזענלעכקייט און גיבן געשטאַלט אויך דעם יעניקן, וועמען די נאַטור האָט דאָס קיינמאָל נישט געגעבן. דאָס האָט ער באַדאַרפט וויסן. ער האָט דאָס אָבער נישט געוווסט אָדער נישט געלייגט קיין אַכט דערויף. ווי פריינטלעך-מילד, ווי מליצהדיק-טעאַלאָניש עס זאָלן נישט זיין דעם גרויס-קעניגס געדאַנקען, — זיי באַווייזן, אַז אַרטאַבאַן האָט זיין, וואַראָס, פעלער און זיין אומפאַרציילעכע נאַכלעסיקייט קלאָר דערקענט.

און ער האָט גאַווהדיק געגלייבט, אַז דאַ, ביים הויף פון די פּאַרטער, וואַרטן זיי נאָר, ער זאָל זיי קומען לערנען. דער דאָזיקער קעניג, ווייזט זיך אַרויס, האָט אַ סך אַ שאַרפערן בליק, ווי ער, סיי פאַר מענטשן און סיי פאַר דער פּאָליטישער ווירקלעכקייט.

וואַראָ איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט מענלעך געקאָנט מודה זיין אויף זיינס אַ פעלער. און פשוט, אָן קונצן, האָט ער געזאָגט: „איר זענט גערעכט, מאַיעסטעט. אייער פאָרוווּרף האָב איך פאַרדינט".

דאָסדאָזיקע זאַכלעכע מודה זיין זיך איז אַרטאַבאַנען געפעלן געוואָרן. ער האָט פאַרלאָזט די פיינלעכע טעמע און פריינטלעך אויפגעפאָדערט דעם אַנדערן: „יאָ, מיין ליבער וואַראָ, און איצט זאָגט מיר, ווי אַזוי שטעלט איר זיך פאָר די שאַנסן פון אייער נעראָ, נאָכדעם ווי ער איז אַנטלאָפן פון עדעסאַ".

ווארא האָט דעם קעניג דערקלערט דאָס, וואָס ער האָט נעהאָט צוגעגרייט. צוליב אויסערלעכע און אינערלעכע סיבות וועלן נעראָן און זיין הויף, אין קעגנזאַץ צו די פלאַווישע קיסרים, ערלעך איינהאַלטן דעם פריינטשאַפטס־אָפּמאַך מיט די פּאַרטער. זיי ווייסן, אַז די ציוויליזאַציע קאָן ווירקזאַם פאַרטיידיקט ווערן נאָר אין געמיינשאַפט מיט די פאַרטער קעגן די צפון־באַרבאַרן. ער האָט גערעדט אָן באַגייסטערונג; עס איז אים געווען אומאָנגענעם צו דרעשן פאַרן קעניג אַזעלכע ביליקע פראַזן.

און אַרטאַבאַן האָט טאַקע נאָך עטלעכע זאַצן איבערגעריסן זיין פּלוידעריי מיט אַ העפלעכער, אָבער אַנטשלאָסענער האַנט־באַוועגונג. „מיין ליבער ווארא“, האָט ער געזאָגט, „דידאָזיקע אַלגעמיינע באַטראַכטונגען זענען מיר נישט אומבאַקאַנט. מיר איז אויך נישט אומבאַקאַנט, וואָס מען קאָן זאָגן קעגן אַריינלייגן נאָך געלט און מיליטער אין אייער אונטערנעמונג, נאָך די פעלערן, וואָס אייער נעראָן איז באַגאַנגען. בלויז אין איין פּונקט איז מיר נאָך נישט אַלץ קלאָר: וואָס זענען די מאָטיוון, צוליב וועלכע איך זאָל נאָך איצט ווייטער שטיצן אייער אונטערנעמונג. אָט וועגן וואָס איך וואָלט געוואָלט האָבן פון אייך, אַלס נעראָנס פאָרשטייער, אינפאָרמאַציעס“.

טרוקן און זאַכלעך האָט ווארא מודה געווען, אַז נאָכדעם ווי ער האָט צוגעלאָזט, דער קייזער זאָל אַנטלויפן, האָט ער פאַרלוירן די האָפענונג, אַז נעראָנס הערשאַפט קאָן דערפירט ווערן ביזן פּאַלאַטין. אָבער ער גלייבט נאָך אויך היינט, אַז עס איז מעגלעך צוזאַמענצושליסן די קליינע מלוכות צווישן חדקל און פרת און אפילו אַ באַדייטנדע טייל פון יענעם ברעג פרת צו אַ גרויסער צוויש־מלוכה אונטער אַ הערשער, וואָס זאָל מיטן פּרעסטיזש פון נעראָנס נאָמען פאַראייביקן הכנעה פאַרן גרויס-קעניג.

„יאָ“, האָט אַרטאַבאַן געענטפערט, „אויך איך זע אַזוי די סיטואַציע. אין בעסטן פאַל וואָלט איך געקאָנט שטאַרקן מיין השפעה אין מעסאָפּאָטאַמיע. דאָס הייסט, — אַז אויך נאָך אייער מיינונג קאָן איך אין בעסטן פאַל באַקומען אַ ריווח, וואָס שטייט

ייִשט אין קיין שום פּאַרנופטיקער פּראָפּאָרץ צו דער אומגעהייע־רער ריזיקע, וועלכע דאָס פאָדערט פון מיר".

וואַרראָ האָט גאָרנישט געענטפערט. אויף דערדאָזיקער פעסטשטעלונג האָט מען גאָרנישט געקאָנט דערווידערן. זי איז ריכטיק. ער האָט פאַרשפּילט. עס איז געענדיקט. „זאָל איך צו־ריקפאָרן קיין עדעסאַ?" האָט ער געפרעגט.

„שפּילט נישט פאַר מיר די ראָל פון אַ העלד", האָט דער גרויס־קעניג געענטפערט כמעט מיט ערגער. „איר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז דער אומקער קיין עדעסאַ באַדייט אייער אויסליפע־רונג און זיכערן אומקום. זעלבסטפאַרשטענדלעך פרייט מיך צו האָבן ביי מיין הויף אַ מענטש, וועמען מיין גרויסער פאַרגייער פאַלאַגעז איז שולדיק געווען אַ דאַנק און וועלכער האָט זיך גע־שטעלט אויף מיין זייט דאַן, ווען איך בין נאָך געווען קליין און אָן באַדייטונג. איר און אייער נעראָן זענט ביי מיר אָנגעלייגטע געסט. לײַדער מוז איך דידאָזיקע פריינטשאַפט פון פאָראויס באַ־גרענעצן. אויב זי וועט שטעלן אין סכנה דעם שלום פון מיין מלוכה, וועל איך זי מוזן אויפגעבן".

„לאָזט זיך דען אַזאַ פאַל פאָרשטעלן?" האָט וואַרראָ גע־פרעגט אַ ביסל נאַריש.

„עס איז זייער מעגלעך", האָט אַרטאַבאַן ערנסט געענט־פערט. „אויב דאָמיציאַן איז קלוג, וועט ער מיר פאָרשלאָגן אָנ־שטענדיקע האַנדלס־אָפּמאַכן און ער וועט זיך נישט אָפּזאָגן פון אַ פאַרנונפטיק רעגולירן די מיליטערישע פאַרהעלטעגישן אין צווישנשטראָמלאַנד. וועט ער דאָס אָבער פאַרבינדן מיט דער פאָדערונג איך זאָל זיך אָפּזאָגן פון אייך און אייער נעראָן, דאַן האַלט איך זיך נישט פאַר באַרעכטיקט אָפּצוּוואַרפן דידאָזיקע פאָ־דערונג. מען קאָן נישט שטעלן אין סכנה דעם שלום פון צוויי הונ־דערט מיליאָן מענטשן צוליב דער פערזענלעכער טובה פון אַ יחיד. אַזאַ מענטש ווי לוציוס טערענציוס וואַרראָ מוז דאָס פאַר־שטיין".

יאָ, וואַרראָ האָט עס פאַרשטאַנען. פונדעסטוועגן איז וואַרראָ

בעוועז אין דער מיינונג, אַז דער דערדאָזיקער קלוגער, אַנשטענדיקער און הומאַנער קעניג פאָדערט שוין פון זיין פאַרשטענדעניש צופיל. ער וויל אים נישט נאָר אויסליפערן, נאָר ער פאָדערט אויך, אַז וואַראָ גופא זאָל זאָגן „יאָ“ צו דערדאָזיקער אויסליפערונג.

## 12.

# דער פאַרבאָרגענער

נבֿיא־טערענץ האָט אינצווישן געוואַנדערט זיין, ווייטן וועג. נאָך אין דער זעלביקער נאַכט, ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט יאָהאַנעסן, איז ער אַוועק טיף אין סטעפּ. בייטאָג האָט ער זיך פאַרבאָרגן, ביינאַכט האָט ער ווידער געוואַנדערט כּסדר צו דרום־מזרח און אַזוי אויך די דריטע נאַכט. ער איז צופרידן געווען פון זיין איינזאַמקייט. די איינזאַמקייט פון מדבר האָט אים געהאָלפן ווידער צונויפלאַטען זיין שטאַרק־באַשעדיקטן „פּראָן“. דעם דריטן טאָג האָט ער געשפּירט אַ שטאַרקן הונגער און דורשט; אָבער אין זעלבן דריטן טאָג איז זיין „פּראָן“ ווידער געווען פולשטענדיק אין אָרדענונג, אַזוי, אַז ער האָט זיך אין אים ווידער געקאָנט איינהילן. ער האָט זיך איינגערעדט, אַז בלויז די שיין, וואָס שטראַלט אַרויס פון אים, האָט דעם ווילדן יאָהאַנעס געשטערט אים אָנצורירן און דער גורל וועט אים זיכער נישט לאָזן אונטערגיין. און אין אַ טאָג אַרום איז ער, אַן אויסגעשעפּטער, געפונען געוואָרן דורך בעדואינער.

ווען ער האָט דערקלערט, אַז ער וויל קומען צום הויף פונם גרויס־קעניג, האָבן זיי מיט חשד געפרעגט, וואָס ער האָט דאָרט צו טון, און ווען ער האָט אָנגעהויבן האַלטן פאַר זיי גרויסע טונקעלע רעדעס, האָבן זיי אים אָנגענומען פאַר אַ שווינדלער, אַן אַנטלאָפענעם לייבאייגענעם אָדער עפּעס ענלעכס, און האָבן אים

געהייסן טון זייער נידעריקסטע און שווערסטע אַרבעט. ער, אין באַוווסטזיין פון זיין „פראַן", האָט זיי נישט באַערט מיט קיין ענטפער, ער האָט זיך פשוט אָפּגעקערט פון זיי, געמאַכט אַ פאַר טריט און זיך אַנידערגעזעצט, אַן איינגעקורטשעטער. זיי האָבן אים געשלאָגן, ער איז אָבער פאַרבליבן ביי זיין שווייגנדן ווידערשטאַנד. אָבער זיין ערנסט און מאַיעסטעטישקייט, מיט וועלכע ער האָט איבערגעטראָגן זייערע פייניקונגען און זיין עלנט, האָבן מיט דער צייט געמאַכט אַן איינדרוק אויף זיי. אמת, פאַר זיין דערקלערונג, אַז ער איז דער קייזער נעראָן, האָבן זיי געהאַט בלויז אַ קליין, פאַראַכטנדיק געלעכטער. אָבער אומפאַמערקטערהייט האָבן זיי פאַרגליכן זיין פנים מיטן פנים פון יענעם מאַן, וועלכן זיי האָבן געזען אויף די מטבעות און עס האָט זיי אַרומגעכאַפּט אַ שרעק, טאָמער זענען זיי באַגאַנגען אַ גרויסע נאַרישקייט. זיי האָבן זייער אומבאַקוועמען געפאַנגענעם פאַרקויפט צו אַן אַנדערן שטאַם.

נעראָן האָט עס גלייכגילטיק אויפגענומען. גראָד זיין אומגליק איז פאַר אים געווען אַ באַשטעטיקונג, אַז די געטער אָנערקענען זיינע גרויסע אַמביציעס. כדי צו שפּירן אינגאַנצן, וואָס אַזוינס עס איז קייזערטום, כדי צו זיין נעראָן ביז די טיפסטע טיפענישן פון זיין וועזן, האָט ער אויך געמוזט איבערלעבן נעראָנס פאַלן, נישט נאָר זיין אויפשטייג און גלאַנץ. און דאָס שלעכטס, וואָס האָט אים געטראָפן, איז אים געווען פונקט אַזוי ליב, ווי דאָס גוטע, און ער האָט אָן אינערלעכן ווידערשטאַנד אַריבערגעטראָגן זיין גורל אויך ביים דאָזיקן צווייטן בעדואינער־שטאַם, וואָס האָט אים באַהאַנדלט נישט אַנדערש, ווי דער ערשטער. אויך אויף זיינע נייע הערן האָט ביסלעכווייז געווירקט זיין שטילער ווידערשטאַנד, זיי האָבן אים אָנגעהויבן האַלטן גיכער פאַר אַ נאַר, ווי פאַר אַ שווינדלער, און היות נאַראָנים זענען ביי זיי נישט נאָר לעכערלעך, נאָר אויך הייליק, האָבן זיי אים אי אויסגעלאַכט, אי פאַרהייליקט. אָבער אומהיימלעך איז ער פאַרט געווען פאַר זיי און זיי זענען צופרידן געווען, ווען זיי האָבן אים

ביי אַ געלעגנהייט אַנגעווירן, אָדער ריכטיקער — זיי האָבן אים פשוט אונטערגעוואָרפן.

און איצט האָט זיך אָנגעהויבן נעראָנס לאַנגע, פיינלעכע וואַנדערונג דורך דעם מדבר. אַ סך מאָל האָט ער זיך שוין געפונען ביים לעצטן ראַנד פון זיין קראַפט, אָבער גראָד די דאָזיקע שרעק־לעכע בלאָנזשעניש האָט פאַרענדיקט זיין פאַרוואַנדלונג אין אמתן נעראָן. ער האָט געגאָסן די העכסטע אויסשעפונג און פאַרניכטונג, און האָט פאַרהאַרטעוועט זיין גלויבן, אַז ער איז דער פולקאָמ־סטער רעפּרעזענטאַנט פון דער מענטשהייט — דער קייזער.

נאָך אַ סך עלנטע און לעכערלעכע אַוואַנטורעס איז ער ענדלעך אַריינגעפאַלן, אַ האַלב־פאַרדורשטיקטער, אין דער אונטער־ערדישער מדבר־שטאָט האַמאַ. ווען ער איז אָנגעקומען, זענען דאָרט געווען בלויז ווייבער, זקנים און קינדער; די מענער האָבן זיך געפונען אויף זייער יאָר־יערלעכן רויב־אַרויספאָר. די וואָכן אין האַמאַ זענען נישט געווען קיין שלעכטע צייט פאַר נעראָנען, אויך דאָ האָבן די קינדער און די פרויען נישט געוווסט, צי זאָלן זיי אים האַלטן פאַר אַ שווינדלער, אַ נאַר אָדער אַ גרויסן האַר, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַן אומגליק. ער איז זיי אָבער געווען סימפּאַטיש; ביים זיצן שוויגנדיק אין זיין הייל־צימער פלעגט ער אויסשטראָמען פון זיך חשיבות, מילדקייט און מאַיעסטעטישקייט. קינדער, זקנים און ווייבער פלעגן זיך זאַמלען אַרום אים און לאַנג אים באַטראַכטן מיט שרעקעוודיקן נייגיר. פון צייט־צו־צייט פלע.ט ער זיך לאָזן איינבעטן און נעמען דערציילן. ער פלעגט דערציילן גרויסאַרטיק, ווי איינער פון די בעסטע מעשהלעך־דערציילער. די איינוווינער פון דער שטאָט האַמאַ פלעגן אויס־הערן זייער מערקווירדיקן גאַסט און אים געהאַלטן ביי זיך ביז די מענער וועלן קומען און באַשליסן וועגן זיין ווייטערדיקן גורל.

אָבער נאָך איידער די מענער האָבן זיך צוריקגעקערט, זע־נען אָנגעקומען שלוחים פונם גרויס־קעניג. נאָכדעם ווי אַרטאַבאַן האָט זיך אַנטשלאָסן פאָרלויפיק אָנערקענען נעראָנען ווי ביז איצט,

האָט ער אַרויסגעשיקט זיינע אויסגעבילדעטסטע שפּיאָנען און אַגענטן, זיי זאָלן זוכן דעם פאַרלוירענעם, און זיי איז געלונגען דאָס, וואָס וואַראַס מענטשן איז נישט געלונגען: זיי האָבן אויפגעזוכט דעם פאַרבאָרגענעם. זיי זענען דערשינען, און צו דער גרויסער דערשטוינונג פון דער שטאָט האָמאַ, האָבן זיי זיך געוואָרפן צום פּרעמדנס פיס, מיטן שטערן צו דער ערד, און אים באַגריסט אַלס האַר פון דער מערב-וועלט.

נעראָן גופא איז לחלוטין נישט געווען איבערראַשט, ווען די שלוחים פונם גרויס-קעניג האָבן אים אויף אַזאַ אופן פאַרערט. איינזאַם און עלנט איז ער אַנטלאָפן פון עדעסאַ. מיט פּראַכט, געפירט ווי אַ קייזער, וועט ער אַריינמאַרשירן קיין קטעסיפאָן. אַזוי דאַרף עס זיין און דעריבער איז זיך נישטאָ וואָס צו וווּנדערן. די וועלט איז גוט איינגעאָרדנט, און אַלץ, וואָס איז מיט אים געשען, ווייזט זיך אַרויס אַלס זינפול. די געטער האָבן געוואָלט, עס זאָל דערשיינען אַ נייער, אַ ביז איצט פאַרבאָרגענער נעראָן, דער פולקאָמענער נעראָן, און דעריבער איז דאָס אַלץ געשען. איצט האָט ער פאַרענדיקט דעם קרייז. איצט איז זיין נשמה, ווי עס פּאַסט פאַר אַ קייזער, געפּאַנצערט פאַר די נסיונות סיי פון פּראַכט, סיי פון עלנט. עס איז מסכים מיט זיין גורל, ער האָט באַגריפן זיין זין, קיין שום זאַך קאָן אים מער נישט אַרויסוואַרפן פון זיין זיכערקייט.

ער האָט זיך געלאַסן, מיט גרויס רו געלאָזט פּרעכטיק באַקליידן דורך אַרטאַבאַנס שלוחים און זיך געלאַזט אַריינפירן, מיט אַ פייערלעכן צוג, קיין קטעסיפאָן. אויפן גאַנצן, לאַנגן וועג האָט מען אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד. אַלע האָבן געשפּירט אין אים דעם אָטעם פון דער מאַיעסטעט. אומצאָליקע מאַסן האָבן זיך געוואָרפן אויף די קני, ווען ער איז פאַרבייגעפאָרן, און אָנגעקלאַפּט מיטן שטערן די ערד, ווי פאַרן גרויס-קעניג.

אפילו וואַראָ איז איבערראַשט געווען, ווען ער האָט באַגעגנט זיין נעראָן אין קטעסיפאָן. דערדאָזיקער נעראָן איז דורך די אינערלעכע און אויסערלעכע ליידן פון די לעצטע חדשים

שמעלער געוואָרן, זיין געזיכט איז געווען ווייניקער פליישיק, אין זיינע רויט-בלאָנדע האָר האָבן זיך דורכגעוואָרפן די ערשטע ווײַסע, און אַרום זיינע ליפּן האָט אָפּט געשוועבט אַ מילדער, מידער שמייכל. דעמדאָזיקן שמייכל איז שווער געווען בייצוקומען. אַ לײַכטע מטורפדיקייט האָט געווייעט אַרום דאָזיקן מאַן, ווי אַ פאַנצער פון לופט. דאָס איז שוין נישט געווען דאָס „באַשעפעניש", און עס איז נאָך געווען אַ גרויסע פראַגע, צי בײַ זיין גאַנצן ווילן און זיין גאַנצער ביטערקייט וועט נאָך וואָרע קאָנען באַהערשן דעמדאָזיקן נייעם טערענץ.

נעראָן האָט גערעדט ווייניקער, לאַנגזאַמער, קליגער. ער פלעגט כמעט נישט האַלטן פאָרן אויג דעם שמאַראַגד. ער איז מער נישט געווען נייגיריק; ער האָט אַלץ געזען, וואָס אַ מענטש קאָן נאָר זען, און האָט שוין מער נישט באַדאַרפט געבוי זיך צוצוקוקן, כדי עפּעס אַדער עמעצן צו דערקענען. אויף אים, וועלכער האָט שוין אויסגעמאָסטן אַלע הויכקייטן און אַלע טיפקייטן, האָט שוין קיינער און קיין שום זאַך נישט געקאָנט מאַכן קיין איינדרוק.

און ער האָט אפילו פאַרלוירן יעדע שפּור פון שרעק פאַר דער באַגעגעניש מיטן גרויס-קעניג, פאַר וועלכער ער האָט פריער צוריקגעוויכן, ווי פאַר אַ סכנה.

אמת, ווען ער איז געשטאַנען אין אַרטאַבאַנס טראָן-זאַל, האָט זיין „פּראָן" אָנגעהויבן אַ ביסל צו פאַרבלאַסן. עס האָט זיך אָנגעהויבן יענער גרויסאַרטיקער צערעמאָניאַל, וואָס איז באַשטימט צו איבערצייגן יעדן איינעם אין דער איינמאָליקייט, אין דער גאָט-ענלעכקייט פונם מזרחדיקן הערשער. דער פאָרהאַנג האָט זיך געטיילט, די קרוין האָט געשוועבט, די פּריסטער זענען געשטאַנען פייערלעך מיט זייערע גאָלדענע בערד, דאָס פייער פון „פּראָן" האָט געלויכטן, די פּרעכטיק-אָנגעקליידטע שררות האָבן זיך געוואָרפן צו דער ערד. נעראָנען איז נישט לײַכט אָנגעקומען דאָס בלײַבן שטיין אינמיטן פון נידערגעקניטן זאַל. אָבער ווען אַרטאַבאַן האָט זיין פּריינט, דעם מערב-קייזער, אָפּגעענטפערט

מיטן אייגענעם מויל, איז אויסגעלאָשן געוואָרן די גאַנצע בלענ־דענדיקע מאַיעסטעטישקייט, פאַר וועלכער אפילו אַ נעראָן האָט געמוזט לאָזן זינקען די אויגן. ניין, אַ מאַן מיט אַזאַ ניכטערנער, טרוקענער, אוממעלאָדישער שטים פאַרמאָגט נישט קיין מאַיעס־טעט. מיט טיפער באַפרידיקונג האָט נעראָן איינגעזען, אויף דער־דאָזיקער וועלט איז ער דער איינציקער, וועלכער באַזיצט דעם עכטן „פּראַן".

13.

# נערעכטיקייט איז דער פונדאַמענט פון מלוכות

צעיאָן האָט געשטראַלט. טערענץ און וואַראַ זענען אַנט־לאָפן. פיליפ און מאַלוק האָבן אַרויסגעוויזן זייער „גרייטקייט צו פירן אונטערהאַנדלונגען", דאָס הייסט: זיי האָבן אָנגעבאָטן זייער הכנעה אין פאַרשלייערטע, בלומיקע אויסדרוקן. אמת, עס איז נאָך געבליבן דער זיגרייכער אַרטאַבאַן. אָבער צעיאָן האָט גובר גע־ווען זיין שטאָלץ און איז גרייט געווען צו אָנערקענען אַרטאַ־באַנען. געשטיצט אויף זיין שלאָגפאַרטיקער אַרמיי, האָט ער גע־האַפט אַרויסצופּרעסן פונם גרויס־קעניג זייער אַ סך פאַר דערדאָ־זיקער אָנערקענונג, צווישן אַנדערס אייך די אויסליפערונג פון וואַ־ראָן און טערענצן. ער האָט זיך געפרייט צו קאָנען אַרויסשלעפן די חברהלייט פון זייער לעצטער באַהעלטעניש. ער האָט אָבער איינגעצוימט זיין אומגעדולד, כדי ווי מעגלעך צו שטאַרקן זיין פּאָ־זיציע. ער וועט פאַרהאַנדלען מיט אַרטאַבאַנען ערשט דאַן, ווען יענער וועט וויסן, אַז ער האָט פון רוים די באַפולמעכטיקונג צו מאַרשירן אין אַ נויט־פאַל. מיט גליקלעכער, יוגנטלעכער אומגע־דולד האָט ער געוואַרט אויף דער דעפּעשע פון רוים.

איר אינהאַלט איז געווען אַן אַנדערער, ווי צעיאָן האָט זיך

פאַרגעשטעלט. קייזער דאָמיציאַן האָט אים, אמת, געהייסן האַלטן גרייט די אַרמיי צו אַ מאַרש קיין מעסאָפּאָטאַמיע, אָבער: „ווייטערע אויפגאַבן", האָט דער בריוו געזאָגט, „האָבן מיר נישט פאַר אייך. אדרבה, מיר באַפעלן אייך, אַז ווי נאָר איר וועט די אַרמיי צוגרייטן צום מאַרש, זאָלט איר איבערגעבן די מאַכט דעם נייעם גובערנאַטאָר, וועלכן מיר וועלן שיקן, כּדי ער זאָל פאַרוואַלטן מיט אונזער סירישער פּראָווינץ. דערנאָך דערוואַרטן מיר אייך אין רוים".

צי־מענטשל איז איינגעשרומפּן געוואָרן. עס איז געווען אַ העלער, שיינענדער פרילינגס־טאָג, אָבער פאַר אים איז די וועלט פינסטער געווען. אויב אין די לעצטע חדשים איז ער יינגער געוואָרן אויף פינף יאָר, איז ער אין דערדאָזיקער מינוט עלטער געוואָרן אויף צען. מטורפדיקע פלענער האָבן גענומען וואַקסן אין זיין קאָפּ. ער, דער טרוקענער, געוויסנהאַפטער באַאַמטער, האָט מאָמענטנווייז געטראַכט וועגן איבערגיין אויף דער זייט פון די מורדים, צו וואַראָן און נעראָנען. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער געוווסט, אַז דאָס זענען בלויז פּוסטע פאַנטאַזיעס, און אַ לאַנגע צייט איז ער געזעסן פולשטענדיק אויסגעליידיקט. אַ נייער האַר וועט פירן די אַרמיי — זיין אַרמיי, וועלכע ער האָט אַזוי פּרעכטיק אָרגאַניזירט — איבערן טייך פּרת און מיט טריאומף — צוריק קיין אַנטיאָכיע. ער אָבער, צעיאָן, וועט סיקען אין רוים מיט זיין פאַרהילטן ארון, אַן אַלטער עובר־בטל, און אַלץ, וואָס עס וועט בלייבן פון אים אין מזרח, וועט זיין אַ געלעכטער און זיין צונאָמען: צי־מענטשל.

צעיאָנס לעבן האָט פאַרלוירן זיין זין. ער איז אָבער געווען אַ געוויסנהאַפטער באַאַמטער, ער האָט ווייטער געטון זיין פליכט.

שוין אין אייניקע וואָכן אַרום איז אָנגעקומען דער נייער גובערנאַטאָר. דאָס איז געווען רופוס אַטיל, אַ יונגער הער, מיט אַ פּנים, פון וועלכן מען האָט גאָרנישט געקאָנט קלוג ווערן, מיט אַ רויִק געמיט, מיט אויסגעצייכנטע מאַניערן. ער האָט זאַכלעך

און קיל אָנערקענט די אָרגאַניזירטקייט פון דער אַרמיי און גע־בעטן צעיאָנען נישט איילן זיך מיטן איבערגעבן די מאַכט, ביז ער וועט אים, רופוס אַטילן, גרינטלעך און לאַנגזאַם אַריינפירן אין אַמט.

דאָס זענען געווען פיינפולע וואָכן. צעיאָן איז נאָך געזעסן אין זיין פּאַלאַץ, אויסערלעך האָט ער נאָך פאַרמאָגט די מאַכט. אָבער די דירעקטיוון פון קייזער און פון סענאַט זענען שוין אָנ־געקומען צום צווייטן, דעם יינגערן, דעם עכטן מאַכטהאָבער, און אַלע מענטשן ווייסן, אַז ער איז שוין באַזייטיקט. ער איז שולדיק אין גרויסן תהו־ובֹהו, און דעריבער האָט מען געשיקט דעם צווייטן, ער זאָל אַלץ ווידער גוט מאַכן. ער אָבער מוז ווייטער רעפּרע־זענטירן, געבן אוידיענצן, אונטערשריבן.

ער האָט געבענקט נאָכן טאָג, ווען ער וועט אַרויפגיין אויף דער שיף, ווען ער וועט זיך שוין געפינען אויפן ים, ווייט פון די חוזקדיקע פּנימער פון מזרח. אָבער דערצויגן אין דער סטאָ־אישער לערע, האָט ער פאַרפרעסט די ליפּן און געטון זיין פליכט. רופוס אַטיל האָט מעשה פּראָטעזשע געשריבן קיין רוים, אַז ער קומט גוט אויס מיט צי־מענטשלען; ער איז אַ געוויסנהאַפטער באַאַמטער.

איינמאָל אָבער האָט דערדאָזיקער געוויסנהאַפטער באַאַמ־טער פאַרלוירן די אַזוי פיינלעך אָפּגעהיטענע קאָרעקטע האַלטונג. און דאָס איז געשען אָן שום אָפענער סיבה. רופוס אַטיל האָט זיך נאָכגעפרעגט ווי אַזוי ער וואָלט צום בעסטן גע־קאָנט צושטעלן וואָראָן אַ מיטטיילונג פון סענאַט, נישט אַרויס־רופנדיק דערביי קיין דיפּלאָמאַטישע פאַרוויקלונגען. צעיאָן איז רויט געוואָרן און, מיט מי זיך באַהערשנדיק, געפּ־עגט, צי קאָן ער וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. געוויס קאָן ער דאָס, האָט רופוס אַטיל דערווידערט און מיטגעטיילט, אַז דער סענאַט האָט אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל בנוגע וואָראָס אָנקלאָגע וועגן דעם אומגערעכט־אויפגעמאָנטן אינספּעקציע־שטייער. ער האָט אָנטשידן, אַז די אָנקלאָגע איז אַ גערעכטע, דאָס איז אַ בולטער פאַל פון

טאָפּל־באַשטייערונג, די מלוכה־קאַסע דאַרף וואַראָן אומקערן די זעקס טויזנט אומגערעכט־אויפֿגעמאָנטע סעסטערציעס. ווייטער האָט אַטיל מיטגעטיילט, אַז אין רוים וויל מען, אַז מען זאָל וואַראָן צושטעלן אָפֿיציעל נישט נאָר דעם אורטייל וועגן זיין פֿאַראורטיילונג פֿאַר הויכפֿאַרראַט, נאָר אויך דעם אורטייל וועגן דעם טאָפּל־שטייער.

און דאָ איז געווען דאָס אויסטערלישע. צעיאָ, דער סטאָאיקער, האָט מערערע מאָל אַראָפּגעשלונגען דאָס שפּייעכץ, זיך פֿלוצלינג אויפֿגעהויבן און אַרויסגערעדט מיט מי: „אַנטשולדיקט", און איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון צימער.

רופֿוס אַטיל איז געבליבן פֿאַרווונדערט. איז, הייסט עס, דאָ אַ טייל אמת אין דער מיינונג, אַז דער מזרח צעמורשט סוף־כּל־סוף דעם ניכטערסטן באַאַמטן און מאַכט אים מטורף.

14.

# רעאַל־פּאָליטיק

נאָך איידער רופֿוס אַטיל האָט פֿאָרמעל איבערגענומען זיין אַמט, איז ער צוגעטרעטן צו פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט אַרטאַבאַנען. די ספֿקות וועגן אַרטאַבאַנס לעגיטימקייט, האָט ער געשריבן, זענען באַזייטיקט געוואָרן דורכן זיג, ווי דורך אַ געטלעכער אַנטשיידונג, און רוים איז אין פּרינציפּ גרייט צו באַנייען מיט אים, אַלס דעם אָנערקענטן באַהערשער פֿון דער פּאַרטער־אימפּעריע, דעם טראַדיציאָנעלן פֿריינטשאַפֿטס־אָפּמאַך. פֿריער אָבער מוזן ליקווידירט ווערן די שטרייטיקייטן, וואָס זענען אין דער לעצטער צייט אַנטשטאַנען צווישן די ביידע אימפּעריעס. ביידע אימפּעריעס האָבן געשטערט די קעגנזייטיקע גוטע באַציִונגען: רוים — דורך אָנערקענען פֿאַקאָרן, אַרטאַבאַן — דורך אָנערקענען

דעם שווינדלער טעֶרענץ. דער נייער גובערנאַטאָר דעריוואַרט, אַז אַרטאַבאַן וועט .עמדאזיקן שווינדלער פונקט אַזוי ענערגיש לאָזן פאַלן, ווי רוים דעם פרעטענדענט פּאַקאָר. ער בעט דעריבער דעם גרויס-קעניג, ער זאָל ביים שווינדלער אָפּנעמען דאָס מיסברויכטע אַזיל-רעכט און אים, צוזאַמען מיטן פריערדיקן סענאַטאָר וואַראָ, אויסליפערן דעם באַפרײַנדעטן רוים.

אַרטאַבאַן האָט געגעבן אַן אָפּשלעפּנדיקן ענטפער. ער איז גרייט צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אויסליפערן דעם מאַן, וועלכן אַ סך באַטראַכטן אַלס רעכטלעכן קייזער; פריער אָבער מוז זיך רוים פאַרפליכטן נישט צו באַשטראָפן די מיט אים, דעם גרויס-קעניג, פאַרבינדעטע מעסאָפּאָטאַמישע פירשטן, וועלכע האָבן נאָכגעטון זיין ביישפּיל און געשטיצט נעראָנען.

אויפן באַזיס פון דעראָזיקער קאָרעספּאָנדענץ האָט זיך פאַרקניפּט אַ לאַנגער קו-האַנדל. רופוס אַטיל האָט דערקלערט זיין גרייטקייט צו פאַרזיכערן די מעסאָפּאָטאַמישע פירשטן אומבאַשטראָפטקייט, אָבער מיטן תּנאי, ער זאָל מעגן פאַרשטאַרקן אין זייערע שטעט די רוימישע גאַרניזאָנען. אַלס ענטפער דערויף האָט אַרטאַבאַן געפאָדערט הנחות פאַר זיינע אייגענע סטראַטעגישע פּאָזיציעס אין מעסאָפּאָטאַמיע. יעדער צד האָט געוווּסט, אַז דער צווייטער וועט נישט דערלאָזן איבעררייסן די אונטערהאַנדלונגען, יעדער צד האָט געקאָנט און זיך נישט געלאָזט בלאָפן, יעדער צד האָט געוווּסט, אַז מען דאַרף האָבן געדולד. עס האָט געדויערט וואָכנלאַנג, ביז מען האָט געקאָנט צוטרעטן אָפּצושליסן דעם אָפּמאַך אין זיין ענדגילטיקער פאָרם.

אָבער ענדלעך איז אויך דאָס פאַרענדיקט געווען, און עס איז געבליבן בלויז פעסטצושטעלן דעם טאָג, ווען מען זאָל זיך טרעפן מיט די ראַטיפיצירטע אָפּמאַכן.

דאַן האָט אַרטאַבאַן גערופן צו זיך וואַראָן. וואַראָ האָט געוווּסט, — דער גרויס-קעניג האָט אים געהאַט אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף ביי זייער ערשטער באַגעגעניש, — אַז אַרטאַבאַן

װעט נישט רײַזיקירן מיט אַ קריג מיט רוים, כּדי אים און טראָנען צו ראַטעווען, ער האָט נאַטירלעך געוווסט וועגן די אונטערהאַנ־דלונגען און אַז זייער אָפּשלוס וועט באַדייטן זיין אויסליפערונג. ער איז במילא צוגעגרייט געווען אויפן ערגסטן און האָט געהאָט אָנגענומען אויפן דאָזיקן פאַל אַ באַשלוס. ער האָט ליב געהאַט דאָס לעבן און וועגן „כּבֿוד" האָט ער קיין סך נישט געזאָרגט, אָבער פונדעסטוועגן וואָלט אים אין פאַל פון געשלאָסענעם אָפּ־מאַך קיין אַנדערע זאַך נישט געבליבן ווי אַראָפּשלינגען גאָלד־שיי־בעלעך אָדער אויפשניידן זיך די אָדערן. ער האָט באַגריפן און אַפּראָבירט די האַלטונג פונם גרויס־קעניג; פונדעסטוועגן האָט ער איצט געזען אין אים בלויז דעם ריכטער, דעם תּלין, דעם פיינט, און אַ שווער, איבלדיק געפיל איז דעם תּמיד מוטיקן מאַן אַרויפגעשטיגן פון מאָגן און געמאַכט שלאַף זיינע קני.

דער גרויס־קעניג האָט אויף זיין זאַכלעכן שטייגער דער־ציילט וועגן די אונטערהאַנדלונגען, אים געגעבן דעם נוסח פון אָפּמאַך, אויפגעפאָדערט אים דורכצולייענען רויק און דאַן אים זאָגן זיין מיינונג.

וואַראָ האָט געלייענט און וואַראָ האָט געזען, דער אָפּמאַך, וואָס האָט רעגולירט די מיליטערישע, פּאָליטישע אוןווירטשאַפט־לעכע באַציִונגען צווישןביידע אימפּעריעס אין אַלע איינצלהייטן, איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך צוויי מענטשן, וואָס זענען ביי־דע איבערצייגט געווען, אַז אַ פאַרשטענדיקונג איז בעסער פאַר אַ קריג, און ביידע זענען גרייט געווען צו געבן לטובֿת דער פאַרשטענדיקונג אַ ביסל מער, ווי זיי זענען געצוווּנגען געווען צו געבן, און באַקומען אַ ביסל ווייניקער, וויפיל זיי זענען אימ־שטאַנד געווען צו באַקומען. דאָס איז געווען אַ קלוגער און דורשטנטלמענישער אָפּמאַך, אַ ווייטזיכטיקער, נישט צו שטייף און נישט צו עלאַסטיש, און אויפן סמך פון דאָזיקן אָפּמאַך האָט גע־קאָנט הערשן אַ לאַנג־דויערנדער שלום צווישן רוים און דער פּאַרטער־אימפּעריע. אין דאָזיקן קלוגן און אָנשטענדיקן אָפּמאַך איז אויך געווען אַ פּונקט וועגן דעם, אַז דער גרויס־קעניג פאַר־

פליכטעט זיך אַרויסצוגעבי דער רוימישער מאַכט די מענער מאַקסימוס טערענץ און טערענציוס וואַראָ.

דער צַכמאַך איז געווען גרויס און האָט פאַרמאָגט אַ סך צוגאָב-דאָקומענטן. וואַראָ האָט לאַנג געלייענט, דער גרויס-קעניג איז געזעסן דערלעבן און אים נישט געשטערט. וואַראָ האָט גענומען די בלעטער, איינס נאָכן צווייטן, זיינע ברוינע, לאַנגע אויגן אונטער דעם מעכטיקן שטערן און איבער דער שטאַרקער, געבויגענער נאָז האָבן זיך אויפמערקזאַם באַוועגט פון לינקס אויף רעכטס און דאַן ווידער שנעל צוריק פון רעכטס אויף לינקס, פון שורה צו שורה. ער איז געזעסן נאָכלעסיק, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און געלייענט. ער האָט גוט געלייענט און קלאָר אויפגענומען יעדן פרט. דאָס האָט אים געוווּנדערט, ווייל אינצווישן האָט ער געטראַכט וועגן אַ סך זאַכן. „אָט דאָס, הייסט עס, איז מיין טויט-אורטייל", האָט ער, למשל, געטראַכט. „דאָס איז אַ זייער פאַרנונפטיק-באַגרינדעטער אורטייל, און עס וואָלט געווען זינלאָז צו אַפּעלירן קעגן אים. זאָל איך איצט אַראָפּשלינגען די גאָלד-שייבלעך, אָדער זיך אויפשניידן די אָדערן? מיין האַרץ קלאַפּט זייער שטאַרק, צי מערקט עס דער קעניג? איך מוז פּרוּוון גוט און רויִק צו אָטעמען, ער זאָל עס נישט הערן. עס האָט קיין זין נישט אים צו ווייזן, ווי אויפגערעגט איך בין; עס וואָלט בלויז געשאָדנט מיין זאַך. און פאַרוואָס אייגנטלעך בין איך אויפגערעגט? איך האָב דאָך דאָס אַלץ געוווּסט פריִער".

דאָס און ענלעכס האָט ער געטראַכט. ער האָט זיך אָבער געקאָנט באַהערשן, און עס איז אים געלונגען זאַכלעך צו דערווידערן: „דערדאָזיקער אָפּמאַך איז דער קליגסטער, וואָס איז ווען-נישט-איז געשלאָסן געוואָרן צווישן רוימער און פּאַרטער, זינט די ביידע פעלקער שליסן אָפּמאַכן צווישן זיך". „יאָ", האָט אַרטאַבאַן געזאָגט, „עס וואָלט געווען משוגעת און פאַרברעכן, ווען איך וואָלט אים אָפּגעוואָרפן". „דאָס וואָלט געווען משוגעת און פאַרברעכן", האָט וואַראָ דערווידערט.

איצט האָט אַרטאַבאַן אָנגעשטעלט אויף וואַראָן זיינע אַרויס-

געזעצטע, כיטרע און פֿאַרקלערטע אויגן און געזאָגט: „איר געפֿעלט מיר זייער גוט, מיין וואַראָ, און איר האָט בשעתו געהאַט פֿאַרדינסטן פֿאַרן שלום צווישן די רוימער און די פּאַרטער. איך וועל אייך נישט גערן אויסליפֿערן".

„וואָס וויל ער?" האָט וואַראָ געטראַכט. „צי וויל ער מיר פֿאַרזיסן דעם טויט־אורטייל? צום בעסטן וועט זיין, איך זאָל גאָרנישט ענטפֿערן". און ער האָט זיך באַגנוגנט מיט קוועטשן די אַקסלען.

עס איז אַנטשטאַנען אַ קליינע פּויזע. דאַן האָט אַרטאַבאַן לאַגנזאַם אָנגעהויבן פֿונסניי: „איר האָט מיר בשעתו געוויזן אַ בריוו, מיין וואַראָ, אין וועלכן מיין גרויסער פֿאָרגייער פּאָלאָגעז דריקט אייך אויס זיין דאַנק פֿאַר אייערע באַמיאונגען צוריקצושטעלן דעם שלום צווישן רוים און די פּאַרטער. איך וויל באַקומען דעמדאָזיקן בריוו פֿאַר מיין אַרכיוו. איך שלאָג אייך פֿאָר אַ געשעפֿט. איר גיט מיר דעם בריוו, און איך גיב אייך די מעגלעכקייט, נאָך איידער איך שרייב אונטער דעם אָפּמאַך, צו פֿאַרשווינדן פֿון מיין הויף און זיך פֿאַרלירן אין מזרח פֿון מיין אימפּעריע".

וואַראָ האָט געקאָנט שנעל באַגרייפֿן אַ זאַך. אָבער דאָסמאָל, הגם ער האָט זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט, האָט ער נישט באַגריפֿן, אָדער ער האָט קיין העזה נישט געהאַט צו באַגרייפֿן; דאָס בלוט, די געדאַנקען, די געפֿילן האָבן אַזוי גענומען טאַנצן אין אים. ענדלעך — עס האָבן געמוזט פֿאַרגיין צוויי רגעס נאָכדעם, ווי דער גרויס־קעניג האָט געענדיקט רעדן, אָבער אים האָבן זיי אויסגעזען ווי אַן אייביקייט — האָט ער באַגריפֿן. ער איז געווען אַזוי גוט ווי טויט; איצט איז איינער געקומען צו אים און געזאָגט: „שטיי אויף און לעב", — איינער, וועלכער פֿאַרמאָגט די מאַכט דאָס צו זאָגן.

צי האָט ער די מאַכט? צי וועט ער נישט ווערן וואַקלדיק? צי וועט ער נישט חרטה האָבן אויף זיין באַשלוס? האָפֿענונג און צווייפֿל זענען אויפֿגעקומען אין וואַראָן און זענען ווידער פֿאַרזונקען ווי די נאָז פֿון אַ שיף אין אַ שטורעם.

דאָס מאָל איז אים נישט געלונגען צו באַרויִקן זיין שטים, זי איז געווען אומזיכער, ווען ער האָט געענטפערט: „אַנטשולדיקט מיר, מאַיעסטעט, אָבער איך פאַרשטיי אייך נישט אינגאַנצן. אויב איך וועל פאַרלאָזן אייער הויף און אַוועק קיין מזרח, ווי אייער גנאָד לייגט דאָס מיר פאָר, צי וועל איך דערמיט געווינען מער ווי אַ קורצע צייט?" ער האָט געוואַכט אַן אומדרייסטן פרוּוו צו שפּאַסן: „איר איבערשעצט די מענער פון מערב. מיר זענען זייער גרינטלעך און שטאַרקע נוקס-ווּנוטרס. איך גלייב נישט, אַז נאָכן אונטערשרייבן דאָסדאָזיקע פּאַפּיר זאָל רוים לאָזן צורו אייך און מיך, כּל-זמן איך זע נאָך די ליכטיקע שיין".

מיט אַ קליין שמייכעלע האָט דער האַר פון דער מזרח-וועלט געענטפערט: „איך קען דווקא יאָ, מיין וואַראָ, די מערב-מענטשן. איר אָבער קענט נישט מיין ווייטן מזרח. לעבן מיינע גרענעצן, דאָרט, וווּ זיי דערנענטערן זיך צו אינדיע, זענען דאָ פּילגרימען און מאָנאַכן, וועלכע וואַנדערן אַרום אָן באַדערפענישן, וועלכע האָבן פאַר זיך אויסגעוויילט הייליקייט. דידאָזיקע מענער האָבן נישט קיין נעמען, זיי קומען און גייען, זיי זענען אַלע ענלעך צוואַנאַנדער. אויב איר וועט ווערן איינער פון דידאָזיקע מענער, וועט אייך קיינער נישט קאָנען אויסגעפינען, אפילו נישט דער געשיקטסטער אַגענט פון מערב".

ביי וואַראָ האָט דער קאָפּ געאַרבעט. ער האָט געהערט וועגן די מענער, וועגן וועלכע דער גרויס-קעניג האָט גערעדט. זיי גייען אַרום געקליידט אין אָקער-געלע מאַנטלען, זיי גייען באָרוועס און טראָגן אַרום שאָלן פון אַ גרויסער, פרעמדער פרוכט, כּדי צו זאַמלען לעבנסמיטלען. אין וואַראָן האָט נאָך געציטערט דער יובל: „איך וועל נישט מוזן שטאַרבן!" דאָך איז שוין געשטיגן אין אים דער ווידערווילן קעגן אַזאַ אַרט לעבן אין אָרימקייט און בעטלעריי. גלייכצייטיק אָבער האָט זיך געוועקט אין אים דער באַגער צו געניסן דאָסדאָזיקע לעבן. צי דען איז נישט געווען דער זין פון זיינע לעצטע וואָכן צו זאַמלען נייע דערקענטענישן, צו זען די וועלט פון אַ גאַנץ אַנדערן מיטלפּונקט? אויב

ער וועט איצט נאָך טיפער אַריינדרינגען אין מזרח, וועט עס זיין גאַנץ קאָנסעקוועגט. ער האָט אַזוי לאַנג געלעבט אין שטורמווינט פון „טעטיקייט”. אויב זיין גורל וואַרפט אים אויף דער קעגנאַיבערדיקער זייט, צו די פּאַסיוו־באַטראַכטנדיקע, האָט ער קיין שום סיבה נישט זיך צו באַקלאָגן, נאָר אדרבה — ער דאַרף דאַנקבאַר זיין. נאַטירלעך, ער טראַכט גאָרנישט צו פאַרענדיקן מיטן לעבן, ווי די אָקער־געלע. ער וועט זיך אויסמישן צווישן זיי נישט אַלס איינער, וואָס וויל מער גאָרנישט, נאָר אַלס איינער, וואָס וויל גראָד אַ סך. באַטראַכט מען די זאַך פון דאָזיקן שטאַנדפונקט, איז די פערספעקטיוו נישט אָפּשטויסנדיק, נאָר פאַרקערט — פאַרפירעריש. שטיין אויף דער צווייטער זייט. נישט פון דער זייט: פון יענער. נישט אונטן: אויבן. עס וועט זיין גוט פאַר אים, ווען ער וועט ווערן איינער פון יענע, וועלכע ער קען נישט, איינער פון דער מאַסע, וועלכע ער האָט ביז איצט געזען בלויז פון אויבן.

אַרטאַבאַן האָט אינצווישן ווייטער גערעדט: „צווישן דידאָזיקע היימלאָזע מענטשן זענען דאָ נישט נאָר אַזעלכע, וואָס קומען פון אונטן. צווישן זיי זענען דאָ אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאַט אַ גאַנץ סאָלידן דאַך איבערן קאָפּ, איידער זיי האָבן פרייוויליק אויסגעוויילט דאַכלאָזיקייט. צווישן זיי זענען דאָ אַזעלכע, וועלכע זענען געווען פּרעפעקטן, פירשטן, אַרמיי־פירער, און אונזער מסורה דערציילט, אַז אויך קעניגן האָבן זיך געפונען צווישן זיי”.

בעת אַרטאַבאַן האָט אַזוי גערעדט, האָט זיך אין וואַראָן געוועקט אַן אַנדער געפיל, נישט קומענדיק קלאָר צו זיין באַוווסטזיין. ער איז נאָך נישט אַלט, און ער האָט שוין איבערגעלעבט אַ סך איבערקערענישן. דאָס לעבן אין מזרח, וואָס דער גרויס־קעניג לויבט אַזוי, וועט נישט זיין זיין לעצטע פּאַזע. ער וועט נאָך ווידער אַרויסטויכן פון דער „היימלאָזיקייט”, ער וועט זיך צוריקקערן צו דער וועלט פון די האַנדלענדיקע און קאָנען ווירקן לויט זיינע ווונטשן, מיט מער און בעסערן וויסן, ווי ביז אַהער.

דער קעניג אָבער האָט פאַלש אויסגעטייטשט וואַראַס שווייגן: ער האָט מורא געהאַט, אַז וואַראַ קאָן נאָך אָננעמען פינסטערע באַשלוסן, וואָס וועלן בלאַסטן זיין, דעם קעניגס, געוויסן. האָט ער ווייטער גערעדט: „איך ווייס, אַז רוימישע מענער וואַרפן לייכט אַוועק דאָס לעבן, ווען זיי געפינען זיך אין אייער לאַגע. ווען איר, מיין וואַראַ, וואָלט אַזוי געהאַנדלט, וואָלט דאָס פאַר מיר געווען אַ ווייטיק און אַן אַנטוישונג. איך ווייס גאַנץ גענוי, האָסט, וואָס אַ רוימער שטעלט זיך פאָר אונטער דער יענער וועלט. איך אָבער בין גענייגט צום סקעפּטיציזם און כ'האָב מורא: דאָס איז דאָס שוואַרצע גאָרנישט. פאַר מיר וואָלט צום בעסטן געווען, ווען איך לאָז אייך שטאַרבן און האַנדלען לויט דער לערע פון אייער סטאָאַ. אָבער איר האָט פאַרדינסטן און איר געפעלט מיר. זייט פאַרנונפטיק, מיין וואַראַ“.

וואַראַ האָט אויפגעשפּיצט די אויערן: איז דאָס דען נישט קיין גרויסאַרטיקער שפּאַס? עס קומט שוין באַלד אויס, אַז ער, וואַראַ, וועט טון דעם קעניג אַ טובה, אויב ער וועט בלייבן לעבן. די פריילעכקייט צוליב דעמדאָזיקן געגליקטן שפּאַס פון אַ גוט־געשטימטן גורל האָט אים געמאַכט לייכט דאָס האַרץ. אינצווישן האָט דער קעניג ווייטער גערעדט: „אגב זענען דאָ אַ סך אַרטן היימלאָזיקייט. זיין היימלאָז מיט דער סימפּאַטיע פונם גרויס־קעניג הינטער זיך, זיין היימלאָז באַשטראַלט פון „פראַן“ איז אַ לפי ערך גאַנץ באַקוועמע אַרט היימלאָזיקייט.“

וואַראַ האָט צוריקגעוווּנען זיין אַלטע זיכערקייט און ער האָט געפרעגט מיט געמאַכטער וואַקלעניש: „צי זענען דאָ מיט־לען מיטצוטיילן דער אַדמיניסטראַציע פון אייער מאַיעסטעט אין ווייטן מזרח, אַז איך בין, ווי איר דריקט זיך אויס, אַ ביסל באַ־שטראַלט פון „פראַן“?“ און אַרטאַבאַן, צופרידן, וואָס דער צווייטער הייבט ענדלעך אָן צו פאַרשטיין, האָט געענטפערט: „נאַ־טירלעך וועל איך די אַנטשיידנדע מענער פון מיין גרענעץ־פּראָווינץ אויפקלערן, אַז אַ געוויסער בעטלער־מאַנאַך פון מערב איז נישט קיין פּשוטער בעטלער־מאַנאַך, נאָר אַ פּראָטעזשע פונם גרויס־

קעניג". און ערשט איצט האָט זיך וואַראַ אַנטשלאָסן אַ צונעמען גרויסמוטיק דאָס, וואָס איז אים מיט אַ שעה פריִער פאָרגעקומען ווי אַן אומפאָרשטעלבאַר גליק, און ער האָט געזאָגט באַשיידן, אָבער ווי איינער, וואָס זאָגט נישט אָפּ דעם צווייטן איז זיין בקשה: „איך האָב נישט די העזה זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם ווונטש פון אייער מאַיעסטעט".

דער קעניג האָט זיך גאָרנישט באַמיט צו פאַרבאָרגן זיין צופרידנקייט. „יאָ", האָט ער פריילעך פאַרענדיקט, „עס איז זייער אָנגענעם, וואָס מיר האָבן פאַרט צוגעטראָכט אַ מיטל ווי אַזוי צו ברענגען אין הסכם די געבאָטן פון פאָליטישער קלוגשאַפט מיט די געבאָטן פון גאַסטפריינטלעכקייט".

וואַראַ האָט פריינטלעך געלאַכט, פול פרייד, און עס האָט קיין ספק נישט געפעלט, ער זאָל גוטברודעריש דעם גרויס-קעניג אַ קלאַפּ טון איבערן אַקסל.

15.

# וואַראַ פאַרשווינדט אין מזרח

אַ טאָג נאָכן דאָזיקן שמועס האָט אַ ספּעציעלער קוריער געבראַכט וואַראַן דעם אורטייל פון סענאַט וועגן דער טאָפּל-באַשטייערונג. דער זעלבער קוריער האָט אים גלייכצייטיק געבראַכט אין אַ פאַרזיגלטן זאַק די זעקס טויזנט סעסטערציעס, זעכציק גאָלד-מטבעות. וואַראַ האָט מיט גרויס פאַרגעניגן געלייענט, געעפנט דעם זאַק, זיך געשפּילט מיט די גאָלד-מטבעות. דאַן האָט ער געפרעגט דעם קוריער, צי ער וויל מיטנעמען, אויף צוריקוועגס קיין אַנטיאָכיע, אַ בריוו פאַרן גובערנאַטאָר צעיאָן, און אים געגעבן דעם זאַק מיט די גאָלד-מטבעות אַלס טרינק-געלט.

ער האָט זיך אָנידערגעזעצט און אָנגעשריבן דעם לעצטן בריוו קיין מערב.

„צי האָבן מיר דען ביידע, מיין ליבער צעיאָן, נישט געהאַנדלט, אַלס מענטשן אין די פּאָפּציקער, ווי נאַרישע חברה־לייט ? די שפּיל איז געענדיקט. ס'איז געווען אַ נאַרישע שפּיל, מיר האָבן ביידע געמוזט פאַרלירן. געווינען האָבן אַנדערע.

איך פאַרשווינד, און איר, מיין צעיאָן, וועט אויף אייביק פּטור ווערן פון דעם מאַן, וועלכער האָט פאַר אייך דערפינדן דעם נאָמען צי־מענטשל. איך וואָלט, אגב, געזאָגט ליגנס, ווען כ'זאָל זאָגן, אַז כ'האָב דערויף חרטה ; יאָ, אפילו איצט, ווען איך האַלט ביים פאַרשווינדן, שמייכל איך נאָך, ווען איך טראַכט וועגן אייך און אייער צונאָמען.

אונזער שפּיל האָט מיך אַ סך געקאָסט. אין דער ביילאַגע וועט איר געפינען אַ גענויעם חשבון וויפיל. ווי איר זעט, איז דאָס כמעט אַלץ, וואָס כ'האָב געהאַט. איך לאָז דאָ איבער בלויז מיין טאָכטער מאַרציאַ. אין דעם צושטאַנד, צו וועלכן איך האָב זי דערפירט, איז זי נישט קיין צו־אָנגענעמע פרוי. זי האָט אָבער קיינמאָל נישט ליב געהאַט דעם מזרח, און איך בעט אייך זייער, מיין צעיאָן, זי צו שיצן און זי צוריקצוברענגען קיין איטאַליע. ווען איר זאָלט דאָס טון, וואָלט דאָס געווען פאַר מיר אַ טרייסט. סוף־כל־סוף איז אונזער שפּיל געגאַנגען וועגן די זעקסטויזנט סעסטערציעס, און פאָרמעל האָט איר פאַרשפּילט.

איך האָב אייך קיינמאָל נישט פיינט געהאַט, מיין לוציוס, און איך גלייב, אַז אין תיך געגומען האָט איר אויך תמיד געהאַט אַ ביסל סימפּאַטיע צו מיר. נעמט צו דעם לעצטן שמייכל און די ערלעכע גוטע ווונטשן פון אייער וואַראָ".

צום בריוו האָט ער בייגעלייגט די קווינטאַציע אויף די זעקסטויזנט סעסטערציעס מיט דער ריווח-און היזק-קאַנטע אויף דער צווייטער זייט. אַלס לעצטן פּאָסטן אויף דער היזק-זייט האָט ער געבוכט: „וואַראָ איז פאַרשוווּנדן".

דאַן האָט ער זיך גענומען גרייטן צו זיין היימלאָזיקייט.

צום לעצטן מאָל האָט ער גערעדט פאַר אַ מערב-מענטש — פאַר מאַרציאַן. ער האָט דער ווייס-און גלייך-זיצנדער געזאָגט, אַז ביי אַרטאַבאַנען וועט זי געניסן אַ גוטע און זיכערע שוץ. אויב זי וויל אָבער זיך אומקערן קיין מערב, קיין רוים, וועט זי אויך דאָס קאָנען; וועגן געלט דאַרף זי נישט זאָרגן, און מען וועט קומען זיך פרעגן אויף איר און זי מיטנעמען. דאַן האָט ער איר געגעבן די שאַפּקע מיט די דאָקומענטן; דאָס איז דער אינהאַלט פון זיין לעבן.

„עס זעט אויס", האָט ער ווייטער גערעדט, „ווי די שפּיל פון מיין לעבן זאָל זיין ענדגילטיק פאַרלוירן. שולדיק איז אין דעם דער אָרימער נאַר טערענץ, וועלכער האָט איינמאָל אין זיין לעבן געהאַנדלט זעלבשטענדיק, און נאַטירלעך פאַלש. איך פיל אָבער צו אים קיין שנאה נישט דערפאַר, און אויב דו וועסט נאָך רעדן מיט אים איידער מען וועט אים אַרויסשיקן קיין אַנטיאָכיע, זאָג אים, אַז וואַראָ לאָזט אים גריסן און ווינטשט אים אַ לייכטן טויט.

אויב עמעצער וועט דיר זאָגן, אַז די סיבה פון מיין אונ-טערנעמונג איז געווען מיין שטרייט מיט צי-מענטשלען, דערווי-דער נישט. דו ווייסט אָבער, האָף איך, אַז דאָס איז אומזין. איך בין נישט קיין ריינער אידעאַליסט, אָבער אָן דער אידעע וואָלט איך נישט געווען געהאַנדלט. איך בין געווען, האַלב ווילנדיק, האַלב נישט-ווילנדיק, אַ דינער פון דער אידעע. איינער האָט געמוזט קומען און פּרוּוון פונסנייע אויפריכטן נעראָנס אימפּעריע. ווען נישט איך, וואָלט אַן אַנדערער געמאַכט אַ נעראָן, און אפשר נאָך אַן ערגערן.

אין גרונט גענומען", האָט פאַרענדיקט דער אָפּטימיסטי-

שער מאַן, „האָב איך ריכטיק און פאַרנונפטיק געהאַנדלט, הגם דער אויסגאַנג מאַכט מיר נישט קיין צו גרויסן כבוד. די אידעע וועגן אויסגלײַכן מזרח מיט מערב איז איצט טיפער און שטאַר־קער אין דער וועלט, און איך האָב דערצו בײַגעשטײַערט. עס איז קאָנסעקווענט, וואָס איך פאַרזינק איצט אינגאַנצן אין מזרח. איך באַדויער דאָס נישט".

בעת וואַראָס מאָנאָלאָג זענען פאַר מאַרציאַן אויפגעשווומען אין אַ מישמאַש בילדער און געדאַנקען. דאָס, וואָס איר פאָטער פאַרשווינדט אין בונטן ים פון מזרח, איז אַ פּאַסיקער סוף פאַר אַ נאַריש, אויסגעלאַסן לעבן. און איר נאַרישע אײַנזאַמקייט איז פונקט אַזאַ לאָגישער סוף פאַר איר לעבן. אַזוי מוז אומקומען אײַנע, וועמען עס איז באַשטימט געווען צו לעבן צווערשט אַלס וועסטאַלקע, שפּעטער אַלס פרוי פון אַ קאָנסול, גובערנאַטאָר, און אָנשטאָט דעם האָט זי פאַרשווענדעט אירע קורצע יאָרן צווישן די האַלב־חיות פון מזרח און איז געוואָרן די פרוי פון אַן אימ־פּאָטענטן שווינדלער און לײַבאײַגענעם.

ווייניקע טעג שפּעטער האָט דער גרויס־קעניג אָנגעטון זײַן שווערן און גלענצנדן אָרנאַט, צוגעבונדן די גאָלדענע באָרד, האָט זיך געזעצט אויפן טראָן הינטערן פאָרהאַנג, האָט געלאָזט שווענן איבערן קאָפּ די קרוין און האָט אויסגעטוישט מיטן שליח פון רוימישן גובערנאַטאָר די אָפּמאַך־דאָקומענטן, ווו עס זענען פיקסירט געווען די באַדינגונגען פון פאַרלענגערטן פרײַנטשאַפט־אָפּמאַך צווישן זײַן אימפּעריע און דער אימפּעריע פון די רוימער.

שוין בעתן לייענען די ביטע פון פאַרשווונדנדיקן וואַראָ, האָט צעיאָן באַשלאָסן זי צו דערפילן. אָבער דאָס איז לײַכטער געווען צו באַשליסן, ווי אויסצופירן. מאַרציאַ האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן קיין רוים, אויב מען וועט איר נישט מיטגעבן די אורנע מיט פראָנטאָס אַש. דידאָזיקע אורנע אָבער האָט זיך געפונען אין עדעסאַ און מען האָט זי דאָרט שטאַרק פאַרערט. קעניג מאַלוק האָט זיך געוואַקלט, צי זאָל ער אַרויסגעבן דאָס אַש פון זײַן

פריינט און גאסט, ווענען ער איז שולדיק געווען א דאנק. שאר־ביל האט א סך געמוזט אריינרעדן אין אים, ווי שטארק מען קאמ־פראמיטירט זיך, ווען מען האלט נאך היינט טייער פראנטאס אש, כדי ער זאל עס ארויסגעבן. און ערשט דאן האט מארציא זיך פאר־שיפט קיין רוים מיט צעיאנען. רופוס אטיל האט העפלעך גע־וואלט באגלייטן ביז דער שיף דאס מערקווירדיקע פארל, אבער צעיאן האט מיט דאנק זיך אפגעזאגט דערפון.

קוים איז ער אנגעקומען קיין רוים, האט איס דער קייזער גלייך ארויסגעפאדערט אויף אן אודיענץ. קיינער איז דערביי נישט אנוועזנד געווען, אבער מען ווייסט, אז דער יונגער הערשער האט ליב געהאט צו פייניקן מיט זיין שפאט אומבאהאלפענע קעגנער. עס איז ווארשיינלעך נישט געווען קיין אנגענעמע שעה פארן גו־בערנאטאר, וועלכער האט ארויסגעוויזן אזא אומגליקלעכע האנט. די־יעניקע, וועלכע האבן אים געזען ארויסגיין, נאך דער זייער לאנגער אודיענץ, פון קייזערס קאבינעט, האבן דערציילט, אז ער האט זיך געוואקלט ווי א שיכור.

16.

# די קנאה פון די געטער

אין זיין גאַנץ לעבן האָט נעראָן-טערענץ נישט געהאַט קיין בעסערע צייט, ווי דעמדאָזיקן פינפאונפערציקסטן זומער זיינעם. דער גרויס-קעניג האָט אים אָפּגעגעבן אַלס רעזידענץ דעם שיינעם שלאָס ביים פּרת-קאַנאַל, אַ שעה וועג פון דער שטאָט קטעסיפאָן. ער האָט אויך געשטעלט אין זיין רשות אַ בכבודיקע דינערשאַפט, און נעראָן האָט פאַרשווענדט אַ סך מי, כדי צו פאַרשמעלצן דעם רוימיש-גריכישן און דעם פּאַרטישן הויף-צערעמאָניאַל.

דאָס, וואָס ער האָט פאַרלוירן זיין מלוכה, האָט אים געפייניקט. אָבער דאָס איז געווען וואַראָס און אַרטאַבאַנס זאַך — נישט זיינע — אים ווידער צו פאַרשאַפן דידאָזיקע מלוכה. היות ער האָט דידאָזיקע מלוכה באַקומען ווי פון זיך אַליין, בעת אַרטאַבאַן איז פאַרוויקלט געווען אין שווערע קאַמפן מיט זיין ריוואַל פּאַקאָר, וועט זיין טאָפּלט לייכט זי אָפּצוגעווינען איצט, ווען אַרטאַבאַן איז אַרויס אַ זיגער.

פון צייט-צו-צייט פלעגט ער פילן דעם פאַרלוסט פון זיינע פריִערע באַראַטער, אָבער ער פלעגט שנעל שלום מאַכן דערמיט. קנאָפּס איז דורכגעפאַלן אין דער נאַכט, ווען ער האָט פאַרלאָזט עדעסאַ, און טרעבאָן האָט אָנגעהויבן צו ספקן אין אים; דאָס האָט ער גוט אַרויסגעשפירט. טאָ זאָלן זיי בלייבן, ווו זיי איז ליב. וואַראָ פלעגט אַמאָל קומען צו אים אין דער ערשטער צייט פון זיין ווייַלן אין קטעסיפאָן; אין די לעצטע וואָכן איז ער געבליבן פונדערווייטנס. נעראָנען האָט דאָס אַ ביסל באַאומרויִקט, אָבער ער האָט זיך נישט נאָכגעפרעגט. אין עדעסאַ האָט ער נייטיק געהאַט

אַזאַ מלוכה־מאַן, ווי וואַראַ, דאָ, אין קטעסיפֿאָן, דינט אים אַ מעכטיקערער, דער גרויס־קעניג גופֿא. איין מאָל אין חודש פֿלעגן זיך קעגנזייטיק באַזוכן דער האַר פֿון דער מזרח־וועלט און דער האַר פֿון דער מערב־וועלט.

אין אַלגעמיין איז נעראָן געווען צופֿרידן, וואָס אַנשטאָט זייַנע פֿריִערע באַראַטער קומט צו אים דער הויפּמייסטער וואַרדאַן יעדע פֿערצן טעג און גיט אים אָפּ אַ באַריכט, אין נאָמען פֿון גרויס־קעניג, וועגן דער לאַגע. נעראָן איז געווען פֿויל, ווען עס פֿלעגט זיך האַנדלען וועגן רעאַלע זאַכן; ער איז צופֿרידן געווען, וואָס מען מאַטערט אים נישט מיט קיין פּאָליטישע ענינים.

דער שיינער זומער האָט זיך דערנענטערט צום סוף. און איינמאָל האָט דער הויפּמייסטער וואַרדאַן אַריינגעוועבט אין זיין באַריכט אַ ידיעה, וואָס איז פֿעיִק געווען צו שטערן דעם קייזערס רו. די רוימער, האָט ער מיטגעטיילט, דראָען דעם גרויס־קעניג מיט קריג, אויב ער וועט נישט אויפֿהערן אויסצוצווינגען זיי אַ קייזער, וועלכן זיי ווילן נישט. הויפּמייסטער וואַרדאַן האָט לאַנג געמוזט טראַכטן, ביז ער האָט געפֿונען דידאַקטיקע פֿאָרמולירונג, און זי איז באַשטימט געווען, אַז נעראָן זאָל נעמען פֿרעגן וועגן פּרטים. זיין כּוונה איז געווען אים געבן אָנצוהערן, אויף אַ מילדן אופֿן, אַז ער דאַרף פֿאַרשווינדן פֿון קטעסיפֿאָן. אַרטאַבאַן האָט געוואָלט אָפּשלעפּן זיין אַרויסליפֿערונג און ער האָט געגלייבט, אַז אויב נעראָן וועט פֿאַרשווינדן, וועט אים געלינגען לאַנג צו מאַנעווורירן, ביז די רוימער וועלן מאַכן ערנסטע טריט. די מענטשלעכע באַדינגונגען זענען פֿאַרענדערלעך. זיי קאָנען זיך אין אַ קורצער צייט אַרום אויף אַזוי פֿיל ענדערן, אַז עס וועט ווידער נישט שאָדענען צו האָבן אונטער דער האַנט אַ נעראָן. אָבער דער גרויס־קעניג האָט געוואָלט בלייבן טריי דעם אָפּמאַך. דער הויפּמייסטער האָט באַקומען אַ באַפֿעל פֿאַר קיין פֿאַל נישט אויפֿפּאָדערן נעראָנען אין קלאָרע ווערטער צו אַנטלויפֿן: הויפּמייסטער וואַרדאַן זאָל זיך אויסדריקן טונקל און דעליקאַט און לאָזן נעראָנען אַליין קומען אויפֿן געדאַנק צו אַנטלויפֿן.

וואַרדאַן איז געווען דער ריכטיקער מענטש פאַר אַזאַ אויפגאַבע. ער האָט אויסגעוויילט מילדע, יראת־הכבודיקע אויסדרוקן; אָבער דער, וואָס זוכט הינטער ווערטער אַ זין, האָט געמוזט אַרויסהערן די סכנה פון דער לאַגע. נעראָן האָט נאַטירלעך באַגריפן, אַז דער גרויס־קעניג האָט שוועריקייטן מיט רוים און ער רוקט אים אונטער דעם געדאַנק צו אַנטלויפן. עס איז איבער ניט באַקוועם געווען צו נעמען ערנסט דידאָזיקע שוועריקייטן. זאָל זיך אַרטאַבאַן אַליין צעברעכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען. אים, נעראָנען, גייט עס גאָרנישט אָן. דאָס איז אַ העזה אים געבן אָנצוהערן, אַז ער דאַרף פאַרשווינדן. ער טראַכט גאָרנישט אים צו טון דידאָזיקע טובה.

אין יענעם אָוונט איז ער רויִק איינגעשלאָפן. ביינאַכט אָבער האָט ער געהאַט אַ חלום. פון דער אונטערוועלט איז געקומען אַ געשטאַלט; גערירט, געשפּאַנט, נייגיריק און פריילעך האָט נעראָן דערקענט זיין קאַיאַ. זי האָט גערעדט צו אים, ווי תמיד. „טו נישט אָפּ קיין נאַרישקייטן, דו אידיאָט", האָט זי אָנגעשריגן אויף אים. „ווי נאָר מען לאָזט דיך אַליין, טוסטו אָפּ נאַרישקייטן. איצט אָבער איז שוין גענוג. שטיי אויף, דו אייזל־קאָפּ, און מאַך ויברח. עס איז די העכסטע צייט".

דער חלום האָט נעראָנען נישט געשראָקן, אדרבה: ער האָט אים פריילעך געמאַכט. זי איז, הייסט עס, נישט געוואָרן קיין פלעדערמויז, נאָר געבליבן זיין גוטע, אַלטע קאַיאַ, און עס האָט איר נישט פאַרשאַדט, וואָס ער האָט זי אַראָפּגעשיקט אין דער אונטערוועלט. דאָס האָט אים געפרייט, און ער האָט איר נישט גענומען פאַר אומגוט, וואָס זי האַלט אים נאָך אַלץ פאַר אַ קליינעם מאַן. ווי עס זעט אויס, ווערט מען נישט קליגער אויך אין דער אונטערוועלט. איר וואָרנונג גופא האָט אַרויסגערופן ביי אים אַ געלעכטער. אַזוי פיל פון דעם, וואָס די געטער האָבן אים באַפוילן צו טון, איז נאָך געבליבן נישט אָפּגעטון; אומצאָליקע נישט־געהאַלטענע רעדעס, נישט־געשפּילטע ראָלעס, נישט־געבויטע

בנינים וואַרטן נאָך אויף אים. די געטער וועלן נישט דערלאָזן אומקומען אַ מאַן, וועמען זיי האָבן באַגנאָדיקט מיט אַזאַ מיסיע.

אָבער דער הויפּמייסטער וואַרדאַן האָט דאָס מאָל שטאַרק פּאַרקירצט די צייט צווישן איין וויזיט זײַנעם און דעם צווייטן: שוין אויפן צווייטן טאָג האָט ער זיך ווידער געמאָלדן. ער האָט ווידער גערעדט וועגן דעם קריג, מיט וועלכן די רוימער דראָען זיין האַר און קעניג, אויב ער וועט נאָך ווייטער אָנערקענען נעראָנען. וואַרדאַן האָט גערעדט העפלעך, מיט יראת־הכבוד, אָבער צודרינגלעכער, ווי נעכטן. נעראָן אָבער האָט געהאַט טויבע אויערן פאַר דעם, וואָס ער האָט נישט געוואָלט הערן.

אין אייניקע טעג אַרום איז ווידער דערשינען אַ שליח פון גרויס־קעניג און אים פּייערלעך איינגעלאַדן צו באַזוכן אַרטאַבאַנען, וועלכער וויל אים מאַכן געוויסע מיטטיילונגען אין דער אָנוועזנהייט פון זיין הויף.

די דאָזיקע איינלאַדונג האָט נעראָנען באַאומרויִקט מער, ווי די מיטטיילונג פונם הויפּמייסטער וואַרדאַן און די אויפפאָדערונגען פון קאַיאַ. מיטאַמאָל איז אים קלאָר געוואָרן דער כאַראַקטער פון דער שפּיל. דער פלומרשט־דראָענדיקער קריג מיט רוים איז בלויז אַן אויסרייד. אינדערעמתן וויל דער גרויס־קעניג פּטור ווערן פון אים, ווייל ער האָט מורא, אַז זיין, נעראָנס, „פּראַן" קאָן נאָך שטעלן אין שאָטן זיין אייגענע נעבעכדיקע פּאַרטישע מאַיעסטעט. וואָרשיינלעך וועט ער אים בעטן זיך אַריבערצוציִען אין אַ ווייטער־ליגנדער רעזידענץ, קיין זוזאַ אָדער אַנדערשווו, אָדער ער וועט שטעלן אין זיין רשות אַ קלענערן שטאָט דינער, אָדער ער וועט אים גאָר פאַרשיקן אין איינעם פון זיינע ווייט־מזרחדיקע שלעסער, ווו ער וועט זיין אַרומגערינגלט פון פּאַרביקע, אָנשטאָט פון ציוויליזירטע מענטשן. ווען אַ הערשער איז אייפערזיכטיק אויף אַ צווייטנס „פּראַן", דאַן איז ער אויף אַלץ פעיִק.

נעראָן האָט זיך באַקלערט, וואָס קאָן ער טון אַזוינס, כדי אָפּצוּוועדן דעם גרויס־קעניג פון זיין נישט־קעניגלעכער כוונה. און

ער האָט געפונען אַ מיטל. די אוידיענץ וועט פּאָרקומען אין דער קעגנוואַרט פון גאַנצן הויף. וועט ער פאַר אַלע פּראַכטפולע שררות האַלטן אַ רעדע, וועלכע וועט צווינגען אַרטאַבאַנען זיך אָפּצוזאָגן פון זיין געמיינעם פּלאַן. ער וועט דעם פּאַרטישן הערשער אַנווייזן אין געמעסיקטע אָבער דאָך ווירקזאַמע ווערטער אויף דער פליכט פון גאַסטפריינטלעכקייט.

ער איז תיכף צוגעטרעטן אויסצואַרבעטן די רעדע. צוריק־געווינען דעם קעניג פאַר די גרויסע פליכטן פון הומאַניטאַריזם איז געווען אַ שווערע, אָבער דערהויבנדיקע אויפגאַבע, וואָס נאָר אַ נעראָן קאָן זי לעזן. ער האָט געאַרבעט מיט התלהבות. ער האָט געשריבן, דעקלאַמירט, געפיילט, געאיבט, אויסגעלערנט אויף אויס־ווייניק. די „רעדע וועגן דער גאַסטפריינטלעכקייט" איז גע־וואָרן אַ מייסטערווערק. ווען ער, נעראָן, וואָלט זיך געהאַט אָנט־שלאָסן עמעצן צו באַזייטיקן און יענער וואָלט געהאַלטן פאַר אים אַזאַ רעדע, וואָלט ער אים געווען צוגעדריקט, אַ געריהרטער, צו זיין ברוסט און געבעטן זיין פאַרגעבונג און פריינטשאַפט. אין דער איינזאַמקייט פון זיין פּאַרק, אין זיין פוסטן אויפנאַם־זאַל האָט ער געמאַכט אַ פּראָבע מיט דער רעדע. זי איז געוואָרן אַלץ קיי־לעכדיקער, קלינגענדער, באַדייטנדער, רירנדער, מאָנענדער. ער איז כמעט דאַנקבאַר געווען אַרטאַבאַנען, וואָס ער האָט אים גע־געבן די געלעגנהייט פאַר אַזאַ רעדע.

און אָט שטייט ער שוין אינם טראָן־זאַל פון קטזיס פאָן, פייערלעך אויפגענומען, אָבער דאָך נערוועזער, ווי געוויינלעך. דער פאָרהאַנג איז געעפנט געוואָרן, די קרוין האָט געשוועבט איבערן קאָפּ פונם גרויס־קעניג. אַרטאַבאַנס רעדע איז געווען קורץ. עס זענען אויפגעקומען ספקות, האָט ער דערקלערט, וועגן דער אידענטישקייט פונם מאַן, וועלכער האָט געבעטן זיין גאַסט־פריינטלעכקייט. שוין פריער זענען געשען זאַכן, וואָס האָבן גע־וועקט אַזעלכע ספקות. נישט נאָר די געטער האָבן צוגעלאָזט, אַז דער מאַן, וואָס רופט זיך נעראָן, זאָל באַזיגט ווערן, — ער איז אויך שענדלעך אַנטלאָפן פון זיין רעזידענץ עדעסאַ. דידאָזיקע

אַרגומענטן זענען אָבער צעקלאַפּט געוואָרן דורך דער גבֿית-עדות פֿון וואַראָן, — אַ מאַן, וועלכער האָט בשעתו דערוואָרבן דעם צוטרוי און די פּריינטשאַפֿט פֿונם גרויסן פּאָלאָגעז. איצט אָבער איז וואַראַ פֿאַרשוווּנדן, וואָרשיינלעך צוליבן צער, וואָס ער האָט זיך אַנטוישט אין דער פּערזאָן פֿון בלומרשטן נעראָן און צוזאַמען דערמיט אויך אין דאָזיקן נעראָנס אידענטישקייט. די מערבֿ-מענטשן האָבן דאַן דערקלערט קלאָר און איינשטימיק, אַז זיי וועלן קיינמאָל נישט אָנערקענען אַלס זייער קייזער דעמדאָזיקן נעראָן, נאָכמער: זיי האָבן אים, דעם גרויס-קעניג, געדראָט מיט קריג, אויב ער וועט אים ווייטער פּראָטעזשירן. צוליב דידאָזיקע אַלע סיבות איז ער געצוווּנגען אַריבערצושיקן איבער זיין גרענעץ דעם מאַן, וואָס רופֿט זיך אָן נעראָן. דאָס ווייטערדיקע לאָזט ער איבער פֿאַר די געטער. איז דער מאַן ווירקלעך נעראָן, וועלן די געטער אים נישט פֿאַרלאָזן.

ווען נעראָן האָט דערהערט די ערשטע זאַצן אַרטאַבאַנס, האָט ער זיך דערפֿרייט, וואָס יענעמס רעדע הייבט זיך אָן אַזוי באַקעט און ניכטער. ווייטער אָבער איז אים געוואָרן אומהיימלעך. דאָס, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט איז נישט געווען קיין ענטפֿער אויף די אַרגומענטן פֿונם גרויס-קעניג; דאָס זענען געווען בלויז געדאַנקען וועגן עטיק, הומאַניטעט. אָבער דערדאָזיקער אַרטאַבאַן פֿאַרשטייט זיך נישט, ווי עס ווייזט אויס, אויף אַזעלכע זאַכן. ער רעדט בלויז וועגן פּאָליטיק, וועגן יענער נאַרישער פּאָליטיק, וועלכע ער, נעראָן, האָט תמיד איבערגעלאָזט פֿאַר זיינע יועצים, ווייל אַ קייזער דאַרף זיך דערמיט נישט פֿאַרנעמען.

אָבער פּלוצלינג איז אים קלאָר געוואָרן — און זיין האַרץ איז שטיין געבליבן, — אַז זיין אויסליפֿערונג איז אפֿשר טאַקע נישט מער ווי אַ פֿראַגע פֿון פּאָליטיק, און אַז אַרטאַבאַן לעבט אין דער וועלט פֿון דער ווירקלעכקייט, און ער גופֿא — אין אַ וועלט פֿון טרוים. ער האָט תיכף אָפּגעטריבן פֿון זיך דעמדאָזיקן געדאַנק. ניין, ניין. דאָס איז אוממעגלעך, זיי זאָלן זיך אַזוי נישט פֿאַר-

שטיין. סוף־כל־סוף איז אַרטאַבאַן געווען אַ געבוירענער קעניג, האַר פון דער מזרח־וועלט, ער פאַרמאָגט אַלזאָ דעם „פראַן" און ער מוז אים פאַרשטיין.

און אויב ער וועט אים פאָרט נישט פאַרשטיין? ניין, נעראָן טאָר זיך נישט לאָזן אַראָפּשלאָגן פון טראָפּ דורך אַזעלכע געדאַנקען ער וועט נאָך דערמיט פאַרדאַרבן זיין רעדע. ער וועט פשוט מער נישט הערן, וואָס אַרטאַבאַן זאָגט. דאָס איז גאָלע לאָגיק, בעת ער וויל אַפּעלירן צו די הערצער.

ער האָט זיך באַמיט מער נישט צו הערן. אָבער זיין אויער האָט זיך צוגעהערט קעגן זיין ווילן, און אַרטאַבאַנס ווערטער זענען אים אַריינגעדרונגען אין מוח. און אפשר האָט ער טאַקע באַדאַרפט אַריינפלעכטן אין זיין רעדע אַ פּאָר זאַכלעכע, פּראָזאַאישע אַרגומענטן? ס'האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער האָט עס נישט געטון. אומבאַמערקט האָט ער באַטראַכט די פּנימער פון די שררות. זיי האָבן זיך מיט יראת־הכבוד צוגעהערט צום גרויס־קעניג. די־דאָזיקע פּנימער וועט ער, נעראָן, מוזן פאַרוואַנדלען דורך זיין רעדע. צי וועט אים דאָס געלינגען?

פּלוצלינג, מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ, האָט ער דערקענט זיין לאַגע. דידאָזיקע הויפלייט זענען אַלע פיינט, און דער גרויס־קעניג — דער גרעסטער צווישן זיי, און די ווערטער, וואָס ער רעדט, — אַלע ווי פיילן. און ער, ריין און נאַאיוו, האָט זיך איבערגעגעבן זיינע פיינט אָן אַ פּאַנצער, און איצט איז ער פאַרלוירן. ער איז געזעסן און אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט; אָבער זיין האַרץ האָט ווילד געקלאַפּט, זיינע הענט זענען נאַס געווען פון שווייס.

אָבער אָט האָט שוין דער גרויס־קעניג פאַרענדיקט, און איצט מוז ער רעדן. „איך ווייס נישט", האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן זיין רעדע, „ווי אַזוי איך זאָל רעדן מיט דיר, דו ליכטנדער. זאָל איך זאָגן: פון שטויב אַרויס קלינגט מיט הכנעה מיין שטים צו דיר, זון פון די געטער? אָדער זאָל איך זאָגן: לייע

מיר דיין אויער, מיין ברודער ?" דאָס איז געווען אַ גוטער אָנ־הייב, און ער האָט גוט איינגעשטודירט די שמייכלענדע פאַר־לוירנקייט, מיט וועלכער דידאָזיקע זאַצן דאַרפן אַרויסגע־זאָגט ווערן. ער קאָן זיך פאַרלאָזן אויף זייער ווירקונג, ער דאַרף זיך בלויז קאָנצענטרירן, און איצט וועט ער אָנהייבן.

„איך ווייס נישט", האָט ער אָנגעהויבן. אָבער וואָס איז דאָס ? האָט ער דאָס געזאָגט ? איז דערדאָזיקער הייזעריקער פליס־טער אַרויסגעקומען פון זיין האַלז ? ער רייניקט דורך דעם האַלז, ער הייבט אָן אַ צווייט מאָל, אַרומגעכאַפּט פון פאַניק. „איך ווייס נישט", האָט ער געזאָגט. אָבער עס איז נאָך געווען ערגער פאַרן ערשטן מאָל, עס איז אַרויסגעקומען אַ קלאַנגלאָזער פליסטער, וואָס איז פאַרזונקען געוואָרן אין ריזיקן טראָן־זאַל. נאָך איידער אפילו די נאָענט־שטייענדע האָבן דאָס געהערט. אַרטאַבאַן איז געזעסן שטיל אויף זיין טראָן, אין העפלעכער דערוואַרטונג. די שררות האָבן זיך איבערגעקוקט, זענען אומרויִק געוואָרן. אַ דריט מאָל האָט ער אָנגעהויבן : „איך ווייס נישט", אָבער מען האָט נישט געהערט קיין קלאַנג.

ער איז געשטאַנען, און די וועלט איז איינגעזונקען פאַר אים. אין זיין האַרץ און אין זיין מוח טראָגט ער דידאָזיקע אומ־פאַרגלייכלעכע רעדע. ער ווייסט, אויב ער וועט זי נאָר קאָנען האַלטן, וועלן די ערנסטע, פיינטלעכע פּנימער אַרום אים זיך צע־שטראַלן, דאָס האַרץ פון דאָזיקן שטאַרן, פאָליטישן גרויס־קעניג און די הערצער פון אַלע פאַרטער וועלן אַ פלי טון צו אים, און זיי וועלן זיך כאַפּן פאַרן געווער, אים צו פאַרטיידיקן. אין זיין גאַנצן פינאונפערציק־יעריקן לעבן האָט מיט אים צוויי מאָל גע־טראָפן אַזאַ אומגליק — ער זאָל נישט קאָנען רעדן, און פונקט היינטיקן טאָג, פונקט אין דערדאָזיקער אַנטשיידנדער שעה, האָבן די געטער אים געפּלאָגט מיט הייזעריקייט, כדי אים אומצוברענ־גען. אין אייבאייניקן מאָמענט איז ער פון אַ רוימישן קייזער גע־וואָרן דער לעצטער, לעכערלעכסטער בשר־ודם.

ער איז געשטאַנען, מאַיעסטעטיש-געקליידט. אָבער איז די-דאָזיקע קליידער האָט געשטעקט אַן אָרימער טערענץ, וואָס ציטערט פאַר זיין לעבן.

## 17.

## דער דרייקעפּיקער גיהנום-הונט

דעם צוג, וואָס האָט נעראָנען באַגלייט צו דער גרענעץ, האָט אַרטאַבאַן רייך אויסגעריכט, און ער איז מער ענלעך געווען אויף אַ צוג פון אַ פירשט, ווי אויף אַ טראַנספּאָרט פון אַ געפאַנגענעם. די גרענעץ, אויף וועלכער מען האָט אים איבערגעגעבן דער רוימישער מאַכט, האָט זיך געצויגן איבער אַ קליין בערגל, און פון דאָזיקן בערגל, דעם פאָרלעצטן שפּיץ פון זיין עקזיסטענץ, האָט טערענץ אַראָפּגעקוקט אויפן טייך פרת, וועלכער איז נאָך דאָ נישט לאַנג געווען זיין טייך, און אויף אַ שטאָט, וואָס האָט אים מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק באַגעגנט מיט יובל. אינצווישן האָבן די רוימישע באַאַמטע געשריבן די באַשטעטיקונג וועגן זיין אויסליפערונג.

דער גובערנאַטאָר רופוס אַטיל איז נישט געווען גרויזאַם, אָבער ער האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק וואָס מער צו דערנידעריקן טערענצן, כּדי קיינעם זאָל נישט קומען אויפן געדאַנק, אַז דער מאַן איז אפשר פאָרט דער קייזער נעראָן. מען האָט דעריבער גלייך, פאַר אַלעמען אין די אויגן, אַראָפּגעריסן פון אים די פּראַכט-קליידונג, מען האָט אים געשמידט די הענט מיט די פיס, און אַן איינגעהילטן אין שמוציקע טראַנטעס, האָט מען אים דורכגעפירט איבער די גאַסן פון דער שטאָט, וואָס האָט אים אויסגעלאַכט, באַוואָרפן מיט שמוץ, באַשפּיגן; ענדלעך האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אין אַ קעלער פון דער פעסטונג.

אין יענעם טאָג איז טערענץ נאָך געווען גאַנץ פעט, און צווישן דעם שמוץ האָט אַרויסגעלויכטן זיין ראָזיק־בלייכע הויט. זיין ברייט פּנים איז נאָך געווען גלאַט און נישקשהדיק אויסראַזירט. דאָס, וואָס איז מיט אים געשען, האָט דערוועקט אין אים גיכער אַ באַטויבנדע שטוינונג, ווי שרעק. דאָס לאָך, ווו מען האָט אים אַריינגעשטופּט, איז געווען פייכט, טונקל און פול מיט שטשורעס. פונדעסטוועגן איז ער געשלאָפן נאָך יענעם אומרויִקן טאָג, און עס איז קיין ספק נישט, אַז די ערשטע נאַכט פון זיין געפאַנגענשאַפט איז בעסער געווען פאַר יענער, וועלכע ער האָט פאַרבראַכט נאָך נעראָנס טויט, אָדער אין טעמפּל פון דער טאַראַטע, אָדער אין הויז פון יאָהאַנעס.

צומאָרגנס האָט מען צו אים אַריינגעלאָזט אַ צווייטן אַרעסטאַנט, אויך יענעם אין טראַנטעס, אַן אָפּגעריסענעם, דינעם מענטש, אַ צעקיילטן און צעביילטן — קנאָפּסן. מאַלוך האָט אים ענדלעך, נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, אויסגעליפערט, אָבער זיין וועג צו דער רוימישער אימפּעריע איז געווען ווייניקער אָנגענעם, ווי טערענצעס. די באַגלייט־וואַך האָט בייזווייליק צוגעלאָזט נאָענט צו אים דעם המון, און ער איז אָנגעקומען צו די רוימער אַ צעהורגטער. מען האָט אים געלאָזט הונגערן, און זיינע ווונדן האָבן ווי־געטון; פונדעסטוועגן איז ער נישט געווען שטאַרק נידערגעשלאָגן. ער האָט נאָך אין עדעסאַ זיך דערוויסט פון אַ זיכערער קוועלע, אַז זיין יאַלטאַ איז בשלום אַנטלאָפן פון דער שטאָט. מער האָט ער, אמת, נישט געקאָנט דערגיין. זי האָט שוין זיכער געמוזט האָבן דאָס קינד, אָבער קיין ידיעה פון איר איז צו אים נישט דערגאַנגען. דאָס וויכטיקסטע איז געווען, וואָס דער ערב־רב האָט זיין יאַלטאַן נישט געפּאַקט. איצט איז שוין זיין קליינער קלאַודיוס קנאָפּס זיכער דאָ אויף דער וועלט, און שלעכט גייט אים זיכער נישט. פּאָטער גאָריאָן ווייסט ווו קנאָפּס האָט אַלץ ליגן געלט, און ער איז דער ריכטיקער מאַן עס אַרויסצובאַקומען. נאַקעט און הויל וועט זיין זונעלע זיכער נישט זיין אין דער וועלט, — ער האָט מיטבאַקומען אַ גוטן, גאָלדענעם פּאַנצער. זיין קליינער

קלאַודיוס קנאָפּס וועט זיין געראָטן אין אים, ער וועט שטייגן אין לעבן, העכער ווי אויפן קרייץ, וואָס וועט זיין זיין אייגענע לעצטע הויכקייט, און ער וועט שאַפן נייע קנאָפּסן, מענטשן פון זיין מין, כיטרע, פלינק, באַגאַבט אויסצונוצן פאַרן אייגענעם שטייגן די נאַרישקייט פון די אַנדערע. קנאָפּס איז נישט געווען מוטיק, ער האָט געציטערט פאַר דעם, וואָס עס שטייט אים פאָר, אָבער דאָס באַוווסטזיין, אַז אַלץ, וואָס ער האָט געטון און אַלץ, וואָס ער וועט נאָך אויסשטיין, איז געשען און וועט געשען לטובת זיין קליינעם יורש און זון — פאַר אַן איידעלן צוועק, הייסט עס, — האָט אים געשטאַרקט, דערהאַלטן זיין פלינקן גייסט און אים פעיק געמאַכט צו בייזע וויצן.

אין טונקעלן קעלער האָט ער זיין פריערדיקן האר און קייזער דערקענט שנעלער, ווי דערדאָזיקער אים. ער האָט זיך צוגעשלעפּט צו אים אין זיינע קייטן, אים באַטראַכט, אַרומגעטאַפּט. אויף וויפיל דאָס איז מעגלעך געווען, זיין לייב, קאָנסטאַטירט: „נו, רויט-בערדל, עס איז נאָך נישט אַזוי שלעכט מיט אייך. איר זענט נאָך נישט מאָגער געוואָרן. איך האָב מורא, אַז לאַנג וועט שוין נישט אָנהאַלטן אייער דאָזיקער צושטאַנד. איר קאָנט זיך נאָך ריכטן אויף קאַלטס און וואָרעמס. און דער סוף וועט זיין, אַז איר וועט נאָך מוזן טייער באַצאָלן פאַר אייער פלייש. צי מען וועט אייך צובינדן אָדער צונאָגלען צום קרייץ — אַ פעטער מאַן הענגט שווערער פאַר אַ מאָגערן און ער האָט מער צו ליידן. אמת, ער האָט אויך שטאַרקע נערוון". ער האָט טערענצן אַ שטויס געטון מיט זיינע קייטן אין בויך. ער האָט געפילט אַ טיפע שנאה צום דאָזיקן מענטש, ווען דאָס גליק האָט צוגעשמייכלט מיטן פולן מויל, און דורך זיין נאַרישן אַנטלויפן האָט ער זיך און זיינע חברים אַריינגעבראַכט אין אַן אומגליק.

טערענץ האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט אמת געליטן פון הונגער און פון מאַנגל אין אַ באָד און אַ פריזירער, אָבער ער האָט זיך איינגעהילט אין זיין „פּראָן". ער האָט ווידער געהאַט

אַרויסגעטויכט פון זיין ערשטער מפּלה, ער איז ווידער אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין פון די מדבר-היילן, ער וועט נאָך אי־בערקומען אויך דידאָזיקע מפּלה. די רויע ווירקלעכקייט פון זיין נאָענטן סוף, וועלכע איז איצט אויפגעשווומען פאַר אים אין קנאַפּס׳ שאַרפע ווערטער, איז ביי אים תּיכּף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ העכערער. ער האָט זיך געזען נישט אַלס געקרייציקטן הייכשטאַפּלער, נאָר אַלס מענטש פון דער טראַגעדיע, אַלס העלד, וועמען דער גורל האָט זיך אויסגעזוכט אַלס קעגנער, און קנאַפּס׳ רייד האָבן אים נישט געקאָנט קרענקען.

איבערמאָרגן האָט דער קעלער באַקומען זיין דריטן גאַסט. אָבער קאַפּיטאַן טרעבאָן איז אָנגעקומען אַנדערש, ווי קנאַפּס — נישט געשמידט, עלעגאַנט, זויבער, גוט דערנערט און פול מיט אומפאַרענדערטן בייסיקן הומאָר. ער האָט זיך ביז צולעצט גע־האַלטן אין דער עדעסאַער פעסטונג. אייגנטלעך האָט ער זיך געדאַרפט אַליין דערשטעכן ביים גענומען ווערן אין געפאַנגענ־שאַפט אָבער קאַפּיטאַן טרעבאָן האָט געהאַלטן, אַז ער האָט גע־נוג אָפּט באַוויזן זיין מוט, און אַן אָפיציר מוז זיין אַ העלד, אָבער לגמרי נישט קיין נאַרישער סטאָאיקער. ער האָט גאָרנישט בדעה געהאַט זיך אָפּצוטראָגן פאַר דער צייט. ער האָט איבער־געלעבט דערשטוינלעכע ענדערונגען, ער האָט מיטגעמאַכט שלאַכטן, אין וועלכע פּלוצלינגע, וווּנדערבאַרע געשעענישן האָבן געבראַכט רעטונג פון אומפאַרמיידלעכן, דאַכט זיך, אונטערגאַנג. דער, וואָס גלייבט נישט אין זיין גליק, איז נישט קיין עכטער זעלנער; אָן דאָזיקן גלויבן וואָלט קיין איין זעלנער נישט געגאַנגען אין שלאַכט אַריין.

דערווייל יעדנפאַלס האָט ער זיך געפינען אין דער תּפיסה און ער האָט זיך אַמוזירט דערמיט, וואָס ער האָט הילכיק זיך לוסטיק געמאַכט איבער ביידע אַנדערע. דידאָזיקע זענען געלעגן געשמידטע אין קייטן, שטאַרק צעווייטיקט, בעת ער, דער ליב־לינג פון דער אַרמיי, איז אויך אַלס געפאַנגענער געווען פּאָפּולער און געהאַט אַן אַנטשפּרעכנדע באַהאַנדלונג. און מיט רעכט. די

ביידע אַנדערע, די לייבאייגענע, זענען אָפּפאַל און פאַרדינען געקרייציקט צו ווערן. אָבער ער, דער פריי־געבוירענער, דער באַליבטער קאַפּיטאַן טרעבאָן, האָט זיין שוץ־מלאך, און דאָס פאָלק מיט דער אַרמיי וועלן פשוט נישט דולדן, מען זאָל אים ווי טון.

די טונקלקייט פון קעלער איז געווען פול מיט זיין ליאַרעמדיקער שטים, זיין פליישלעכקייט האָט באַלעבט דעם געשפּענסטישן האַלב־טונקל, זיין שטאַרקער אָטעם, זיינע אויסדעמפונגען האָבן פאַרטריבן די נאָענטקייט פון דער אונטערוועלט. ער האָט זיך געיאָגט נאָך שטשורעס און דורך די מויערן זיך אונטערגעהאַלטן פריינטלעך, הומאָריסטיש מיט די וואַכן. אָדער ער פלעגט הויך, אוממוזיקאַליש זינגען מיט זיין פעטער, נאַקעטער שטים דאָס טעפער־ליד און דערביי קלאַפּן נעראָנען צום טאַקט אויף די אַקסלען אָדער לענדן. ווי דאָס גאַנצע פאָלק, איז אויך ער געפירט געוואָרן פאַר דער נאָז דורכן שווינדלער־קייזער, און ווי דאָס גאַנצע פאָלק האָט ער זיך איצט נוקם געווען פאַר זיין לייכטגלויביקייט אין דעם דעמאַסקירטן, אין דעם געפאַלענעם.

אויך מיט קנאָפּסן האָט ער זיך אָפּגערעכנט דערפאַר, וואָס ער האָט אים אַזוי לאַנג געמיזט באַהאַנדלען ווי אַ גלייכן. אָבער גראָד דעמדאָזיקנס געמיט איז ווידער אויפגעריכט געוואָרן דורך דער קעגנוואַרט פון זיין אַמאָליקן פריינט און קאָמפּאַן, נישט געקוקט דערויף, וואָס טרעבאָן איז באַהאַנדלט געוואָרן בעסער, און ער האָט אים אויף אַלערליי אופנים געקאָנט אומבאַשטראָפט קוועלן און רייצן, האָט ער איצט נאָך מער געפילט זיין איבערהאַנט איבער אים, ווי פריִער. ער איז נישט אַזאַ גאווהדיקער שוטה, ווי טרעבאָן, ער זעט די זאַכן, ווי זיי זיינען. זיי וועלן ביידע אומקומען, ער און טרעבאָן. אָבער טרעבאָן וועט אינגאַנצן פאַרשווינדן, ווען ער וועט הענגען אויפן קרייץ, בעת ער, קנאָפּס, וועט ווייטער לעבן אין זיין קליינעם זונעלע, און במילא האָט ער די אויבערהאַנט איבער טרעבאָנען.

געוויס, עס וואָלס קליגער געווען אויסצובאַהאַלטן טיף אין

האַרץ דידאָזיקע געפֿילן. טרעבאָן אָבער איז צו פֿרעך, קנאָפּס מוז אים ווייזן ווער עלטער איז. און איינמאָל, נאָכדעם ווי טרעבאָן האָט אָפּגעחוזקט פֿון אים מיט זיין גאַנצער אַראָגאַנץ, האָט קנאָפּס שוין מער נישט געקאָנט האַלטן די צונג צווישן די ציין. „רעד זיך נישט איין קיין פֿייגעלעך אין בוזעם, אַלטער טרעבאָן“, האָט ער פֿיקירט. „דיין פֿעלדמאַרשאַלישע נבלה וועט מען פֿונקט אַזוי וואַרפֿן אין מיסטקאַסטן, ווי מיין מלוכה־סעקרעטאַרישער, און די זעלבע הינט וועלן אָפּפֿרעסן אונזער פֿלייש פֿון די ביינער. אָבער גראָד דאַן וועט זיך אַרויסשטעלן, ווער עס איז געווען דער קליגערער, צי דו, וועלכער האָט מיר געעצהט צו וואַרטן אויף די סענאַטאָרן־טעכטער אין רוים, אָדער איך, וואָס האָב מיין יאַלטאַן געמאַכט אַ ריכטיקן זון. פֿון דיר, קאַפּיטאַן טרעבאָן, וועט גאָרנישט בלייבן. אָבער פֿון מיר וועט עפּעס בלייבן אויף דער וועלט, אַ געראָטענער קלאַודיוס קנאָפּס מיט די געזונטע ביינער פֿון דער מוטער, מיטן פֿלינקן קאָפּ פֿון פֿאָטער און מיט אַן אַפּותיקאַ“.

טרעבאָן איז געזעסן אויף זיין נאַרע, געהערט, נאָכגעטראַכט. ער דערמאַנט זיך, אַז קנאָפּס איז אַרעסטירט געוואָרן, ווען זיין יאַלטאַ איז נאָך שוואַנגער געווען. טרעבאָן האָט געקענט די מעטאָדן פֿון מזרח און געוווּסט, אַז דער געפֿאַנגענער האָט נישט געהאַט קיין שום פֿאַרקער מיט דער אויסערלעכער וועלט. האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום מיט בייזוויליקער הנאה אַ פֿרעג געטון, צי ער האָט באַקומען גוטע ידיעות פֿון זיין יאַלטאַ און פֿון זיין יורש. קנאָפּס האָט געשוויגן, און טרעבאָן האָט געוווּסט, אַז ער ווייסט וועגן גאָרנישט. האָט ער אים דרייסט גענומען אויסמאַכן אַן אויער: „יאָ, יאָ, אונזער קנאָפּס איז אַ קעפּעלע. האָבן דיר אפֿשר די געטער דערציילט אין חלום, וואָס פֿון דיין יאַלטאַס בויך איז אַרויסגעקראָכן? אָדער אפֿשר קאָנסטו וויסן לויט דעם איי, צי עס וועט דערפֿון ווערן אַ האָן אָדער אַ הון? צי דען האָבן זיי דיר נישט אויסגעזאָגט, דו אָרימער יאָלד, אַז דיין יאַלטאַ האָט געבוירן אַ מיידל, אַ נעבעכדיק, קליין שטשורעלע, פֿון פֿאָטערס וווּקס?“

קנאָפּס האָט זיך געזאָגט, אַז דער קאַפּיטאַן זאָגט גראַנדאָװי-נע ליגנט. פֿונדעסטװעגן האָבן אים זײַנע רייד פּאַרװוּנדעט. װי-פֿיל מאָל עס אים נישט געקומען דער געדאַנק, אַז יאָלטאַ קאָן נאָך האָבן געהאַט אַ מיידל, פֿלעגט ער אים װײַט פּאַרטרײַבן פֿון זיך. ער האָט חרטה געהאַט, װאָס ער האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן, װאָס ער האָט גערעדט. האַלטן די צונג אויף אַ שטריקל, נישט אַרויסװײַזן דעם געמיינעם הונט, װי טיף ער איז פּאַרװוּנ-דעט. ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט אײַנהאַלטן ; מיט שרעק, מיט תּחנונים, איז אַרויסגעקומען פֿון אים די פֿראַגע : „צי װייס-טו עפּעס גענויערס, טרעבאָן, צי װייסטו אויף אַן אמת ? כ׳בעט דיך, טרעבאָן, זאָג עס מיר״. טרעבאָן אָבער האָט זיך געפֿרײַט. ער האָט דערציילט די װאָך-זעלנער װעגן קנאָפּס׳ האָפּענונגען און שרעקן, און פֿון דאַן אָן פֿלעגן זיי טאָג-װי-נאַכט נישט אויפֿהערן זיך צו װיצלען אין קנאָפּס׳ קעגנװאָרט װעגן זײַן אָפּשפּראָץ.

טערענצן האָט גאַנץ װייניק געאַרט די אָנװעזנהייט פֿון די אַנדערע. װען זיי פֿלעגן אים לאָזן צורו, פֿלעגט ער זיצן אײַנגע-דרייט אין זײַן װינקל, אויף װיפֿיל די קייטן פֿלעגן דאָס דער-לויבן, און חלומען אין זיך. אײנמאָל האָט ער זייער העפֿלעך גע-זאָגט, צו דער גרויסער איבעראַראַשונג פֿון די אַנדערע : „עס װאָלט מיר ליב געװען, װען איר מאַכט אַ קלענערן טומל״. ער האָט נאָך אַלץ געליטן פֿון הונגער און נאָך מער — פֿון שמוץ ; דאָס האָט געהערט צו דער ראָל, װאָס דער גורל האָט אויף אים אַרויפֿגע-לייגט. אָבער די בענקשאַפֿט נאָך קאַיאַן, װאָס האָט אים פֿון טאָג-צו-טאָג אַלץ מער געפּײַניקט, האָט זיכער נישט געהערט צו דער ראָל. אַך, װי שטאַרק ער האָט געװאָלט, זי זאָל קומען צו אים בײַנאַכט, אין זײַן טרוים, װי דאַנקבאַר ער װאָלט איר געװען פֿאַר אירע גראָבע זידלערײַען. אין זיך האָט ער זי גערופֿן, ער האָט געיאָמערט צו איר, זי זאָל אים געבן עסן, זי זאָל אים אויס-באָדן.

מערערע טעג זענען די געפֿאַנגענע געבליבן אין קעלער אָן ענדערונגען. דאַן איז אין שײַן פֿון פֿאַקלען אַרײַנגעקומען אַ

מענטש אין זייער צעלע, וואָס האָט דאַן אויסגעפּילט זייערע לעצטע וואָכן, און איז אפילו אין זייערע טרוימען נישט פאַרשוווּנדן פון זייערע אויגן און אויערן: דער קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס. היות גובערנאַטאָר אַטיל האָט פון נעראָנס אונטערגאַנג געוואָלט מאַכן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג פאַרן המון, האָט ער די אויספירונג פון דער עקזעקוציע אָנפאַרטרויט דעמדאָזיקן קוואַדראַטוס. ווייל דער קאַפּיטאַן איז באַרימט געווען מיט זיין רויקייט און זיין פאַרשטענדעניש פאַר דער פאָלקס־און זעלנער־נשמה, ער איז באַליבט געווען ביי דער אַרמיי און ביי דער באַפעלקערונג, — ער האָט אפילו פּרעטענדירט צו ירשנען טרעבאָנען.

קוואַדראַטוס איז געווען פון קליינעם וווּקס, אָבער ברייט און פול מיט מוסקולן. דער קערפּער איז געווען געוואַלטיק באַהאָרט, אָבער דער קאָפּ האָט געהאַט אינמיטן אַ פליך; דערדאָזיקער קאָפּ מיט זיין קאַטשקע־שנאָבל־נאָז איז געזעסן גראָטעסק אויף זיין קורצן האַלז. „זיי געגריסט, אָ דו זייער גוטער, זייער גרויסער קייזער נעראָן", האָט זיך קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס פאָרגעשטעלט פאַר טערענצן. ער האָט גערעדט מיט אַ פאַרבלאָזער, פלעגמאַטישער שטים, ער האָט אָבער דערביי טערענצן געגעבן אַזאַ פּאַטש אין הינטן, אַז יענער האָט מיט אַ וויי־געשריי אויפגעציטערט. די אַנדערע צוויי האָט ער באַגריסט אויף אַן ענלעכן אופן. לגבי זיין געפערלעכער, טרוקענער פרייַלעכקייט, זענען קנאָפּס' שפּאַסן געוואָרן אַ קינדער־שפּילעריי, און טרעבאָן האָט אויג־אויף־אויג מיט זיין געמיטלעכן קאָנקורענט פאַרלוירן די מונטערקייט.

קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס האָט קודם־כל געוואָלט, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, באַקומען אַ פאָרשטעלונג וועגן דער קערפּערלעכער לייסטונגס־פעיִקייט פון זיינע „פּענסיאָנערן", און צום דאָזיקן צוועק האָט ער זיי געלאָזט מאַכן גימנאַסטישע איבונגען. קנאָפּס האָט תיכּף געפאָלגט און געמאַכט שפּרונגען און קני־בויגונגען, ווי קוואַדראַטוס האָט באַפוילן. נעראָן אָבער, אין געפיל פון זיין „פּראַן", און טרעבאָן, אין געפיל פון זיין קראַפט, האָבן

נישט געפֿאָלגט די קאָמאַנדאָ און האָבן געשטעלט אַ פֿעסטן, פּאַסיוון ווידערשטאַנד. דאָס האָט דעם פֿלעגמאַטישן קיוואַדראַטוס געפֿרייט. ער האָט געהאַט גענוג צייט און מיטלען, כּדי צו ברעכן דעמדאָזיקן ווידערשטאַנד. און ער האָט אים געבראָכן. צוערשט טערענצעס און דערנאָך טרעבאָנס. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט נעראָנס הויט פֿאַרלוירן איר גלאַטקייט, זיין פּנים האָט אַרויסגעקוקט פֿון אַ קאָלטענעוואַטער אָפּגעבליאַקעוועטער באָרד, און די באַצייכענונג „רויט־בערדל“ האָט שוין מער נישט געפּאַסט פֿאַר אים. אויך טרעבאָן האָט שנעל פֿאַרלוירן זיין מענלעך־פּרעכטיקן אויסזען, און די ברוינע הערלעך, וואָס האָבן באַדעקט זיין קערפּער, האָבן באַקומען אַ שמוציקע געלבלעך־ווייסע פֿאַרב. אינגיכן האָבן די דריי צוזאַמען געוויגן נישט מער ווי פֿריִער צוויי פֿון זיי.

נאָכדעם ווי קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס האָט שוין גענוג געהאַט אָנגעזועטיקט זיין פּריוואַטע הנאה, איז ער צוגעטרעטן צו געבן דעם המון די פֿאָרשטעלונג, וואָס דער גובערנאַטאָר האָט פֿון אים דערוואַרט. אין איינעם אַ טאָג האָט מען די דריי אַרויסגעפֿירט אויפֿן הויף, ווו עס זענען געשטאַנען מענטשן מיט ברעטער, הובעלס און זעגן. „נו, פֿעלדמאַרשאַל“, האָט קוואַדראַטוס געזאָגט צו טרעבאָנען, „האָסט שוין גענוג געשפּרונגען. און איר, ליבער מלוכה־סעקרעטאַר“, האָט ער זיך געווענדט צו קנאָפּסן, „וועט ווידער אַרויסרופֿן די באַגייסטערונג פֿון די מאַסן אויף אייער אויסגעפּרוּווטן שטייגער. און איר, מאַיעסטעט“, האָט ער זיך געווענדט צו טערענצן, „וועט זיכער וויסן ווי מיר אָפּצודאַנקען. איר באַקומט איצט אַ באַזונדערס שיינע געלעגנהייט צו ווייזן אייער פֿאָלק אייער קונסט“. און די מענער האָבן געזעגט און געהובלט, און זיי האָבן אויסגעאַרבעט פֿאַר די דריי אַ הילצערנעם האַלז־קראַגן אויף אַזאַ אופֿן, אַז די הינטערשטע טיילן פֿון זייערע קעפּ זענען געלעגן כּמעט ביי־אַנאַנדער און די פֿנימער האָבן געקוקט אין פֿאַרשידענע זייטן. דאַן האָט מען די דריי אַרויפֿגעזעצט אין אַ וואָגן, צוגעשמידט, אַרויפֿגעלייגט אויף זיי דעם

הילצערנעם האַלז-קראַגן, זייערע לייבער אָבער זענען איינגע-הילט געוואָרן אין אַ באַקליידונג פון האַלץ און גיפס, אַזוי, אַז נאָר דער דרייפנימדיקער קאָפּ האָט אַרויסגעקוקט פונם הילצער-נעם קראַגן. די פאַרקליידונג אָבער האָט געהאַט די פאָרם פון אַ זיצנדן הונט-לייב און איז אַזוי לאַנג קונציק אַרומגעקלעפּט גע-וואָרן מיט הונט-פעלן, ביז דאָס גאַנצע איז ענלעך געוואָרן אויף אַ פאַנטאַסטישן און דאָך רעאַלן ריזיקן דרייפנימדיקן הונט.

אויפן דאָזיקן גוטן איינפאַל איז קוואַדראַטוס געפאַלן אַ דאַנק דעם וואָרט פון דרייקעפּיקן גיהנום-הונט, מיט וועלכן יאָהאַנעס האָט בעתן קריסטן-פּראָצעס באַצייכנט דעם טריאומוויראַט טערענץ, טרעבאָן און קנאָפּס.

ווען מען פלעגט דערזען די דריי אין זייער הילצערנער און גיפּסענער פאַרקליידונג, פלעגט יעדער איינער גלייך פאַרשטיין דעם מיין דערפון. די גאַנצע שטאָט האָט זיך ליאַרעמדיק געפרייט, און קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס, וועלכער האָט געהאַט דעם רומרייכן איינפאַל, איז שטאַרק געפייערט געוואָרן.

דער „דרייקעפּיקער גיהינום-הונט" איז אַרומגעפירט געוואָרן איבערן לאַנד אויף זייער וואָגן: דער קייזער, זיין מאַרשאַל און זיין קאַנצלער. קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס האָט נישט אויסגעוויילט דעם גלייכן וועג, — ער איז געפאָרן מיט זיין פור דורך לאַנגע אומ-וועגן, זיגזאַגיש, פון מזרח קיין מערב, פון צפון קיין דרום, דורך דער גאַנצער פּראָווינץ. זינט צוואַנציק יאָר — ווען דער אַרמע-ניער-קעניג טירידאַט איז דורכגעפאָרן גרויסאַרטיק דאָס לאַנד, באַ-גלייט דורך אַנדערע קעניגן פון מזרח-לאַנד, כּדי צו וויזיטירן דעם רוימישן קייזער, — האָט שוין די פּראָווינץ סיריע נישט געזען אַזאַ אינטערעסאַנטע פאָרשטעלונג. ריזיקע מאַסן זענען נאָכגעגאַנגען דעם וואָגן, און עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט זען דעם דרייקעפּיקן איין מאָל, און זיי פלעגן מיטגיין ביז דער צווייטער און אפילו ביז דער דריטער שטאָט.

אומעטום איז דער אָנקום פונם דרייקעפּיקן פאַרוואַנדלט גע-

וואָרן אין אַ פאָלקס־יום־טוב. די שטעט האָבן געגעבן זייערע סטאַ־דיאָנען, זייערע צירקן, זייערע גרויסע פּלעצער פאַר דער פאָר־שטעלונג. און ס׳האָט זיך טאַקע געלוינט צו זען. קאַפּיטאַן קוואַד־ראַטוס האָט געוויזן אַן אַנדערן דרייקעפּיקן, ווי יאָהאַנעס פון פּאַט־מאָס האָט זיך אים פאָרגעשטעלט, אַ סך לוסטיקער און אַ סך גרוי־ליקער. די דריי פּנימער, מיט וועלכע דערדאָזיקער גיהנום־הונט האָט געקוקט אין המון אַריין, זענען געווען פּנימער פון אַלטע מענער, שמוציקע, איינגעשרומפּטע, נעבעכדיקע פּנימער, אַרומ־גענומען מיט צעפּאַטלטע בערד, דערביי אַזוי צעפּייניקט, בייז און חיהש, אַז אַ סך האָבן זיך נישט דערוועגט צוצוקומען נענטער, הגם דער דרייקעפּיקער איז געווען געשמידט און גוט באַוואַכט; קינדער האָבן זיך דערשראָקן געקלאַמערט אין די קליידער פון זייערע מוטערס, פרויען האָבן באַקומען היסטעריע.

אָבער די, וואָס זענען צוגעגאַנגען נאָענט, זענען גוט באַ־לוינט געוואָרן. מען האָט נישט נאָר געמעגט באַטאַפּן די פּנימער, רייסן פאַר די בערד און פּאַטשן; קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס האָט גע־זאָרגט פאַר אָפּוועקסלונג. ער האָט געלאָזט אויסזעגן לעכער אין דער האַלץ־פאַרקליידונג, און ווער עס האָט געוואָלט, האָט געקאָנט באַפעלן דעם דרייקעפּיקן צו געבן די לאַפּע. דער דרייקעפּיקער האָט אויך געמוזט בילן, ווען מען פלעגט דאָס אים באַפעלן. פלעגט ער דאָס נישט טון, דאַן פלעגן די וואַן־זעלנער שטעכן מיט זייערע פּיקעס דורך די לעכער פון דער פאַרקליידונג. „האַו־האַו", האָט דאָס פאָלק געשריגן און: „ביל, רויט־בערדל. ביל, פעלדמאַרשאַל, גיב די לאַפּע, וואַסער־מאַן" ; וואַסער־מאַן האָבן זיי גערופן קנאָפּסן, צום אָנדענק פון אַפּאַמעאַס פאַרפלייצונג.

נעראָן גופא איז געווען שטיל, האָט מייסטנטיילס געהאַלטן צוגעמאַכט די גרויע, אַנטצינדעטע אויגן און האָט פאַרשאַפּט ווײ־ניק פאַרגעניגן די באַטראַכטער. צום קאָמישסטן איז געווען קאַ־פּיטאַן טרעבאָן. ער פלעגט זיך דורכשמועסן זאַפטיק מיט זיין קאָנקורענט און אַרעסטאַנטן־היטער קוואַדראַטוס. דער הויפּט־ציל פון זיין שפּאַט איז געווען דעם קאַפּיטאַנס שטים און זיין

קאַטשקע־שנאָבל־נאָז. ווער עס האָט אַזאַ שטוריענע, פאַרשלאָפענע שטים, האָט ער חוזק געמאַכט, קאָן קיינמאָל נישט באַקומען אין דער אַרמיי דעם געהעריקן אויטאָריטעט, און ביי די פרויען, רעכנט ער, אויך נישט; ווייל פון דער שטים קאָן מען זיך מאַכן אַ פאָרשטעלונג וועגן אַנדערע זאַכן אויך. זענען געווען קינדער אין דער נאָענט, פלעגט זיי טרעבאָן אויספאָדערן זיך צו זעצן אויף דער קאַטשקע־שנאָבל־נאָז פון קיואַדראַטוס און זיך דורכרייטן אַ ביסל. באַזונדערס אויפגעהייטערט פלעגט טרעבאָן ווערן, ווען מען פלעגט אים געבן צו זויפן. ער פלעגט דאַן שרייען צו די פרויען געזאַלצענע נבול־רייד, ער פלעגט זיי אויפפאָדערן מיט ליאַרעם אָפצוגעבן זיך מיטן דרייקעפיקן, און אַרום און אַרום פלעגט מען הירזשען פון געלעכטער.

קנאָפּס פלעגט זיך צום מיינסטן אָפּגעבן מיט קינדער. ער פלעגט זיי גרינטלעך באַטראַכטן מיט זיינע שנעלע אויגן, דער עיקר די קלענסטע, מיט גיריקער צערטלעכקייט, אַזוי, אַז די מו־טערס פלעגן אָפטמאָל זיך איבערשרעקן און אַוועקשלעפן די קינ־דער. ער פלעגט נישט זיין אין כעס אויף די קינדער, ווען זיי פלעגן אים רייצן, אים צופּן ביי דער באָרד אָדער קנייפּן זיין פנים מיט זייערע קליינע הענטלעך. אָבער איינמאָל, ווען אַ פרוי האָט דערנענטערט צו אים איר צוויי־אָדער דריי־יעריק יינגעלע, ער זאָל אים אַריינשטופּן צוקער־געבעקס אין מויל, האָט ער אומ־געריכט אַ ביס געטון דעם קינד אין די פינגער.

אַ סך שעהן, כמעט דעם גאַנצן טאָג, האָבן די דריי גע־שטעקט אין זייער עקלהאַפט־אַמוזירנדער פאַרקליידונג, צוגעשמידט איינער צום צווייטן. די קעפּ האָבן זיי געמוזט האַלטן אויפגע־הויבן, ווייל אַנדערש האָט זיי דער האַלז־קראַגן געריבן. די שטריק, די קייטן, די גיפּס־און האָלץ־פאַרקליידונג האָט זיי געצוווּנגען צו האַלטן די קערפּערס אין אַ שטאַרער לאַגע און פאַרשאַפט שרעק־לעכע שמערצן דעם קאָפּ, דעם האַלז און די אַקסלען.

פאַרן צוקוקער איז דאָס געווען איינאײנציקער קאָפּ אויפן

הינטישן ליַיב, אָבער דערדאָזיקער קאָפּ האָט געהאַט דריַי פּנימער, געטראַכט מיט דריַי מוחות און געזעסן אויף דריַי קערפּערס. די־דאָזיקע חברה־ליַיט זענען פאַרבונדן געווען פון ערשטן מאָמענט אָן, ווי זיי האָבן זיך נאָר דערזען, און זינט דאַן זענען זיי געווען צונויפאַנאַנדער סיַי פריַינט, סיַי פיַינט. איצט זענען זיי ענגער פאַרבונדן געווען ווי וואָר־נישט־איז אויף דער וועלט, זיי זענען כּסדר געווען צוזאַמען, זיי זענען אַזוי פאַרוואַקסן געווען מיט־אַנאַנדער, אַז יעדער פון זיי האָט פיַינלעך געשפּירט די קערפּערלעכע פונקציעס פונם צווייטן, און זיי זענען איינער פאַרן צווייטן געוואָרן אומדערטרעגלעך.

זייערע זעקס נאָזלעכער האָבן געאָטעמט די זעלבע לופט, זייערע זעקס אויגן האָבן געזען דאָסזעלבע, זייערע זעקס אויערן האָבן געהערט איין גערויש. זייערע זעקס מוחות האָבן געצווונגענערהייט געטראַכט דאָס זעלבע. „ווי לאַנג וועט עס נאָך דויערן ?" האָבן זיי געטראַכט און : „ווען וועלן מיר שוין ענדלעך זיַין אין אַנטיאָכיע ?" און : „דידאָזיקע פאַרשאָלטענע חזירים". אָבער דערביַי האָט יעדער איינער געטראַכט זיַינע אייגענע געדאַנקען. „מיַין זונעלע", האָט געטראַכט קנאָפּס ; „מיַין קאַיאַ", האָט געטראַכט טערענץ ; „מיַין שוץ־מלאך און מיַין גליק", האָט געטראַכט טרעבאָן.

זיי האָבן גענײט און געגעבן די לאַפּקעס, זיי האָבן פאַרשאָלטן די וועלט און זיך אַליין, זיי האָבן געיאָמערט אין אָנמעכטיקן צאָרן און זיך געטרייסט, יעדער פון זיי האָט געהאַסט די אַנדערע און געשטשירעט די ציין אויף זיי און פונדעסטוועגן זיך געפילט פאַרבונדן מיטן דאָזיקן אַנדערן ווי מיט קיינעם אויף דער וועלט, וויַיל זיי זענען פאַרבונדן געווען צווישן זיך דורך איינערלעכער קרובהשאַפט, גליק, אויפשטייג, פאַרברעכן, שטורץ און צוקונפטיקן אונטערגאַנג.

דאָס אַלץ האָבן זיי אָבער געטון בלויז אין די ערשטע טעג. דאַן זענען זיי אַריַינגעפאַלן אין אַפּאַטיע, און מען האָט זיי

דורך שטעכן, קלעפּ און קנייפּן געמוזט צווינגען צו געבן לעבנס־צייכנס. זיי האָבן אויך אויפגעהערט צו האַסן אָדער ליב צו האָבן איינער דעם צווייטן. זיי פּלעגן בלויז וואַרטן אויף דער נאַכט, זי זאָל זיי באַפרייען פון זייערע קייטן.

דידאָזיקע וואַנדערונג אין סיריע האָט געדויערט מערערע וואָכן. טאָג־טעגלעך האָט מען נעראָנען מיט זיינע חברים אויסגע־לאַכט, באַשפּיגן, באַוואָרפן מיט שמוץ. זיי האָבן דאָס שוין נישט געשפּירט. זיי האָבן מער נישט געזען נישט די צופרידענע און נישט די האַסנדיקע פּנימער פון המון, זיי האָבן קוים געזען דאָס פּנים פון קוואַדראַטוס. זיי האָבן קוים געהערט דעם יובל פון זייערע באַטראַכטער, זיי האָבן קוים געהערט דאָס בילעריי, וואָס זיי גופא האָבן געמוזט אַרויסבריענגען פון זיך. דאָס איינציקע, וואָס זיי פּלעגן נאָך פון מאָל־צו־מאָל אויפנעמען מיטן באַוווסט־זיין, איז געווען די מעלאָדיע פונם טעפּער־ליד, יענע איינפאַכע און דאָך ראַפינירטע מעלאָדיע מיט אירע קליינע, אויסגעלאַסענע, זינדיקע פּויזעס.

## 18.

# אויך ער האָט גערינט דער פאַרנונפט

אין אַנטיאָכיע האָט מען די דריי גענומען דערהאַלטן, כּדי זיי זאָלן ביי דער עקזעקוציע נישט אויסזען צו עלנט. עס האָט געדויערט צוויי וואָכן, ביז זיי זענען ווידער געקומען צו די כּוחות.

אין פריִען מאָרגן פונם עקזעקוציע־טאָג האָט מען זיי געשמיסן אין געריכטס־זאַל, ווי דער מנהג איז, און די צושויער האָבן פון זיי חוזק געמאַכט. נעראָנען האָט מען אָנגעטון דעם הויך־זויליקן קייזערלעכן שוך, זיינע טראַנטעס האָט מען באַשמירט אָנשטאָט מיטן פורפור־פאַס — מיטן בלוט פון זיינע בייטש־ווונדן, מען האָט אים אויפגעהאָנגען אַ טאָוול אויפן נאַקן מיט דער אויפשריפט „קלאַודיוס נעראָן צעזאַר אויגוסטוס”, אָנשטאָט דעם שמאַראַגד האָט מען אים אַריינגעקלעמט אין אויג אַ שטיק גלאָז, מען האָט אים געקרוינט מיט אַ נאַכט־טעפּל, און אים אַזוי אַוועקגעזעצט אויף אַ הויכער שטול. קנאָפּסן, וואָס אַלע האָבן געוווסט וועגן זיין בענקשאַפט נאָך אַ זונעלע, האָט מען אַריינגעשטעקט אין אָרעם אַ שטרויענע ליאַלקע, און אַזוי האָט מען אים באַזעצט צו נעראָנס פיס. טרעבאָנען האָט מען אַרויפגעניייט אויף דער נאַקעטער ברוסט בלעכערנע קאָפּיעס פון זיינע אויסצייכענונגען און אים אַוועקגעזעצט צו נעראָנס פיס פון דער צווייטער זייט. דאַן האָבן זיי אויסגערופן: „זיי געגריסט, אָ דו זייער גוטער, גרויסער קייזער נעראָן”, און האָבן זיך געפּ״ייט.

דער קרייציקונגס־פּלאַץ פון אַנטיאָכיע איז געלעגן אין צפון־טייל פון דער שטאָט, אַ לאַנגער מהלך; דאָס איז געווען אַ נאַקעט

בערגל, וואָס האָט געדינט אַלס אָפּלייג-פּלאַץ פֿאַר מיסט, מיטן נאָמען — דער פוקס-באַרג. מען האָט די דריי געפֿירט דורך דער הויפּט-גאַס. דער גאַנצער וועג איז פֿול געווען מיט מענטשן; אויף אַלע דעכער איז מען געשטאַנען, כּדי צו זען ווי נעראָן מיט זיינע חברים ווערן, באַשמירטע מיטן בלוט, אויסגעשעפּטע, שלעפּן צום פוקס-באַרג די באַלקנס פֿאַר זייערע קרייצן.

עס איז געווען אַ שיינער טאָג אָנהייב אָקטאָבער, שוין נישט הייס, אָבער די דריי האָבן ביטער געליטן פֿון היץ און דורשט. אַ קרעפּטיקער פּוסגייער וואָלט געקאָנט דורכמאַכן דעם וועג אין אַ גוטער שעה; פֿאַר זיי, וואָס האָבן געדאַרפֿט שלעפּן זייערע קרייצן, האָט ער געדויערט דריי שעה. קנאָפּס האָט זיך אַרויסגעשלאָגן פֿון די כּוחות נאָך אין געביט פֿון דער שטאָט, און קורץ נאָך אים — טערענץ. מען האָט זיי מיט קלעפּ געמוזט צווינגען אויפֿצושטיין און ווייטער טרייבן. אַרום זיי האָט דער המון געליאַרעמט און ער האָט געזונגען דאָס טעפּער-ליד.

אין יענער שעה, ווען דאָס באַשעפעניש איז געגאַנגען זיין לעצטן וועג, האָט זיך וואַראָ געפֿונען אונטער אַ ווייטן מזרח-הימל. עס איז געווען ניין אַ זייגער אינדערפֿרי, אָבער דאָרט, וווּ ער איז געווען, איז שוין געווען מיטאָג-צייט. ער האָט גערוט אויף אַ שטויביקן וועג, אין שאָטן פֿון אַ בוים, און געגעסן. זיין מאָלצייט איז באַשטאַנען פֿון אַ שעלעכל רייז און אַ פּיצל האַרט שעפּסן-פֿלייש. ער האָט געגעסן מיט אַפּעטיט. ער איז נישט געווען צופֿריגט מיט זיין לעבן, ער האָט געזען אַ סך נייע זאַכן און ער וועט נאָך מער נייע זאַכן איבערלעבן. דאָס איז געווען אַ באַלעבּעטער וועג, ווו ער האָט געגעסן, און ער האָט געהאַט צייט. ער האָט רויִק געגעסן און איז נאָך לאַנג געבליבן זיצן. די פֿאַרבייגייער האָבן גערעדט אין אַ שווערן דיאַלעקט אַ פֿרעמדע שפּראַך, ער האָט אויפֿגעכאַפּט בלויז וואָרט-ברעקלעך, און האָט ווייניק פֿאַרשטאַנען פֿון דעם. פֿונדעסטוועגן האָט אים דאָס געהערטע גע-געבן שטאָף צום דענקען. זיין זין פֿאַר מעטאָדישקייט האָט איינ-גערייט די ווערטער. ער האָט געקלערט וועגן דעם, אַז מיטן

פרעמדן קלאַנג פון אַ וואָרט, ענדערט זיך אויך זיין באַגריף, און קיין איין געדאַנק זיינער האָט זיך נישט אומגעקערט אין זיין פאַר־גאַנגענהייט אין דערדאָזיקער שעה, ווען מען האָט אונטערגעפירט דעם לעצטן סך־הכל פון זיין „עקספּערימענט".

וואָלט ער אָבער געוווּסט וועגן דעם, אַז איצט הענגט מען זיין נעראָן אויפן קרייץ, וואָלט ער העכסטנס מיט באַפרידיקונג קאָנסטאַטירט, אַז דער גורל לאָזט צאָלן דעם ערגערן, ווייניקער שולדיקן פאַרן בעסערן און שולדיקערן. און פון העכערן שטאַנד־פּונקט איז עס גערעכט.

אין דערדאָזיקער שעה האָט זיך קעניג פיליפּ אין זיין סאַ־מאָסאַטאַ דערמאָנט אין נעראָנען. אומרויִק, אומהיימלעך איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די שיינע זאַלן פון זיין ביבליאָטעק; גע־פילן און געדאַנקען האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אין אַ תהו־ובהו. ער האָט זיך נישט געדאַרפט לאָזן פאַרפירן פון וואַראָן. ער איז נישט געבוירן געוואָרן אַלס בונטאַר. ער האָט נישט געוווּסט, צי דאָס, וואָס עס איז געשען, איז גוט אָדער שלעכט; יעדנפאַלס האָט זיך די אונטערנעמונג געענדיקט אַנדערש, ווי ער האָט געוואָלט. נישט געקוקט אויף אַרטאַבאַנס באַמיִונגען האָט דער גובערנאַטאָר רופוס אַטיל נאָך מער באַשרענקט די סווועווערענע רעכט פון קעניג־רייך קאָמאַגענע. אפשר איז דאָס פאַר אים בעסער; האַנדלען איז געמיין, בלויז מעדיטירן איז גוט. אין תוך גענומען האָט קעניג פיליפּ געבענקט נאָך דער צייט, ווען דאָס ברוטאַלע, צום הערשן־געשאַפענע רוים וועט אינגאַנצן אָפּנעמען ביי אים די קרוין און ער וועט האָבן אַ פרייען קאָפּ פאַר געדאַנקען און טרוימען, פאַר זיינע בנינים און זיינע ביכער.

אויך קעניג מאַלוק האָט אין דערדאָזיקער שעה געטראַכט וועגן טערענצן. ער האָט מער פאַרדינט פון דעם, וואָס ער האָט זיך געשטעלט אויף נעראָנס זייט. ביי די אונטערהאַנדלונגען מיט רוים האָט זיך דער אויבער־פּריסטער שאַרביל אַרויסגעוויזן אַלס עקשנותדיקער און עלאַסטישער מלוכה־מאַן, און דאָס קעניגרייך

עדעסאַ, אונטערגעשטיצט דורך אַרטאַבאַנען, איז אַרויס שטאַרקער און אומ׳ פֿהענגיקער פֿון דער ניי-פֿאַרטיילונג פֿון מעסאָפּאָטאַמיע. מאַלוק האָט געהערט ווי דער פּאָנטאַן פֿליעסקעט און דערביי געטראַכט, אַז דאָס מעשהלע וועגן דעם טעפּער, וואָס די שטערן-געטער האָבן אים אַ געוויסע צייט געלאָזט זיין קייזער, האָט זיך שוין, באַפֿרידיקנדיק געענדיקט. עדעסאַ איז גרעסער געוועז ווי פֿריִער, און דער מאַן טערענץ פֿאַרשווינדט פֿון דער וועלט, נישט צווינגענדיק דעם קעניג מאַלוק צו באַלאַסטן זיין געוויסן דורך ברעכן די גאַסטפֿריינטלעכקייט.

אינצווישן זענען נעראָן מיט זיינע חברים געגאַנגען ווייטער זייער מיפּולן וועג. אויפֿן ראַנד פֿון דער שטאָט, דאָרט, ווו מען הייבט אָן שטייגן צום פֿוקס-באַרג, זענען געשטאַנען פֿרויען און זיי דערלאַנגט אַ געטראַנק, וואָס לינדערט די שמערצן און באַטויבט זיי. ווען עמעצער שענקט אַזאַ געטראַנק, מוז ער זיך באַקענען צו זיין טאַט און לאָזן הויך אויסרופֿן זיין נאָמען. אָבער די פֿרויען האָבן געזאָגט: „דעמדאָזיקן געטראַנק גיבן מיר אייך אין נאָמען פֿון מאַרציאַן, דער טאָכטער פֿון טערענציוס וואַראָ“.

ענדלעך זענען זיי אָנגעקומען אויפֿן פֿוקס-באַרג. דער גאַנצער באַרג איז פֿול געווען מיט מענטשן, קיין שפּילקע-קעפּל נישט אַריינצוואַרפֿן. קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס האָט זיך לאַנג געשלאָגן, צי זאָל ער די דריי צובינדן אָדער צונאָגלען צום קרייץ. צונאָגלען — וועט זייער פּיין זיין גרעסער, אָבער קירצער; ווייל דער ווונדפֿיבער רופֿט אַרויס אַ שנעלערן טויט. ווען מען בינדט אָבער עמעצן צו צום קרייץ, טרעפֿט, אַז ער לעבט נאָך אויפֿן צווייטן, אַפֿילו אויפֿן דריטן טאָג. קוואַדראַטוס האָט זיך אַנטשלאָסן צוצובינדן זיינע „פּענסיאָנערן“ צום קרייץ. די זעלנער האָבן ביי זיי אַראָפּגעריסן די קליידער, האָבן זייערע אויסגעצויגענע אָרעמס צוגעבונדן צו די קווער-באַלקנס און דידאָזיקע צוגעפּעסטיקט צו די קרייץ-שטאַמען. טויזנטער האָבן גיריק אויסגעשטרעקט די העלזער און צוגעקוקט, און איז עס אויסגעבראָכן אַן אומגעהייער געשריי

און אַ בראַוואָ-פּאַטשעריי, ווען נעראָן, זיין קאַנצלער און זיין פעלדמאַרשאַל זענען ענדלעך געהאָנגען, ווי דאָס טעפּער-ליד האָט עס פאָראויסגעזאָגט. די זעלנער אָבער האָבן געוואָרפן גורל איבער די קליידער פון די פאַרמשפּטע, און אַ סך האָבן זיך געשטופּט אַרום געווינער, כּדי איינצוהאַנדלען אַן אָנדענקען פון נעראָנען, פון אַבערגלויבן אָדער פון אַ זאַמל-מאַניע אָדער אויך פון פּיעטעט, ווייל ווער קאָן וויסן — אפשר איז דער הענגענדער פאָרט געווען דער קייזער נעראָן.

די דריי זענען געהאָנגען. פונם פוקס-באַרג האָט מען געהאַט אַ שיינעם אויסבליק. די הענגענדע האָבן צופוסנס געזען דעם טייך אָראָנטעס און זיינע אינזלען, אויך די צאָלרייכע שלעסער, דענקמעלער, ווילעס און גערטנער פון דער שיינער שטאָט אַנטיאָכיע, אין וועלכער זיי האָבן נאָך פאַר קורצן געהאָפט אַריינצומאַרשירן מיט טריאומף. אויך איצט האָט נאָך טרעבאָן געטראַכט וועגן דערדאָזיקער האָפענונג, אפילו אויפן קרייץ האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט פון איר. אין דער צייט, וואָס די אַנדערע האָבן קוים רעאַגירט אויף די שפּאַסן, וואָס די זעלנער און דער המון האָבן זיי צוגעוואָרפן, האָט ער, פון קרייץ אַראָפּ, געפירט געזאַלצענע דיאַלאָגן מיטן קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס, זיין קאָנקורענט. ער האָט פאַרמאָגט אַ געוואַלטיקן ווילן צום לעבן, ער האָט פּשוט נישט געוואָלט גלייבן, אַז ער וועט שטאַרבן. דאָס, וואָס מען האָט אים נישט צוגענאָגלט, נאָר צוגעבונדן, האָט ער באַטראַכט אַלס גוטן סימן ; אַזוי אַרום האָט ער נאָך געהאַט אַ סך צייט. דער שפּאָט-אויפשריפט „פעלדמאַרשאַל טרעבאָן“, וואָס איז אויפגעהאָנגען געוואָרן אויף זיין קרייץ-שטאַם, האָט אים נישט געאַרט, ער וועט אים נאָכאַמאָל פאַרווירקלעכן, און די בלעכערנע אויסצייכענונגען, וועלכע זיי האָבן אים אָנגעניייט אויף דער ברוסט, האָבן ווייניקער געברענט און געביסן, ווען ער פלעגט אַ טראַכט געבן, ער וועט מוזן פאַרדינען דער „מויער-קראַנץ“ אַ דריט מאָל. ניין, אים וועלן זיי נישט אַנטמוטיקן. פון זיין קרייץ אַראָפּ האָט ער אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און אַראָפּגעקוקט אויפן פוקס-באַרג, צי

מאַרשירט שוין נישט די ראָטע, כּדי אין אויסטראָג פֿון דער אַר־מיי אים אַראָפּצונעמען.

די זון איז געשטיגן. דער באַטויבונגס־געטראַנק האָט נישט געווירקט, און גלייך נאָכדעם ווי מען האָט זיי צוגעבונדן, האָבן די דריי דערשפּירט אין אַלע גלידער יענע פֿאַרגלייווערטקייט און יענעם קראַמף, וואָס איז זיי גוט באַקאַנט געווען פֿון דער צייט פֿון דרייקעפּיקן גיהנום־הונט. זייער פּיין איז געוואַקסן אומגעהייער שנעל. צוערשט האָט געשלאָסן די אויגן נעראָן און האָט געלאָזט הענגען דעם קאָפּ אויף אַ זייט, דאַן קנאָפּס, צולעצט טרעבאָן. אַזוי זענען זיי געהאָנגען מיט טרוקענע ווייסע ליפּן, שוואַך־הענגענדיקע קינבאַקן, בלוט־פֿאַרשמירטע, אָפּאַטיש. פֿליגן האָבן זיך געזעצט אויף די אומבאַהאָלפֿענע, זייערע פֿיס זענען געווען בלוילעך, זייער הויט האָט פֿײַנלעך געביסן, דער קראַמף האָט געריסן זייערע מוסקולן און נערוון, זייער מאַרך האָט געטאַנצט. דער דורשט האָט געמאַכט געשוואָלן זייערע גומענס און צינגער. פֿון צייט־צו־צייט פֿלעגן זיי פֿאַרלירן דאָס באַוווסטזיין, אָבער בלויז אויף אַ קורצער ווײַלע.

צווישן די צושויער האָט מען זיך געוועט, ווער פֿון די דריי עס וועט דער ערשטער פּגרן, און צי זיי וועלן איבערלעבן דעם זון־אונטערגאַנג. די מײַנסטע האָבן געהאַלטן, אַז טערענץ און קנאָפּס וועלן נישט איבערלעבן דעם טאָג, אָבער דער קרעפּטיקער טרעבאָן — יאָ. אייניקע האָבן כּסדר ווידער געמאַכט פּרווון זיי באַוועגן צום רעדן. ביי טרעבאָנען פֿלעגט עס אַמאָל געלינגען, ביי די איבעריקע צוויי — נישט.

די זון איז געשטיגן און די זון איז געזונקען, און די דריי זענען געהאָנגען אין זייערע שטריק, די קעפּ פֿאַרוואָרפֿן אויף אַ זייט, אַלץ אומבאַוועגלעכער. אָבער ווען די זון האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין, איז ניי לעבן אַריינגעקומען אין זייערע פֿאַרשטאַרטע לייבער. דער פּאַכמאַן, קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס, האָט עס דערוואַרט. כּדי זיי נאָך מער צו באַלעבן, האָט ער זיי, אויף אַ שטאַנג, געלאָזט אַרויפֿדערלאַנגען אַ שוואָם, אָנגעזאַפּט מיט וואַ־

סער און וויין. מען האָט דעם שיוואָם געהאַלטן לעבן זייערע ליפּ־ כּדי זיי זאָלן איינזייגן די קילקייט, און מען האָט זיי אָפּגעוויש די פּנימער.

נעראָן האָט געזויגן דעם שוואָם, האָט געצוקט מיטן קאָפּ דערדאָזיקער קאָפּ איז פול געווען מיט פייער. אונטערן איינפלוס פון באַלעבנדיקן שיואָם האָט ער דערקענט, וואָס דאָס באַדייט: זיין לעצטע קייזערלעכע אויפגאַבע איז געווען דורכצוגיין דורכ דאָזיקן פייער ביים פולן באַוווסטזיין.

ווען די זעלנער האָבן געזען, ווי גיריק טערענץ לעקט ד'ע שוואָם, האָבן זיי פון אים צוגענומען דאָס נאַס ז, עס ווידער דער־ נענטערט צו אים און ווידער עס אָפּגענומען. דאָס האָט זיי גע־ ווילט; פאַר נעראָנען איז דאָס געווען ווי אַראָפּפאַלן פון ג עדן אין גיהנום. ער טאָר אָבער זיין אויפגאַבע נישט פאַרגעס ער מוז דורכגיין דאָס פייער, ער מוז פאַרשלינגען דאָס פייע זיי ווילן אים שטערן דעריין, ס'וועט זיי אָבער נישט געלינגע די זון איז שוין געווען זייער טיף, ער האָט זי שוין צום גרעסט טייל פאַרשלונגען, ווי עס פּאַסט פאַר נעראָנען. אויב זיי וועל אים נאָכאַמאָל געבן דעם שוואָם, וועט ער עס באַווייזן, ווע ער זי אינגאַנצן פאַרשלינגען. זיי האָבן אים אָבער נישט געגעב דעם שוואָם.

קאַפּיטאַן טרעבאָן איז געוואָרן זייער ליאַרעמדיק, ווי נאָר ער האָט אַ לעק געטון דעם שוואָם. צו אַלעמענס פרייד האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו שילטן מיט דער פולער קראַפט. ער האָט געזידלט די צושויער, די זעלנער, זיינע חברים, וועלכע זענען געהאָנגען לעבן אים אויף די קרייצן. די וואַך־זעלנער האָבן איינ־ געפונען, אַז ער איז אַ יונג מיט ביינער און אַז ער האָט פאַר־ דינט זיין שם אין דער אַרמיי. עס איז איצט קיין שום ספק נישט געווען, אַז ער וועט צום לענגסטן אויסהאַלטן, אַז ער וועט אי־ בערלעבן די נאַכט, און די, וואָס האָבן זיך געוועט אויף דעם פאַרקערטן, האָבן געקאָנט גיין אַהיים, — זיי האָבן פאַרשפּילט.

צום קרעפּטיקסטן האָט זיך טרעבאָן אַ נעם געטון צו זיין

קאָנקורענט קוואַדראַטוס. „חברים", האָט ער אויסגערופֿן צו די וואַכן, „ווען איר וואָלט געדאַרפֿט אַרויפֿקלעטערן אויף דער מויער פֿון אַ באַלאַגערטער שטאָט, און ווען דערדאָזיקער קוואַדראַטוס וואָלט אייך באַפֿוין מיט זיין פֿאַרזשאַווערטער שטימע, צי וואָלט איר זיך דען געקאָנט באַוועגן פֿון געלעכטער ?" קוואַדראַטוס אָבער האָט געענטפֿערט, די שטים טרוקן און גלייכגילטיק, ווי תמיד: „ווייטער, ווייטער, אַלטער טרעבאָן, זידל דיר אויס די גאַל, איי־דער דו קראַפּירסט, כּדי די הינט זאָל דיין אינגעווייד נישט שמעקן אַזוי ביטער, בעת זיי וועלן דיך פֿרעסן אינם מיסט". טרעבאָן אָבער האָט צונויפֿגענומען די כּוחות. מיט גרויס אָנשטרענגונג האָט ער צונויפֿגעזאַמלט דאָס גאַנצע שפּייעכץ, וואָס ער האָט נאָך געקאָנט צונויפֿזייגן אין זיין אויסגעטרוקנט מויל, האָט אָנגעשפּיצט די ליפּן, און עס אַרויפֿגעשפּיגן קוואַדראַטוסן פּונקט אויפֿן פּליך.

עס איז אויסגעבראָכן אַ בראַוואָ־פּאַטשערײַ. אפילו די זעל־נער האָבן געלאַכט, בעת קוואַדראַטוס האָט אָפּגעווישט דעם שפּיי פֿון קאָפּ. קוואַדראַטוס גופא האָט זיך געפֿרייט, וואָס טרעבאָן באַ־לעבט די עקזעקוציע־פֿאָרשטעלונג, ער האָט זיך פֿאַרשטאַנען אויף אַ שפּאַס אויך דאָן, ווען דאָס פֿלעגט געשען אויף זיין רעכענונג. טרעבאָן האָט געמעגט צופֿרידן זיין מיט זיין ווירקונג.

אָבער אינמיטן דער אַלגעמיינער פֿרייד איז זיין גרויסער קאָפּ אומגעריכט אַראָפּגעזונקען אויף פֿאָרנט און ער האָט זיך מער נישט גערירט, נישט גערעדט.

קוואַדראַטוס איז געווען אַנטוישט. זאָל דאָס שוין ווירקלעך זיין דער סוף ? ער האָט געלאָזט אַ קיצל טון טרעבאָנען מיט אַ פּיקע אין אַ זייט, — ער האָט זיך נישט גערירט. ער האָט אים געלאָזט ברעכן די ביינער, — עס איז געווען אומזיסט. טרעבאָן איז געווען טויט. דער באַליבטער קאַפּיטאַן, וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס שוואַכער פֿאַרן אויסגעטרוקנטן קנאָפּס און דעם שלאָפֿן נעראָן, און האָט אָפּגענאַרט די־יעניקע, וועלכע האָבן געשטעלט אויף אים. קוואַדראַטוס האָט באַדויערט

דעם שנעלן טויט פון זיין ריוואַל צוליב פאַרשידענע סיבות. ערשטנס, האָט ער, נישט געקוקט אויף אַלץ, געשפּירט צו אים אַכטונג און חברשאַפט, און חוצדעם האָט ער געהאָפט אויף אַ גרעסערן געניוס פונם טויט פון זיין קאָנקורענט.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. אויפן הימל איז געשטאַנען אַ שמאָלע לבנה, און אויך זי האָט געהאַלטן ביים אונטערגיין. קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס האָט געלאָזט אָנצינדן פאַקלען. עס איז אומעטיק געווען, וואָס טרעבאָן האָט אים אַזוי אַנטוישט. אפשר קאָן מען נאָך אָנשפּאָרנען קנאָפּסן צו איינעם פון זיינע באַרימטע וויצן. ער האָט אים נאָכאַמאָל געלאָזט אַרויפדערלאַנגען דעם שוואָם.

אָבער אויך קנאָפּס איז געבליבן שטום. אמת, ער האָט נאָך פאַרשידנס געטראַכט, אָבער עס איז אַ גרויסע פראַגע, צי דידאָזיקע געדאַנקען וואָלטן געווען פאַרשאַפט פאַרגעגיגן קוואַדראַטוסן און די אַנדערע צוהערער, ווען זיי וואָלטן אפילו באַקומען לשון. „איצט איז נאַכט", האָט קנאָפּס געטראַכט, „און איך בין נאָך אַלץ נישט טויט. עס איז שוידערלעך, וויפיל קראַפט און לעבנס־ווילן עס שטעקט אין אַזאַ מין שוואַכן קערפּער. אָבער עס איז גוט אַזוי. מיין קליינער קלאַודיוס קנאָפּס וועט זיין אַ קרעפטיקער מאַן. ווו ביסטו, מיין זונעלע, און צי ביסטו בכלל דאָ ? אַך, ווען איך קאָן דיך זען, כ׳וואָלט תיכף געווען געקאָנט שטאַרבן אין רו". און פּלוצלינג האָט ער דערפילט שטייגן אין זיך אַ כוואַליע האַס און צאָרן קעגן טרעבאָנען, וועלכער האָט צוגענומען ביי אים זיין זיכערן גלויבן אין זיין זון און יורש. מיט אוממענטשלעכער מי האָט ער געפּרוווט אויסצודרייען דעם מיט פליגן־באַדעקטן קאָפּ אין דער זייט, ווו טרעבאָן איז געהאָנגען, און אויסשרייען צו אים זיין צאָרן. אָבער זיינע האַלז־מוסקולן זענען געווען צו שוואַך, די ציין און די ליפּן האָבן אים נישט געפאָלגט.

צי דען וועט דאָס זיין זיין סוף, צי דען וועט זיין אָנמעכטיקער צאָרן קעגן טרעבאָנען זיין זיין לעצט געפיל ? פּלוצלינג

האָט די נאַכט דורכגעשניטן אַ רוף, נישט הויך און דאָך זייער קלאָר און דייטלעך: „זיי באַרויִקט, קנאָפּס. שטאַרב אין פרידן. דו האָסט אַ זון, וואָס וועט דיך געדענקען, אַ געזונטן, לעבעדיקן זון".

קנאָפּס' פּנים האָט שוין מער נישט אויפגעצוקט, און קיינער האָט נישט געקאָנט וויסן, צי די שטים איז נאָך דערגאַנגען צו אים; ווייל ווען קאַפּיטאַן קוואַדראַטוס האָט אים איצט געלאָזט ברעכן די ביינער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך ער איז שוין טויט. אָבער אויב עס איז געווען אויף דער וועלט אַ שטים, וואָס איז פעיִק געווען נאָך אַריינצודרינגען ביז זיין סאַמע סוף אין די אויערן און אין האַרץ, איז דאָס געווען דידאַזיקע, וועלכע האָט גערופן, — די איינגעאיבטע שטים פון יאָהאַנעס פון פּאַטמאָס.

יאָ, יאָהאַנעס פון פּאַטמאָס איז געקומען קיין אַנטיאָכיע פון דער שטאָט עדעסאַ, כדי צוצוזען דעם טויט פון טערענצן און זיינע מיטהעלפּער, און ער איז געזעסן איינגעקורטשעט אויפן שפּיץ פון פוקס-באַרג, אויף דער ערד, און האָט אַרויפגעשטאַרט צו די דריי קרייצן. אַ גאַנצן טאָג איז ער דאָ געזעסן און געזען און געהערט. אַ סך האָבן אים דערקענט און זיך געווענדט צו אים, אָבער ער האָט נישט געענטפערט. ער האָט געשוויגן דידאָזיקע אַלע שעהן; בלויז קנאָפּסן האָט ער צוגערופן די פּאָר ליגנערישע, טרייסטנדיקע ווערטער.

איצט איז געווען נאַכט, און היות די וועטן ווער עס וועט שטאַרבן דער ערשטער און ווער דער לעצטער זענען אַנטשידן געוואָרן, זענען די מיינסטע צושויער אַוועק. די פאַקלען האָבן זיך געוויכערט, די לבנה איז פאַרגאַנגען, קוואַדראַטוס מיט זיינע זעלנער זענען געלעגן אויף דער ערד, האָבן געזויפט, געשפּילט אין ביינער און צוגעקוקט טעמפּ ווי טערענץ שטאַרבט.

ווען יאָהאַנעס האָט געזען, ווי טערענץ קעמפט אויפן קרייץ פאַר זיין טויט, האָט ער געשפּירט גלייכצייטיק הנאה און מיטלייד. עס איז געוואָרן קאַלט, יאָהאַנעס האָט געפרוירן, אָבער ער

האָט זיך טיפער איינגעהילט אין זיין מאַנטל, זיך מער נאָך צו־נויפגעדרייט און איז געבליבן. ער מוז אויפנעמען אין זיך מיט אַלע פרטים דעם טויט פון דאָזיקן אָרימען טערענץ. ער האָט גע־שפירט, אַז דורך דעם קומט ער נעענטער צו דער לייזונג פון זיין גרויסער, קוועלנדער פראַגע: פונוואַנען שטאַמט דאָס ליידן און דאָס שלעכטס און צוואָס דאַרף מען עס האָבן אויף דער וועלט? אויב ער וויל געטריי אויפשרייבן די התגלות, די גאולה־בשורה, וואָס שוועבט אים פאָר, — דאַן מוז ער בייזיין דעם טויט פון דאָ־זיקן טערענץ.

ווייל אויך דער טויט פון דאָזיקן נעבעכדיקן מענטש איז אַ טייל פון גרויסן ליידנס־וועג.

צי דען איז נישט גאָט־לעסטערונג דאָס, וואָס ער טראַכט? ניין, דאָס איז אַ שטיק התגלות. אויך דידאָזיקע אָרימע מאַלפּע נעראָן — האָט געדינט דער פאַרנונפט, אויך זיין אויפשטייג, זיין הויכפונקט און זיין ליידנסוועג האָבן דערנעענטערט די מלוכה פון דער גוטסקייט.

פונקט ווי דער איינצלנער מוז אויסטרינקען ביזן לעצטן טראָפּן דעם כוס פון שלעכטס, כדי אויף אַן אמת צו קאָנען זיין גוט, אַזוי מוז אויך די מענטשהייט איבערלעבן די מלוכה פון שלעכטס, איידער עס וועט אַנטשטיין די מלוכה פון גוטסקייט. אָן דעם שטן, דעם אַנטיכריסט, איז זיך נישט מעגלעך פאָרצושטעלן קריסטוסן, אָן דער טויזנטיעריקער מלוכה פון זינד און שלעכטס קאָן נישט ווערן קיין ווירקלעכקייט די צוגעזאָגטע אויסלייזונג. דעריבער איז די מלוכה פון נעראָן און פון זיין מאַלפּע געווען נויטווענדיק און זינפול.

יאָהאַנעסן איז קלאָר געוואָרן דער מיין פון יענעם טונקעלן און שרעק־יועקנדיקן זאָג פון די יידישע תנאים: „זאָלסט דינען גאָט אויך מיטן שלעכטן טריב”. ער האָט דערקענט, אַז דער שלעכטער טריב איז דאָ בלויז צוליב דעם, כדי צו דינען דער פאַרנונפט, דער גוטסקייט.

די־יעניקע, וועלכע זענען געשטאַנען הינטער דעמדאָזיקן אומגליקלעכן טערענץ, האָבן געוואָלט פאַראייניקן ביידע העלפטן פון דער וועלט פאַר זייערע געמיינע און נידעריקע צוועקן. אָבער פון זיי און זייער קלאָגעדיקן ווערקצייג איז פאַרבליבן בלויז די אידעע פון פאַראייניקונג, נישט דאָס בייזע, נאָר דאָס משיחישע. צום סאַמע סוף, געזען פון דער הייך, דינט יעדער איינצלנע כי־מערע דער פאַרנונפט.

אָן פינסטערניש וואָלטן מיר נישט געוועזן געהאַט דעם באַגריף פון ליכטיקייט. אויב די ליכטיקייט וויל קומען צום באַוווסטזיין וועגן זיך גופא, מוז זי וויסן וועגן איר אַנטיטעזע, וועגן דער פינסטערניש.

אין יאָהאַנעסן האָט זיך גענומען פורעמען דער זין פון דער גאולה־בשורה, וועלכע ער איז באַרופן געוועזן צו פרעדיקן, און ער האָט געפונען די זאַצן פון איר אָנהייב: „אין אָנהייב איז געווען דאָס וואָרט, דער הייליקער גייסט, די פאַרנונפט. אַלע זאַכן זענען דורך איר באַשאַפן געוואָרן, און אָן איר האָט נישט קיין האַסט דאָס, וואָס איז געמאַכט געוואָרן. אין איר איז דאָס לעבן, און דאָס לעבן איז דעם מענטשס ליכט, און דאָס ליכט שיינט אין דער פינסטערניש, אָבער די פינסטערניש האָט עס נישט באַגריפן".

טערענץ איז נאָך לעבעדיק געווען די גאַנצע נאַכט. ערשט ביים ברוך אויף טאָג איז געשטאָרבן מאַקסימוס טערענץ, וועלכער איז פאַר מיליאָנען מענטשן מערערע יאָרן געווען דער קייזער נבֿיא.

עס איז דערלויבט געווען אָפּצוקויפן פאַר אַ באַשטימטן אָפּצאָל די טויטע גופים פון עקזעקוטירטע און זיי באַגראָבן. אַ שפּעטערע לעגענדע וויל האָבן, אַז פאַר טערענצעס טויטן גוף האָט מען דער רוימישער אַדמיניסטראַציע באַצאָלט די באַשטימטע סומע, מען האָט אים אַראָפּגענומען פון קרייץ, אַרומגעוואַשן און פאַרברענט. די אורנע האָט מען אַריבערגעשיקט קיין רוים.

זיכער איז בלויז, אַז אין איר גוט ביים אַפּישן שאָסיי אין

רוים האָט קלאַודיאַ אַקטע אַ חוץ נעראָנס אורנע געהאַט נאָך אַ צווייטע, דאָס אַש פון אַן אומבאַקאַנטן, אָן אַן אויפשריפט.

* *

*

ידיעות וועגן אַ פאַלשן „נעראָן" געפינט מען ביי טאַציטוס, סועטאָן, דיאָ קאַסיוס, צאָנאַראַס און קסיפילין, חוצדעם אין יאָהאַנעסעס אַפּאָקאַליפּסיס און אין פערטן בוך פון דער סיביליע.

סוף פון דריטן און לעצטן בוך.